SAUL M. GINSBURG

# HISTORICAL WORKS

VOLUME TWO

## JEWISH STRUGGLES AND ACHIEVEMENTS IN TSARIST RUSSIA

PART TWO



NEW YORK
S. M. GINSBURG TESTIMONIAL COMMITTEE
1937

שאול גינזבורג

# היסטארישע ווערק

צווייטער באַנד

## פון אידישען לעבען און שאפען אין צארישען רוסלאנד

צווייטער טייל



ניו יארק
שאול גינזבורג 70־יאהריגער יובילײ קאמיטעט
תרצ"ז

# אינהאַלט



בייל‍אַגען:



פאַקסימיליען: אַ הודעה וועגען רעקרוטסקע אנגעלעגענהייטען—ז. 19; משה מאָנטעפיאָרע׳ס בריוו צו ווילנער כלל־טהוער—ז. 193; אַלעקסאַנדער דעם צווייטענ׳ס אייגענהענדיגער פערבאָט פון וואָרט „פּראָגרעס"—ז. 250.

פּאָרטרעטען (אויסער׳ן טעקסט): 1) אַדאָלף לאַנדוי און 2) פּאַולינע וועננעראָוו; 3) צבי הירש קאַצענעלענבויגען און 4) יעקב קאַצענעלסאָן.



# די ענטשטעהונג פון דער אידישער רעקרוטשינע

**אין אויגוסט** 1927 איז געוואָרען הונדערט יאָהר, זינט עס איז אַרויס איינער פון די האַרבסטע רעגירונגס־אַקטען פון ניקאָלאַי דעם ערשטענס צייטען—דער בעפעהל וועגען איינפיהרען רעקרוטשינע פאַר אידען. די אונגעוועהנלעך גרויזאַמע בעשטימונגען פונ׳ם „אוסטאַוו וועגען רעקרוטשינע פאַר אידען" פון 26־טען אויגוסט 1827, ווי אויך די ספּעציפישע ציעלען, וואָס זיינען געשטעלט געוואָרען ביים צוציהען אידען צום מיליטער־דיענסט, זיינען בעזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר ניקאָלאַי דעם ערשטענס פּאָליטיק און פערוואַלטונגס־סיסטעם. זיי האָבען בעשאַפען איינע פון די טרויעריגסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון די רוסלענדישע אידען. ניט ווייניגער כאַראַקטעריסטיש איז אויך דער אופן, ווי אַזוי דער רעגירונגס־אַקט, וועגען וועלכען מיר ריידען דאָ, איז צוגעגרייט און אַרויסגעגעבען געוואָרען. דאָס בלעטעל היסטאָריע, וואָס קעהר זיך אָן צו דער איינפיהרונג פון דער רעקרוטשינע פאַר אידען אין רוסלאַנד, פערדיענט, מען זאָל זיך אויף איהם אָבשטעלען אַ ביסעל גענויער.

נאָך דער צוטיילונג פון פּוילען, האָט די רוסישע רעגירונג איבער־געלאָזט די אידען אין דער אַמאָליגער פּויליש־ליטווישער געגענד, ווי פריהער, פריי פון מיליטער־דיענסט. אָנשטאָט דעם האָט מען פון זיי גענומען אַ בעזונדער געלד־אָבצאָהל. דורך די בעפעהלען פון 7־טען סעפּ־טעמבער 1794 און 21־טען יאַנואַר 1796 [1]) איז בעשטימט געוואָרען, אַז אידען זאָלען, פּונקט ווי קריסטליכע „קופּצעס", אַריינטראָגען 500 רובעל פאַר יעדען רעקרוט, וואָס קומט פון זיי. העכער ווי דרייסיג יאָהר האָבען זיך די נייע אידישע אונטערטאַנען, וואָס רוסלאַנד האָט בעקומען, ניט בעטייליגט אין דעם רוסישען מיליטער. דער בעוואוסטער פּאַרטיזאַן פון יאָהר 1812 דאַווידאָוו דערמאָהנט אין זיין בעשרייבונג פון אַ געפעכט מיט פראַנצויזען וועגען „אַן אולאַן, אַ בערדיטשעווער איד", וואָס האָט זיך דערביי אויסגעצייכענט דורך זיין העלדשיקייט [2]). ס׳איז אָבער קלאָר, אַז עס האַנדעלט זיך דאָ וועגען עפּיס אַן אויסנאַהמס־פּאַל, וועגען אַ פריי־וויליגען קריגער, וואָרים קיין **פליכט** פון פערזענליכען מיליטער־דיענסט האָט נאָך דעמאָלט פאַר אידען אין רוסלאַנד ניט עקזיסטירט.

---

[1]) П. П. С. З., т. XXXIII, №№ 17249, 17432.

[2]) Соч. Д. В. Давидова, т. II. Дневникъ партизанскихъ дѣйствий 1812 г., 99-100. (Изд. 1895 г.).

צום ערשטען מאָל איז די פראַגע וועגען איינפיהרען רעקרוטשינגע פאַר אידען בעריהרט געוואָרען דורך דעם סענאַטאָר (און פּאָעט) ג. דער־זשאַווין, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אויספאָרשונג, וועלכע ער האָט, לויט דעם בעפעהל פון קייזער פּאַוועל, אין יאָהר 1800 געמאַכט וועגען דער לאַגע פון די הונגער־ליידענדיגע פּויערים אין ווייס־רוסלאַנד. אין זיין העכסט אַנטיסעמיטישען פּראָיעקט „וועגען בעוואָרענען ווייס־רוסלאַנד פון הונגער און איינאָרדענען דעם לעבענס־שטייגער פון די אידען" לעגט פאָר דערזשאַווין, צווישען אַנדערע מיטלען, אויך פאָלגענדעס: „ביי רע־קרוטסקע נאַבאָרען וואָלט מען זיי (ד. ה. די אידען) געקאָנט נעהמען אין מיליטער־דיענסט, אָבער איבער זייער נאַטירליכער שרעקעדיגקייט קאָן פון זיי קיינמאָל ניט ווערען קיין רעכטע סאָלדאַטען; און אַחוץ דעם, וועלען זיי זיך אום שבת ניט נעהמען פאַר'ן געוועהר געגען דעם שונא, ווי עס זיינען שוין געווען אַזעלכע ביישפּיעלען, אַז זיי זיינען דורכדעם בעזיעגט געוואָרען. דעריבער קאָן מען, דוכט זיך, זיי געברויכען נור אַלס פוהר־לייט, מוזיקאַנטען און אויף אַנדערע ניט־פראָנטאָווע נידעריגע אַמטען"[3]).

פיעל שאַרפער שטעלט (7 יאָהר נאָך דערזשאַווינ'ען) דיזעלבע פראַגע אַן אַנדער סענאַטאָר — אַלעקסעיעוו, וואָס איז אין יאָהר 1807, לויט'ן בעפעהל פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטען, קאָמאַנדירט געוואָרען קיין ווייס־רוסלאַנד און ליטע אויסצופאָרשען די מעגליכקייט צו דערווייטערען אידען פון די דאָרפישע געגענדען. אין זיין ראַפּאָרט האַלט ער „פאַר דורכאויס נויטיג אַנצונעהמען אַלע מעגליכע מיטלען, כדי צו פערמינדערען די צאָהל אידען אין דער געגענד, וואָס זיי בעוואוינען איצט". כדי דאָס צו דער־גרייכען, לעגט אַלעקסעיעוו פאָר פאָלגענדעס:

„1) פון אַלע אידען, וואָס זיינען דורכ'ן געריכט אָנערקענט געוואָרען פאַר שולדיג אין פערברעכענס, פאַר וועלכע עס קומט ווינציגער ווי קאַ־טאָרגע, זאָל מען נאָך דער בעשטימטער בעשטראָפונג — די פּאַסיגע נעהמען אין מיליטער, אַלס פוהרלייט, און אויף אַנדערע ניט־פראָנטאָווע אַמטען, און די ניט־פּאַסיגע — אָבשיקען אויף פעסטונגס־ און בערג־אַרבייט.

„2) אידען־ליידיג־געהער און אַזעלכע, וואָס האָבען ניט קיין הייזער, ניט קיין האַנדווערק אָדער קיין בעשטימטע מעגליכקייט צו דערנעהרען זיך און צו ערפילען זייערע קאַזיאָנע אָדער געזעלשאַפטליכע פליכטען, זאָל מען פערשרייבען אַלס אַרבייטער אויף די קאַזיאָנע פאַבריקען מיט אַ פּאַ־סיגען לוין.

„3) כדי וואָס זיכערער און מיט גרעסערען ערפאָלג צו געבען אַן אויסוועג אָט דעם פאָלק, וואָס מעהרט זיך אָהן אויפהער, ווי אויך צוציהען

---

[3]) Соч. Державина (2-ое акад. изд.), VII, 330.

איהם צו ערד־אַרבייט, וועלכע איז ביי איהם אַזוי פערהאַסט, קאָן מען, דוכט זיך, וועניגסטענס אַלס פּראָבע און נור אויף אייניגע צייט, נעהמען פון אידען רעקרוטען גלייך מיט אַלעמען און בעשטמיען די אידישע רע־קרוטען, אויב זיי טויגען ניט צום פראָנט, — פאַר האַנדווערקער, פוהרלייט און אויף פערשידענע אַנדערע ניט־פראָנטאַווע אַרבייטען". — אַלעקסעיעוו איז פעסט איבערצייגט, אַז „אפילו די סאַמע פערדאַרבענע און פוילע אידען וועלען, כדי אויסצומיידען דאָס, וואָס עס ווערט דאָ פאַר זיי פּראָיעקטירט, דערשפּירען די נויטוועדיגקייט צו ווערען פלייסיג און אָרענטליך" [4].

אין די לעצטע יאָהרען פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטענס הערשאַפט, האָט דאָס פינאַנץ־מיניסטעריום (אין 1820 און 1823), אַנווייזענדיג, אַז די סומע אידישע „נעדאָאימקעס" (חובות) ווערט אַלץ גרעסער, פּראָיעקטירט צו נעהמען פון אידען צו איין רעקרוט פאַר יעדע 1000 רובעל ניט־אַריינגעטראָגענע אָבצאָהלונגען. דערביי האָט דער פינאַנץ־מיניסטער פאָר־געלעגט, אַז אַ העלפט פון דער צאָהל רעקרוטען, וואָס וועט פאַר חובות קומען פון אידען, זאָל מען דעקען מיט אינגלעך פון 13—15 יאָהר און אָפּגעבען זיי אויף פאַבריק־אַרבייט. עס זיינען געווען נאָך אַנדערע פּראָ־יעקטען. לויט איין פאָרשלאָג, האָבען אידישע רעקרוטען געזאָלט דיענען, גלייך מיט אַלעמען, אין פראָנט; עס איז אויך, פערקעהרט, פאָרגעלעגט געוואָרען צו בילדען פון זיי בעזונדערע אַרבייט־ראָטעס [5].

פון די אַלע פּראָיעקטען, אויף וועלכע מיר האָבען דאָ אָנגעוויזען, איז גאָרנישט געוואָרען. ניט די פערשידענע ספּעציעלע קאָמיטעטען וועגען אידישע אָנגעלעגענהייטען, ניט דער מיניסטאָרען־קאָמיטעט האָבען צו זיי ניט צוגעשטימט. כאָטש די אַלע פלענער זיינען פערבליבען אָהן פּראַקטישע רעזולטאַטען, זיינען זיי אָבער אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס אין זיי לאָזען זיך מערקען יענע מאָטיוועז, וועלכע עס איז באשערט געווען דערנאָך, אין ניקאָלאַי דעם ערשטענס צייטען, צו פערנעהמען דעם אויבען־אָן אין דער רעגירונגס־פּאָליטיק וועגען אידען: דער קוק אויף רעקרו־טשינע, ווי אויף אַ מיטעל צו „פערמינדערען די צאָהל אידען", „אויס־צובעסערען" זיי, מאַכען זיי פאַר „אָרענטליך און פלייסיג", דער געדאַנק וועגען אויסנוצען די רעקרוטשינע אַלס שטרייט־מיטעל געגען אידישע חובות, א. אַז. וו.

דער אומשטאַנד, וואָס אַלעקסעיעוו'ס פּלאַן און די ווייטערדיגע אַזעל־כע פּראָיעקטען זיינען פאַר אַלעקסאַנדער דעם ערשטען ניט פערווירקליכט

---

[4]) Сборникъ материаловъ, извлеченныхъ изъ архива Соб. Е. В. Канцеляріи, вып. II, 342, 343.

[5]) ארכיוו פון דעפּאַרטמענט פאַר אויספיהר־פּאָליציי, פון יאָהר 1827— נומ. 349; צווייטע געזעץ־זאַמלונג, ב. I, נומ. 52.

געוואָרען, געפינט זיין ערקלערונג אין דער דעמאָלטיגער געזעלשאַפטליכער אַטמאָספערע, אויף ווי וויט זי האָט זיך אָנגעקעהרט צו דער פראַגע וועגען דער בעטייליגונג פון אידען אין מיליטער. די הערשענדע פריצישע קרייזען זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט טיפער פעראַכטונג צו אידען, האָבען געקוקט אויף זיי ווי אויף די נידעריגסטע בעשעפענישען. פון דער אַנדער זייט, האָבען אין דיזעלבע קרייזען געהערשט פונאַנדערגעבלאָזענע פאָרשטעלונגען וועגען דער בעזונדערער „מיליטערישער עהרע", „עהרע פונ'ם מונדיר" א. ד. גל. ביי אַזעלכע שטימונגען און אָנזיכטען האָט דער געדאַנק וועגען עפּענען פאַר אידען אַ צוטריט אין מיליטער, זעלבסט־פערשטענדליך, ניט געקאָנט געפינען קיין אָבקלאַנג אין די הערשענדע, בעזונדערס אין די מיליטערישע קרייזען. אַפילו אויף געוויסע אידען האָט מען געקוקט אַזוי, אַז עס איז פאַר זיי אַ צו גרויסער כבוד צו דיענען אין דער אַרמיי. איינער אַ געשמדטער איד פון שקלאָוו, סטאַניסלאַוו פראַמגאַלד, האָט אין יאָהר 1822 געוואָלט אָנקומען אין מאַריופּאָלער הוזאַרען־רעגימענט, האָט ער דעריין געטראָפען די גרעסטע שטערונגען, און די זאַך האָט געמוזט דערגעהן ביז צום סענאַט [6]). עס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש: ביים בעטראַכטען דעם פּראָיעקט, וואָס דער פינאַנץ־מיניסטער האָט צוגעשטעלט אין יאָהר 1823, האָט זיך דער קריעגס־מיניסטער אַרויסגעזאָגט געגען נעהמען אידען פאַר רעקרוטען.

עס זיינען נויטיג געווען ניקאָלאַי דעם ערשטענס קאַטעגאָרישער ווילען, זיין פּערזענליכע איניציאַטיווע און דרינגליכקייט, כדי די פראַגע וועגען נעהמען אידען אין מיליטער זאָל בעקומען אַ פּאָזיטיווען בעשלוס. און שוין ניט רייךענדיג וועגען דעם, אַז ניקאָלאַי — אָט דער „שרעקליכער ניוועלירער", נאָך פּראָפ. ס. סאָלאָוויאָוו'ס אויסדרוק — האָט אויף קיין פאַל ניט געקאָנט דולדען, אַז אידען זאָלען זיין אַן אויסנאַהם און ניט דיענען אין מיליטער גלייך מיט אַלע איבעריגע פעלקער אין רוס־לאַנד, — האָבען זיך אין דער פראַגע וועגען אידישער רעקרוטשינע בעזונדערס קלאָר אַרויסגעוויזען אי זיין אַלגעמיינע בעציהונג צו אידען, אי זיינע פּאָליטישע גרונד־אַנשויאונגען.

ביים פערנעהמען דעם טראָהן האָט ניקאָלאַי שוין פערמאָגט גרייטע אָנזיכטען וועגען אידען און אַ בעשטימטע פּאָזיציע אין דער פראַגע וועגען זיי. נאָך אין יאָהר 1816, בעזוכענדיג אַלס גרויספירשט אַ רייה געגענדען מיט אידישער בעפעלקערונג, האָט ער צווישען אַנדערע בעמערקונגען פערצייכענט אין זיין נאָטיץ־בוך: „דאָס אַלגעמיינע אונגליק

[6]) П. П. С. З., т. XXXVIII, № 29228.

פאַר די היגע פויערים איז, וואָס די אידען זיינען דאָ די פאַלשטעטנדיגע צווייטע הערשער (נאָך די פריצים). דורך זייערע בעשעפטיגונגען רוּ־אינירען זיי שטאַרק דאָס אונגליקליכע פאָלק. זיי זיינען דאָ אַלץ: אי' הענדלער, אי פאַדריאַטשיקעס, אי שיינקערס, אַרענדאַרען פון מיהלען, פון פאַראָמען, האַנדווערקער א. ד. גל. און זיי פערשטעהען אַזוי צו דריקען און נאַרען דאָס פּראָסטע פאָלק, אַז זיי פערלייהען געלד אויך אויף קאָרן, וואָס איז נאָך ניט פאַרזייהט. זיי זיינען ע כ ט ע פ י אַ ו ק ע ס, וואָס זויגען אומעטום און רואינירען פאָלשטענדיג די היגע אונגליקליכע גוּ־בערניעס [7]). אָט דעם קוק אויף אידען איז ניקאָלאַי פערבליבען טריי אויך אַלס קייזער, און וואָס ווייטער, איז זיין פיינדליכע בעציהונג צו זיי אַלץ געוואָקסען. וויבאַלד אידען זיינען בלוטיגע „פיאַווקעס”, וואָס האָבען זיך איינגעגעסען אין רוסישען קערפּער, מוז מען, אויב ניט פאָל־שטענדיג זיי פערניכטען, איז וועניגסטענס ווי ווייט מעגליך פערמינדערן זייער צאָהל. „פערקלענערען די צאָהל אידען”, — דאָס איז געווען דער הויפּט־גרונד פון ניקאָלאַי'ס פּאָליטיק אין דער אידישער פראַגע. און איינס פון די וויכטיגסטע מיטלען אויף צו דערגרייכען אָט דאָס ציעל, האָט געזאָלט זיין — דער מיליטער־דיענסט, די רעקרוטשינע.

אין גיכען נאָכדעם ווי ניקאָלאַי איז געוואָרען קייזער, האָט ער ערקלערט זיין פערלאַנג, אַז פאַר אידען זאָל דורכאויס איינגעפיהרט ווערען רעקרוטשינע. העכסט כאַראַקטעריסטיש פאַר זיינע מאָטיווען איז אַ „זאַפּיסקע” (מעמאָראַנדום) וואָס שטאַמט פון יענער אנשטאַלט, וועלכע איז געשטאַנען אַזוי נאָהענט צו ניקאָלאַי'ס אַנשויאונגען, שטרעבונגען, צו זיין פּאָליטישער אידעאָלאָגיע און זיין רעגירונגס־סיסטעם — פון בענ־קענדאָרפ'ס „דריטער אָבטיילונג”. די אַנאָנימע „זאַפּיסקע” (וועלכע איז ביז איצט פערבליבען ניט פּובליקירט) טראָגט דעם נאָמען: „וועגען פערווענדען די אידען צום נוצען פון דער אימפּעריע דורך צוציהען זיי נאָכאַנאַנד צום קריסטליכען גלויבען, אַלזאָ דורך דערנעהענטערן און ענדליך פאָלקאָם צונויפמישען זיי מיט די איבעריגע אונטערטאַנען” [8]). פריהער ווערען דאָ, אויפ'ן בעוואוסטען לאַנג־אַניגען שטייגער, אויסגע־רעכענט די „זינד און פערברעכענס” פון די אידען: זיי האַסען אַלע איבעריגע פעלקער, בעציהען זיך פיינדליך צו די לענדער, וואו זיי לעבען,

[7]) Н. Шильдеръ. Вел. Кн. Николай Павловичъ. Русская Старина 1901 г., VI, 465.

[8]) "Записка объ обращеніи евреевъ къ пользѣ Имперіи чрезъ постепенное привлеченіе ихъ къ исповѣданію христіанской вѣры, а слѣдственно чрезъ сближеніе и, наконецъ, совершенное смѣшеніе съ прочими подданными" (III отдел. С. Е. В. Канц., 1 секр. арх., № 762/16).

זיי זיינען פערזונקען אין פינסטערע אַבערגלויבענס; זיי ווילען זיך ניט בעשעפטיגען מיט ערד־אַרבייט; זיי פערנעהמען זיך נור מיט האַנדעל און פערשידענע בעטריגערייען, א. אַז. וו. און דערצו נאָך מעהרען זיי זיך אָהן אַ ברעג, אַ דאַנק זייערע פריהצייטיגע שידוכים. „צי קאָן זיין עפיס ווילדערס אין פּאָליטישער הינזיכט און עקעלדיגער אין מאָראַלישער הינזיכט, איידער אַזאַ פאָלק, וואָס רעכענט דעם בעטרוג פאַר אַ פּאָר־שריפט פונ׳ם געזעץ און זיינע מיטבירגער — פאַר פיינד!" אויף צו קעמפפען געגען די אַלע אידישע פערברעכענס איז פאַרהאַן נור איין ערנסט און ווירקזאַם מיטעל: נעהמען פון אידען רעקרוטען, און דערביי אין אַ צ ו ו י י פ אַ כ ע ר צאָהל געגען דער קריסטליכער בעפעלקערונג. די דאָפּעלטע רעקרוטשינע פאַר אידען וועט אויף קיין פאַל ניט זיין קיין גרויזאַמע אָדער אונגערעכטע זאַך. וויבאַלד מען נעהמט פון אידען, אין פערגלייך מיט אַנדערע, אַ דאָפּעלטען שטייער, וועט פונקט אַזוי ריכטיג זיין צו נעהמען פון זיי אַ דאָפּעלטע צאָהל רעקרוטען. אידען וועלען געוויס סטאַרען זיך אויסמיידען דעם מיליטער־דיענסט, אָבגעגעבענע אי־דישע רעקרוטען וועלען זוכען אַנטלויפען פון די קאַזאַרמעס. מען קען אָבער בעשטימען דערפאַר אַזעלכע האַרבע בעשטראָפונגען, וואָס וועלען זיי אָבהאַלטען פון אַנטלויפען. מען זאָגט, אַז אידען זיינען אונפעהיג צום מיליטער־דיענסט, אָבער דאָס איז דורכאויס ניט בעוויזען. נור אויב עס זאָל זיך ווירקליך אַרויסווייזען, אַז אידען טויגען ניט פאַר׳ן פראָנט, איז פאַרהאַן גענוג מעגליכקייטען צו פערווענדען מיט נוצען די אידישע רעקרוטען: אַלס מוזיקאַנטען, פוהרלייט, „דענשטשיקעס" (דיענער ביי די אָפיצירען); מען קאָן פון אידישע רעקרוטען בילדען בעזונדערע אַר־בייטס־באַטאַליאָנען און האַנדווערקער־קאָמאַנדעס; אידישע רעקרוטען קאָן מען בעשטימען אויך אַלס אַרבייטער אויף פערשידענע רעגירונגס־פאַבריקען.

„דער וויכטיגסטער נוצען אָבער פון נעהמען אידען פאַר רעקרוטען, — ערקלערט אָפּען די „זאַפּיסקע", — וועט זיין די זיכערקייט, אַז דאָס וועט זיי העכסט ווירקזאַם בעוועגען צו בייטען זייער גלויבען. אַריינטרע־טענדיג אין מיליטער, וועט דער איד קלאָר פיהלען, אַז איהם וועט שוין אונמעגליך זיין צו ערפילען די פאָרשריפטען פון זיין רעליגיע; אָבער נאָך פיעל מעהר וועלען איהם שרעקען די נויטען און שטרענגקייטען, וואָס ערוואַרטען איהם דאָ. ניט האָבענדיג קיין האָפענונג טריי אָבצוהי־טען אַלס סאָלדאַט דעם גלויבען, אין וועלכען ער איז געבוירען געוואָרען, וועט ער גרייט זיין אָוועקצוואַרפען איהם, אַבי צו האָבען רוה און פריי־הייט". נעהמען פאַר רעקרוטען דאַרף מען נור וואָס אינגערע אידען, וויל „אַזעלכע קאָנען זיין פעהיגער צום דיענסט, און אַחוץ דעם — וועלען

די שפּאַטערייען פון די קריסטליכע חברים אויף אַזעלכע גיכער ווירקען, ווי אויף עלטערע, זיי זאָלען אַוועקוואַרפען זייערע אַבערגלויבענס". וואָס אַנבעלאַנגט די קינדער פון אידישע סאָלדאַטען, „דאַרף מען די אינגלעך אַבגעבען אין סאָלדאַטסקע שולען, טויפען און פערווענדען אַלס קאַנטאָ־ניסטען, און די מיידלעך — אַבגעבען אין ערציהונגס־הייזער, דאָרטען זיי טויפען, אויסלערנען פויערישע ווייבערישע אַרבייט און אויסנוצען זיי אַלס רעכטע פרויען פאַר די קאָלאָניסטען אין סיביר און אין אַנדערע רוסישע געגענדען".

די רעקרוטשינע האָט אַלזאָ געזאָלט איינגעפיהרט ווערען פאַר אי־דען ניט אַלס בירגערליכע פליכט, נור אַלס מיטעל „אויסצובעסערען" זיי, צוציהען צום קריסטליכען גלויבען. דער רעקרוטשינע איז געשטעלט געוואָרען אַ מ י ס י אָ נ ע ר י ש ע אויפגאַבע. ניקאָלאַי האָט בעפעה־לען, אַז די פראַגע וועגען אידישען מיליטער־דיענסט זאָל בעטראַכט ווערען דורך דעם אַזוי־גערופענעם „דירעקטאָרען־קאָמיטעט". ער איז בעשטאַנען פון דעפּאַרטאַמענט־דירעקטאָרען פון 4 מיניסטעריומס (יוסטיץ, אינערן, פינאַנצען, און פאָלקס־בילדונג) און האָט זיך זינט 1825 בעשעפטיגט מיט אויסאַרבייטען אַ נייעם אַלגעמיינעם רעגלאַמענט („פּאָלאָזשעניע") וועגען אידען, אַנשטאָדט דעם רעגלאַמענט פון יאָהר 1804. איבערגעבענדיג די פראַגע וועגען דער אידישער רעקרוטשינע דעם „דירעקטאָרען־קאָמי־טעט", האָט ניקאָלאַי פאָרגעשריבען, ער זאָל דערביי בעטראַכטען: צי מען זאָל אפשר בעסער נעהמען פון אידען אַנשטאָט אַ דערוואַקסענעם רעקרוט צו צוויי אינגלעך פון 12 יאָהר?

קלאַנגען, אַז עס ווערט פּראָיעקטירט איינצופיהרען רעקרוטשינע פאַר אידען, פלעגען זיך פון צייט צו צייט פערשפּרייטען צווישען דער אי־דישער בעפעלקערונג שוין מיט אַ יאָהר צעהן פריהער פאַר'ן געזעץ, און זיי פלעגען אַרויסרופען שרעק און ציטערניש. נעהמט מען אין בע־טראַכט די אַלגעמיינע האַרבקייט פון דער 25־יאָהריגער רעקרוטשינע, די דעמאָלטיגע פאָלשטענדיגע אַבגעזונדערטקייט פון די רוסישע אידען און די ראָלע, וואָס דער רעליגיעזער מאָמענט האָט דעמאָלט געשפּיעלט אין אידישען לעבענס־שטייגער, — ווערט פאָלקאָם פערשטענדליך, אַז קיין שרעקליכערע זאַך, ווי רעקרוטשינע, האָט זיך דער איד ניט געקאָנט פאָרשטעלען. אַבגעגעבען ווערען פאַר אַ רעקרוט, דאָס האָט בעדייט: אַבגעריסען ווערען אויף שטענדיג פון דער פאַמיליע, פון אידען, פון אידישען גלויבען, פערוואָרפען ווערען אין טיעף רוסלאַנד אָדער סיביר, אַריינפאַלען אין אַ ווילד־פרעמדע פיינדליך־געשטימטע סביבה, מיט אַן אונבעקאַנטער שפּראַך, אויסשטעהן פּיין, פערפאָלגונגען, ליידען און בע־ליידיגונגען. די „דעפּוטאַטען פונ'ם אידישען פאָלק", זאָנענבערג און

דילאָן, האָבען אין יאָהר 1817 אָנגעוויזען דער רעגירונג, אַחוץ יענע שטערונגען, וואָס ליגען אין רייך־רעליגיעזע אָנגעלעגענהייטען, נאָך אויף אַנדערע אומשטענדען, צוליעב וועלכע מען דאַרף פערבלייבען ביים געלד־אָבצאָהל פאַר אידען און אויף קיין פאַל ניט נעהמען פון זיי קיין רעקרו־טען: „1) די קאָמאַנדירען און די קריסטליכע סאָלדאַטען וועלען, פון האַס צו אידען פאַר זייער גלויבען, זיי בעדריקען; 2) אויב מען וועט אָבגעבען בעוויבטע, וועלען זייערע פאַמיליעס בלייבען אָהן ברויט; 3) די הענדלער וועלען אָנווערען יעדען קרעדיט, ווייל מען קאָן ניט טרויען יענעם, ווער עס קאָן אָבגעגעבען ווערען פאַר אַ רעקרוט; 4) ווייל אידען הויבען אָן צו לערנען גאָר אין די יונגע יאָהרען און ווערען פריה בעוויבט, זיינען זיי שוואַך און טויגען ניט צום שווערען דיענסט" [9].

וואָס נעהענטער צו אַלעקסאַנדער'ס לעצטע יאָהרען, זיינען די קלאַנ־גען וועגען דער געפאַהר פון רעקרוטשינע געוואָרען אַלץ אָפטער און שטאַרקער. פון די אידישע דעפּוטאַטען, וואָס האָבען זיך שטענדיג גע־פונען אין פעטערבורג, פלעגען די קהילות בעקומען מיטטיילונגען וועגען דעם. אין די יאָהרען 1820 און 1824 זיינען איבערגעכאַפּט געוואָרען אייניגע בריף פון זיי, וואָס האָבען אַ שייכות געהאַט צו דער אָנגעלעגענ־הייט [10]. די לאַגע איז געוואָרען ערנסטער און די געפאַהר פיעל רעאַלער, נאָכדעם ווי עס האָט דעם טראָהן פערנומען ניקאָלאַי דער 1־טער. „דער קייזער האָט ניט געמאַכט קיין סוד פון דער גאַנצער זאַך, — שרייבט אין זיינע עראינערונגען אַ בעאַמטער פון יענער צייט, — אַלע האָבען גע־וואוסט און געשמועסט וועגען דער רעקרוטשינע, וואָס גרייט זיך פאַר אידען" [11]. מיט שרעק און טרויער האָט מען אין אַלע אידישע שטעדט און שטעדטלעך גערעדט וועגען ניקאָלאַי'ס פּלאַן, און אידען האָבען גע־האַנדעלט לויט דעם דורות־לאַנג אויסגעפּרואווטען רעצעפּט: „תשובה ותפלה וצדקה מעבירין את רוע הגזרה". מען האָט געפאַסט, היים, מיט געוויין געדאַוונט, און אויך געקליבען געלד. קיין פעטערבורג זיינען אָנגע־פאָהרען שתדלנים, וואָס האָבען זיך געמיהט — אי דורך רייד מיט בעאַמטע, אי דורך געלד — ווירקען אָפּצואווענדען די שרעקליכע געפאַהר.

צי ווייל דער דירעקטאָרען־קאָמיטעט האָט בעטראַכט די פראַגע וועגען דער אידישער רעקרוטשינע אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פּראָיעקט פונ'ם אַלגעמיינעם רעגלאַמענט וועגען אידען, צי ווייל עס האָבען דאָ גע־ווירקט די פערשידענאַרטיגע בעמיהונגען פון די שתדלנים, — נאָר

---

[9] אַרכיוו פון דעפּ. פאַר אויספיהר־פּאָליציי, פון יאָהר 1827—נומ. 349.
[10] הערזעלבער אַרכיוו, פון יאָהר 1827—נומ. 624.

11) Ципринусъ. Калейдоскопъ воспоминаній. Русскій Архивъ 1872 г., IX, 1752.

אַלענפאַלס האָט זיך די זאַך אינ'ם קאָמיטעט פערצויגען. ניקאָלאַי האָט זיך ניט בענוגענט דערמיט, וואָס ער האָט אין דער פראַגע וועגען איינ-פיהרען רעקרוטשינע פאַר אידען אַרויסגעוויזען זיין פערזענליכע איני-ציאַטיווע. ער איז געווען אונצופריעדען מיט דער לאַנגזאַמקייט און האָט בעפוילען אויסצוטיילען די פראַגע בעזונדער און בעשליסען די זאַך וואָס גיכער. עס איז אָנגעפראַגט געוואָרען די מיינונג פונ'ם גרויספירשט קאָנסטאַנטין פּאַוולאָוויטש, אַלס הויפּט-קאָמאַנדיר פון פּוילען, ליטע און ווייס-רוסלאַנד. יענער האָט פאָרגעלעגט דעם סענאַטאָר נ. נאָוואָסילצאָוו צונויפצושטעלען אַן אויספיהרליכען ראַפּאָרט וועגען דער פראַגע. עס זיינען פאָראיבער צוויי מאָנאַטען, און נאָוואָסילצאָוו האָט נאָך אַלץ גע-זאַמט מיט זיין ראַפּאָרט. ווי עס דערצעהלט דער בעאַמטער, וועלכען מיר האָבען שוין פריהער ציטירט, האָט נאָוואָסילצאָוו בעקומען פון אידען 20 טויזענד רענדלעך [12]). זיין געלד-גיריגקייט איז בעוואוסט פון אַנ-דערע פאַלען, און עס איז דעריבער צו גלויבען, אַז נאָוואָסילצאָוו'ס בע-צאָהלטע הילף האָט געזאָלט בעשטעהן אין פערציהען די זאַך.

ביי ניקאָלאַי'ס קאַטעגאָרישער פאָדערונג, די אַנגעלעגענהייט זאָל בעשלאָסען ווערען ווי צום גיכסטען, האָט מען אויף לאַנג די זאַך פער-ציהען, זעלבסטפערשטענדליך, ניט געקאָנט. אין גיכען איז דער "אוסטאַוו" וועגען רעקרוטשינע פאַר אידען געווען פאָלשטענדיג גרייט. ביי קיי-נעם פון אונזערע היסטאָריקער, וואָס האָבען געשריבען וועגען דעם, ווערט גאָר ניט בעריהרט די פראַגע: ווער איז נעמליך געווען דער פערפאַסער פון דעם „אוסטאַוו"? די פראַגע האָט ניט נור אַ פערזענליכע בעדייטונג: זי קאָן אונז גענויער בעלויכטען דעם אונגעוועהנליכען, אויסעראָרדענט-ליכען אופן, ווי אַזוי די זאַך איז אונטער ניקאָלאַי'ס דירעקטער ווירקונג דורכגעפיהרט געוואָרען. אַ קלאָרען ענטפער אויף דער פראַגע, וואָס מיר האָבען דאָ געשטעלט, געפינען מיר ניט אין די פּאַפּירען פונ'ם דירעקטאָרען-קאָמיטעט, נור אין אַ שפּעטערדיגער „דיעלע" פון דעם בע-וואוסטען „אידישען קאָמיטעט", וואָס האָט געאַרבייט אין די יאָהרען 1840—1863 אונטער דעם פאָרזיץ פון גראַף קיסעלעוו און דערנאָך— פון בלודאָוו'ן. אין יאָהר 1853 האָט דער „אידישער קאָמיטעט" זיך געווענדט מיט אַן אָנפראַגע צום „רעקרוטסקי קאָמיטעט", וואָס האָט עקזיסטירט ביי דער „צווייטער אָבטיילונג פון דער קייזערליכער קאַנ-צעלאַריע". דער ענטפער (פון 18-טען נאָוועמבער 1853), וואָס ער האָט דערויף בעקומען, איז אונטערגעצייכענט דורך ק. ר ע פ י נ ס ק י, וועל-כער שרייבט דאָ צווישען אַנדערע זאַכען: „פּריוואַטערהייד איז מיר

[12]) Ципринусъ, ibid., 1755.

בעקאַנט, אַז דער „אוסטאַוו" פון 1827 (ד. ה. וועגען רעקרוטשינע פאַר אידען) איז געווען פערפאַסט דורך איינעם פון די דעפּאַרטאַמענט־דירעק־טאָרען אין אינערן־מיניסטעריום—פּ אָ ק ר אָ ו ס ק י". פון רעפּינסקי'ס ביאָגראַפיע איז צו זעהן, אַז ער (איינער פון ספעראַנסקי'ס נאָהענטסטע מיטאַרבייטער) איז אין פערלויף פון 1829—1854 נאָכאַנאַנד געווען סעקרעטאַר אינ'ם „רעקרוטסקי קאָמיטעט" [13]). אויף דער מיטטיילונג פון אַ פערזאָן, וואָס איז אַ פערטיל יאָהרהונדערט אַזוי נאָהענט געשטאַנען צו אַלע אַנגעלעגענהייטען פון רעקרוטשינע, קאָן מען זיך זיכער פערלאָזען. דעם „אוסטאַוו" האָט אַלזאָ, לויט רעפּינסקי'ן, פערפאַסט איינער פון די דעפּאַרטאַמענט־דירעקטאָרען אין אינערן־מיניסטעריום, פּאָקראָווסקי. אין דעם „רוסישען ביאָגראַפישען לעקסיקאָן" פון דער „היסטאָרישער גע־זעלשאַפט" געפינען מיר, אַז ג. פּ אָ ק ר אָ ו ס ק י (1767—1834), אויך אַ מיטאַרבייטער פון ספעראַנסקי'ן, האָט טאַקע זינט 1827 אַלס דירעקטאָר פערוואַלטעט איבער דעם „דעפּאַרטאַמענט פאַר אויספיהר־פּאָליציי" אין אינערן־מיניסטעריום [14]). עס איז קלאָר, אַז וועגען איהם נעמליך רעדט דאָס רעפּינסקי, אַלס וועגען פערפאַסער פונ'ם „אוסטאַוו". (מיר מוזען דאָ בעמערקען, אַז ג. פּאָקראָווסקי איז קיין מיטגליעד פונ'ם „דירעקטאָרען־קאָמיטעט" נ י ט ג ע ו ו ע ן). ווייטער בריינגט רע־פּינסקי אין זיין ענטפער צוויי וויכטיגע איינצעלהייטען: „פּאָקראָווסקי האָט דעם „אוסטאַוו" פערפאַסט, — אַזוי שרייבט ער, — אונטער דער אָנפיהרונג פון גראַף דיביטש. דער „אוסטאַוו" איז ערגיץ ניט בעטראַכט געוואָרען, און גראַף דיביטש האָט איהם צוגעשטעלט אויף אַלערהעכסטע בעשטעטיגונג" [15]). מיר בעקומען דאָ אַ בעגריף וועגען דעם עקסטראַ־אופן, אויף וועלכען די זאַך איז אונטער ניקאָלאַי'ס פערזענליכען דרוק פערווירקליכט געוואָרען: כאָטש די גאַנצע אַנגעלעגענהייט האָט אַנגע־הערט צו דעם „דירעקטאָרען־קאָמיטעט", איז דער „אוסטאַוו" פערפאַסט געוואָרען דורך אַ זייטיגע פערזאָן, אונטער דער אָנפיהרונג פונ'ם פער־וואַלטער איבער'ן הויפּט־שטאַב, גראַף דיביטש, וועלכער האָט פאָרמאַל ניט גענומען קיין שום אָנטייל אין דער אַרבייט פון דעם קאָמיטעט. דער „אוסטאַוו" איז ניט בעטראַכט געוואָרען ניט אין גאָסוד. סאָוועט, ניט אינ'ם מיניסטאָרען־קאָמיטעט, — דיביטש האָט איהם צוגעשטעלט דירעקט אויף ניקאָלאַי'ס בעשטעטיגונג, וועלכע איז איהם געגעבען געוואָרען דעם 26־טען אויגוסט 1827.

---

[13]) Русскій Біографическій Словарь, т. XXV, 737.

[14]) Ibid., т. VIII, 285.

[15]) אַרכיוו פון גאָסוד. סאָוועט. דאָקומענטען פון „אידישען קאָמיטעט", נומ. 8, ב. I, 236.

# רעקרוטשינע: א ים פון צרות און פיין

ווי אַזוי האָט די אידישע בעפעלקערונג בעגעגענט דעם „אוקאַז" וועגען רעקרוטשינע?

וועגען דעם דערצעהלען אונז דריי מעמואַריסטען: א. מ. דיק, ש. י. פין און א. ב. גאָטלאָבער. די עראינערונגען פון די ערשטע צוויי קעהרען זיך אָן צו ווילנע, און פון דעם לעצטען — צו אַלט-קאָנסטאַנטינאָוו (וואָלינער גוב.). זיי אַלע בעשטעטיגען, אַז די פובליקירונג פון דעם „אוקאַז" האָט געמאַכט אויף אידען אַ שרעקליכען איינדרוק און אַרויסגערופען ביי אַלעמען יאָמער, טרויער און פערצווייפלונג.

„צו די ערסטע סליחות, — דערצעהלט א. מ. דיק [16], — איז דער אוקאַז אָנגעקומען קיין ווילנע דורך איין פעלד־יעגער. ער איז געקומען, אַלס דער עולם וואַר נאָך אין שול און האָט גיזאָגט סליחות, און גיוואָר גיוואָרין איז מען פון אים ערסט אַרום צוועלף דעם זייגער ביי טאָג... (די גאַס) וואַר ווי אויסגישטאָרבין. אַלע קראָמען וואַרן צוא און עס וואַר קיין מענטש צוא זעהען, וויל דער גאַנצער עולם איז אַוועק אין דיא שולין און אין די קלויזין, אום דאָרטין הילפע פון דעם איינציגין גאָט אויס צוא בעטין... עס איז גיוואָרין אַ גרויש גיוויין, קיין אויג איז גיבליבין טרערין לער. באַלד דרויף האָט אָנגיהויבין דער חזן צוא זאָגין אויף דעם אַלמעמער מיט איינער יאָמער שטימע (יענך ה' ביום צרה) און טויזנדע מיילער מיט איינער יאמער שטימע האָבן עס נאָך גיזאָגט מיט דער גרעסטער אינברוסט. דען דיא שול וואַר שוין דאָן פול און פאַק מיט מינטשין, אַזוי דיא מענערשע און אַזוי דיא וויבערשע, און אַזוי האָט דיזער קאַפּיטיל דאָרטין אָוועקגידונערט ביז שפעט אין דער נאַכט אָדער ביז סאַמע סליחות... אין דיזע יאָמער טעג איז דער בית עולם זייער שטאַרק באַזוכט גיוואָרין פון אַלע קלאַסין מענטשין, עס וואַר זיך ניט צוא צוא שלאָגין געוועזן צוא קיין רבנים שטיבעל, און אַזוי אויך אויף יעדין זנאַצנעם קבר. מען איז גיליגין איינער איבער דעם אַנדערין און מען האָט ניט גיוויינט, נאָר גערעוועט... און אַזוי פלעגט מען צוא ליגין גאַנצענע טעג אויף דעם בית עולם און מען האָט געריסין קברים גאָר אָן אויף הערונג ביז ערב סוכות; אויך אום חול המועד סוכות וואַר מען דאָרטין גאַנצענע טעג... דיא גאַנצע אידישע נאַ־

[16]) דער ערשטער נאַבאָר, וואָס איז געווען אין דעם יאָהר תקפ"ח (ווילנע, 1871), ז. 9—24. מירברייגגען די ציטאַטען מיט דיק'ס אָרטאָגראַפיע.

ציאָן וואַר דאָן פאַר זונקען אין איינעם טיפין טרויער. עש וואַר פער־נאַכלעסיגט אַלער האַנד גישעפטין... מען האָט פאַרלאָזין אַלע גישעפטין, עס האָט אויף גיהערט יעדע קרעדיט... נאָך איז אין קיין יום נוראים גידאַווינט גיוואָרין מיט אזוא אַ יראה און מיט אַזו איינער אַנדאַכט... מען האָט גיפאַסט אַלע טעג און מען איז ניט אַרויס פון די שולין... און ווי עש וואַר גיוויינט אין די הייזער, אַזו וואַר גיוויינט אויך אין די גאַסין... מיט איינער האַנט האָט מען גיבויט דיא סוכה, מיט דער אַנדערער האַנט האָט מען צוא גיהאַלטין דעם תהלימעל... דער גאַנצער סוכות אין כלל האָט אויש גיזעהן העכסט טרויעריג. עס וואַר גידאַווינט ווי אום תשעה באב. עש וואַר קיינע פריידן שטימע צו הערין, קיין גוט יום טוב ביטער צו זעהען, קיין שפּאַציר גייער באַגעגינט. עס וואַרין דיא אי־דעשע גאַסין וויא אויש גישטאָרבין, וויסט און לער. דען מען וואַר ענטוועדער אין דיא שולין אָדער אין קהל שטיבעל ביי איינער אסיפה, דען אסיפות וואַרין גימאַכט טאָג טעגליך".

דאָס זעלביגע בילד מאָלט אויך ש. י. פין אין זיינע עראיינערונגען וועגען דעם איינדרוק פונ'ם „אוקאַז" אין ווילנע: „אַלע שוהלען און קלויזען זיינען געווען אָפען גאַנצענע טעג און נעכט... מען האָט געגאָסען טייכען טרעהרען, פון די געוואַלדען און געשרייען האָבען די ווענד פון די שוהלען ווי געציטערט. דער בית־עולם איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ גרויס אָרט פאַר געבעט, געוויין און יאָמער־געשרייען פון מאַנס־לייט, ווייבער און קינדער... אום סוכות איז ערגיץ ניט געווען צו מערקען קיין פרייד, אַלע זיינען געווען פערזונקען אין טרויער" [17].

„קיין פעדער, — בעמערקט אַ. ב. גאָטלאָבער, — איז ניט אימשטאַנד צו בעשרייבען, צום אָנדענק פאַר די קומענדיגע צייטען, קיין ווערטער וועלען ניט קלעקען אויף אויסצודערצעהלען די יאָמער־געשרייען, גע־וויינען, וואָס האָבען דעמאָלט געהילכט, די פאַסט־טעג און דעם טיעפען טרויער, וואָס האָט בענומען די אידען!". די פערצווייפלונג איז אין אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט, לויט'ן געבאָט פון אַ דאָרטיגען „בעל־שם", אָנגעווענדט אַן עקסטרא־מיטעל: דורך אַ טויטען, וואָס מען האָט בעגראָבען, האָט מען אָבגעשיקט אַ בריף צום אויבערשטען, ער זאָל זיך דערבאַרימען און אָבווענדען דאָס שרעקליכע אונגליק. „גאַנץ שטאָדט, פון קליין ביז גרויס, האָבען זיך צונויפגע־קליבען אויפ'ן הייליגען אָרט; מען האָט דעם טויטען אַריינגעלעגט אין האַנד אַריין דעם בריף, וואָס דער „בעל־שם" האָט אָנגעשריבען. מען האָט געוויינט, געיאָמערט און געגוואַלדעוועט, און דער „בעל־שם" האָט

[17]) „דור ודורשיו". „הכרמל" 1879, VI, 194.

פאַר אַלעמען בעשוואוירען דעם טויטען, ער זאָל ערפּילען, וואָס מען בעט איהם [18].

זעלבסטפערשטענדליך, זיינען די צוויי בעשריבענע שטעדט ניט געווען קיין אויסנאַהם. אומעטום איז דער „אוקאַז" וועגען רעקרוטשינע אויפגענומען געוואָרען מיט יאָמער און געוויין. דאָס אַלגעמיינע בילד פון טרויער און אָבהענדיגקייט, וואָס האָבען פערכאַפּט די אידישע בע־פעלקערונג אין גאַנץ רוסלאַנד, ווערט געשטערט דורך אַן אָפיציעלער מיטטיילונג וועגען אַ „בונט", „אונאָרדנונג", וואָס איז פאָרגעקומען צווי־שען די אידען אין אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו. דעם 27־טען סעפּטעמבער האָט דער וואָלינער גובערנאַטאָר אַנדרזשייקאָוויטש ראַפּאָרטירט דעם פער־וואַלטער איבער דער „דריטער אָבטיילונג" בענקענדאָרפ'ן, אַז אין „אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו האָבען די אידען דעם 21־טען סעפּטעמבער, גלייך נאָכ־דעם ווי עס איז דאָרטען פּובליקירט געוואָרען דער „אוקאַז" וועגען רע־קרוטשינע, זיך צונויפגעקליבען הויפנווייז, געמאַכט אַן אויפשטאַנד און זיינען אָנגעפאַלען אויף פיעל אידישע הייזער"; דער דאָרטיגער גאָראָד־ניטשי האָט מיט דער הילף פון אַ מיליטערישען פּאַטרול פונאַנדערגע־טריבען דעם אידישען המון, זעקס מענשען אַרעסטירט און ווידער אויפ־געשטעלט די אָרדנונג [19]. בענקענדאָרף האָט דעם 4־טען אָקטאָבער צו־געשטעלט דעם וואָלינער גובערנאַטאָר'ס ראַפּאָרט דעם קייזער, און יענער האָט בעפוילען, מען זאָל אין אַזעלכע פאַלען איבערגעבען די שולדיגע צום מיליטערישען געריכט [20]. אָבער צום מיליטערישען געריכט איז עס אין אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו ניט דערגאַנגען. די שטרענגע אויספאָרשונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרען, האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער גאַנצער אי־דישער „בונט" אין אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו איז בעשטאַנען דערין, וואָס אַ געזעמעל אידען האָבען נאָך דער פּובליקירונג פונ'ם „אוקאַז" אויסגע־שלאָגען די שויבען ביי „קהלס־לייט און גבירים" [21]. דער גאָראָדניטשי, און נאָך איהם דער גובערנאַטאָר, האָבען זיך אונטערגעאיילט און פּרובירט פערוואַנדלען עס אין אַ גאַנצען „אויפשטאַנד". א. ב. גאָטלאָבער האָט די געשעהענישען אין אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו אויספיהרליך בעשריבען צוויי מאָל: אין זיינע „זכרונות מימי נעורי" און אין אַ בעלעטריסטישער

---

[18]) „זכרונות מימי נעורי", III, 16; II, 37.

[19]) אַרכיוו פון דער „דריטער אָבטיילונג" (4־טע עקספּעדיציע), פון יאָהר 1827—נומ. 126 („וועגען דעם אידישען אויפשטאַנד, ביים פּובליקירען דעם „אוקאַז" וועגען רעקרוטשינע").

[20]) В. П. С. З., т. II, № 1439.

[21]) אַרכיוו פון דער 2־טער אָבטיילונג פון דער קייזערליכער קאַנצעלאַריע, נומ. 1319, ז. 291.

פאַרם—אין זיין ערצעהלונג „קול רנה וישועה באהלי צדיקים"[22]). וואָלט די ווערסיע וועגען דעם „אויפשטאַנד" געהאַט אַ וואָסער עס איז פאַקטישען גרונד, וואָלט ער געוויס וועגען דעם דערמאָהנט; מיר גע־פינען אָבער ביי גאָטלאָבער'ן קיין איין וואָרט ניט וועגען דעם. ביי די דעמאָלטיגע אַלגעמיינע בעדינגונגען און ביים גאַנצען שטייגער פון אי־דישען לעבען, האָט דאָן וועגען אידישע „בונטען" אָדער אַפילו פּאָליטישע פּראָטעסטען, פערשטעהט זיך, גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זיין. דאָס איינציגע, וואָס אידען האָבען דעמאָלט אַפילו ביי אַ האַרבסטער גזירה געקאָנט טהאָן, איז געוועזן — יאָמערן, פאַסטען, בעטען רחמים ביים אויבערשטען. און אַמאָל פלעגט מען אין אַזעלכע פאַלען אויסגיסען דעם כעס אויף די קהלשע טהוער. אויסגעשלאָגען די שויבען ביי „קהלס־לייט און גבירים" האָט מען דעמאָלט אויך אין בערשאַד, פּאָדאָלער גוב.[23]). מיט אַ יאָהר 40 צוריק איז אונז אויסגעקומען צו הערען פון עלטערע מענשען, אַז דאָסזעלבע איז נאָכ'ן פּובליקירען דעם „אוקאַז" געשעהן אויך אין מינסק. אומעטום איז דערביי דער מאָטיוו געוועזן דער אייגע־נער: פּראָסטע מענשען האָבען געמיינט, אַז די „קהלס־לייט און גבירים" זיינען געוועזן אימשטאַנד אָבצואווענדען די גזירה, און דערפאַר וואָס זיי האָבען עס ניט געטהאָן, האָט מען אַרויסגעוויזען דעם האַס און די אונ־צופריעדענקייט געגען זיי, אויסשלאָגענדיג ביי זיי די שויבען.

מיר האָבען שוין פריהער אָנגעוויזען, אַז לויט זיין אינהאַלט דער־מאָהנט דער „אוסטאַוו" פון 26־טען אויגוסט 1827 גיכער אַ קרימינעלען קאָדעקס, ווי אַ נאָרמאַלען רעגלאַמענט וועגען מיליטער־פליכט. ער בעשטעהט דורכאויס פון אויסנאַהמס־פּעראָרדענונגען וועגען אידען; די אַלגעמיינע בעשטימונגען וועגען רעקרוטשינע קעהרען זיך אָן צו אידען נור דעמאָלט, ווען זיי ווידערשפּרעכען ניט דעם ספּעציעלען "אוסטאַוו" וועגען רעקרוטשינע פאַר אידען (§ 2—3). יעדער פּאַראַגראַף פון „אוסטאַוו" טראָגט ווי אַ שטראָף־כאַראַקטער. אַלס אויסנאַהם פון אַלע איבעריגע בירגער, ווערט פון אידען גענומען רעקרוטען פון 12 ביז 25 יאָהר (§ 8). פאַר אידישע רעקרוטען פון 12 ביז 18 יאָהר גילטען ביים „פריאָם" קלענערע פאָדערונגען וועגען געזונט־צושטאַנד, איידער פאַר קריסטען (§ 10). ניט־דערוואַקסענע אידישע רעקרוטען ווערען בע־שטימט פאַר קאַנטאָניסטען, און דער טערמין פון מיליטער־דיענסט הויבט זיך פאַר זיי אָן ערשט פון 18 יאָהר (§ 75). פאַר יעדע פעלשונג קומט

[22]) געדרוקט אין „השחר", 6־טער יאָהרגאַנג; אין אייבצעל־אויסגאַבע— ווין, תרל"ח.

[23]) אַרכיוו פון דער 2־טער אָבטיילונג פון דער קייזערליכער קאַנצעלאַריע, נומ. 1319, ז. 334.

אָבגעגעבען אין מיליטער־דיענסט (67 §). די אייגענע שטראָף קומט פאַר קאַליעטשען זיך, און אַחוץ דעם ווערט פון דערזעלביגער פאַמיליע גענו־מען אַ געזונדער רעקרוט (53 §). העלפען אַנטלויפען אָדער בעהאַלטען אַן אַנטלאָפענעם — ווערט בעשטראָפט מיט מיליטער־דיענסט, און אויסער דעם ווערט פון דער אידישער געמיינדע גענומען 1000 רובעל שטראָף (84—85 §§). פאַר ניט צושטעלען צום בעשטימטען טערמין די גע־העריגע צאָהל רעקרוטען צאָהלען די בעפאָלמעכטיגטע פון דער גע־מיינדע אַ גרויסע געלד־שטראָף, אָדער זיי ווערען אָבגעגעבען אין מיליטער־דיענסט (33 §). די געמיינדע מעג פאַר ניט צאָהלען פאָדאַטקעס אָדער פאַר אַנדערע זינד אָבגעבען יעדערען פאַר אַ רעקרוט (34 §), א. אַז. וו., און אַז. וו., — יעדע בעשטימונג האַרבער און גרויזאַמער פון דער אַנדערער.

אין גיכען האָבען אָנגעהויבען דערשיינען אַ גאַנצע רייהע נייע בע־פעהלען און פעראָרדענונגען, וואָס האָבען נאָך שווערער געמאַכט די אידישע רעקרוטשינע און צוגלייך פערשאַרפט איהר מיסיאָנערישען כאַ־ראַקטער. אַזוי האָט דאָס געזעץ פון 6־טען דעצעמבער 1828, ערלוי־בענדיג צוריק אָבגעבען קאַנטאָניסטען צו זייערע עלטערן ביז 16 יאָהר, געמאַכט אַן אויסנאַהם פאַר אידען. דער בעפעהל פון 6־טען אַפּריל 1829 האָט פערבאָטען צו בעשטימען אידישע סאָלדאַטען פאַר „דענשטשי־קעס". דעם 6־טען סעפּטעמבער 1830 איז אידישע רעקרוטען ערלויבט געוואָרען אַנצונעהמען ניט בלויז דעם פּראַוואָסלאַווונעם, נור אויך יעדען קריסטליכען גלויבען. דורך דעם בעפעהל פון 17־טען אָקטאָבער 1830 איז פאָרגעשריבען געוואָרען צו נעהמען פון אידען אַ דערוואַקסענעם רע־קרוט פאַר יעדע 1000 רובעל חובות, אָדער ניט־דערוואַקסענעם פאַר יעדע 500 רובעל. דעם 20־טען אַפּריל 1837 איז פערוועהרט געוואָרען צו בעשטימען אין קאַראַנטין־דיענסט „מאַראַליש־פערדאָרבענע מענשען און אידישע סאָלדאַטען". אין יאָהר 1841 איז פערבאָטען געוואָרען צו בעשטימען אידישע קאַנטאָניסטען פאַר שילער אין מיליטערישע שפּי־טאָלען. דורך דעם בעפעהל פון 31־טען יוני 1845 איז פאָרגעשריבען געוואָרען, אַז אידישע סאָלדאַטען זאָל מען איבערפיהרען אין אַזעלכע מיליטער־אָבטיילונגען, וואָס געפינען זיך אין דער „טשערטאַ", ערשט נאָך 15 יאָהר דיענסט, ד. ה., נאָכדעם ווי זיי האָבען קלאָר בעוויזען, אַז זיי וועלען זיך אויף קיין פאַל ניט טויפען.

עס וואָלט געפאָדערט צופיעל אָרט אויסצורעכענען אַלע בעפעהלען פון ניקאָלאַי דעם 1־טען, וואָס האָבען פון איין זייט די אידישע רע־קרוטשינע סיסטעמאַטיש אַלץ פערשווערט, פערוואַנדעלט אין אַן עכטע קאַטאָרגע אי פאַר די אָבגעגעבענע, אי פאַר די געמיינדעס, און פון דער

אַנדער זייט — געשטויסען די אידישע רעקרוטען און קאַנטאָניסטען צום קריסטליכען גלויבען. מיר וועלען דאָ נור נאָך דערמאָהנען וועגען די טרויעריג־בעריהמטע „צייטווייליגע בעשטימונג" פון יאָהר 1853, וואָס האָט ערלויבט די אידישע קהילות און אויך איינצעלנע פערזאָנען צו כאַפּען און צושטעלען פאַר רעקרוטען יענע אידען, וואָס האָבען גאָר קיין פּאַספּאָרט ניט, אָדער וואָס דער פּאַספּאָרט איז ביי זיי אויסגעגאַנגען („פּאָימאַניקעס") [24].

אין זיינע עראינערונגען פערצייכענט ש. י. פין, אַז צווישען איהרע אַנדערע פאָלגען האָט די איינפיהרונג פון דער רעקרוטשינע אַרויסגע־רופען אַ פערשטאַרקונג פון פרומקייט צווישען אידען: די אידישע מאַסע האָט געזעהן אין דער רעקרוטשינע אַ מין שטראָף פאַר איהרע זינד, און דורכדעם איז דער רעליגיעזער עלעמענט בעפעסטיגט געוואָרען. ווי עס דערצעהלט פין, האָט זיך די צאָהל „לערנער" אין ווילנע פערגרעסערט; אין די אַלטע ישיבות זיינען צוגעקומען נאָך ביינק, עס זיינען אויך געגריני־דעט געוואָרען נייע. די עלטערען האָבען אָנגעהויבען מעהר צו זאָרגען, זייערע קינדער זאָלען ניט אומלויפען ליידיגערהייד איבער די גאַסען, נור זיי זאָלען פלייסיג לערנען, א. אַז. וו. [25].

אין די אידישע פאָלקס־ליעדער געפינט איהר אַן אָבקלאַנג פון דער רעקרוטשינע מיט איהרע שרעקען:

אַז ניקאָלאַי פּאַוולאָוויטש איז קייזער געוואָרען,
זיינען אידישע הערצער אומעטיג געוואָרען.
דער ערשטער אוקאַז איז אַראָפּגעקומען אויף אידישע זעלנער,
זיינען זיך אַלע צולאָפען אין די פּוסטע וועלדער.
אין אַלע פּוסטע וועלדער זיינען מיר צולאָפען,
אין פּוסטע גריבער זיינען מיר פערלאָפען...

אַ גרויסען אָרט פערנעהמען אין ליעדער די „כאַפּערס":

קומט אַריין דער כאַפּער מענדעל,
טראָגט איך איהם אַריין דאָס רויטע רענדעל.
דאָס רויטע רענדעל צוגענומען, צוגענומען,
און מיך פאַר אַ רעקרוט מיטגענומען...

---

[24]) באַלד נאָכדעם ווי אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז געוואָרען קייזער, זיינען פון אידען הערלאַנגט געוואָרען, אין יאָהר 1855, אויף זיין נאָמען אויספיהרליכע שריפטליכע בקשות, וועגען אָבשאַפען די בעשטימונג פון יאָהר 1853 וועגען די „פּאָימאַניקעס". איינע פון די דאָזיגע בקשות (אונטערגעשרי־בען פון יחזקאל בהרב, שאול חעסין, משה עלצים, יעקב נעלקין, מתתיהו מאַפּו, יקותיאל קושעלעווסקי און אַנד.) געפינט זיך אין די דאָקומענטען פונ'ם „אי־דישען קאָמיטעט", נומ. 8, ב. II, ז. 28—32. אַן אַנדער בקשה, וועלכע עס האָ־בען דערלאַנגט יוזל גינצבורג און נאָך אייניגע עסקנים, איז אָבגעדרוקט אין „יעוור. סטאַרינאַ", 1915, II, 216—224.

[25]) „דור ודורשיו". „הכרמל" 1879, IV, 195—196.

## ОБЪЯВЛЕНІЕ

Вторично и въ послѣдній разъ объявляется всѣмъ Евреямъ Виленскаго Еврейскаго Кагала что какъ послѣ перваго объявленія сдѣланнаго 1 числа сего Декабря мѣсяца не всѣ еще могли изъ нихъ успѣть предъявить въ Слѣдственную Коммисію учрежденную по дѣлу о сборѣ и расходѣ денегъ. на сдачу рекрутъ изъ Евреевъ, квитанціи и Еврейскихъ книжечекъ въ уплатѣ денегъ на издержки по рекрутской повинности, то по волѣ вышняго Начальства назначается еще семь дней срока, отъ ниже писаннаго числа, для представленія въ оную Коммисію всѣхъ квитанціи и книжечекъ полученныхъ Евреями отъ повѣренныхъ Виленскаго Еврейскаго Общества. При чемъ предваряются Евреи, что всѣ тѣ квитанціи и Еврейскія книжечки, кои небудутъ представлены въ Коммисію въ сей окончательной срокъ т. е. по 22 число сего Декабря мѣсяца, таковыя не представленныя квитанціи и Еврейскія книжечки призваны будутъ недѣйствительными, а виновныя въ утайкѣ подвержены будутъ взысканію по законамъ, представлять же оія квитанціи и книжечки могутъ Евреи въ Слѣдственную Коммисію ежедневно утромъ съ 10 до 2 часовъ по полудни и вечеромъ съ 6 до 10 часовъ.—Слѣдственная Коммисія помѣщается на Виленской улицѣ въ домѣ Искрицкой подъ N. 706мъ, Декабря 13 дня 1842 года.

## הודעה

מען איז מודיע דעם אנדערין און דעם הינטערלעצטען מאהל אלע יהודים וואס געהערין צו ווילנער קהל , אז ווייל נאך דיא ער-סטע הודעה פון 1 דעצעמבער האבין נאך ניט אלע גע־ זיך געקענט דיא קוויטין און אידעשע ביכלעך אויף דיא אויסגאבע געלט על הוצאות רעקרוטסקע פאווינאסט , אזוי גיך צו שטעלין אין סלעדסטווענע קאמיסיע וואס איז געמאכט געווארין אום וועגין הכנסות און הוצאות אויף אב געבין רעקרוטין פון יהודים , דעריבער איז דעם ווילין פון העכערע נאטשאלסטווא גיט מען נאך זיב־ בען טאג וואס אונטען איז אויס געשריבין (היינו ביז ג' ט' בית כ' טבת) אויף צו צו שטעלין אין דיא קאמיסיע אלע קוויטין אונד ביכלעך וואס יהודים האבין גינומען פון דיא פאווערענע (וועקסע ער) פון ווילנער אידעשע אבשטשעסטווא , און ווען אפילו איין בעלייטין דיא יהודים די אלע קוויטין און אידעשע ביכלעך וועלכע וועלין ניט צו געשטעלט ווערין אין קאמיסיע אין דעם הינטערסטין זמן היינו ביז יום 22 פון דעם חודש דעצעמבער (ג' ט' בת טבת) וועלין דיא ניט צו געשטעלטע קוויטין און אידעשע ביכלעך זיין ניט גילטיגע , און דיא וואס וועלין זיין ווינאוואטע אין אהלטען זיי וועלין געשטראפט ווערין לויט זאקאנעס — דיא יהודים קענען צו שטעלין דיא קוויטין און ביכלעך אין סלעדסטווענע קאמיסיע אלע טאג אין דער פרי פון זייגער 10 ביז 2 , און נאך האלבין טאג , און ביי נאכט פון זייגער 6 ביז 10 — דיא סלעדסטווענע קאמיסיע איז אין ווילנער גאס אין הויז איסקריצקי אונטער נומר 706 דען 13 דעצעמבער 1842 יאהר (ו' ט' ורח כ"ב טבת ותר"ג)

ראטמיסטער פאליצמייסטער **יוקאווסקי**

על אמיתת ההעתקה מעיד אני יצחק בא"מו"ר מוה' שמואל מבית הלל מעתיק מושבע של הקהל רק"ק ווילנא :

*Полицмейстеръ Ротмистръ Юкавскій.*

אַן אָפיציעלע הודעה, אין רוסיש און אידיש, וועגען רעקרוטסקע אַנגעלעגענהייטען אין ווילנע, פון יאָהר 1842.

---

אין אַן אַנדער ליעד:

אידען, כ'וויים, איהר זייט געקומען
ניט נאָך ווייץ און ניט נאָך קאָרען,
איהר זייט דאָך געקומען
נאָך מיינע יונגע יאָהרען!
כ'האָב ניט קיין געלד
פון אייך זיך אויסצוקויפען,
די וועגען ט'איהר מיר פערשטעלט,
כ'האָב ניט וואו צו אַנטלויפען!..[26]

די רעקרוטשינע, וואָס די אידישע בעפעלקערונג האָט געמוזט אָב־ריכטען אויף ספּעציפישע, אויסערגעוועהנליך האַרבע בעדינגונגען ביי

[26] ש. גינזבורג און פּ. מאַרעק. אידישע פאָלקס-ליעדער, נומ. 45—50.

יעדען נאָבאָר און אין אַ גרעסערער נאָרמע אין פערגלייך מיט קריסטען, האָט רואינירט דעם אידישען עקאָנאָמישען צושטאַנד. צוזאַמען מיט אַנדערע סיבות האָט די רעקרוטשינע אויך געווירקט אויפ׳ן וואוקס פון די „נעדאָאימקעס" (חובות) פון אידען נאָך דעם יאָהר 1827. לויט די ציפערען, וועלכע עס האָט צונויפגעקליבען גראַף קיסעלעוו׳ס „אידישער קאָמיטעט", האָבען צום 1־טען יאַנואַר 1827 די „נעדאָאימקעס" פון די אידישע מעשטשאַנעס, איינאיינעם מיט די רוסישע, בעטראָפען 1,141,710 רובעל. צום 1־טען יאַנואַר 1845 האָבען שוין די אידישע „נעדאָאימקעס" אַליין דערגרייכט 4,363,438 רובעל (פון רוסישע מעשטשאַנעס—נור 687,397 רובעל). צום 1־טען יאַנואַר 1854 זיינען זיי שוין געשטיגען ביז 7,722,029 רובעל. דער "קאָמיטעט" האָט אויסגערעכענט, אַז דער חוב פון יעדען אידען איז פון 1 רובעל אויסגעוואַקסען צום 1־טען יאַנואַר 1854 ביז 15½ רובעל [27]). אַז די רעקרוטשינע מאַכט חרב די אידישע קהילות, — דאָס האָבען אין יאָהר 1855 בעשטעטיגט איינִיגע גענעראַל־גובערנאַטאָרען אין זייערע בעריכטען [28]).

מיט די אונמענשליכע בעשטימונגען וועגען "פּאָימאַניקעס" איז די ניקאָלאַיעווסקע אידישע רעקרוטשינע דערגאַנגען ביז צו איהר לאָגישען סוף. די גרוילען און מערדערייען פון דער עפּאָפּייע „פּאָימאַניקעס" האָבען מעהר פון אַלץ מיטגעווירקט אויפצודעקען פאַר דער רוסישער עפענטליכער מיינונג די שרעקליכע גרויזאַמקייט פון דער אידישער רעקרוטשינע מיט אַלע איהרע פאָלגען. דורך אַלעקסאַנדער דעם צווייטענס בעפעהל פון 26־טען אויגוסט 1856 — פּונקט 29 יאָהר נאָך דער בעשטעטיגונג פונ׳ם „אוסטאַוו" — זיינען אַלע אויסנאַהמס־בעשטימונגען וועגען אידישע רעקרוטען, קאַנטאָניסטען, „פּאָימאַניקעס", שטראַף־רעקרוטען אָבגעשאַפען געוואָרען. די ספּעציפיש אידישע רעקרוטשינע האָט געגאָלטען וועניגער ווי דרייסיג יאָהר, אָבער זי געהערט צו די סאַמע בלוטיגסטע בלעטער פון דער אידישער מאַרטיראָלאָגיע אין צאַרישען רוסלאַנד.

●

---

[27]) אַרכיוו פון גאָסוד. סאָוועט. דאָקומענטען פון „אידישען קאָמיטעט", נומ. 8, ב. IV, ז. 74.

[28]) דאָרטען, ב. I, ז. 321 און ב. II, ז. 39.

# הונדערט יאָהר פאַמיליען־געשיכטע

די אויספיהרליכע, לעבענס־טרייע קולטור־געשיכטע פון די רוסישע אידען וועט קאָנען בעשאַפען ווערען ערשט דאַן, ווען עס וועט פריהער גרינדליך אויסגעפאָרשט ווערען דער גאַנג פון דער אויפקלערונגס־בעוועגונג אין די פערשידענע אידישע צענטערס אין רוסלאַנד. עס ווערט בעגאַנגען אַ טעות, ווען מען בעהאַנדעלט די השכלה־שטרעמונג ווי אַן איינהייטליכען פראָצעס, וואָס איז פאָרגעקומען אומעטום גלייך. אמת, עס זיינען געווען געוויסע אַ ל ג ע מ י י נ ע סיבות און פאַקטאָרען, וואָס האָבען דאָ אָבגעשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע, אָבער אין דערזעלבער צייט האָבען געווירקט אויך בעזונדערע אָ ר ט י ג ע אומשטענדען, וואָס האָבען געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג. די געאָגראַפישע בעדינגונגען, די אָרטיגע בעפעלקערונג, איהר שפּראַך און קולטורעלער גראַד, די עקאָנאָמישע לאַגע, די געזעלשאַפטליכע בעציהונג א. אַז. וו. — דאָס אַלץ האָט, נאַטירליך, געמוזט האָבען אַ שטאַרקען איינפלוס אויף אונזער קולטור־בעוועגונג אין פערשידענע געגענדען און אויף איהרע פערטרעטער. דער דורכשניטליכער טיפּ פון דעם אַמאָליגען אידישען אינטעליגענט, דעם „משכיל", אין ליטע איז געווען אַן אַנדערער, איידער אין וואָלין, זשאַמוט, אָדעס, אָדער גאָר אין קורלאַנד צי פּוילען. אַפילו אין ליטע גופא האָט זיך, למשל, דער ווילנער משכיל אין פיעל הינזיכטען שטאַרק אונטערשיידט פון דעם מינסקער. און אַ קלאָר, גענוי בילד פון דער אויפקלערונגס־בעוועגונג, פון איהר ענטוויקלונג און גאַנג קאָן מען בעקומען נור דעמאָלט, ווען עס ווערען גענומען אין בעטראַכט און רעכענונג די אַלע אָרטיגע ווירקונגען, וואָס האָבען אָרויפגעלעגט אויף איהר זייער שטעמפּעל און איהר צוגעגעבען זייער אייגענאַרטיגע בעפאַרבונג.

אין אָט דער ריכטונג איז ביי אונז דערוויילֿ גאָרנישט געטהאָן געוואָרען. אַזעלכע וויכטיגע פעריאָדען אין אונזער קולטורעלען און געזעלשאַפטליכען לעבען, ווי די פערציגער און זעכציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט, זיינען נאָך וועניג אויסגעפאָרשט און בעלויכטען. אמת, עס זיינען וועגען זיי אָנגעקליבען געוואָרען פיעל אויסערליכע פאַקטען, אָבער דאָס אינטימע, אינערליכע אידישע לעבען פון יענע צייטען איז ווינציג בעקאַנט. מען רעדט און מען שרייבט ביי אונז פיעל וועגען זאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלען, אָבער געטהאָן ווערט דעריך גאָר וועניג. וויכטיגסטע דאָקומענטען, בריף און אַנדערע מאַטעריאַלען, אין וועלכע עס שפּיגעלט זיך אָב אונזער פערגאַנגענהייט, פערשווינדען און געהען כסדר לאיבוד אַפילו

ביי געוועהנליכע, נארמאלע אומשטענדען; קאן מען זיך שוין גרינג פאר־שטעלען, וויפיעל היסטארישע אוצרות עס זיינען אומגעקומען און אויף אייביג פערפאלען געווארען אין דער צייט פונ'ם וועלט־קריעג און אין פערלויף פון דער רעוואלוציע אין רוסלאנד. וועניג וואס אונזער מעמור־ארען־ליטעראטור וועגען די 40־ער און 60־ער יאהרען איז בכלל זעהר ארים, האבען אונזערע היסטאריקער פאלקאם פערנאכלעסיגט דעם וויכטיגען — לעבעדיגען מאטעריאל, וואס ווערט מיט גרויס ערפאלג אויסגענוצט ביי אנדערע: מען פלייסט זיך אויפצוזוכען עלטערע מענשען, עדות און טייל־נעהמער פון פערגאנגענע צייט־פעריאדען, מען פרעגט זיי אויס פלאנ־מעסיג און מען פערצייכענט אויספיהרליך זייערע אויסקונפטען און ערצעה־לונגען. אט דער קוואל האט ביי אנדערע געגעבען זעהר פיעל ווערטהפולע מאטעריאלען, שטארק בערייכערט די בעקאנטשאפט מיט דער פערגאנגענ־הייט. ביי אונז האט מען זיך מיט איהם ניט בענוצט אפילו דארטען, וואו מען האט איהם ניט געדארפט זוכען, וואו ער איז געוועזען אפען, צוגענגליך און האט זיך ווי געבעטען, מען זאל פון איהם שעפען און שעפען. מיט א דרייסיג, פערציג יאהר צוריק האבען זיך אין פערשידענע שטעדט נאך געפונען א היבש ביסעל עלטערע מענשען, וואס האבען זיך אמאל אקטיוו בעטייליגט אין די געזעלעשאפטליך־קולטורעלע בעוועגונגען פון די 40־ער און 60־ער יאהרען אדער בעאבאכט יענע צייטען. אין פעטערבורג, למשל, האבען דערלעבט ביז צו א טיעפער עלטער משה בערלין (געשטארבען אין יאהר 1888) און עמנואל לעווין (געשטארבען אין 1913, דריי־און־נייגציג יאהר אלט),—צוויי וויכטיגע, פערדיענסטפולע טהוער, וואס וואלטען געקאנט דינען ווי אן אונענדליכער קוואל פון היסטארישע אויסקונפטען און מיטטיילונגען.ביידע זיינען געווען זעהר אנגעזעהנע מענשען, וועמען יעדער איד אין פעטערבורג האט געקענט. און דאך איז קיינעם פון אונ־זערע דארטיגע היסטאריקער ניט איינגעפאלען צו בענוצען און פיקסירען אויפ'ן פאפיר דעם רייכען אוצר פון זייערע לעבעדיגע עראינערונגען, כאטש עס איז געווען אזוי נאהענט. ע. לעווין איז אפילו א צייט מיט יאהרען גע־ווען א טהעטיגער מיטגליעד פון דער פעטערבורגער „היסטאריש־עטנא־גראפישער קאמיסיע”; אבער ווייסט איהר, אויף וואס די קאמיסיע האט איהם אויסגענוצט? אויף צו מאכען אויסצוגען פון אלטע ביכער פאר איהרע „רעגעסטען און אויפשריפטען” — אן ארבייט, וועלכע עס קאן מיט ערפאלג ערפילען יעדער יונגער סטודענט, וואס פערשטעהט צו לייענען מיט קאפ. אין ווילנע און מינסק האבען כמעט זייער גאנץ לעבען פער־בראכט א. מ. דיק און י. מ. וואהלמאן — לעבעדיגע רעשטען פון א לאנג־פערגאנגענער און וויכטיגער עפאכע. זיי ביידע האבען ביז צו דער טיעפער עלטער פערמאגט א זעלטענעם זכרון, א גרויס אינטערעס צו די אמאליגע

צייטען, וואָס זיי האָבען מיטגעלעבט, און זיי פלעגען זעהר גערן וועגען דעם דערצעהלען. אָבער קיינעם פון אונזערע שרייבער און אינטעליגענטען אין ווילנע און מינסק איז ניט אַרויף אויפ'ן זינען אויסצונוצען דעם אונגעוועהנליך רייכען היסטאָרישען מאַטעריאַל, וואָס דיק'ס און וואָהלמאַן'ס מינדליכע מיטטיילונגען וואָלטען געקאָנט געבען, און וואָס איז אינאיינעם מיט ביידע זקנים אויף אַלעמאָל פערלאָרען געגאַנגען. ווען איך האָב אין יאָהר 1908 פאָרגעלעגט וואָהלמאַן'ען אָנהויבען צו שרייבען זיינע עראינערונגען (פאַר די זאַמעלביכער „פערעזשיטאָיע", וואָס איך האָב רעדאַקטירט), איז ער, ליידער, שוין געוועזען אַזוי אַלט און שוואַך, דאָס ער האָט געקאָנט אָנשרייבען בלויז איייניגע בלעטלאַך, און אין אַ פּאָר יאָהר אַרום איז ער געשטאָרבען.

די עטליכע ביישפּיעלען, וואָס איך האָב דאָ געבראַכט, בעווייזען קלאָר, ווי ווייניג זאַכליכקייט, אינטערעס און אויפמערקזאַמקייט עס ווערט ביי אונז אַרויסגעוויזען, כדי צו געפינען און אויסנוצען יענע פערשידענע קוועלען און מאַטעריאַלען, וואָס קאָנען בעלויכטען אונזער פערגאַנגענהייט. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אַפּילו מיט די נעהענטערע פּעריאָדען פון אונזער קולטור-געשיכטע זיינען מיר דערווייל נאָך ווייניג בעקאַנט. וואָס ווייסען מיר וועגען דעם אינעוויינינסטען לעבען פון אונזערע משכילים אין די 40-ער און אַפּילו אין די 60-ער יאָהרען, וועגען זייערע אַלטעגליכע אינטערעסען, געגענזייטיגע בעציהונגען אָדער וועגען דעם, ווי אַזוי די אויפקלערונגס-בעוועגונג האָט זיך אָבגערופען אין פערשידענע געגענדען און פאַלקס-שיכטען? מיר פערמאָגען מכח דעם נור אונגעניגענדע, צופעליגע ידיעות. פיעל וואָלט דעריין געקאָנט העלפען יענער צווייג פון היסטאָריאָגראַפיע, וואָס איז ביי אונז אַזוי פערנאַכלעסיגט געוואָרען: די פ אַ מ י ל י ע ן - ג ע ש י כ ט ע. אָבער די ווינציגע ווערק, וואָס בעשעפטיגען זיך ביי אונז מיט איהר, גיבען זיך אָב דערהויפּט מיט גענעאַלאָגישע חקירות, מיט יחוס-פאָרשונגען, און האָבען דעריבער אַ קליינעם אַלגעמיין-היסטאָרישע ווערטה. די געהעריגע ענטוויקלונג פון דער פאַמיליען-געשיכטע ווערט ביי אונז בעזונדערס געשטערט דורך אונזער גלייכגילטיגקייט צו אַלץ, וואָס קעהר זיך אָן אַפּילו צו דער פערגאַנגענהייט פון אונזערע אייגענע משפחות. ביי אַנדערע ווערט מיט פּיעטעט און ליעבע אָבגעהיט יעדע מינדעסטע זאַך, וואָס האָט אַ שייכות צו זייער פאַמיליען-געשיכטע; עס ווערט מיט יראת הכבוד געזאַמעלט יעדעס שטיק פּאַפּיר, וואָס דערמאָהנט אָן זייערע אור-עלטערן, אָן יענע דורות און צייטען, מיט וועלכע מען איז פערבונדען דורך פעדים פון קרובה'שאַפט. ביי אונז, ביי אידען איז עס גאָר אַנדערש. אַמאָל פלעגט מען זיך נאָך קוואַפּען אין „יחוס-בוימער". איצט איז אַפּילו אויך

דאָס שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע. פּרובט, למשל, א פרעג טהאָן ביי אייערע בעקאַנטע משפּחות וועגען זייער באָבע'ס אָדער אַפילו מוטער'ס „כתובה", — וועט איהר זיך איבערצייגען, אַז אין ניין-און-ניינציג פאַלען פון הונדערט ווייסט מען אַפילו ניט, וואו די „כתובה" איז אַהינגעקומען. ווער טראַכט ביי אונז וועגען אַזעלכע אַלטע פּאַפּירלעך, וואָס האָבען ניט קיין פּראַקטישען ווערטה? פּאַרצייטיגע דאָקומענטען, בריף, כתבים און פּאַפּירען, אין וועלכע עס שפּיגעלט זיך אָב די פערגאַנגענהייט פון דער משפּחה, ווערען כמעט אומעטום פערלאָרען אָדער גאָר פערניכטעט „כדי עס זאָל זיך ניט פערפיהרען קיין שטויב". מיר רעדען ניט פון איינצעלנע אויסנאַהמען, אָבער אין אַלגעמיין פּאַסט צו קיינעם ניט, אַזוי ווי צו אונז אידען דאָס בעוואוסטע רוסישע ווערטיל וועגען מענשען, וואָס „געדענקען נישט קיין קרובה'שאַפט".

עס ליעגט אַ גוואַלדיג, שמערצהאַפט אונרעכט אין אָט דער פערגעסענקייט. כלים, חפצים פערבלייבען דורות און דורות לאַנג, בשעת אַז דער מענשליכער אָנדענק ווערט אויסגעווישט. מענשען האָבען געשטרעבט, געהאָוועט, געטראַכט, געקעמפט, געליעבט, געהאַסט, אויסגעשטאַנען לייד און פרייד, — און פון אַלעם דעם בלייבט אַפילו קיין זכר ניט, פונקט ווי גאָרנישט געווען. זייערע ווייטע, לאַנג-פערשוואונדענע איבערלעבונגען מוזען בעקומען זייער „תיקון", מוזען אויפגעפרישט ווערען אין אונזער זכרון. דער פּשוט'סטער, עלעמענטאַרער יושר פאָדערט עס, און דאָס מוז געטהאָן ווערען, בפרט אַז די זאַך האָט צוגלייך אויך אַ קולטור-היסטאָרישע בעדייטונג. וואָרים ווי ווינציג עס זאָל ניט זיין די ראָלע, וואָס דער אָדער יענער האָט אָבגעשפּיעלט אין דעם שיקזאַל פון דעם כלל, איז יעדער איינציגער אַ מענש פון זיין צייט; און ווי די אַרומיגע וועלט אין אַ טראָפּען וואַסער, אַזוי שפּיגלען זיך אָב אין זיין לעבען און ווירקען די שטראַהלען און שאָטענס פון זיין עפּאָכע.

איך וויל דאָ פּרובען געבען, אין אַלגעמיינע שטריכען, די געשיכטע פון אַ משכיל'ישער פאַמיליע אין ליטע, וואָס האָט צווישען איהרע מיטגליעדער פערמאָגט אייניגע אינטערעסאַנטע פערזענליכקייטען און וואָס איז געווען דורך פריינדשאַפטליכע בעציהונגען און שידוכים פערבונדען מיט בעדייטענדע טהוער פון אַמאָליגע צייטען. מיין אַרבייט איז געבויט אויף נאָך ניט פערעפענטליכטע בריף, מעמוּאַרען און אָפיציעלע אַרכיוו-דאָקומענטען, ווי אויך אויף ליטעראַרישע קוועלען. איך האַלט פאַר מיין חוב אַרויסצוזאָגען אַ האַרציגען דאַנק מיין געשעצטען פריינד יצחק ריבקינד פאַר די וויכטיגע ביבליאָגראַפישע אויסקונפטען און מאַטעריאַלען, מיט וועלכע ער איז מיר געווען בעהילפיג.

I.

אין סוף פון 18־טען יאָהרהונדערט און אין דער ערשטער העלפט פונ'ם 19־טען האָט אין מינסק געלעבט אַ סוחר, ש ל מ ה  ק אַ פּ ל אַ ן. ווי גאַנץ אָפט ביי אידען אין יענע צייטען, האָט מען איהם גערופען ניט נאָך זיין פאַמיליע, נור נאָך זיין מוטער'ס נאָמען: „שלמה ברײנעס" (זי איז אפּנים געווען אַן אשת חיל און האָט, ווי פיעל דעמאָלטיגע אידישע פרויען, געשפייזט די משפחה). שלמה קאַפּלאַן איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1780 און געשטאָרבען אין יאָהר 1847. וועדליג יענע צייטען, איז ער געווען אַ גאַנץ פערמעגליכער מענש. ער האָט געהאַט אין מינסק פיער הייזער, געווען אַן אַנגעזעהענער בעל־הבית און זיך פיעל פערנומען מיט קהל'שע ענינים. ביי איהם אין אַ בעזונדער שטוב איז געווען אַ שטענדיגער מנין. געהאַנדעלט האָט שלמה מיט תבואה, וואָס ער פלעגט איינקויפען ביי פּוילישע פּריצים. אין איינעם פון זיינע הייזער האָט ער אויך געהאַלטען אַ בעזונדער אכסניה פאַר פּאָמיעשטשיקעס־פאָליאַקען. אַהין זיינען געוועהנליך פערפאָהרען די פּוילישע פּריצים, ווען זיי פלעגען פון די אַרומיגע אויעזדען קומען קיין מינסק.

עס איז ביי אונז פיעל געשריבען געוואָרען וועגען די טונקעלע זייטען פון די אַמאָליגע אידישע עסקים מיט די פּוילישע פּריצים, וועגען די ערנידערונגען, וואָס אידען פלעגען פון זיי אויסשטעהן, וועגען די „מה יפית"־געפּיהלען, וואָס האָבען זיך דורך דעם געמוזט ענטוויקלען ביים אידישען אַרענדאַטאָר אָדער הענדלער, א. אַז. וו. אין אַ געוויסען גראַד איז דאָס ריכטיג, אָבער נור ביז אַ געוויסען גראַד. ניט אומעטום זיינען די פּריצים געווען גלייך, און ניט שטענדיג איז זייער בעציהונג צו די אידען, מיט וועלכע זיי פלעגען קומען אין בעריהרונג, געווען דורכגעדרונגען מיט פעראַכטונג. גלייכצייטיג מיט די שאָטען־זייטען, האָבען די געשעפטליכע פערבינדונגען מיט די פּוילישע פּאָמיעשטשיקעס געהאָט אויך געוויסע פּאָזיטיווע קולטורעלע פאָלגען פאַר אידען. די עסקים מיט דעם פּריץ האָבען, ראשית כל, פון דעם אידישען הענדלער געפאָדערט, ער זאָל פערשטעהן פּויליש. אָהן רוסיש האָט מען זיך אין ליטע און רייסען דאַן, מיט אַ יאָהר 80—100 צוריק, געקאָנט פּאַלקאָם בעגעהן; אָבער אויב דער איד האָט געפיהרט געשעפטען מיט דעם פּריץ, האָט ער אָהן פּויליש בשום אופן ניט געקאָנט אויסקומען (דאָסזעלבע איז אויך געווען אין יענעם פאַל, ווען ער האָט געהאַט צו טהאָן מיט אַ רעגירונגס־אַנשטאַלט; וואָרים אויך כמעט אַלע בעאַמטע, אויסער די סאַמע העכסטע, זיינען דאַ געווען פּאָליאַקען). דאָס איז שוין געווען אַן אונצווייפעלהאַפטער געווינס. ווייטער, פלעגען זיך אין צפון־מערב געגענד צוויי־

שען די פּוילישע פּריצים טרעפען געבילדעטע, אויפגעקלערטע מענשען. בעזונדערס האָט זיך דעריין אויסגעצייכענט דער סלוצקער אויעזד, אין מינסקער גובערניע, וואָס האָט פערמאָגט ניט ווענינ פּוילישע פּאַ־מיעשטשיקעס־קאַלוויניסטען — מענשען מיט אַ הויכער קולטור, וועלכע זיינען געווען פריי פון קאַטוילישען פאַנאַטיזם און האָבען זיך צו אידען פערהאַלטען טאָלעראַנט. די געשעפטליכע בעציהונגען מיט זיי פלעגען אויף דעם אידען מוזען האָבען אַ געוויסען ציוויליזירענדען איינפלוס, פערברייטערן זיין גייסטיגען קוק. נאָכמעהר: צווישען די אויפגעקלערטע פּריצים פלעגען זיך ניט זעלטען געפינען אַזעלכע, וואָס האָבען אַקטיוו געהאָלפען יענע אידישע יונגעלייט, וועלכע האָבען געשטרעבט צו בילדונג, בשעת אַז פון דער אייגענער, אידישער אומגעבונג האָבען זיך אַזוינע „אפּיקורסים” ניט געקאָנט ריכטען אויף קיין שום שטיצע; פערקעהרט, זיי האָבען פון איהר נור געליטען פערפאָלגונגען.

דאָס איז אַ ווינקעל פון אונזער קולטור־געשיכטע אין ליטע, וואָס איז נאָך ווענינ בעריהרט געוואָרען, און עס מוז אויף איהם אָנגעוויזען ווערען. די פּאָזיטיווע גייסטיגע ווירקונג פון דער פּויליש־פּריצישער סביבה מער־קען מיר שוין ביים ערשטען דור פון יענער משפחה, וועגען וועלכער מיר רעדען דאָ, און מיט דעמזעלבען איינפלוס וועלען מיר זיך נאָך ניט איין מאָל טרעפען אויך ווייטער. שלמה קאַפּלאַן האָט געקענט פּויליש רעדען, אפשר אויך לייענען און שרייבען, וואָרים דאָס איז איהם געווען נויטיג פאַר די תבואה־געשעפטען און פאַר זיין פּריצישע אכסניה.

זיין אינגערער זוהן, יעקב קאַפּלאַן, איז געבוירען געוואָרען אין מינסק, אין יאָהר 1801. פון קינדהייט אָן האָט ער אַרויסגעוויזען גרויסע פעהיגקייטען און אַ זעלטענע התמדה. זיין ערציהונג איז געגאַנגען אַזוי, ווי געוועהנליך דעמאָלט ביי אידען אינ'ם באַלעבאַטישען קלאַס: אַפריהער אין חדר, דערנאָך ביי רעכטע גמרא־מלמדים. ער האָט געהאַט גרויס חשק צום לערנען, און ווען דער בחור איז אונטערגעוואָקסען, האָט דער פאָטער איהם געשיקט אויף אַ געוויסער צייט אין וואָלאָזשינער ישיבה, וואָס האָט זיך ערשט ניט לאַנג געעפענט. דער יונגער „יעקב שלמה בריינעס” האָט באַלד אָנגעהויבען צו גילטען אין מינסק פאַר אַן „עילוי”. דער העברעאישער שריפטשטעלער י. מ. וואָהלמאַן, וועלכער האָט איהם פערזענליך גוט געקענט, שרייבט אין זיינע נאָך ניט געדרוקטע עראינע־רונגען, וואָס געפינען זיך ביי מיר, אַז יעקב קאַפּלאַן האָט פערמאָגט זעהר אַ גרויסע בקיאות אין גמרא און פוסקים, אויך אין קבלה. כאָטש זיין פאָטער איז געווען אַ פרומער גאָטספאָרכטיגער איד, דאָך האָט ער גע־וואָלט, אַז דער זוהן, וואָס איהם האָט צו ביסלעך געהאָלפען אין געשעפט, זאָל קענען אויך פּויליש. יעקב קאַפּלאַן האָט גרינדליך שטודירט די

פוילישע שפּראַך און האָט פיעל געלייענט פון דער פוילישער ליטעראַטור. פון מענדעלסאָן׳ס חומש־איבערזעצונג האָט ער זיך אויסגעלערענט דייטש. שלמה בריינעס האָט גאָרנישט געהאַט געגען דעם, אַז זיין זוהן זאָל אויך לערנען תנ״ך און דקדוק, און יענער האָט זיך געקאָנט מיט דעם פער־נעהמען אָהן שטערונג — ניט בעהאַלטענערהייד, אַזוי ווי דאָס האָבען דעמאָלט געמוזט טהאָן די מייסטע יונגע־לייט. די פוילישע פּריצים, מיט וועלכע ער פלעגט קומען אין בעריהרונג צוליעב דעם פאָטער׳ס געשעפ־טען, האָבען בעמערקט און ליעב געקראָגען דעם פעהיגען, געראַטענעם בחור. זיי האָבען איהם בעזאָרגט מיט ביכער, אָפט מיט איהם געפיהרט געשפּרעכען און פיעל מיגעווירקט זיין בילדונג און ענטוויקלונג, אַזוי דאָס ער איז אין גיכען שוין געוואָרען אַ האַלבער „משכיל״.

ווי געוועהנליך אין יענע ווייטע צייטען, האָבען די עלטערן איהם ניט געלאָזט ווערען „פּערזעסען״. באַלד נאָך בר־מצוה האָבען זיי יעקב׳ן חתונה געמאַכט. זיין כלה, ביילע, איז געווען פונ׳ם שטעדטיל „מיר״ (וואָס איז בעוואוסט מיט דער דאָרטיגער גרויסער ישיבה), פון אַ לומד׳־ישער משפּחה. דער כלה איז ערשט געוואָרען צוועלף יאָהר. ווי דער מנהג איז דאָן געווען, האָט איהר פאָטער מיט נאָך קרובים־לומדים פאַר תנאים פערהערט דעם חתן אין לערנען, און זיי זיינען געבליבען מיט איהם שטאַרק צופרידען. אויך די כלה האָט געמוזט ענטפּלעקען פאַר דעם חתן׳ס עלטערן איהרע מעלות: זי האָט פונאַנדערגעוויקעלט אַ קנויל פּאָדים, וואָס יענע האָבען פערפּלאָנטערט, און זי האָט ביי־צייטענס בע־מערקט און אויפגעהויבען פון דער ערד די חפצים, וועלכע זיי האָבען כלומרשט „צופעליג״ אַרויסגעלאָזט פון די הענד. זי האָט דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטען: בעוויזען דאָס זי איז אַ מיידעל מיט געדולד און פער־שטאַנד. חתנ׳ס צד איז אויך געווען צופריעדען, און מען האָט אין גיכען געשטעלט חופּה. ווי כמעט ביי אַלע אונזערע אַמאָליגע משכילים, איז אויך דאָ די פרוי געשטאַנען גייסטיג פיעל נידעריגער פון דעם מאַן. ביילע איז אָבער געווען קלוג, טאַקטיש און געהאַט אַ גוטען, איידעלען כאַראַקטער. זי האָט געקענט „עברי״ און אַפילו אַביסעל פערשטאַנען צו שרייבען אי־דיש — דאָס איז געווען אַ זעלטענהייט מיט העכער ווי הונדערט יאָהר צוריק, ווען אַ אידישע פרוי האָט, לויט ל. ראָזענטאַל׳ס וויץ, געמוזט „זיין בעקאַנט בלויז מיט דריי שפּראַכען: „פיש, קוגעל און צימעס״.

נאָך דער חתונה פלעגט דאָס קוים 13־יאָהריגע ווייבעל זעהר אָפט אויפ׳ן הויף שפּיעלען אין „צייכענס״ מיט אַנדערע אַזעלכע ווייבלעך אָדער מיידלעך. איינמאָל האָט זי ביים שפּיעלען זיך אַזוי פערקאָכט, דאָס עס איז ביי איהר פון קאָפּ אַראָבגעפאַלען דער „האָר־באַנד״, און זי האָט דערויף אַפילו ניט געאַכט. די שוויגער האָט עס בעמערקט און

דערלאַנגט איהר אַזאַ חלק, דאָס ביילע האָט זיך, נעביך, ווייטער געמוזט אויפפיהרען „לייטישער".

דאָס יונגע פאָר־פאָלק איז עטליכע יאָהר אָבגעווען אויף „קעסט". דערנאָך, ווען מען האָט געמוזט טראַכטען וועגען עפיס אַ תכלית, האָט יעקב קאַפּלאַן אָנגעהויבען צו האַנדלען מיט ווירטשאַפטליכע רויה־פּראָ־דוקטען: וואַקס, חזיר־האָהר, זוימען א. ד. גל. צוליעב געשעפט איז איהם אויסגעקומען אָפט צו פאָהרען קיין לייפּציג, קעניגסבערג, בראָד, ריגע אָדער בערדיטשעוו, ווילנע און קיעוו. די שטענדיגע נסיעות קיין אויסלאַנד, ווי אויך אין די גרעסערע רוסישע שטעדט; די בעלעהרענדע בעאָבאַכטונגען, וואָס ער האָט דאָרטען דורכגעמאַכט; די אינטערע־סאַנטע בעקאַנטשאַפטען, וועלכע ער האָט געשלאָסען, — דאָס אַלץ האָט שטאַרק בערייכערט זיין בילדונג און פערברייטערט זיין גייסטיגען האָרי־זאָנט. אין קעניגסבערג האָט ער זיך בעפריינדעט מיט'ן אידיש־דייטשען געלעהרטען דר. משה פּרייסטאַדט (געשטאָרבען אין יאָהר 1879), וועלכער האָט תיכף אָבגעשאַצט זיינע גרויסע קענטעונישען אין דער תלמוד'ישער ליטעראַטור; אין אָדעס — מיט דעם פּעדאַגאָג און געלעהרטען בצלאל שטערן (1798—1853). אויסערסט וויכטיג איז פאַר קאַפּלאַן'ען געווען זיין אָפטער אויפהאַלט אין ווילנע. ער האָט פערבונדען פריינדשאַפטליכע בעציהונגען מיט די דאָרטיגע משכילים: דעם בעוואוסטען געלעהרטען, שפּעטער אינספּעקטאָר פון ווילנער ראַבינער־שול הירש קאַצענעלענבויגען (1795—1868), דעם פּאָעט אברהם בער לעבענסאָן (1794—1878), דעם היסטאָריקער און שפּראַך־פאָרשער שמואל יוסף פין (1818—1890), דעם ביבליאָגראַף און פערלעגער יצחק אייזיק בן־יעקב (1801—1863), דעם בעוואוסטען אידישען פאָלקס־שרייבער אייזיק מאיר דיק (1807—1893), דעם דייטש־אידישען שריפטשטעלער און צענזאָר פון העברעאישע ביכער וואָלף טוגענדהאָלד (1796—1864) און מיט די אַנדערע פאָרשטעהער פון דער דעמאָלטיגער אידישער אינטעליגענץ אין ווילנע. זיי האָבען איהם גערן אַריינגענומען אין זייער קרייז, הויך געאַכט, און ווען קאַפּלאַן פלעגט קומען צו פאָהרען קיין ווילנע, איז דאָס פאַר זיי שטענדיג געווען אַ מין יום־טוב.

בעזונדערס בעפריינדעט איז יעקב קאַפּלאַן געווען מיט מרדכי אהרן גינצבורג (געשטאָרבען אין יאָהר 1846). ווי בעוואוסט, האָט גינצבורג אייגענטליך בעשאַפען די נייע־העברעאישע ליטעראַטור אין רוסלאַנד און מיט זיינע ווערק זעהר פיעל מיטגעהאָלפען איינצופיהרען אין איהר אַ לייכטען, נאַטירליכען סטיל אָהן אָנגעבלאָזענע מליצות, אַריינ־ברייגען אין איהר מאָדערנע ליטעראַרישע פאָרמען. דאָס איז געווען אַ

מענש מיט אַ רעכטער אַלגעמיינער בילדונג, מיט אַ פיינעם ליטעראַרישען גוסט, און ער ווערט מיט רעכט בעטראַכט פאַר דעם ערשטען א י י ר אָ־פ ע ע ר צווישען די משכיל'ישע שרייבער אין רוסלאַנד. די נאָהענטע פריינדשאַפט מיט איהם האָט געמוזט האָבען אַ גרויסע ווירקונג אויף קאַפלאַנ'ען, פערטיעפען זיינע ליטעראַריש-וויסענשאַפטליכע אינטערעסען, פערפיינערן זיין העברעאישען סטיל. גינצבורג פלעגט זיך אָפט מיט איהם דורכשרייבען. ליידער זיינען זיינע בריף צו קאַפלאַנ'ען אומגעקומען בעת די שרפות, וואָס זיינען ניט געווען קיין זעלטענהייט אין מינסק. אויף ווי ווייט מיר איז בעוואוסט, איז פערבליבען נור איין בריף פון מ. א. גינצבורג צו קאַפלאַנ'ען. ער איז געשריבען פון מיטוי, דעם 8-טען ניסן תקצ"ד (1834) און אָבגעדרוקט אין גינצבורג'ס „קרית ספר" (ווילנער אויס־גאַבע פון יאָהר 1847, ז. 111). פון זיין אינהאַלט קאָן מען דריינגען, אַז קאַפלאַן האָט עס (אינאיינעם מיט בן-יעקב'ן און מאַנדעלשטאַם'ען) בע־שטאַנען דערויף, עס זאָל פערעפענטליכט ווערען דער ערשטער טייל פון גינצבורג'ס „תולדות בני אדם", און אַז ער האָט אין יאָהר 1835 בעזאָרגט די אויסגאַבע פון דעם ווערק אין ווילנע, בעת דער פערפאַסער האָט זיך אויפגעהאַלטען אין מיטוי.

זעהר נאָהענט פערבונדען אין קאַפלאַן געווען אויך מיט דעם אויבען־דערמאָהנטען ווילנער געלעהרטען און כלל-טהוער הירש קאַצענעלענבויגען און מיט זיין משפחה. קאַצענעלענבויגען איז געווען אין ווילנע זעהר געאַכט פאַר זיין גרויסען לומדות, פּראַקטישען פערשטאַנד און פאַר זיין קענען בעגעהן זיך מיט מענשען פון פערשידענע ריכטונגען. זיין הויז איז געווען דער צענטער, וואו עס פלעגען זיך שטענדיג צונויפקומען די דאָרטיגע משכילים. דאָ האָט זיך קאַפלאַן בעפריינדט אויך מיט קאַצע־נעלענבויגען'ס איידעם, י ע ק ב ק אַ צ ע ל ע נ ס אָ ן — אַ זעהר אינ־טערעסאַנטע פערזענליכקייט, וואָס איז געווען העכסט פּאָפּולער צווישען די ליטווישע משכילים פון אַמאָליגע צייטען. אין אונזער ליטעראַטור זיי־נען פון איהם ניט פערבליבען קיין שום שפורען, און ער האָט כשר פער־דיענט, מען זאָל דאָ וועגען איהם דערמאָהנען. אַ געבוירענער פון באָ־ברויסק (מינסקער גובערניע), פון אַ פערמעגליכער סוחרישער פאַמיליע, האָט יעקב קאַצענעלסאָן, נאָך גאָר אַלס יונגער-מאַן חתונה געהאַט מיט הירש קאַצענעלענבויגען'ס אַ טאָכטער און זיך בעזעצט אין ווילנע. מ. א. גינצבורג איז דאָ געוואָרען זיין לעהרער, און דערנאָך — נאָהענטסטער פריינד. ווען קאַצענעלסאָן איז מיט עטליכע יאָהר שפּעטער אַוועקגע־פאָהרען קיין באָברויסק, האָט גינצבורג פון ווילנע געפיהרט אַ רעגעלמע־סיגע קאָרעספּאָנדענץ מיט איהם. די מייסטע בריף גינצבורג'ס, וואָס זיינען שפּעטער פערעפענטליכט געוואָרען אין צווייטען טהייל „דביר"

אָהן די נעמען פון די אַדרעסאַטען, זיינען געווען געווענדט צו יעקב קאַ־צענעלסאָן. דער לעצטער איז ניט געווען קיין שרייבער, נור אַ סוחר, אָבער ער איז געווען טיעף דורכגעדרונגען מיט די אידייען פון השכלה, אויפקלערונג ; ער איז געווען בעגייסטערט מיט ליעבע צו דער העברע־אישער ליטעראַטור, אַליין זעהר פיין געשריבען העברעאיש און פערמאָגט אַ ליטעראַרישען גוסט. ווי שטאַרק גינצבורג האָט געהאַלטען פון זיין אַמאָליגען תלמיד און שפּעטערדיגען פריינד, איז צו זעהן פון דעם, וואָס ער פלעגט זיינע מאַנוסקריפּטען פאַר'ן דרוקען זיי, שטענדיג פריהער אָב־שיקען צו יענעם קיין באָברויסק. די ווילנער און בכלל ליטווישע משכילים און שרייבער האָבען זייער געשעצט און געליעבט יעקב קאַצענעלסאָנ'ען. אַ מענש מיט אַ גוט הארץ, מיט אַן איידעלען כאַראַקטער, איז ער געווען זייער איבערגעגעבענער פריינד, עצה־געבער און אָפּטמאָל, ביי שווערע אומשטענדען, פלעגט ער זיי אויך אויסהעלפען.

און נאָך איין שטריך איז געווען אין זיין נאַטור, וואָס מוז דאָ אָנגע־וויזען ווערען מיט אַ בעזונדער דאַנקבאַרקייט. יעקב קאַצענעלסאָן האָט אין העכסטען גראַד פערמאָגט יענעם געפיהל, וואָס מען בעגעגענט ביי אונז אַזוי זעלטען : ער האָט געהאַט אַן אויסערגעוועהנליכען היסטאָרישען חוש, אַ וואונדערליכע ליעבשאַפט צו יעדען געשריבענעם וואָרט, וואָס האָט געהאַט אַ ליטעראַרישען אָדער געזעלשאַפטליכען ווערטה. ער האָט מיט דער גרעסטער פּיעטעט, ווי אַ הייליגטום, אָבגעהיט יעדע שורה, וואָס ער פלעגט בעקומען פון מ. א. גינצבורג'ן, און צונויפגעזאַמעלט אַ מאַסע מאַנו־סקריפּטען זיינע, צווישען זיי פיעל נאָך ניט פּובליקירט. ער האָט מיט אַ זעלטענער ליעבע און זאָרגשאַפט געפּילעוועט די בריף, וואָס ער האָט אַזוי אָפט געקראָגען כמעט פון אַלע משכילים, און די כתבים, וואָס יענע פלעגען איהם גערן אָבגעבען, וויסענדיג, אַז זיי פאַלען אַריין אין זיכערע הענד. אַזוי האָט זיך ביי איהם אָנגעזאַמעלט אַ גרויסע, רייכע קאָלעקציע בריף און מאַנוסקריפּטען, וועלכע ער האָט אָפּגעהיט ווי אַן אויג פון קאָפּ, און צוליב גרעסערער זיכערקייט אַפילו איינגעבונדען אין צוויי גראָבע ביכער. דאָס איז אַ זעלטענער, ממש אַן אונאויסשעפּבאַרער אוצר דאָקו־מענטען, בריף און אַנדערע שריפטליכע מאַטעריאַלען, אין וועלכע עס שפּי־געלט זיך אָב דאָס לעבען און שאַפען פון די ליטווישע משכילים אין די 30-50-ער יאָהרען פון פאַריגען יאָהרהונדערט, די גרינדונג פון די אידישע רעגירונגס־שולען, דר. מ. ליליענטאַל'ס רייזע איבער דער אידישער „טשער־טאָ", משה מאָנטעפיאָרע'ס און יצחק אַלטאַראַס'עס נסיעות קיין רוסלאַנד א. אַז. וו. — אַ גאַנצער מטמון, וואָס בעלויכט איינעם פון די וויכטיגסטע פעריאָדען פון אונזער קולטורעלער און געזעלשאַפטליכער געשיכטע. ווען יעקב קאַצענעלסאָן איז אין יאָהר 1888 (י"ג אב תרמ"ח) געשטאָרבען אין

באָברויסק, זיינען דיביידע זאַמלונגען אַריבער צו זיין קרוב, דעם בעוואוסטען שריפטשטעלער און דאָקטאָר ל. קאַצענעלסאָן („בוקי בן יגלי"). יענער האָט זיי אויף אַ צייט איבערגעגעבען דר. ל. קאַנטאָר'ן. נאָך זיין טויט זיינען זיי, לויט דר. קאַצענעלסאָן'ס פעראָרדנונג, געוואָרען מיין אייגענטום און זיי געפינען זיך ביי מיר. צו מיין גרויס בעדויערן, איז מיר דערווייל געלונגען צו פערעפענטליכען נור אַ ווינציגען טייל פון אָט דעם אונגעוועהנליך רייכען היסטאָרישען אוצר; דאָס איבעריגע וואַרט נאָך אויף פובליקירט צו ווערען [1]).

לאָמיר זיך אָבער אומקעהרען צו יעקב קאַפּלאַנ'ען. מיר האָבען אָנגעוויזען אויף די פריינדשאַפטליכע פערבינדונגען, וואָס ער האָט געהאַט מיט די משכילים אין פערשיעדענע שטעדט. אָבער אין מינסק גופא איז ער אויך ניט געווען פאַלקאָם איינזאַם. דאָ איז שוין דאַן געווען אַ קליינער קרייזעל משכילים. פון זיי דאַרפען דאָ דערמאָהנט ווערען די פאָלגענדע: יהודה בצלאל עליאַשבערג, וועלכער איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1800 אין קאַמען (וויטעבסקער גוב.), געלעבט אין מינסק און דאָ געשטאָרבען אין יאָהר 1844 [2]). ער האָט אין 1842—1843 אָבגעדרוקט אין ווילנע זיין „מרפא לעם", אין צוויי טיילען — אַן איבערזעצונג פון פּראָפעסאָר פּוליצקי'ס פּוילישען פּאָפּולערען מעדיצינישען ווערק, מיט זעלבסטשטענדיגע הוספות וועגען דער תלמוד'ישער מעדיצין און מכח פערשידענע אָבערגלויבענס בנוגע צו קראַנקהייטען און רפואות (פון עליאַשבערג'ס ווערק איז ערשינען אַ צווייטע אויסגאַבע אין יאָהר 1864, אין זשיטאָמיר). דער מינסקער לעהרער יהודה אידל ליבמאַן (געשטאָרבען אין יאָהר 1872) האָט אין יאָהר 1839 געדרוקט אין ווילנע זיין „צבי בארץ החיים", וואָס ענטהאַלט אין זיך די ביאָגראַפיע פון דעם פריהצייטיג געשטאָרבענעם מינסקער כלל־טהוער און בעל־צדקה הירש זאַלצמאַן. מיט לעהרעריי האָט זיך אין מינסק בעשעפטיגט אויך מעבדעל (עמנואל) לעווין. געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1820 אין מינסק, האָט ער אין 1846 אַרויסגעגעבען אין ווילנע אויף העברעאיש אַ לעהרבוך פון דער רוסישער שפּראַך („דקדוק לשון רוסיא"),

---

[1]) אַ קורצע בעשרייבונג פון י. קאַצענעלענסאָן'ס קאָלעקציע האָב איך גענעבען אין „חורב", כרך ב' חוברת א', עמ. 108—111. (ניו-יאָרק—ירושלים, תרצ"ה).

[2]) וו. ציטלין שרייבט אין זיין ביבליאָגראַפישען האַנדבוך „קרית ספר" (ז. 77), אַז עליאַשבערג איז געשטאָרבען דעם 3-טען אָקטאָבער 1847; מגיד-שטיינשניידער אין „עיר ווילנא" (ז. 268, אַנמ. 1) גיט אָן דאָס יאָהר 1848 (תר"ח); די רוסיש-אידישע ענציקלאָפּעדיע (באַנד 10, ז. 224)—דאָס יאָהר 1847. די אַלע דאַטען זיינען אָבער ניט ריכטיג: אויף עליאַשבערג'ס מצבה איז אָנגעוויזען, אַז ער איז געשטאָרבען שמיני-עצרת תר"ה (זעה ב. אייזענשטאַדט'ס „רבני מינסק וחכמיה", ז. 42, ציון ט"ו).

אַ לאַנגע צייט געאַרבייט אַלס פּעדאַגאָג אין מינסק און אין סוף פון די 50־ער יאָהרען זיך בעזעצט אין פּעטערבורג. דאָ איז ער אַ צייט מיט יאָהרען געווען דער סעקרעטאַר פון דער אידישער בילדונגס־געזעלשאַפט („מפיצי השכלה״) און באַראָן גינצבורג׳ס רעכטע האַנד ביי זיינע בעמיהונגען צו פּערגרינגערן די רעכטליכע לאַגע פון די רוסישע אידען; די מייסטע שריפטען, וואָס באַראָן גינצבורג פלעגט צושטעלען דער רעגירונג וועגען אידישע כלל־ענינים, זיינען פערפאַסט געוואָרען דורך מ. לעווינ׳ען, וועלכער איז געווען אַ גרויסער קענער פון דער רוסישער געזעצגעבונג מכח אידען. ווי שוין פריהער געזאָגט, איז לעווין געשטאָרבען אין פּעטערבורג אין יאָהר 1913. אַלס לעהרער האָט אין יענער צייט, וועלכע מיר בעהאַנדלען דאָ, געאַרבייט אין מינסק אויך י ה ו ד ה ל י ב ל ע ו ו א נ ד ע (1813—1885). אָבער וועגען איהם וועט אונז אויסקומען צו רעדען אויספיהר־ליך שפּעטער, ווען מיר וועלען האַלטען ביים פאָלגענדען דור פון דער משפחה קאַפּלאַן.

דער השכלה־געדאַנק האָט בעריהרט די רייכע און אָנגעזעהענע מינס־קער פאַמיליע ל ו ר י א. איינער פון די חשוב׳סטע עסקנים אין מינסק איז דאַן געווען י ע ק ב א ה ר ן ל ו ר י א (געשטאָרבען אין יאָהר 1864). ער איז געווען בעוואוסט אונטער דעם נאָמען „ר׳ אַהרעלע״; אַ גרויסער למדן, בעל־צדקה און גביר. געשטאַמט האָט ער פון ביכאָוו (מאָהילעווער גוב.), געווען אַ ברודער פון דעם בעוואוסטען געלעהרטען און כלל־טהוער דוד לוריא („ר׳ דוד ביכאָווער״). יעקב אהרן לוריא פלעגט זיך וויצלען: „איך האָב אַ מאָדנעם מזל מיט די נעמען פון מיינע זיהן: „מיין דוד איז אַן אַפּיקורס, און מיין שמחה איז אַ מרה־שחורה׳ניק!״. זיין זוהן, ד ו ד ל ו ר י א, איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1811, גע־שטאָרבען נאָך אַן אָפּעראַציע אין יאָהר 1873, אין קעניגסבערג [3]). ער איז געווען אַ פערברענטער משכיל, אַ פיינער העבראַאיסט, געקענט דייטש און פראַנצויזיש; בעזונדערס האָט ער זיך אינטערעסירט מיט דער פראַגע וועגען אויסבעסערן די ערציהונג פון אידישע קינדער און זיך מכח דעם דורכגעשריבען מיט יצחק בער לעווינזאָן. אין יאָהר 1853 האָט ער אָב־געדרוקט אין ווילנע זיין ווערק „עמר בשדה״ — אַ זאַמלונג ערקלערונגען צו איינינע ביבעל־שטעלען, אויך מאָראַלישע בעטראַכטונגען; ער האָט אויך

[3]) די רוסיש־אידישע ענציקלאָפּעדיע (באַנד 10, ז. 387) גיט אָן אַלס לוריא׳ס געבורטס־יאָהר—1800. די דאַטע איז ניט גענוי. לויט דער קאָרעספּאָנ־דענץ פון מינסק אין דער צייטונג „המגיד״, 1873, נומ. 32 (פון דעם העברע־אישען לעהרער זוסמאַן קאַפּעליאָוויטש, ד. לוריא׳ס אַ מקורב), איז לוריא גע־שטאָרבען אין עלטער פון צוויי־און־זעכציג יאָהר; ער איז אַלזאָ געבוירען געוואָרען אין 1811. ניט גענוי איז אויך וו. צייטלין׳ס („קרית ספר״, ז. 220) אָנווייזונג, אַז לוריא איז געשטאָרבען אין יולי 1873. פון דער קאָרעספּאָנדענץ אין „המגיד״ איז צו זעהן, דאָס ער איז געשטאָרבען דעם 23־טען מאַי 1873.

פערעפענטליכט עטליכע אַרטיקלען אין דער העברעאישער צייטונג „המגיד״. אין שטאָדט האָט מען איהם געהאַלטען פאַר אַ שרעקליכען אפיקורס און אַפילו אויף איהם געזאָגט, אַז ער האָט שוין אין דער קינדהייט געקענט די „שוואַרצע קונסט״. למשל, מען פלעגט דערצעהלען אַזאַ מעשה: ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער בחור, האָט דער פאָטער, ר׳ יעקב אהרן איהם געוואָלט פאַר עפּיס אַ זינד געבען אַ פּאַטש. האָבען זיך אין דעם צימער פלוצלונג אין אַלע ווינקלען בעוויזען פיער דוד׳ס, אַזוי אַז דער פאָטער איז שרעקליך מבולבל געוואָרען און האָט ניט געוואוסט, וועמען פון זיי ער זאָל דאָ פּאַטשען... אַ מענש מיט ענערגיע און אַרבייטס־לוסט, האָט דוד לוריא אין אָנהויב פון די 40־ער יאָהרען רעאָרגאַניזירט די אַלט־פרענקישע מינסקער תלמוד־תורה, אַריבערגעטראָגען פון שוהלהויף אין אַ ריינע, ליכטיגע וואוינונג און אַריינגעפיהרט אין פּראָגראַם אַלגעמיינע בילדונגס־לימודים; אויך האָט ער געגרינדעט, אונטער׳ן נאָמען „מדרש אזרחים״, אַ שול פאַר בעל־הבתישע קינדער. אַלס לעהרער האָבען דאָ און דאָרט געאַרבייט די אויבען־דערמאָהנטע לעווין, ליבמאַן און לעוואַנדע; פון צייט צו צייט פלעגט אויך לוריא אַליין פיהרען דאָ מיט די שילער גע־שפּרעכען וועגען מאָראַל, בילדונגס־ענינים און בירגער־פליכטען. דיביידע שולען האָבען קיין אריכת ימים ניט געהאַט: אין סוף יאָהר 1846, ווען דאָס בילדונגס־מיניסטעריום האָט בעשלאָסען צו עפענען אין מינסק אַ קרוינישע אידישע שול, זיינען זיי פערמאַכט געוואָרען. דער אונטערגאַנג פון די צוויי לעהר־אנשטאַלטען, וואָס לוריא האָט בעשאַפען, איז פאַר איהם געווען אַ שווערער קלאַפּ. זיין ברודער שמחה לוריא (געשטאָר־בען אין יאָהר 1881) איז געווען ניט בלויז אַ „מרה־שחורה׳ניק״, ווי דער פאָטער פלעגט אויף איהם זאָגען, נור אויך אַ משכיל, אַ מענש מיט בילדונג. איך האָב ביי איינעם פון זיינע יורשים מיט אַ יאָהר דרייסיג צוריק גע־זעהן זיינע איבערגעבליבענע העברעאישע כתבים, צווישען זיי פיעל שירים און אַן איבערזעצונג פון שיללער׳ס „דאָן קאַרלאָס״. שיללער, דער „אַד־וואָקאַט פון דער מענשהייט״, דער גרויסער בעגייסטערטער פּרעדיגער פון יושר און פרייהייט, האָט געפונען אַ בעזונדערס שטאַרקען אָבקלאַנג ביי אונזערע משכילים פון יענעם דור. ער איז געווען זייער געליעבטעסטער פּאָעט, און די מייסטע פון זיי פלעגען זיך פּרובען איבערזעצען עטוואָס פון זיינע שאַפונגען.

ווי מיר זעהן אַלזאָ, איז דער משכיל יעקב קאַפּלאַן ניט געווען עלענד אין מינסק. ער האָט דאָ געהאַט געזינונגס־גענאָסען. ער פלעגט אויך פערקעהרען מיט דער מערקווירדיגער, בעדייטענדסטער פּערזענליכקייט, וואָס מינסק האָט דאַן פערמאָגט, — מיט זכריהו ישעיהו יאַללעס.

יאָללעס האָט געשטאַמט פון אַ מיוחס'דיגער גאַליציאַנער פאַמיליע און איז געבוירען געוואָרען אין לעמבערג, אין יאָהר 1816 [4]. אַ מענש מיט אויסערגעוועהנליכע, וואונדערליכע פעהיגקייטען, האָט ער שוין צו פופצעהן יאָהר אָבגעדרוקט זיין „דובר מישרים" (לעמבערג, 1831), וואָס האָט אַרויסגערופען פיעל רעש אין דער לומדישער וועלט. מיט דריי יאָהר שפּעטער האָט ער פערעפענטליכט אַ ווערק „עת לדבר", וואו ער בעלויכט פון פּראָגרעסיווען שטאַנדפּונקט די פליכטען פון די רבנים און ווייזט אָן, אַז זיי מוזען זיך בעקענען און רעכענען מיט די פאָדערונגען פון דער צייט. אין יאָהר 1834 האָט ער זיך בעזעצט אין מינסק, אַלס איידעם פון דעם דאָרטיגען גביר יעקב הורוויץ („יעקב דאָקשיצער"). אַ גאון אין לערנען, מיט אַ שאַרפען קריטישען חוש, איז יאָללעס קלאָר אויך אין דער נייער אידישער וויסענשאַפטליכער ליטעראַטור, געקענט פיעל שפּראַכען, גע־האָט אַ גרויסע און פיעלזייטיגע אַלגעמיינע בילדונג. ער האָט זיך פיעל פערנומען מיט פילאָזאָפיע, געשיכטע, נאַטור־וויסענשאַפט, מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און פערפאַסט וועגען זיי אַ סך ווערק, אין וועלכע ער ווייזט זיך אַרויס אַלס טיפער, זעלבסטשטענדיגער דענקער און פאָרשער [5]. ער האָט זיך דורכגעשריבען וועגען רעליגיעזע ענינים מיט ר' עקיבא אייגער, ר' משה סופר און מיט אַנדערע גרעסטע רבנים, און גלייכצייטיג געפיהרט אַ קאָרעספּאָנדענץ מכח וויסענשאַפטליכע פראַגען מיט דעם היסטאָריקער דר. מ. יאָסט, דעם מאַטעמאַטיקער און פּעדאַגאָג מ. קרייצנאַך, מיט ח. ז. סלאָנימסקי און נאָך פיעל געלעהרטע. יאָללעס איז געוועזען פון יענעם טייג, פון וועלכען עס ווערען געקנאָטען גייסטיגע פיהרער, אָבער ליידער איז איהם ניט געוועזען בעשערט צו ענטפּלעקען יענע גרויסע ווירקונג, וואָס ער וואָלט געקאָנט האָבען אינ'ם לעבען פון דעם רוסישען אידענטום. פון קינדהייט אָן שוואַך אין געזונט, האָט ער זיך אויסגעמאַטערט דורך שטענדיגע גייסטיגע אַרבייט און איז געשטאָרבען, בלויז 36 יאָהר אַלט, אין 1852, אין מינסק [6]. אָט דער מערקווירדיגער מענש האָט זעהר געאַכט יעקב קאַפּלאַנ'ען, ער פלעגט מיט איהם זיך גערן טרעפען און פיהרען געשפּרעכען וועגען פער־שידענע וויסענשאַפטליכע און געזעלשאַפטליכע אנגעלעגענהייטען.

---

[4] די דאַטע פון זיין געבורט („ארום 1814"), אין דער רוסיש-אידישער ענציקלאָפּעדיע (באַנד 8, ז. 791), איז ניט ריכטיג, אַזוי ווי אויך וו. צייטלין'ס אָנגאַבע („קרית ספר", ז. 161), אַז יאָללעס איז געשטאָרבען 38 יאָהר אַלט.

[5] זיינע ווערק און בריף, אין צוויי טיילען, זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען דורך זיין זוהן, זוסמאַן יאָללעס, אונטער'ן נאָמען „התורה והחכמה" (ווילנע, 1913).

[6] אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון ז. י. יאָללעס'ן געפינט זיך אין יאָסט'ס „איזראַעליטישע אַנאַלען", 1840, נומ. 32.

II.

צום סוף דרייסיגער יאָהרען פון 19־טען יאָהרהונדערט האָט מינסק אַלזאָ שוין געהאַט אַ קליינעם קרייזעל „משכילים", אָנהענגער פון אויפ־קלערונג. אָבער די בעציהונגען צווישען זיי און די פאָרשטעהער פון דעם אָרטאָדאָקסאַלען קלאַס זיינען געווען פריעדליך. צו אַן אָפענעם קאַמף צווי־שען זיי איז נאָך ניט דערגאַנגען. פון איין זייט, זיינען די משכילים אין מינסק בכלל געווען מעסיגער, וועניגער ראַדיקאַל געשטימט, איידער אין אַנדערע שטעדט. יעקב קאַפּלאַן, למשל, איז געווען אַן אָפטער איינגעהער אין „בליומקעס קלויז" (די ישיבה, וואָס עס האָט געגרינדעט אַ פרומע און רייכע מינסקער פרוי, בליומקע ווילענקין) ; ער פלעגט דאָ זיצען ביים „שיעור" און זיך אַקטיוו אין איהם בעטייליגען, אַרויסווייזענדיג זיין גרויסע לומדות. קיין פּאָרטרעט פון קאַפּלאַנ'ען איז ניט פערבליבען. אויב אָבער אַפילו מרדכי אהרן גינצבורג אין ווילנע האָט, ווי מיר זעהען פון זיין בילד, זיך נאָך געקליידט אַלט-פרענקיש און געטראָגען פאות, קאָן מען רעכענען אויף געוויס, אַז קאַפּלאַן אין מינסק האָט זיך אויסערליך אין קיין זאַך ניט אונטערשיידט פון פרומע אידען און אַז ער פלעגט, ווי זיינע דאָרטיגע חברים, אָבהיטען אַלע מנהגים און דינים, פיהרען אַ שטרענג אידישען שטאַט. ביי זיינע נסיעות אין אויסלאַנד אָדער קיין אָדעס צי ריגע האָט ער געהאַט ביי זיך אין רענצל „דייטשע" בגדים, וועלכע ער האָט דאָרטען געטראָגען. אָבער פאַר'ן צוריקקומען אַהיים פלעגט ער זיך איבערקליידען און ווידער קריגען זיין שטענדיג „כשר" אויסזעהן. און אַזוי האָבען זיך אויפגעפיהרט אויך די אַנדערע מינסקער משכילים.

פון דער אַנדער זייט, זיינען אויך די פערטרעטער פון די פרומע קריי־זען אין מינסק געווען געשטימט וועניגער קריעגעריש. שוין ניט רעדענדיג פון אַזאַ ליכטיגען קאָפּ, ווי זכריהו ישעיהו יאָללעס, האָט דער מינסקער סוחר'ישער קלאַס דאַן פערמאָגט אַזעלכע טהוער, ווי יעקב אהרן לוריא, אָדער יקותיאל זוסיל ראַפּאַפּאָרט (1802—1872) וואָס האָבען ביי זייער גרויסער פרומקייט און לומדות דאָך ביז אַ געוויסען גראַד בעגריפען די פאָדערונגען פון דער צייט, זיך געהאַלטען אַן דער גאָלדענער מיט. זייער פּאָזיציע האָט זיך אַרויסגעוויזען ביי די אונטערהאַנדלונגען, וואָס דר. מ. ליליענטאַל האָט אין סוף יאָהר 1841 געפיהרט אין מינסק. ווי בעוואוסט, האָט די רוסישע רעגירונג צו יענער צייט שוין פּרינציפּיעל בעשלאָסען צו גרינדען אַ גאַנצע נעץ קרוינישע אידישע שולען, און דער בילדונגס־מיניסטער אואוואַראָוו האָט קאָמאַנדירט אין ליטע דר. ליליענטאַל'ן, צו בעקענען זיך מיט די שטימונגען פון די אידישע קהילות און פּראָפּאַגאַנדירען דאָ דעם געדאַנק וועגען די נייע לעהר־אַנשטאַלטען. צווישען אַנדערע

שטעדט, האָט ליליענטאַל בעזוכט אויך מינסק. ס׳איז נויטיג צו אונטער־שטרייכען, אַז די פיינדליכע אויפנאַהם, וואָס ער האָט דאָ געהאַט, איז אין אונזער ליטעראַטור צו־פיעל פעראַלגעמיינערט געוואָרען. פון ליב לע־וואַנדע׳ס פערזענליכע עראינערונגען [1]) איז צו זעהן, אַז די זידלערייען געגען ליליענטאַל׳ן אויף די גאַסען און די דעמאָנסטראַציעס פון די חדר־אינגלעך מיט די קולות: „שקאָלעס ניע זשעלאַיעם" זיינען געווען אָרגאַ־ניזירט ניט דורך די מינסקער שטאָדט־פיהרער און רבנים; אויפגעטהאָן האָבען עס די דאָרטיגע מלמדים, וועלכע האָבען מורא געהאַט, אַז איבער די נייע שולען וועלען זיי בלייבען אָהן פרנסה.

עס איז אָבער אַ טעות צו מיינען, אַז זיי האָבען אויסגעדריקט די שטימונג פון די פיהרענדע קרייזען. אַפילו דר. ליליענטאַל אַליין, וועלכער איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט פון די בעליידיגונגען, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אויף די גאַסען פון מינסק, שרייבט אין זיין בעריכט צום בילדונגס־מיניסטער, אַז צווישען די פערטרעטער פון דער דאָרטיגער גע־מיינדע זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבען פרינציפיעל מיטגעפיהלט מיט זיינע שטרעבונגען, און ער דערמאָהנט אויך זייערע נעמען [2]). די אַנגע־זעהענסטע פאָרשטעהער פון די מינסקער סוחרים און כלל־טהוער האָבען אויף דער אסיפה גע׳טענה׳ט צו ליליענטאַל׳ן: „כל זמן די מלוכה גיט ניט דעם אידען קיין בירגערליכע רעכט, וואָלט בילדונג געווען פאַר איהם נור אַן אומגליק. זייענדיג פראַסט און אונגעבילדעט, ברעקעלט זיך ניט דער איד מיט דעם דערנידעריגענדען פערדיענסט פון פאַקטאָר אָדער טענדלער, און ער מיט זיין הויזגעזינד בעפריעדיגען זיך מיט דער ווינציגער חיונה, וואָס זיי האָבען. ווערענדיג אָבער געבילדעט, אויפגעקלערט און בליי־בענדיג דאָך אָהן שום רעכט, וועט דער איד אונפערמיידליך מוזען שפירען אַ ביטער געפיהל פון אונצופריעדענקייט, ווערען אָבגעשטויסט פון זיין גלויבען, — און צו דעם קאָן אַן עהרליכער אידישער פאָטער אין קיין פאַל ניט גרייטען זיינע קינדער". דאָס איז ניט פרינציפיעלע געגנערשאַפט, ניט פינסטערער פאַנאַטיזם; דאָס איז אַ געוויסער פ אָ ל י ט י ש ע ר שטאַנדפונקט, וואָס מען קאָן ניט אָוועקמאַכען מיט דער האַנד און וואָס די דעמאָלטיגע ווירקליכקייט האָט געמוזט דיקטירען יעדערען, ווער עס האָט זיך צו איהר צוגעקוקט אויפמערקזאַם, מיט קלאָרע אויגען. דיזעלבע פראַגע, וואָס די מינסקער עסקנים, האָט דאָך בעאונרוהיגט אויך די אויסלענדישע אידישע כלל־טהוער, וועלכע מען האָט דאָך אַלענפאַלס ניט געקאָנט חושד זיין, אַז זיי בעציהען זיך פיינדליך געגען אואוואַראָוו׳ס פלאַן מכח בעשאַ־

[1]) אין א. לאַנדוי׳ס „יעווריעסקאַיאַ ביבליאָטעקאַ", ב. 3, ז. 366—367, און ב. 5, ז. 65—88.

[2]) אַרכיוו פון בילדונגס־מיניסטעריום, ק. 1254, נומ. 80602.

פען שולען פאַר רוסישע אידען. אַט וואָס, למשל, דר. ל. פיליפסאָן׳ס דייטש־אידישע צייטונג האָט דאַן געשריבען: „ס׳איז פאַרהאַן עפּיס, וואָס מיר טאָרען אין קיין פאַל ניט פערגעסען; מיר מיינען: די צוקונפט פון יענע, וועמענס ערציהונג עס וועט פערטרויט ווערען די שולען. עפּענען מיטלען פון חיונה פאַר יענע, וועמען מען רייסט אָב פון זייער פריהערדיגער לעבענס־אַרט, אויפדעקען פאַר זיי קוואַלען פון פּרנסה, געבען זיי די מעג־ליכקייט זיך צו שפּייזען, — דאָס איז די צווייטע אויפגאַבע. די זאַך בעשטעהט ניט בלויז דערין, יענע מענשען זאָלען בעקומען בילדונג. און זאָל מען פון זיי מאַכען געלערענטע, וואָלט זייער שיקזאַל געווען טרויעריג, וויבאַלד עס וועלען ניט ביי די נייע לעבענס־אומשטענדען פאַר זיי גע־עפענט ווערען אויך נייע מעגליכקייטען פון טהעטיגקייט. וואָס וועט, למשל, טהאָן ווילנע אין צעהן יאָהר אַרום, ווען זעקס הונדערט 15יאָהריגע בחורים וועלען מיט אַמאָל ענדיגען די שולען? צווישען זיי און די על־טערע, ווי אויך דעם פריהערדיגען לעבענס-שטייגער וועט דאַך ליעגען אַן אָבגרונד; די שול וועט דאַך זיי איבעראַנדערשען, און וויבאַלד זיי טרע־טען פון איהר אַרויס, מוז פאַר זיי געעפענט ווערען די מעגליכקייט, זיי זאָלען קאָנען אָנווענדען זייערע כחות, האָבען חיונה — אַניט וואָלט דאָס בעטייט: פערוואַנדלען אונבאַוואוסטזיניגע מענשען אין אַזעלכע אונגליק־ליכע לייט, וואָס פיהלען און פערשטעהען קלאָר זייער ביטערען גורל״ [3]).

לאָמיר זיך אָבער ווידער ווענדען צו יעקב קאַפּלאַן. די, וואָס האָבען איהם פערזענליך געקענט (צום ביישפּיעל, דער פערשטאָרבענער אַלטער מינסקער משכיל און שריפטשטעלער י. מ. וואָהלמאַן), פלעגען איהם כאַ־ראַקטעריזירען ווי אַ זעלטענעם אידעאַליסט. ער איז שטענדיג געווען פערטיעפט אין גייסטיגע אינטערעסען, וויסענשאַפטליכע פראַגען; ער האָט זיך פיעל פערנומען מיט דער מיטעלאַלטערליכער אידישער פילאָזאָפישער ליטעראַטור, מיט היסטאָריע און פערמאָגט אין זיי גרויסע קענטעניש. זיין אלמנה, וועלכע האָט דערלעבט ביז אַ טיעפער עלטער, האָט פיעל מאָל דערצעהלט, ווי ער פלעגט אָפט גאַנצע נעכט פערברייגען מיט זיינעם אַ פריינד אין געשפרעכען וועגען ליטעראַרישע און וויסענשאַפטליכע ענינים. (דעם פריינד׳ס נאָמען האָט די אַלטיטשקע פערגעסען; מעגליך, אַז דאָס איז געווען דער אויבען־דערמאָהנטער יהודה בצלאל עליאַשבערג). צו ריידען און בעאורטיילען איז דאַך געווען אַזוי פיעל; מען האָט זיך ניט גע־קאָנט אָנזעטיגען און מען פלעגט דורכשמועסען ביז העלען טאָג, פערגע־סענדיג אָן אַלץ אַרום. קאַפּלאַן׳סווירקליכע אינטערעסען האָבען אָבער צו־וועניג געשטימט מיט זיין בעשעפטיגונג. וועדליג זיין גאַנצער נאַטור

[3]) „אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס״ 1842, נומ. 13.

האָט ער געזאָלט זיין אַ וויסענשאַפטסמאַן, אָבער געווען איז ער אַ סוחר, געהאַנדעלט מיט וואַקס, חזיר־האָהר און אַנדערע לאַנדווירטשאַפטליכע רויה־פּראָדוקטען. דער אידעאַליסט מיט דעם הענדלער, דער וויסענשאַפטלער מיט דעם געשעפטסמאַן האָבען זיך אין איהם שטענדיג געמוזט ראַנגלען. זעלטען ווען עס געלינגט צו ברייגען אָט די פערשידענאַרטיגע אינטע־רעסען אין גלייכגעוויכט. כמעט אַלע מאָל מוז איינס פון די ביידע ליידען און ווערען געשעדיגט. ביי יעקב קאַפּלאַן האָבען טאַקע געליטען די גע־שעפטליכע אינטערעסען. ער איז געווען אַ שלעכטער סוחר; די עסקים זיינען ביי איהם געגאַנגען ניט גוט, און וואָס ווייטער, אַלץ ערגער. מיר דוכט אַפילו, אַז די אָפטע „געשעפטליכע" נסיעות קיין ווילנע, ריגע און אויסלאַנד פלעגט קאַפּלאַן מייסטענס אונטערנעהמען ניט אַזוי צוליעב גע־שעפט, ווי כדי צו זעהן זיך מיט זיינע פריינד־משכילים, גריבלען זיך אין די דאָרטיגע ביבליאָטעקען און אויפזוכען אַ בוך, וואָס מען האָט אין מינסק ניט געקאָנט קריגען. כאָטש זיינע געלד־מיטלען זיינען געווען זעהר בע־גרעניצט, דאָך האָט ער זיך געקויפט ניט נור ביכער, נור אַמאָל אַפילו מאַנוסקריפּטען, און ער האָט פערמאָגט אַ היבשע ביבליאָטעק.

ווי יעדער משכיל פון יענעם דור, איז אויך קאַפּלאַן געווען אַ בע־גייסטערטער פערעהרער פון העברעאיש. מען מאַכט ביי אונז ניט זעלטען חוזק פון די אַמאָליגע משכילים, דערפאַר וואָס זיי זיינען געווען אַזוי פער־טהאָן אין דקדוק, אין אויסטייטשען און ערקלערען פערשידענע פּסוקים פון תנ"ך. מיט דעם ווערט אָבער געגען זיי בעגאַנגען אַ גרויס אונרעכט. דאָס איז ניט געווען קיין פערגעטערונג פון דער גראַמאַטיק, אויך ניט קיין טרוקענע שפּראַך־פאָרשונג. דערין האָבען בעקומען זייער אויסדרוק טיעף־איינגעוואָרצעלטע נאַציאָנאַלע געפיהלען און בענקענישען. פאַר אונזערע משכילים איז די העברעאישע שפּראַך, — „די איינע, די שענע" („השפה היפה, השרידה היחידה") געווען דאָס העכסטע נאַציאָנאַלע אייגענטום, דאָס איינציגע, וואָס איז פערבליבען פון דער גלענצענדער פערגאַנגענהייט. תנ"ך, די ביבעל, איז געווען זייער „קדשי קדשים", זי האָט מיט איהר גע־הויבענער פּאָעטישער שענקייט געזאָלט אויפפרישען דעם אידישען גייסט, דערוועקען נייע געפיהלען, אָבשוואַכען די ווירקונגען פון דעם ריטועלען יאָך. די ביבעל מיט איהר שפּראַך איז פאַר זיי געוואָרען דער געגענ־שטאַנד פון אַ בעגייסטערטען קולט. און פון דעם זעלבען קוואַל האָט זיך גענומען אויך דאָס, וואָס די ב י ב ל י ש ע מאָטיווען האָבען פערנומען אַזאַ גרויסען אָרט אין דער משכילישער ליטעראַטור. מיכה יוסף לעבענ־סאָן, אברהם מאַפּו און אַ גאַנצע רייה דיכטער האָבען זייערע טעמעס גע־שעפּט פון תנ"ך, און אַפילו דער רעאַליסט י. ל. גאָרדאָן האָט אויך בע־שאַפען די ביבלישע פּאָעמע „אהבת דוד ומיכל". דאָס איז ניט קיין צו־

פעליגע ערשיינונג. דאָס גהעטאָ־לעבען איז געווען אַזוי גראָה און וואָכענדיג, אַזוי אָבגעריסען פון דער נאַטור. די בענקשאַפט נאָך ליכט, שענקייט, לופט, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פערעהרונג פון העברעאיש, האָט געמוזט ציהען די געדאַנקען און געפיהלען צו יענע צייטען, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט געפיהרט אַ פריי, געזונט, פיעלפאַרביג לעבען אין זיין אייגען לאַנד און געשטאַנען אַזוי נאָהענט צו דער פרעכטיגער נאַטור...

יעקב קאַפּלאַן איז געווען ניט קיין דיכטער, נור אַ מענש מיט וויסענ־שאַפטליכע נייגונגען, האָט די בעגייסטערטע פערעהרונג פון תנ"ך ביי איהם געפונען אַן אַנדער אויסדרוק: ער האָט זיך פעראינטערעסירט מיט דער ביבלישער געאָגראַפיע. יאָרען־לאַנג האָט ער געאַרבייט איבער שלמה לעווינזאָן'ס ווערק „מחקרי ארץ" (געאָגראַפיע פון בּיבלישען ארץ־ישראל), וואָס איז ערשינען אין יאָהר 1819, אין וויען; ער האָט עס פערפאָלקאָמט, דערגענצט און אַרויסגעגעבען, אין צוויי טיילען, אונטער'ן נאָמען „ארץ קדומים", אין יאָהר 1839 (אין ווילנע). ווי ערנסט און געוויסענהאַפט ער האָט זיך פערהאַלטען צו דער אויפגאַבע, וועלכע ער האָט אויף זיך גענומען, בעווייזט שוין דער זעהר גרויסער רייסטער פון דער ליטעראַטור, וואָס ער האָט אויסגענוצט. די הוספות, אויסבעסערונגען און נייע אַנמערקונגען, וועלכע ער האָט דאָ אַריינגעבראַכט, זיינען אַזוי פיעלצאָהליג און בעדייטענד, דאָס זיין „ארץ קדומים" מוז גערעכענט ווערען פאַר אַ זעלבסטשטענדיג ווערק. קאַפּלאַן'ס טרייער פריינד מרדכי אהרן גינצבורג האָט צוגעגעבען צום „ארץ קדומים" אַן אויספיהרליכע איינלייטונג, וועלכע איז אָבגעדרוקט אין דעם ערשטען טייל, אינאיינעם מיט אַ גרויסען בריף (אין דייטשער שפּראַך) פון דעם ווילנער משכיל און צענזאָר וואָלף טוגענדהאָלד. אויך זיינע אַנדערע פריינד־משכילים, יצחק אייזיק בן־יעקב, דער בעוואוסטער מאַטעמאַטיקער אברהם יעקב שטערן און יעקב טוגענדהאָלד האָבען אין שירים און בריף בעגריסט דעם אַרויסגאַנג פון קאַפּלאַן'ס ווערק (זיי זיינען געבראַכט אינ'ם צווייטען טייל פון זיין בוך).

„ארץ קדומים" איז שוין זינט לאַנג געוואָרען אַ גרויסע ביבליאָגראַ־פישע זעלטענהייט. מיט עטליכע און דרייסיג יאָהר צוריק איז ביי קאַפּ־לאַן'ס יורשים ענטשטאַנען דער געדאַנק אָבצודרוקען אַ נייע אויסגאַבע (פון דעם פּלאַן איז גאָרנישט געוואָרען). דעם פערפאַסער'ס אייניקעל, דר. י. קאַפּלאַן, האָט זיך דאַן שריפטליך געווענדט צום בעוואוסטען פּע־טערבורגער אָריענטאַליסט פּראָפעסאָר ד. כוואָלסאָן מיט אַ בקשה אַרויס־צוזאָגען זיין מיינונג, צי „ארץ קדומים" פערמאָגט נאָך אַ ווערטה. דערויף האָט ער פון יענעם בעקומען דעם פאָלגענדען ענטפער, פון 24־טען יאַ־נואַר 1901:

„געעהרטער ה' דאָקטאָר! ביי אידען איז, צופעליג אָדער אין בע־

זונדערע ווערק, פיעל געשריבען געוואָרען וועגען פּאַלעסטינע, אָבער מייסטענס אָהן וויסענשאַפטליכען ווערטה און אונסיסטעמאַטיש. לעווינזאָן׳ס בוך איז דאָס ערשטע ווערק אין העברעאישער שפּראַך, וואו עס זיינען לויט׳ן אלף־בית געאָרדענט די געאָגראַפישע נעמען, וואָס ווערען דערמאָהנט אין תנ״ך, און די הוספות, וואָס אייער פערשטאָרבענער זיידע האָט צוגעגעבען, האָבען אַ ווערטה פאַר אידען, טיילווייז אויך פאַר קריסטען. דאָס בוך איז דערנאָך איבערגעשטיגען געוואָרען דורך שוואַרץ׳ס „תבואות הארץ״ (ערשינען אין יאָהר 1845) — אַ סיסטעמאַטישע געאָגראַפיע פון פּאַלעסטינע, וואו עס ווערען בענוצט די אַלטע רבנישע קוועלען. אייער זיידע האָט זיי אויך אויסגענוצט, אָבער ניט אַזוי פּאַלשטענדיג ווי שוואַרץ. דאָך אָבער האָט דאָס ווערק „ארץ קדומים״ אויך איצט ניט פערלאָרען זיין ווערטה און איז נאָך אַ ברויכבאַר אויסקונפט־בוך פאַר אידען. מיט אַכטונג און ערגעבענקייט ד. כוואָלסאָן״. — ניט אומזיסט האָט, אַלזאָ, פּראָפ. פירסט׳ס דייטש־אידישע צייטונג נאָך יעקב קאַפּלאַן׳ס טויט געשריבען, אַז „זיין נאָמען וועט פערבלייבען אין דער אידישער וויסענשאַפט״ [4].

די אויסגאַבע פון „ארץ קדומים״ האָט, פערברויכענדיג אַ היבש ביסעל געלד, שטאַרק פעראיינגט קאַפּלאַנ׳ען. אין פריהלינג 1840 איז ער אַוועקגעפאָהרען קיין קעניגסבערג, וואו ער האָט זיך בעפריינדעט מיט דעם דאָרטיגען אידישען געלעהרטען, דר. משה פריישטאַדט. געקומען אַהין איז ער מיט צוויי פּלענער, וועלכע האָבען, לויט זיין האָפנונג, געזאָלט פערבעסערן זיין מאַטעריעלע לאַגע. ערשטענס, האָט ער געוואָלט אַרויסלאָזען אַ נייע אויסגאַבע פון לוצאַטו׳ס משה חיים פּילאָזאָפישען ווערק „חוקר ומקובל״. דאָס בוך איז געווען פּובליקירט צום ערשטען מאָל אין שקלאָוו אין יאָהר 1785 און נאָך צוויי מאָל איבערגעדרוקט געוואָרען, אָבער די אַלע אויסגאַבען זיינען ניט געווען קיין פולע, אַ טייל פון דעם טעקסט האָט דאָ געפעהלט. יעקב קאַפּלאַנ׳ען איז געלונגען צו קריגען אין וואָלאָזשין אַ קאָפּיע פון לוצאַטו׳ס מאַנוסקריפּט. פון אָט דער קאָפּיע האָט ער טאַקע אינאיינעם מיט דר. פריישטאַדט׳ן פאַרעפענטליכט אין יאָהר 1840, אין קעניגסבערג, אַ נייע פאַלשטענדיגע אויסגאַבע פון „חוקר ומקובל״, וואו עס זיינען אַריין די אַכט קאַפּיטלען, וואָס האָבען געפעהלט אין די פריהערדיגע אויסגאַבען; דר. פריישטאַדט האָט אויך צוגעגעבען אַן איינלייטונג אין העברעאיש, לאַטייניש און דייטש [5].

---

[4]) „אָריענט״ 1841, נומ. 39.

[5]) איך האָב שוין פריהער אָנגעוויזען, אַז יעקב קאַפּלאַן האָט אין זיין ביבליאָטעק געהאַט אויך מאַנוסקריפּטען. אין דר. פריישטאַדט׳ס איינלייטונג ווערט דערמאָהנט נאָך אַן אַלטער כתב־יד, מיט׳ן נאָמען „קנאת ה׳ צבאות״, וואָס האָט זיך געפונען ביי קאַפּלאַנ׳ען און האָט געהאַט אַ שייכות צו דער געשיכטע פון קבלה.

נאָך מעהר האָפנונג האָט קאַפּלאַן געלעגט אויף דעם צווייטען פּלאַן: וועגען אַרויסלאָזען אַ ד י י ט ש ע איבערזעצונג פון זיין „ארץ קדומים“, וואו עס זאָלען מעהר אויסגענוצט ווערען די תלמודישע קוועלען. אין קעניגסבערג האָט ער זיך איינאַיינעם מיט דר. מ. פריישטאַדט אייפעריג גענומען צו דער אַרבייט. שוין אין אויגוסט 1840 האָט פריישטאַדט פערעפענטליכט, אין דייטשער שפּראַך, אַ פּראָספּעקט וועגען דער „אַלגעמיינער ביבלישער געאָגראַפיע“, וואָס ער גרייט זיך אַרויסצוגעבען אויפ׳ן גרונד פון קאַפּלאַן׳ס ווערק. דער פּראָספּעקט האָט ענטהאַלטען זעקס פּראָבע-אַרטיקלען און האָט, נאַטירליך, געהאַט דעם צוועק צו בעוואָרענען די אויסגאַבע מיט אַ געהעריגער צאָהל פּרענומעראַנטען, וואָס זאָל געבען די מעגליכקייט צו פערווירקליכען דעם פּלאַן [6]). דאָס דרוקען אַזאַ ווערק האָט געפאָדערט אַ סך געלד; אָבער ווי עס ווייזט אויס, זיינען אָנגעקומען צו-וועניג בעשטעלונגען, מען זאָל קאָנען צוטרעטען צו דער אויסגאַבע. דעם 25-טען פעברואַר 1841 האָט זיך דר. פריישטאַדט געווענדט פון קעניגסבערג צום רוסישען בילדונגס-מיניסטער אוואַראָוו׳ן מיט אַ בריף, צו וועלכען ער האָט צוגעלעגט עטליכע עקזעמפּלאַרען פון דעם פּראָספּעקט [7]). ער האָט אָנגעוויזען אויף די וויסענשאַפטליכע בעדייטונג פון דער פּראָיעקטירטער אויסגאַבע און אונטערשטרייכענדיג, אַז דער פערפאַסער פון דעם ווערק איז אַ רוסישער איד, געבעטען אוואַראָוו׳ן וועגען שטיצע. אָבער זיין בקשה האָט קיין ערפאָלג ניט געהאַט, און פון דעם פּלאַן איז גאַרנישט געוואָרען [8]).

די אָנגעטשרענגטע אַרבייט, מעהר ווי אַ יאָהר צייט, איבער דער אויסגאַבע פון „חוקר ומקובל“ און איבער דער דייטשער איבערזעצונג פון „ארץ קדומים“ האָט אָבגעשוואַכט יעקב קאַפּלאַן׳ס כחות. דערצו איז נאָך צוגעקומען די האַרבע ענטוישונג — די אונמעגליכקייט אָבצודרוקען, צוליעב געלד-מאַנגעל, זיין „אַלגעמיינע ביבלישע געאָגראַפיע“. דאָס איז פאַר איהם געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ. ער איז געוואָרען נערווען קראַנק. אַהיים איז קאַפּלאַן שוין ניט צוריק געקומען: דעם 15-טען יולי 1841 איז ער געשטאָרבען אין קעניגסבערג, בלויז 40 יאָהר אַלט [9]).

[6]) וועגען דעם פּראָספּעקט דערמאָהנט ל. צונץ אין זיין „געאָגראַפישע ליטעראַטור דער יודען“, נומ. 159 („געזאַמעלטע שריפטען“, ב. 1, ז. 265).
[7]) אַרכיוו פון בילדונגס-מיניסטעריום, ק. 1254, נומ. 80582.
[8]) מ. שטיינשניידער אין זיין „יודישע שריפטען צור געאָגראַפיע פּאַלעסטינאַ׳ס“ (אין לונץ׳ס „ירושלים“, 4, ז. 17) דערמאָהנט וועגען פריישטאַדט׳ס פּראָספּעקט און בעמערקט דערביי, אַז ווי ווייט ער ווייסט, איז דאָס בוך ניט ערשינען.
[9]) וועגען י. קאַפּלאַן׳ס טויט איז געווען געדרוקט אַ קאָרעספּאָנדענץ פון קעניגסבערג (פון 20-טען יולי) אין „אָריענט“ 1841, נומ. 39. אַז קאַפּלאַן איז געשטאָרבען פון אַ האַרבער נערווען-קראַנקהייט, דערצעהלט אויך זיין לאַנדסמאַן, י. מ. וואָהלמאַן אין זיינע נאָך ניט פערעפענטליכטע מעמואַרען, וואָס געפינען זיך ביי מיר.

נאָך יעקב קאַפּלאַנ׳ען איז געבליבען אַן אלמנה מיט זעקס זיהן, אָהן שום מיטלען. דאָס איינציגע, וואָס ער האָט זיי איבערגעלאָזט, איז געווען — זיין ביבליאָטעק. די אלמנה, ביילע, האָט געפילעוועט די איבערגעבלי־בענע ביכער און מאַנוסקריפּטען, און כאָטש זי האָט זיך שטאַרק גענויטיגט, האָט זי אין קיין פאַל זיי ניט געוואָלט פערקויפען. פון די זיהן איז דער סאַמע בעגאַבטער און אינטערעסאַנטער געווען דער עלטסטער, מ א י ר ק אַ פּ ל אַ ן (געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1821). דער פאָטער האָט ערנסט געזאָרגט וועגען זיין ערציהונג; אויסער העברעאיש, אין וועלכען מאיר איז געווען אַן אויסגעצייכענטער קענער, האָט ער אין דער־היים געלערענט דייטש, פויליש, רוסיש, געהאַט אויך אַ ידיעה אין לאַטייניש און פראַנצויזיש. אין דעם גאַנג פון זיין ווייטערדיגער בילדונג האָט, אַזוי ווי אַמאָל ביי זיין פאָטער, אַ געוויסע ראָלע געשפּיעלט די פויליש־פּריצישע מיטווירקונג. די פאַמעשטשיקעס־פּאָליאַקען, מיט וועלכע זיין זיידע און פאָטער האָבען געהאַט געשעפטליכע פערבינדונגען, האָבען זיך פעראינטער־רעסירט מיט דעם פעהיגען, פלייסיגען בחור. ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, איז אין סלוצק (מינסקער גוב.) געווען אַ גאַנץ גרויסע געמיינדע פּאָליאַקען־קאַלוויניסטען, צו וועלכער עס האָבען אָנגעהערט פיעל געבילדעטע פּריצים. די דאָרטיגע גימנאַזיע מיט דעם אינטערנאַט פאַר די שילער איז אויפגע־האַלטען געוואָרען דערהויפּט דורך די קאַלוויניסטען. צוויי פון זיי, די פּריצים דאָמאַנסקי׳ס, וועלכע האָבען געהאַט עסקים מיט קאַפּלאַנ׳ען, האָבען איהם פאָרגעלעגט זייער הילף, מען זאָל זיין זוהן אַהין אַרייננעהמען. דער פאָטער האָט גערן מסכים געווען, און אין יאָהר 1840 איז מאיר קאַפּלאַן אָנגעקומען אין סלוצקער גימנאַזיע, אין פערטען קלאַס. די מייסטע לעהרער זיינען דאָ געווען קאַלוויניסטען. עס איז אינטערעסאַנט צו בעמערקען, אַז איינער פון זיי, וואַנאָווסקי, האָט ביי מאיר׳ן גענומען שטונדען פון העב־רעאיש (דער קומענדיגער רוסישער קריעגס־מיניסטער וואַנאָווסקי האָט גע־שטאַמט פון דערזעלבער קאַלוויניסטישער פאַמיליע).

נאָך דעם מאַן׳ס טויט האָט זיך ביילע קאַפּלאַן מיט איהר הויזגעזינד אויפגעהאַלטען ביים שוועהר און ניט געהאַט קיין שום געלד־מיטלען אויף צו געבען בילדונג די אַנדערע קינדער. עס איז דעריבער בעשלאָסען גע־וואָרען, אַז מאיר זאָל פערלאָזען די סלוצקער גימנאַזיע און זיך פערנעהמען אין מינסק מיט געבען פּריוואַטע שטונדען, כדי צו פערגרינגערען דער מוּ־טער׳ס לאַגע און געבען די אינגערע ברידער די מעגליכקייט אָנצוקומען אין אַ שול. אין סוף יאָהר 1841 איז מאיר קאַפּלאַן צוריק געקומען אַהיים און איז געוואָרען אַ פּריוואַטער לעהרער. קיין גרויסע גליקען האָט מען מיט אַזאַ בעשעפטיגונג ניט געקאָנט כאַפּען: אַפילו אין רייכע הייזער האָט מען דאַן אין מינסק געצאָהלט בלויז צוויי־דריי רובעל מאָנאַטליך פאַר

זעקס שטונדען יעדע וואָך. דאָך איז דאָס געווען אַ געוויסע הילף פאַר דער מוטער מיט די אינגערע קינדער. גלייכצייטיג האָט מאיר זיך געגרייט צום עקזאַמען אויף אַנצוקומען אין אוניווערזיטעט. אין יאָהר 1844 איז ער מיט אַט דעם צוועק אַוועק קיין מאָסקווע; דאָ איז ער אָבער געוואָרען קראַנק און אַפילו ניט געקאָנט צוטרעטען צום עקזאַמען. איז ער אַוועק־געפאָהרען קיין קעניגסבערג און דאָ אָנגעקומען אויפ'ן מעדיצינישען פאַ־קולטעט. שפּעטער איז ער אַריבער אין בערלינער אוניווערזיטעט.

אין סוף יאָהר 1849 האָט מאיר קאַפּלאַן געענדיגט אין בערלין זיין שטודיום, געקראָגען דעם דאָקטאָר־דיפּלאָם און איז געקומען קיין פּעטער־בורג, כדי צו האַלטען דאָ עקזאַמען אויף צו מעגען פּראַקטיצירען אין רוס־לאַנד. פאַר זיין פאַמיליע, וואָס האָט די גאַנצע צייט געליטען נויט, איז דאָס געווען אַ גרויסע שמחה: עס האָט פאַר איהר אַ לויכט געטהאָן די מעג־ליכקייט פון אַ בעסער, גרינגער לעבען. די אַלע ליכטיגע האָפנונגען זיי־נען אָבער ניט מקוים געוואָרען. אין פּעטערבורג האָט ער זיך בעקענט מיט איינעם אַ יונגען דאָקטאָר ראָזען, וועלכער האָט דאָ גלייכצייטיג מיט איהם געהאַלטען עקזאַמען. קאַפּלאַן האָט איהם געגעבען דורכצולייענען זיין דיסערטאַציע, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון אויסלאַנד. האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ראָזען איז אַ געוויסענלאָזער מענש — ער האָט איהם די דיסערטאַציע ניט אומגעקעהרט און געוואָלט אַרויסגעבען פאַר זיין אייגען ווערק. און ווען קאַפּלאַן האָט גענומען פאָדערן צוריק זיין אַרבייט, האָט דער שענער נפש אָנגעהויבען איהם צו סטראַשען מיט מסירות. די צייט איז געווען זעהר אַן אונרוהיגע, נאָך די רעוואָלוציאָנערע געשעהע־נישען אין מערב־אייראָפּע. די רוסישע פּאָליציי האָט געהאַלטען אין איין זוכען אומעטום פערשווערונג, רעוואָלוציאָנערען, און ביים מינדעסטען פער־דאַכט פלעגט מען מענשען אַריינוואַרפען אין טורמע אָדער פערשיקען אין סיביר. מעגליך, אַז קאַפּלאַן איז אין די געשפּרעכען מיט ראָזענ'ען ניט געווען גענוג פאָרזיכטיג, איהם דערצעהלט איבעריגע זאַכען וועגען זיינע בעקאַנטשאַפטען און זיין לעבען אין אויסלאַנד. ווי די זאַך זאָל ניט האָבען געווען, אָבער דערהערענדיג יענעמס סטראַשונקעס, האָט ער פערשטאַנען, אַז ער שטעהט אין גרויס געפאַהר. ער האָט לאַנג ניט געטראַכט, אַלץ געוואָרפען און איז שטילערהייד אָהן אַ פּאַספּאָרט, אַנטלאָפען צוריק קיין אויסלאַנד.

אַ קורצע צייט נאָכדעם האָט די מוטער פון איהם בעקומען, פון האַמ־בורג, דעם פאָלגענדען קורצען בריף: „איך שיק דיר דעם לעצטען רענ־דעל, וואָס איך פערמאָג, און אַליין פאָהר איך אָב, אַלס שיף־דאָקטאָר פון דער קאָמפּאַניע „גאָדפרואַ" קיין סידניי, אויסטראַליע". קיין וויטערדיגע נאָכריכטען איז פון איהם ניט געווען. זיינע ברידער האָבען געמאַכט ווע־

גען איהם אַ שריפטליכע אַנפראַגע ביי דער געזעלשאַפט „גאָדפרוא" און פון איהר געקראָגען דעם ענטפער, אַז דאָקטאָר מ. קאַפּלאַן איז בשלום אָנגעקומען קיין סידניי און דאָרטען אויסגעשטיגען, און אַז מעהר קיין ידיעות וועגען איהם האָט זי ניט. די לעצטע שפור זיינע איז פערלאָרען געוואָרען. מען דאַרף דערביי נעהמען אין בעטראַכט, וואָס אַזוינס עס האָט מיט מעהר ווי 80 יאָהר צוריק בעטייט פאַר אידען אין ליטע, אַז עמיצער האָט זיך אַ לאָז געטהאָן אַזש קיין אויסטראַליע! מען האָט מאיר'ן געהאַלטען פאַר אַ פערפאַלענעם, בעוויינט און שיער ניט „שבעה" נאָך איהם געזעסען.

אויף גאַנצע צוועלף יאָהר איז ער פון דער פאַמיליע פערשוואונדען געוואָרען. און פלוצלונג, אין יאָהר 1862 האָט די מוטער פון איהם געקראָגען אַ בריוועלע פון לימע (די הויפּט־שטאָדט פון פּערו, אין דרום־אַמעריקע). מכח זיך אַליין האָט ער דאָ גאָרנישט געשריבען, נור נאָכגעפרעגט זיך, וואָס זי און די ברידער מאַכען. עס איז צווישען איהם און דער פאַמיליע ענטשטאַנען אַ קאָרעספּאָנדענץ — אמת, ניט קיין אָפטע; ביי דער גרויסער וויטקייט און ביי די דעמאָלטיגע פּאָסט־פערבינדונגען האָט מען זיך געקאָנט דורכשרייבען בלויז 4 מאָל אַ יאָהר. די מוטער האָט אין איהרע בריף איהם כסדר געבעטען, ער זאָל קומען ערגיץ־וואו אין איראָפּע, וואו מען זאָל קאָנען זעהן זיך. (קיין רוסלאַנד האָט ער לויט'ן געזעץ ניט געטאָרט אומקעהרען זיך, ווייל ער איז אַוועק אָהן אַ פּאַספּאָרט און אָבגעווען אין אויסלאַנד אַזאַ לאַנגע צייט). ענדליך האָט מאיר קאַפּלאַן דערויף איינגעשטמיט. אין יאָהר 1864 איז ער געקומען קיין קעניגסבערג. די מוטער מיט איינעם פון איהרע זיהן איז אַהין אַרויסגעפאָהרען; מען האָט זיך דאָ געטראָפען און איינאיינעם פערבראַכט אַ פּאָר וואָכען. די שמחה איז, נאַטירליך, געווען גרויס. וועגען זיך אַליין האָט מאיר ווייניג וואָס דערצעהלט. מען האָט זיך פון איהם נור דערוואוסט, אַז די מעדיצין האָט ער אַוועקגעוואָרפען, ער האָט פיעל גערייזט און אַז ער פערנעהמט זיך אין לימע מיט פּעדאַגאָגישער אַרבייט. לויט דער מוטער'ס בקשה האָט ער בעשלאָסען צו פערבלייבען אין איראָפּע, מען זאָל זיך כאָטש ווען עס איז קאָנען זעהן. צוגעוועהנט צום הייסען עקוואַטאָר־קלימאַט, האָט ער זיך אין איראָפּע געפיהלט ניט גוט — עס איז איהם אומעטום געווען צו־קיהל, און ער האָט אָפט געביטען זיין וואוינאָרט: דאָ געלעבט אין פּאַריז, דאָ אין באַיאָן אָדער האַמבורג, דאָ אין שפּאַניע; אַפילו אין מאַדריד איז פאַר איהם געווען צו ווענינ וואַרים.

אין יאָהר 1870 זיינען איינער פון זיינע ברידער, דר. פ. קאַפּלאַן און זיין שוועגערין מיט איהר קליינעם זוהן אַרויסגעפאָהרען צו איהם קיין בערלין, וואוהין ער איז געקומען פון האַמבורג. „איך בין דאַן אַלט געווען בלויז צוועלף יאָהר, — שרייבט דער פּלימעניק אין זיינע עראינערונגען

ווענען אָט דער בעגעגעניש אין בערלין, — אָבער ניט נור איך, נור אַפּילו די דערוואַקסענע האָבען ניט געקאָנט קלאָר ווערען אין דעם פעטער'ס לעבען, אין זיין פערזענליכקייט. פאַר אונז איז ער געווען אַ רעטעניש. ביכער, ביבליאָטעקען, שפּראַך־פאָרשונג — אָט ווענען וואָס ער פלעגט עפּטער ווי אַלץ דערמאָהנען אין די געשפּרעכען. בכלל האָט ער ניט ליעב געהאַט צו ריידען וועגען זיך. איך דערמאָהן זיך, איינמאָל האָט ער מיך מיטגענומען צו עפּיס אַן אַלטען מאַן, אַ גראָהען אידען, וועלכער האָט אונז פריינדליך אויפגענומען ביי זיך אין קאַבינעט, וואָס איז געווען פול מיט ביכער (אפשר איז דאָס געווען דער באַרימטער אידישער געלעהרטער דר. ל. צונץ?). און ווען מיין מוטער און איך פלעגען געהן בעקוקען די שטאָדט, איז ער געזעסען אין איינער פון די בערלינער ביבליאָטעקען".

אין בערלין האָבען די קרובים ביי איהם גע'פּועל'ט, אַז ער זאָל פּרו־ווען אויססווירקען אַן ערלויבניש אויף אומצוקעהרען זיך קיין רוסלאַנד. אין יאַנואַר 1871 האָט מאיר קאַפּלאַן טאַקע דערלאַנגט, פון האַמבורג, אַ בקשה ווענען דעם אויף דעם קייזער'ס נאָמען[10]). דאָס אינערן־מיניסטע־ריום און דאָס מיניסטעריום פון אויסערליכע ענינים האָבען דורך זייערע אַגענטען צונויפגעקליבען אויסקונפטען וועגען איהם און זיין אויפפיהר אין אויסלאַנד, און אַזוי ווי עס האָט זיך ניט אַרויסגעוויזען קיין זאַך, וואָס זאָל איהם פּאָליטיש קאָמפּראָמיטירען, האָבען זיי ניט געהאַט גאָרנישט געגען זיין בקשה. די „דריטע אָבטיילונג" האָט צוגעשטעלט די זאַך אויף דעם קייזער'ס בעוויליגונג, און דעם 19־טען מאַי 1871 האָט אַלעקסאַנדער דער צווייטער ערלויבט קאַפּלאַנ'ען ווידער צו בעזעצען זיך אין רוסלאַנד. אין יאָהר 1872 איז מאיר צוריק געקומען קיין מינסק. מיטגעבראַכט האָט ער נור ביכער, וואו כמעט אַלע ראַנדען זיינען געווען בעדעקט מיט זיינע אַנמערקונגען. פערבליבען אין מינסק איז ער אָבער נישט לאַנג. דער קלימאַט איז דאָ פאַר איהם געווען צו האַרב. אָבלעבענדיג מעהר ווי אַ פערטיל יאָהרהונדערט אין אויסלאַנד, האָט ער זיך אויך בשום אופן ניט געקאָנט ווידער צוגעוועהנען צו די רוסישע פאַראַנדקעס. ער האָט זיך געפיהלט אין מינסק עלענד, ניט געקאָנט דאָ קריגען יענע ביכער, וואָס זיינען איהם געווען נויטיג. און געענדיגט האָט זיך מיט דעם, אַז אין גיכען האָט ער זיך פלוצלונג, ניט זאָגענדיג די קרובים קיין וואָרט, שטילערהייד אָהן אַ פּאַספּאָרט אַרויסגע'גנב'עט צוריק קיין אויסלאַנד. אויפגעהאַלטען האָט ער זיך דערנאָך אין שפּאַניע, אין דרום־פראַנקרייך, איין צייט אין פּאַריז, אויך אין בעלגיע. זיינע לעצטע יאָהרען האָט ער פערבראַכט אין אַלזשיר, וואו ער איז געווען אינספּעקטאָר איבער די דאָרטיגע שולען פון

[10]) אַרכיוו פון דער „דריטער אָבטיילונג", 4-טע עקספּ. 1871—נומ. 99.

דער „אַליאַנס איזראַעליט״ (די געזעלשאַפט „כל ישראל חברים״). דאָ איז ער געשטאָרבען אין יאָהר 1881, אין עלטער פון זעכציג יאָהר. זיין ביבליאָטעק, אין וועלכער עס זיינען געווען אויך פיעל מאַנוסקריפּטען, האָט ער פאַר׳ן טויט אָבגעשריבען דעם ראַבינער־אינסטיטוט אין ברעסלוי.

איינזאַם, אין וואָגעלניש איז פאַריבער מאיר קאַפּלאַן׳ס לעבען. צווישען אונזערע משכילים פון אַמאָליגע דורות זיינען געווען ניט ווייניג מענשען, וואָס פלעגען אַרומוואַנדערן פון איין אָרט אין אַנדערען. די דאָרשט נאָך בילדונג און די דריקענדע אַרומיגע אַטמאָספערע האָבען געטריבען פון דער ווייסטער, פינסטערער היים, געשטויסען צו זוכען ערגיץ־וואו אַ פריי לעבען. אָבגעריכט גלות האָבען ברוך שקלאָווער, מענדיל לעפין, יצחק סאַטאַנאָווער, שלמה דובנאָ, ישראל פיימער און נאָך פיעל אַנדערע. אָבער ביי קיינעם האָט די וואַנדער־לוסט ניט דערגרייכט אַזאַ גראַד, ווי ביי מאיר קאַפּלאַן. עס האָט איהם ווי געטריבען פון לאַנד צו לאַנד, פון שטאָדט צו שטאָדט, ער האָט ערגיץ ניט געקאָנט איינזיצען אַ לענגערע צייט. אויסטראַליע, פּערו, מעקסיקאָ, אינדיע, קאַליפאָרניע, שפּאַניע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, בעלגיע — אומעטום איז ער, דער עכטער „גלאָב טראָטער״ אויסגעווען און אין ערגיץ ניט געקאָנט איינוואָרצלען זיך. און צוליעב אָט דער וואָגעלניש, וואָס איז געלעגען אין זיין נאַטור, האָט ער — אַ מענש מיט גרויסער, פּיעלזייטיגער בילדונג וואָס האָט גרינדליך געקענט ניין שפּראַכען — אַזוי ווייניג זיך אַרויסגעוויזען אויף דעם וויסענשאַפטליכען געביט, כאָטש ער איז שטענדיג געווען פערטהאַן אין שטודיום און ביכער. געשריבען האָט ער דערהויפּט אויף שפּאַניש, אָבגעדרוקט אַ גרויס בוך וועגען פּערו, פערעפענטליכט פון אַלטע מאַנוסקריפּטען אַ רעליגיעז־פילאָזאָפיש ווערק פון דעם ספרדישען רב יצחק אקאָסטא, וואָס האָט אין 17־טען יאָהרהונדערט געלעבט אין פראַנקרייך (באַיאָן, 1874), און דאָס אַנאָנימע אַפּאָלאָגעטישע ווערק „דניאלילאָ״ (בריוסעל, 1868). י. מ. וואָהלמאַן האָט אין זיין זאַמעלבוך „הכוכבים״ אָבגעדרוקט קאַפּלאַן׳ס עטליכע העברעאישע שירים [11]). און דאָס איז די גאַנצע ליטעראַריש־וויסענשאַפטליכע ירושה, וואָס עס איז פערבליבען פון דעם זעלטען בעגאַבטען און געבילדעטען מענש.

זיינע מאַטעריעלע בעדערפענישען, זיינע פאָדערונגען צום לעבען זיינען געווען אויסערסט בעגרעניצט, און דאָס האָט איהם געגעבען די מעג־

[11]) „הכוכבים״, ז. 109—110 (ווילנע, 1865). י. מ. וואָהלמאַן רופט דאָ קאַפּלאַנ׳ען: „הארי שבחבורה״; דאָס בעווייזט, ווי הויך די מינסקער משכילים האָבען איהם געשעצט. וועגען דעם מאַנוסקריפּט „דניאלילאָ״, וואָס מ. קאַפּלאַן האָט פּובליקירט, ווערט דערמאָהנט אין דער רוסיש־אידישער ענציקלאָפּעדיע, ב. 6, ז. 933.

ליכקייט אומעטום איינצואָרדנען זיך אויף אַ געוויסע צייט — אין סידניי אַזוי ווי אין פּאַריז, אין לימע פּונקט ווי אין מאַדריד, באַיאָן אָדער בריוסעל. שטענדיג פערטיעפט אין זיך אַליין אָדער אין ביכער, איז ער בכלל געווען שווייגזאַם, און בעזונדערס קאַרג אויף ווערטער איז ער געווען דאָרטען, וואו עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען איהם אַליין. אונגעוועהנליך בעשיי־דען, האָט ער אויסגעווייכט אַלץ, וואָס האָט אין מינדעסטען גראַד געשמעקט מיט בעריהמטריי. נור צופעליג האָבען זיך זיינע קרובים, למשל, דער־וואוסט, אַז מען האָט איהם פאָרגעלעגט אַ פּראָפעסאָר־שטעל אין פּאַריז, אַז ער פיהרט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט יצחק קרעמיע און מיט פיעל בע־וואוסטע אידישע געלעהרטע און טהוער, אַז ער שטעהט אין פערבינדונג מיט „כל ישראל חברים”, א. ד. גל.

אַן אינדיווידואַליסט אין העכסטען זין פון דעם וואָרט, האָט ער טייע־רער ווי אַלץ געשעצט זיין אינערליכע פרייהייט, אונאבהענגיקייט, ניט גע־וואָלט נעהמען אויף זיך קיין שום פליכטען, וואָס וואָלטען איהם געקאָנט בינדען. דעריבער האָט ער ניט חתונה געהאַט; אפילו פון דער פּראָפע־סאָר־שטעל אין פּאַריז, וואָס מען האָט איהם פאָרגעלעגט, האָט ער זיך אָבגעזאָגט, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז זי וועט אפשר בעגרעניצען זיין וויסענשאַפטליכע זעלבסטשטענדיגקייט. און נור אויף דער עלטער, אַ מיעדער און מיטעללאָזער, איז ער איינגעגאַנגען אויף דעם פאָרשלאַג פון „כל ישראל חברים” און גענומען אויף זיך די אינספּעקטאָר־שטעל אין אַלזשיר. אַ כאַראַקטעריסטישער פאַקט: איינמאָל איז קאַפּלאַן אין דייטש־לאַנד געקומען ערגיץ אין אַ שטאָדט און פערפאָהרען אין אַ האָטעל. מען האָט איהם דאָ, אויף צו צושטעלען אין פּאָליציי, דערלאַנגט אַ צעטעל, וואו ער האָט געזאָלט פערצייכענען פערשידענע ידיעות וועגען זיך, און צווישען אַנדערע אויסקונפטען — אויך וועגען זיין גלויבען. דער לעצטער פונקט האָט איהם אַזוי אויפגעבראַכט, דאָס ער איז גלייך, אָהן שום ערקלע־רונגען, אַוועקגעפאָהרען פון שטאָדט. אָבהיטענדיג אייפעריג זיין אינווויי־ניגסטע פרייהייט, איז אָבער קאַפּלאַן גלייכצייטיג געווען רעליגיעז; און ווען ער האָט אין יאָהר 1877 בעקומען די ידיעה וועגען זיין מוטער׳ס טויט, איז ער פון שפּאַניע, וואו עס איז קיין שוהלען ניט געווען, תיכף אַריבערגעפאָהרען קיין מאָנפעליע, כדי צו קאָנען זאָגען נאָך איהר „קדיש”.

אונטערפיהרענדיג די אונטערשטע שורה, בלייבט צו זאָגען: דאָס איז געווען אַן אָריגינעלע, איינזאַמע, רעטזעלהאַפטע פערזענליכקייט. ביי אַנדערע, גינסטיגע בעדינגונגען, האָבענדיג אונטער די פיס אַ פעסטען באָדען, וואָלט מאיר קאַפּלאַן געוויס איבערגעלאָזט נאָך זיך פיעל טיפערע און מעהר קענטיגע שפּורען.

## III.

דאָס געזעץ פון יאָהר 1804, דורך וועלכען עס איז אין דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטען רעגולירט געוואָרען די רעכטליכע לאַגע פון דער אידישער בעפעלקערונג אין די געגענדען, וואָס זענען אַריבער פון פוילען צו רוסלאַנד, האָט צוגעלאָזט אידען אין די אַלגעמיינע רעגירונגס־שולען. דיזעלבע בעשטימונג האָט אין זיך ענטהאַלטען דער נייער „סטאַטוט וועגען אידען״, וועלכען עס האָט אין יאָהר 1835 אַרויסגעגעבען ניקאָלאַי דער ערשטער. אויך דאָ איז ערקלערט געוואָרען, אַז אידען מעגען, גלייך מיט קריסטען, פריי אַנקומען אין אַלע לעהר־אַנשטאַלטען. אָבער די צאָהל אידישע קינדער אין די אַלגעמיינע שולען איז דאָך געווען זעהר ווינציג. לויט אָפיציעלע ידיעות, האָבען אַלע מיטעלע און נידריגע שולען אין רוסלאַנד אין יאָהר 1840 פערמאָגט 80,017 שילער, און צווישען זיי זיינען אידען געווען בלויז 48. אין גאַנץ מינסקער גובערניע האָבען זיך דאַן אין די אַלגעמיינע שולען געלערענט נור זיבען אידען [1]. און פון אָט דער צאָהל זענען כמעט אַ העלפט (דריי) געווען זיהן פון יעקב קאַפּלאַן, דעם פערפאַסער פון „ארץ קדומים״. מיט דעם עלטערען, מאיר׳ן, און זיין רעטזעלהאַפטער לעבענס־געשיכטע האָבען מיר זיך שוין בעקענט. די אַנדערע צוויי שילער זיינען געווען די פאָלגענדע ברידער — פעבוס (פייוועל) און אבא.

פ ע ב ו ס  ק אַ פּ ל אַ ן איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1827. ביז בר־מצוה האָט ער זיך געלערענט ביי מלמדים און אין דער־היים, און אין יאָהר 1840 איז ער אַנגעקומען אין מינסקער גימנאַזיע. שוין פון דריטען קלאַס אָן האָט ער געמוזט געבען פּריוואַטע שטונדען, כדי אַרויסצוהעלפען דער מוטער און די אינגערע ברידער. אַדאַנק פעבוס׳ן האָט אויך זיין ברודער אבא געקאָנט אַריינטרעטען אין גימנאַזיע. צווישען אידען אין מינסק זענען בעלנים אויף לעהרער דאַן געווען זעהר ווייניג, האָט פעבוס געגעבען שטונדען אין פוילישע הייזער. געצאָהלט האָט מען פאַר לעהרעריי זעהר קאַרג. האָט ער געמוזט אַנקלייבען וואָס מעהר שילער. פון זעקס דעם זייגער אין דער־פריה האָט דער יונגער ברויטגעבער שוין געהאָרעוועט, כדי אַריינצוכאַפּען אַ פּאָר שטונדען, נאָך איידער די לעקציעס אין גימנאַזיע האָבען זיך אָנגעהויבען; און אומקעהרענדיג זיך פון דאָרטען, פלעגט ער דערנאָך ביז שפּעט אין דער נאַכט ווידער בעשעפטיגען זיך מיט לעהרעריי. אַזוי האָט ער, שווער האָרעוועדיג און שפּייזענדיג זיין פאַמיליע, אין יאָהר 1847 געענדיגט די מינסקער גימנאַזיע.

[1]) א. בעלעצקי, „די פראַגע וועגען דער בילדונג פון די רוסישע אידען אין דער צייט פון ניקאָלאַי דעם ערשטען״ (אין רוסיש), פעטערבורג, 1894, ז. 18.

וועגען אָנקומען גלייך אין אוניווערזיטעט האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין; עס האָבען איהם געפעהלט געלד-מיטלען. ער האָט געמוזט פערבלייבען אין מינסק און וויטער געבען שטונדען. מייסטענס האָט ער געאַרבייט אַלס הויז-לעהרער ביי פערשידענע פּריצים, אין זייערע מאַיאָנטקעס, און ער האָט צווישען זיי ערוואָרבען פיעל פריינד. ערשט אין דריי יאָהר אַרום האָט ער געקראָגען די מעגליכקייט פאָרטצוזעצען זיין שטודיום, און איז אָנגעקומען אין קיעווער אוניווערזיטעט, אויפ'ן מעדיצינישען פאַקולטעט. די פּוילישע פּריצים, ביי וועלכע ער פלעגט געבען שטונדען, האָבען פאַר זיין אַוועקפאָהר פון מינסק אַרויסגעוויזען אַן אמת-ריהרענדע בעציהונג צו איהם: די איינע האָבען איהם געגעבען עטוואָס געלד, די אַנדערע האָבען איהם בעזאָרגט מיט קליידער אָדער וועש, די דריטע האָבען איהם מיטגעגעבען שפּייז-פּראָדוקטען; און אויך אין קיעוו פלעגען זיי פון צייט צו צייט איהם צושיקען עטליכע קערבלעך. „אויב איך האָב געקאָנט ענדיגען אוניווערזיטעט", — שרייבט קאַפּלאַן אין זיינע נאָך ניט געדרוקטע עראינערונגען, — „האָב איך דאָס געהאַט צו פערדאַנקען אויסשליסליך זיך אַליין און דער הילף פון מיינע פּוילישע בעקאַנטע, ניט פון אידען. דער איינציגער איד, וועלכער האָט זיך פעראינטערעסירט מיט מיין לאַגע, איז געווען דער קיעווער פּאָדריאַטשיק רייך; דערוויסענדיג זיך, אַז מיין פאָטער איז געווען דער פערשטאָרבענער יעקב קאַפּלאַן, דער מחבר פון „ארץ קדומים", האָט ער מיר אין אַ שווערער מינוט אַרויסגעהאָלפען". אין קיעוו האָט דער אָרימער סטודענט זיך שטאַרק געמאַטערט, אָפט געהונגערט; אין פערלויף פון די גאַנצע פינף יאָהר האָט ער געהאַט נור איין מאָל די מעגליכקייט צו קומען קיין מינסק זעהן זיך מיט זיינע קרובים.

אין יאָהר 1855 האָט פ. קאַפּלאַן בעקומען דעם דאָקטאָר-דיפּלאָם און זיך אָבגעזעגענט מיט קיעוו. גראָד אין יענער צייט האָט מען אין רוסלאַנד אָנגעהויבען גרינגער אָנצונעהמען אידישע דאָקטוירים אויף קרוינישע אַמטען. אין יאָהר 1857 האָט ער בעקומען די שטעל פון אַ דיסטריקט-דאָקטאָר אין אָסטיאָר (טשערניגאָווער גובערניע). דאָ האָט ער אָבגעדיענט צוועלף יאָהר, און דערנאָך איז ער, אין יאָהר 1869, אַריבערגעפיהרט געוואָרען אויף דעמזעלבען אַמט קיין מינסק. אויף אָט דער שטעל איז ער אָבגעווען גאַנצע פיער-און-צוואַנציג יאָהר, ביז ער איז אין 1893 אַוועק פון קרוינישען דיענסט. אי די אַדמיניסטראַציע, אי די אָרטיגע דאָקטוירים האָבען הויך געשעצט דעם אַלטען דאָקטאָר קאַפּלאַן פאַר זיין פליכט-טריי-הייט און פאַר זיין שטענדיג קאָרעקטע, חבר'שע בעציהונג צו די קאָלעגען. כמעט אַ פערטיל יאָהרהונדערט לאַנג איז ער, אַלס דיסטריקט-דאָקטאָר, געזעסען ביי אַלע „נאַבאָרען" אין מינסק, און זיין נאָמען איז אַפילו אַריין אין אַ פאָלקס-ליעד, דאָס בעוואוסטע פּאָפּולערע ליעד וועגען מיליטער-

דיענסט, וואָס פלעגט אַמאָל צירקולירען אין אַלע אידישע שטעדט, האָט אין מינסק געהאַט אַ בעזונדער וואַריאַנט, וואו עס האָט פיגורירט קאַפּ־לאַן׳ס נאָמען:

שטעלט מען מיך אַרונטער
אונטער דער מאָס, —
זאָגט דער דאָקטאָר קאַפּלאַן:
„סאָלדאַט כאָראָש!"
אָי וועה, אָי וועה
איז צו מיר גאָר,

וואָס איך בין שוין אַלט געוואָרען
איין-און-צוואַנציג יאָהר.
אָי וועה, אָי וועה
איז צו מיין וועלט,
וואָס איך דאַרף דעם קייזער דיענען
פיער יאָהר אָהן געלד! [2]).

ביים סוף לעבען איז קאַפּלאַנ׳ען בעשערט געוועזן אַ שרעקליך אונ־גליק: זיין איינציג קינד, יעקב קאַפּלאַן, זעהר אַ בעגאַבטער פּסיכיאַטער, וועלכער האָט נאָך אַלס יונגער מענש פערנומען די שטעל פון הויפּט־דאָקטאָר אין אַ גרויסען דול־הויז אין אופאַ, איז דאָ דער׳הרג׳עט געוואָרען אין יאָהר 1907 דורך איינעם פון זיינע פּאַציענטען־משוגעים. געשטאָרבען איז פעבוס קאַפּלאַן אין יאָהר 1912 אין מינסק.

דער אַמאָליגער 25-יאָהריגער מיליטער־דיענסט, די ניקאָלאַיעווער רע־קרוטשינע האָט זיך געלאָזט פיהלען דער פאַמיליע קאַפּלאַן. כל־זמן דער זיידע, שלמה, ביי וועלכען עס האָט זיך אויפגעהאַלטען די אלמנהביילע מיט איהרע קינדער, האָט געצאָהלט סוחרישע גילדיע, זיינען די אייניקלעך לויט׳ן געזעץ געווען פריי פון דיענסט. נאָך דעם זיידען׳ס טויט איז אָט די פּריווילעגיע ממילא פאַר זיי בטל געוואָרען. אין די לעצטע יאָהרען פון ניקאָלאַי דעם ערשטענס הערשאַפט זיינען די רעקרוטסקע „נאַבאָרען" פון אידען געווען זעהר אָפט און האַרב. קהל האָט געמוזט אָנשטרענגען אַלע כחות, כדי צו ליפערן די געהעריגע צאָהל רעקרוטען. האָבען זיך די מינסקער קהלס־לייט אין יאָהר 1852 גענומען צו ביילע קאַפּלאַן, וואָס האָט פערמאָגט זעקס זיהן. מאיר איז שוין דאַן געווען אין אויסלאַנד, פעבוס—אין קיעווער אוניווערזיטעט; זיי האָט מען אַלזאָ ניט געקאָנט אָבגעבען. אַ דריטען ברודער, פּרץ׳ן, האָט אַ בעקאַנטער פּוילישער פּריץ בעהאַלטען פון דער רעקרוטשינע ביי זיך אין וואַלד; האָבען די „כאַ־פּערס" אַרעסטירט די צוויי אַנדערע ברידער, שמואל׳ן און אברהם־יוסף׳ן, און זיי אַריינגעזעצט ביז׳ן „פּריאָם" אין טורמע, וואו מען פלעגט געוועהנ־ליך האַלטען די קאַנדידאַטען אויף אָבגעגעבען ווערען אין דיענסט. שמואל איז אָבער דאַן געווען אַ שילער פון ווילנער ראַבינער־שול, האָט דער די־רעקטאָר זיך פאַר איהם אָנגענומען און בעשטאַנען, מען זאָל איהם בע־פרייען. מיט אברהם־יוסף׳ן איז געווען ערגער, איבער איהם איז טאַקע געהאַנגען דער חלף.

[2]) זעה ש. גינזבורג און פּ. מאַרעק, „אידישע פאָלקס־ליעדער אין רוס־לאַנד", נומ. 335-336.

האָבען עטליכע נאָהענטע פריינד, כאָטש זיי אַליין זיינען ניט געווען קיין גבירים, זיך צונויפגעלעגט און געשאַפען עטוואָס געלד אויף צו דינ־גען אַן „אָכאָטניק", וואָס זאָל זיך שטעלען אַנשטאָט איהם צום דיענסט. אָבער די סומע, וואָס זיי האָבען געקאָנט צונויפפעקלען, איז ניט געווען גענוגענד, עס האָט נאָך געפעהלט דרייסיג רובעל. כדי צו ראַטעווען איהר קינד, האָט די אלמנהביילע קאַפּלאַן זיך ענטשלאָסען אויף אַזאַ זאַך, וואָס זי האָט פריהער, אַפילו ביי די ערגסטע אומשטענדען, קיינמאָל ניט געקאָנט ביי זיך פועל'ן: זי האָט ביי דעם רייכען מינסקער וואָכערניק ר' משה געליהען 30 רובעל און אַלס משכון איהם אָבגעגעבען דעם מאַן'ס ביבליאָ־טעק, וואָס זי האָט גאַנצע עלף יאָהר געפּילעוועט, ווי אַ הייליגטום. גע־פינען אַן „אָכאָטניק" איז אָבער ניט געווען גרינג. די צייט האָט זיך גע־רוקט, דער טאָג פון „פּריאָם" איז שוין געווען נאָהענט, און אברהם־יוסף קאַפּלאַן, וועלכען מען האָט נאָך אַלץ געהאַלטען אין טורמע, איז געשטאַנען אין געפאַהר, מען זאָל איהם אָבגעבען, נאָך איידער עס וועט זיך אויפזוכען אַן „אָכאָטניק". האָבען דריי חברים זיינע, בראַווע יונגען, בעשלאָסען איהם צו ראַטעווען: זיי האָבען איהם געגעבען צו וויסען, ער זאָל אין אַ בע־שטימטער שעה ביי־נאַכט זיך אַרויס'גנב'ענען אויפ'ן הויף און צוגעהן צום פּאַרקען פון דער טורמע, אין אַן אָבגערעדטען אָרט. דאָס איז איהם גע־לונגען. פון דער אַנדער זייט האָבען שוין געוואַרט זיינע חברים. זיי האָבען פונאַנדערגענומען דעם פּאַרקען און אַוועקגעפיהרט אברהם־יוסף'ן. אויפ'ן אַנדערען טאָג איז ער, אַן איבערגעקליידטער אין פויערשע בגדים, אַנטלאָפען קיין ווילנע. די דאָרטיגע משכילים, די פריינד פון זיין פער־שטאָרבענעם פאָטער, האָבען איהם געגעבען אַ מעגליכקייט צו בעהאַלטען זיך אין ווילנע, ביז מען האָט געקראָגען און צוגעשטעלט דעם „אָכאָטניק". ערשט דאַן האָט זיך אברהם־יוסף צוריק אומגעקעהרט קיין מינסק.

דער וואָכערניק ר' משה, ביי וועמען ביילע קאַפּלאַן האָט געליהען די 30 רובעל, איז געווען אַ פרומער איד, מיט פערגלאָצטע אויגען. די לאַנגע ציצית פון זיין טלית־קטן פלעגען זיך ביי איהם שטענדיג שלעפּען איבער דער פּאָדלאָגע. ביי זיך אין דער־היים פלעגט ער מייסטענס, אַן איינגעוויקעלטער אין אַ טלית, זיצען נעבען אַ שטענדער מיט אַ ספר. די גרויסע גאָטס־פאָרכטיגקייט האָט איהם אָבער ניט געשטערט צו צאַפּען בלוטיגע פּראָצענטען פון יענע, וואָס האָבען געמוזט צו איהם אָנקומען. דעם מאַן'ס ביבליאָטעק האָט ביילע שוין צוריק ניט געקראָגען: זי האָט אויף אַ פּאָר טעג פערשפּעטיגט צו ברייגען די דרייסיג רובעל, האָט דער פרומער פּראָצענטניק געפונען פאַר רעכט צו צונעהמען זיך די ביכער — דאָס איינציגע, וואָס דער אָרימער אלמנה מיט איהרע יתומים איז געבליבען פון דעם מאַן. ווען דער וואָכערניק איז געשטאָרבען, האָבען די יורשים

אויף זיין מצבה געמאַכט די אויפשריפט: „משה עלה למרום”. איינער אַ וויצלינג האָט דאָס איבערזעצט אַזוי: „קעקע (אַ בעוואוסטער גנב אין מינסק) איז געקראָכען אויפ׳ן בוידעם”...

מיט׳ן פערלוסט פון דער ביבליאָטעק איז די משפחה קאַפּלאַן נאָך ניט יוצא געוועזן. אין צוזאַמענהאַנג מיט׳ן געפאַהר פון רעקרוטשינע, האָט זי דאַן צום ערשטען מאָל דערשפירט אויף דעם טעם פון שמד. כדי צו ראַטעווען זיך פון דעם ניקאָלאַיעווער מיליטער־דינסט, האָטביילע׳ס זוהן אבא זיך געטויפט און פערוואַנדעלט געוואָרען אין „פיאָדאָר”. פאַר דער מוטער איז דאָס געווען אַ שוידערליכער קלאַפּ. בלייבען אויף ווייטער אין מינסק איז פאַר איהם געווען אונמעגליך, איז ער אַוועק קיין אָדעס. זיינע קינדער זיינען שוין געווען געבוירענע קריסטען.

---

אין יאָהר 1853 האָט די אלמנה ביילע קאַפּלאַן געטהאָן אַ שידוך מיט איהר פערשטאָרבענעם מאַן׳ס פריינד, דעם מינסקער משכיל יהודה־ליב לעוואַנדע. איהר זוהן אברהם־יוסף, נאָכדעם ווי ער האָט זיך געראַטעוועט פון דער רעקרוטשינע, האָט חתונה געהאַט מיט לעוואַנדע׳ס איינציגער טאָכטער לאה. ליב לעוואַנדע, וועגען וועלכען מיר ריידען דאָ, דאַרף מען אונטערשיידען פון דעם בעוואוסטען רוסיש־אידישען שריפט־שטעלער ליב לעוואַנדע (1835—1888), וואָס האָט אויך געשטאַמט פון מינסק. אונזער לעוואַנדע איז געווען דעם שריפטשטעלער׳ס אַן עלטערער קרוב, אויך זיין לעהרער. געבוירען געוואָרען איז ער אין יאָהר 1813. זיין פאָטער, גרשון לעוואַנדע, האָט פערמאָגט אַ הויז אין מינסק און, אַזוי ווי יעקב קאַפּלאַן׳ס פאָטער, געהאַט געשעפטליכע פערבינדונגען מיט פּויליש־ע פּריצים. דאָס האָט געבראַכט צו דעם, אַז ער האָט ניט שלעכט גע־קענט פּויליש און גאָרנישט געהאַט געגען דעם, אַז זיינע קינדער זאָלען בעקומען בילדונג. אַ געוויסע ווירקונג אויף זיי האָט געהאַט אויך דער אומשטאַנד, וואָס אינ׳ם שכנישען הויז איז געווען די גימנאַזיע. די הויפען זיינען ניט געווען אָבגעצאַמט, און גרשון׳ס זיהן פלעגען זיך דאָ אָפט בע־געגענען מיט די פּוילישע שילער. אָבגעבען דעם עלטערען זוהן אין גימ־נאַזיע האָט דער פאָטער זיך נאָך געשעמט; מיט די צוויי אינגערע האָט ער זיך דערנאָך יאָ ענטשלאָסען דאָס צו טהאָן, און איינער פון זיי איז גע־וואָרען אַ דאָקטאָר אין פעטערבורג, דער אַנדערער — אַ דענטיסט אין מאָסקווע. אָבער גרשון האָט ניט געשטערט דעם עלטערען זוהן צו לערנען זיך אין דער־היים; פערקעהרט, ער איז געווען צופריעדען, וואָס יענער איז אַ מתמיד, אַרבייט אַזוי פלייסיג. אַחוץ העברעאיש, פּויליש און רו־סיש, האָט ליב לעוואַנדע אויסגעצייכענט געקענט דייטש און געווען זעהר בעלעזען אין דער דייטשער ליטעראַטור, בעזונדערס אין היסטאָריע. צוויי־

שען די דעמאָלטיגע מינסקער משכילים איז ער געווען איינער פון די געבילדעטסטע.

נאָך דער חתונה האָט ליב לעוואַנדע עטליכע יאָהר געלעבט אין ווילנע, אויף „קעסט” ביי די עלטערן פון זיין פרוי. ער איז געוואָרען אויסגע־בונדען מיט די דאָרטיגע משכילים. שטאַרק בעפריינדט האָט ער זיך מיט הירש קאַצענעלענבויגען און זיין גאַנצער משפחה, בעזונדערס מיט זיין אידים יעקב קאַצענעלסאָן, וועלכער האָט אויך אַ צייט געלעבט אין ווילנע. מיט איהם פלעגט זיך לעוואַנדע דערנאָך אָפט דורכשרייבען. אַ טייל פון זיינע בריף צו איהם געפינען זיך ביי מיר; זיי זיינען זעהר כאַראַקטע־ריסטיש אי פאַר לעוואַנדע'ס פערזענליכקייט, אי פאַר יענער צייט בכלל. נאָך ווילנע האָט ער איין צייט געלעבט אין שקלאָוו, און שפעטער האָט ער זיך ווידער בעזעצט אין מינסק. דאָ האָט לעוואַנדע געאַרבייט אַלס לעהרער פון דייטשער שפּראַך אין די שולען, וועלכע עס האָט אין אָנהויב פון די 40־יער יאָהרען געגרינדעט דער מינסקער משכיל דוד לוריא (אין איינער פון זיי האָט זיך ביי איהם געלערענט זיין קרוב, דער קומענדיגער רוסיש־אידישער שריפטשטעלער לעוואַנדע). דיביידע שולען האָבען אָבער קיין קיום ניט געהאַט, זיי האָבען זיך באַלד פערמאַכט, און ער האָט זיך געמוזט פערנעהמען מיט פריוואַטע שטונדען. קיין זיכערע פּרנסה איז דאָס ניט געווען, און קיין גביר איז ער פון איהר ניט געוואָרען. פון אַ בריף זיי־נעם צו יעקב קאַצענעלסאָן איז צו זעהן, אַז האָבענדיג צו שפּייזען זיין ווייב מיט אַ קינד, האָט ער פערדיענט פון שטונדען בלויז 20 רובעל מאָ־נאַטליך, אי דאָס ניט שטענדיג. „איך בין נאָך אַלץ אַ לעהרער אָהן שטונ־דען”, שרייבט ער אין איינעם פון זיינע בריף. בכלל האָט ער זיך, נאָך יעקב קאַפּלאַן'ס טויט, געפיהלט אין מינסק עלענד. „עס דערמאָהנען זיך מיר די גוטע טעג און שטונדען, וואָס איך פלעג פערברייגגען צווישען מיינע פריינד אין ווילנע, — בעקלאָגט ער זיך אין יאָהר 1843 פאַר י. קאַצע־נעלסאָן, — און עס בענעהמט מיך אַ געפיהל פון אומעט. איך בין דאָ איינזאַם, ניטאָ קיין נאָהענטע מענשען. נאָך דער געשיכטע מיט ליליענ־טאַל'ן האָט זיך דער גייסטיגער דרוק אין מינסק פערשטאַרקט”.

ווען עס האָבען זיך אין סוף פון די 40־ער יאָהרען אָנגעהויבען עפענען די קרוינישע שולען פאַר אידישע קינדער, האָט לעוואַנדע ווידער בעקומען אַ לעהרער־שטעל פון דייטש. אָבער קיין לאַנגע צייט איז ער ביי דעם ניט פערבליבען. די לעהרעריי האָט איהם דערעסען, און כאָטש עס האָט איהם צום האַנדעל זעהר ווייניג געצויגען, האָט ער געשטרעבט צו אַ גע־זעלשאַפטליכער פּרנסה. ער איז געוואָרען דער מינסקער פערטרעטער פון דער טוך־ און צוקער־פאַבריק, וואָס האָט אָנגעהערט דעם רייכען פּוי־לישען פריץ סקירמונט אין פינסק. ווי זיין פריינד יעקב קאַפּלאַן, איז אויך

ליב לעוואַנדע קיין גרויסער געשעפטס־מאַן ניט געווען; זיין סוחרישער שוואונג האָט געקלעקט בלויז אויף אָרענטליך און פּינקטליך צו ערפילען די פאָרשריפטען פון זיין פּרינציפּאַל. ער איז אָפט צוליעב געשעפט גע־פאָהרען איבער יריד׳ן אין פערשידענע שטעדט, אָבער געזינונגס־גענאָ־סען, משכילים, האָט ער דאָ געוועהנליך געפונען מעהר ווי קונדען. איבער אַן אינטערעסאַנטען בוך פלעגט ער ניט זעלטען פערגעסען אַן עסקים. דער בעל־הבית האָט אָבער געשעצט זיין אָרענטליכקייט, געוואוסט, אַז איהם קאָן מען טרויען, און לעוואַנדע׳ס מאַטעריעלע שטעלונג איז געווען ניט שלעכט.

עס איז פאַרהאַן אַ גרונד צו רעכענען, אַז בשעת דעם פּוילישען אויפ־שטאַנד אין יאָהר 1863 איז לעוואַנדע׳ן אויסגעקומען צו ערפילען אויך פערשידענע ריזיקאַלישע אויפטראָגען פון זיין פּרינציפּאַל סקירמונט׳ן. אין אָט דער הינזיכט איז ער ניט געווען דער איינציגער איד. אין ליטע און רייסען זיינען דאָך די פּאָליאַקען געווען די בעלי־בתים, אי אַלס פּאָ־מעשטשיקעס, אי אַלס בעאַמטע, און יענע אידען, וואָס האָבען געהאַט מיט זיי עסקים, האָבען — ניט ווילענדיג און ניט גלויבענדיג אין דעם ערפאָלג פונ׳ם אויפשטאַנד — געמוזט זיי מיטווירקען אין יענע אַנגעלעגענ־הייטען, וואו מען האָט זיך אָהן דער אידישער הילף ניט געקאָנט בעגעהן. צי האָט לעוואַנדע, זייענדיג דער פערטרעטער פון דעם רייכען פּוילישען פּאָמעשטשיק און פאַבריקאַנט, זיך געקאָנט אָבזאָגען אָנצונעהמען פון איהם אויך געוויסע געהיימע אויפטראָגען, וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות צום אויפשטאַנד און צו זיין צוגרייטונג? און עס איז אינטערעסאַנט צו בעמערקען: מוראַוויאָוו, דער גרויזאַמער אונטערדריקער פון דעם פּוילי־שען אויפשטאַנד אין ליטע, האָט גענומען אין אַכט אָט די אידישע אָב־הענגיגקייט פון די פּאָליאַקען און אַרויסגעוויזען אַ גרויסע מילדקייט בנוגע צו יענע אידען, וואָס זיינען געווען געצוואונגען פּאַסיוו זיי מיטצוהעלפען. בלויז ווייניגע פון זיי האָבען ערנסט געליטען. אין מינסק איז געווען נור איין פאַל, מען זאָל פערפיהרען אַ פּראָצעס געגען אידען. דער סוחר גרשון אייזענשטאַדט האָט דאָ געהאַט אַ גרויס גאַלאַנטערי־געשעפט, וואו די הויפּט־קונדען זיינען געווען רייכע פּוילישע פּריצים. האָט מען אין יאָהר 1864 איהם אינאיינעם מיט זיין זוהן און איידעם אַריינגעזעצט אין טורמע צוליעב דער בעשולדיגונג, אַז דורך איהם האָבען די פּאָליאַקען בעקומען פון אויסלאַנד געלד און געוועהר. און דאָך זיינען די אַלע דריי אָבגעקו־מען נור מיט אַ קורצען אַרעסט, כאָטש עס איז אַ גרויסע סברא, אַז די בעשולדיגונג איז ניט געווען אָהן גרונד.

אַזוי ווי זיין פערשטאָרבענער פריינד יעקב קאַפּלאַן, איז אויך לעוואַנדע געווען אַ גרויסער אידעאַליסט, שטענדיג פערטהאָן אין גייסטיגע אינטע־

רעסען. אמת׳ע, פעסטע פריינדשאַפט האָט ער געהאַלטען פאַר איינע פון די שענסטע מענשליכע מידות, און ווען ער האָט ערגיץ-וואו בעמערקט אונטרייקייט, פלעגט דאָס איהם שטאַרק קרענקען. אין סוף יאָהר 1851 איז איהם אויסגעקומען צו זיין אַ לענגערע צייט אין ווילנע, האָבען זיך איהם אין די אויגען געוואָרפען די קריעגערייען און סכסוכים צווישען די דאָרטיגע משכילים איבער די לעהרער-שטעלעס אין די נייע אידישע רעגירונגס-שולען. „איך קלאָג און וויין — שרייבט ער פון ווילנע צו י. קאַצענעלסאָן — אויף די לעבענס-אומשטענדען, וועלכע האָבען ביי מיר אָבגענומען דאָס גרעסטע פערגעניגען, וואָס איז פאַר מיר מעגליך: צו זיין מיט דיר אינאיינעם. אויף וועמען קאָן איך דיך פערבייטען? צי אויף די ווילנער, וואָס האָבען אַראָבגעוואָרפען פון זיך זייער גאַנצע ציהרונג? דו וואָלסט געזעהן די קאָמפּאַניע „בערלינער", וואָס פלעגען שטענדיג ריי־דען נור וועגען ליעבע, פריינדשאַפט, ווי זיי האַסען, בריידען, שענדען איצט איינער דעם אַנדערן, — וואָלסטו געקומערט איבער דעם גאַנג פון דער ציוויליזאַציע. די פּשוט׳ע מענשען פון אַמאָליגען דור, אויב נור דער חסידיזם און די צביעות האָבען זיי ניט פערדאָרבען, זיינען מיר ליעבער, איידער די היינטיגע געבילדעטע"... „וואו עס האַנדעלט זיך נור וועגען עפּיס אַ פּערזענליכען נוצען, — שרייבט ער צו זיין פריינד אין יאָהר 1852 וועגען דיזעלבע ווילנער משכילים, — קריעגען זיי זיך צווישען איינאַנדער, פּונקט ווי די פּראָסטע עמי-הארצים. דאָס האָב איך דאָ ניט לאַנג געזעהן, ווען עס האָט זיך בעפרייט אַ לעהרער-שטעל אין דער ראַ־בינער-שול. זיי האָבען אויף אַלע כלים געאַרבייט איינער געגען דעם אַנדערען, אַפילו זיך ניט געשעמט צו דערלאַנגען דער רעגירונג מסירות איינער אויף דעם אַנדערען... אָבער גענוג וועגען דעם. איך דאַנק דעם אויבערשטען, וואָס איך געהער ניט צו זיי, און וואָס ער האָט מיר צוגע־שיקט אַ סוחרישע פּרנסה, וואו קיין בייז אויג קאָן מיר ניט שאַדען".

אַ שטילער, פערטראַכטער מענש, פלעגט לעוואַנדע אויפלעבען נור דאַן, ווען עס איז געקומען צופאַהרען עמיצער פון זיינע פריינד, — בע־זונדערס י. קאַצענעלסאָן. שטענדיג געווען פערטיעפט אין לייענען, מיי־סטענס דייטשע ביכער. גרעץ׳ס אידישע געשיכטע פלעגט ער ניט אַרויס־לאָזען פון האַנד, און ער האָט זי געקאָנט כמעט אויף אויסוויינינג. די מייסטע צייט האָט ער פערבראַכט אין דער עפענטליכער ביבליאָטעק, וואָס האָט עקזיסטירט אין מינסק ביז׳ן פּוילישען אויפשטאַנד אין 1863; דאָ האָט מען איהם געקאָנט גיכער דערזעהן, איידער אין דער-היים — אַהין האָט איהם ניט געצויגען, קיין שלום-בית האָט ער ניט געהאַט. לעוואַנדע׳ן, כאָטש ער פלעגט פיהרען אַ אידישען שטאַט, האָט מען אין מינסק גע־האַלטען פאַר אַ גרויסען אפּיקורס. אויב עס איז איהם אָבער יאָ בעשערט

געווען גיהנום, איז ער איהם אָבגעקומען אויף דער וועלט: ניט זייענדיג קיין סאָקראַט, האָט ער דאָך, ווי דער בעריהמטער גריכישער פילאָזאָף, געהאַט זיין קסאַנטיפּע. לעוואַנדע׳ס פרוי, שרה־פייגע, איז געווען אַן עכטע ארורה, וואָס האָט פערביטערט די יאָהרען איהר איינציגער טאָכטער, בעזונדערס אָבער דעם מאַן. ער האָט זיך אָבער צו דעם פערהאַלטען, ווי אַן אמת׳ער פילאָזאָף. אין די ווינציגע שטונדען, וואָס ער האָט געמוזט פערברייגגען ביי זיך אין דער־היים, פלגעט ער שטיל, רוהיג אויסהערען איהרע שטענדיגע צאַנקערייען און דונער־געשרייען, ביז זי האָט איהם דערלאַנגט עטוואָס איבערצובייסען, און דערנאָך האָט ער זיך גלייך ווידער געגומען פאַר אַ בוך. זיין פריינד, י. מ. וואָהלמאַן, האָט פערפאַסט און אָפּגעדרוקט אין „הכוכבים" אַ קורצען שיר „אשת מדנים", וואָס איז געווען געציעלט געגען לעוואַנדע׳ס פרוי:

אשת מדנים לא יערכנה שאול,  
כי הוא משתער רק בחול  
ובקודש ישוב לדממה,  
והיא גם בו לא נאלמה. [3]).

געשטאָרבען איז לעוואַנדע, נאָך אַ האַרבער קראַנקהייט, וואָס האָט געדויערט אַ פּאָר יאָהר, אין מינסק, אין 1885, צוויי און זיבעציג יאָהר אַלט.

---

יעקב קאַפּלאַן, זיין זוהן מאיר, ווי אויך זיין פריינד און שפּעטערדיגער מחותן ליב לעוואַנדע, האָבען טיילוויז אויף זיך געשפּירט דעם פּוילישען קולטורעלען איינפלוס. זיי זיינען אָבער דערהויפּט געווען „בערלינער", געשטאַנען אונטער דער ווירקונג פון דער מענדעלסאָנישער אויפקלערונגס־בעוועגונג און פון דער דייטשער ליטעראַטור בכלל. ווי בעוואוסט, איז דער סוף פון די 50־ער און אָנהויב פון די 60־ער יאָהרען געווען אַ וויכטיגער ווענד־פּונקט אין דער געשיכטע פון דער אידישער אינטעליגענץ אין רוסלאַנד: נעבען די משכילים פון אַלטען שניט טרעט דאַן אַרויס דער נייער טיפּ אידישע אינטעליגענטען. די אַלטע משכילים זיינען כמעט אַלע געווען אויטאָדידאַקטען, און זייער גייסטיגע מהות האָט געהאַט אויף זיך דעם דייטשען שטעמפּעל. דער נייער אינטעליגענט איז שוין דורכגעגאַנגען אַ רוסישע שול, און זיין בילדונג האָט געקראָגען אַן אָרטיגע, רוסישע בעפּאַרבונג. אָט די אַלגעמיינע ערשיינונג מערקען מיר אויך אין דער משפחה קאַפּלאַן. אין סוף 50־ער יאָהרען האָט זי שוין צווישען זיך געהאַט אויך פאָרשטעהער פון דער נייער אינטעליגענץ. דר. פּעבוס קאַפּלאַן

---

[3]) אַ בייזע, קריעגערישע פרוי קאָן ניט געגליכען ווערען אַפילו צום גיהנום: דער גיהנום ברוינט נור אום דער וואָכען, שבת און יום־טוב רוהט ער, — אָבער זי איז אַפילו דאַן אויך ניט שטיל". (הכוכבים, ז. 111).

האָט שטודירט אין קיעווער אוניווערזיטעט, און זיין אינגערער ברודער ש מ ו א ל  ק אַ פּ ל אַ ן  האָט געענדיגט די ווילנער ראַבינער שול (וועל־כע איז דאָך אין גרונד געווען אַ רוסישע לעהר־אַנשטאַלט, וואו די אידישע למודים האָבען לפי ערך פערנומען אַ ווינציגען אָרט).

די מייסטע פון אָט דעם נייעם דור אינטעליגענטען, די וואָס האָבען אין די קינדער־יאָהרען בעקומען אין דער־היים אַ טראַדיציאָנעלע ערציהונג, זיי האָבען נאָך פערשטאַנען האַרמאָניש צו פעראייניגען דעם אַלגעמיינעם רוסישען עלעמענט מיט דעם נאַציאָנאַלען, אידישען. דר. פּ. קאַפּלאַן איז צעהנדליגער יאָהרען לאַנג געווען אַ רוסישער בעאַמטער, און צוליעב זיין אַמט האָט ער געהאַט צו טהאָן דערהויפּט מיט קריסטען. דאָך איז ער געבליבען אַ טריי איבערגעגעבענער איד, די אידישע אינטערעסען זיינען איהם שטענדיג געווען נאָהענט און טייער. וואָס אַנבעלאַנגט זיין ברודער שמואל, האָט איהם געצויגען צו דער אידישער ליטעראַטור, וויסענשאַפט, און ער האָט זיך בעטייליגט אין פין'ס זשורנאַל „הכרמל" (אין דער רוסי־שער ביילאַגע). און ווי פעסט עס האָט זיך נאָך דאַן אין דער משפחה געהאַלטען די טראַדיציע מיט איהרע אַלטע מנהגים, דאָס בעוויזט, למשל, דער כאַראַקטעריסטישער פאַקט: ווען דערזעלבער שמואל קאַפּלאַן איז אין אָנהויב 50־ער יאָהרען יונגערהייד געשטאָרבען, האָט קיינער פון די ברידער ניט געקאָנט ביי זיך פועל'ן וועגען דעם מיטצוטיילען דער מוטער, און מען האָט געדונגען אַ  ג ו י ,  ער זאָל איהר ברייננגען די טרויעריגע בשורה.

מיט דעם יונגוואַרג, וואָס פלעגט אונטערוואַקסען, איז אָבער די זאַך געווען שוין גאָר אַנדערש. די האַרבע רוסיפיקאַטאָרישע פּאָליטיק, וואָס די רעגירונג האָט געפיהרט אין צפון־מערב'דיגער געגענד, נאָך דעם אויפ־שטאַנד פון יאָהר 1863, האָט דעם פּוילישען איינפלוס פאָלשטענדיג בע־זייטיגט. וואָס ווייטער, האָט די רוסישע קולטורעלע ווירקונג פערכאַפּט די פאָרשטעהער פון דעם יונגען דור אַלץ שטאַרקער. דער דייטשער איינ־פלוס, אונטער וועלכען עס זיינען געשטאַנען זייערע פאָטערס און זיידעס, איז דאָך געגאַנגען פון דער־ווייטענס, און שוין דעריבער אַליין האָט ער ניט געקאָנט אַריינדרינגען אַזוי טיעף. די רוסישע קולטורעלע ווירקונג איז אָבער געווען נאָהענט, אויפ'ן אָרט גופא — מיט איהר איז געווען פול אי די שול, אי די ליטעראַטור, אי דאָס גאַנצע אַרומיגע לעבען. אין דעם וואַקסענדען פּראָצעס פון אַסימילאַציע האָט ניט אויסגעמיטען אויך די משפחה קאַפּלאַן. צווישען איהרע יונגע מיטגליעדער זיינען געווען ניט ווייניג בעגאַבטע מענשען, אָבער דאָס אידישע פאָלק מיט זיינע אינטע־רעסען, שטרעבונגען און אידעאַלען איז זיי שוין געוואָרען פרעמד. דער זיידע, ליב לעוואַנדע, איז געווען צו־אינדיווידואַליסטיש געשטימט, צו־

פיעל פערטיפט אין זיך אַליין, אַז זיין משכיל'ישע ווירקונג זאָל קאָנען דיע־נען אַלס געגען־געוויכט. עס האָט נאָך געלעבט די פאַרשטעהערין פון דער טראַדיציאָנעלער אידישקייט, די אַלטע פרומע באָבע ביילע (יעקב קאָפּ־לאַן'ס אלמנה), די וואָס האָט געצויגען איהר יחוס פון פיעלע דורות מירער רבנים און לערנער. איהר לומדות האָט זי געשעפּט פון „צאינה וראינה", „מנורת המאור" און פון די קליינע אידישע ביכלעך, וואָס דער פּאַקען־טרעגער האָט איהר יעדען פרייטאָג געבראַכט אויף דורכצולייענען, בעקו־מענדיג דערפאַר עטליכע קאָפּיקעס מאַנאַטליך. זי פלעגט די אייניקלעך דערצעהלען מעשיות וועגען גרויסע רבנים, בעהאַלטענע צדיקים, וועגען אַמאָליגע העלדען, וואָס האָבען זיך מוסר נפש געווען פאַר דער אידישער אמונה. צי האָט אָבער די אַלטע שוואַכע באָבע געקאָנט מיט ערפאָלג קעמפען געגען דער מעכטיגער ווירקונג פון דער צייט, וואָס האָט געמאַכט אַלץ גרעסערע עראָבערונגען ?...

פון י. קאָפּלאַן'ס און ל. לעוואַנדע'ס אייניקלעך איז דער איינציגער, וואָס איז געבליבען פערבונדען מיט'ן אידענטום, געווען י ע ק ב ק אָ פּ ־ ל אַ ן (אברהם יוסף'ס אַ זוהן). געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1858, האָט ער זיך געלערענט אין מינסקער גימנאַזיע און דערנאָך געענדיגט פעטער־בורגער אוניווערזיטעט (דעם יורידישען פאַקולטעט). זיין סטודענטישע צייט איז אויסגעפאַלען אויפ'ן אָנהויב פון 80־ער יאָהרען, ווען צווישען די אידישע סטודענטען אין פעטערבורג איז, אין צוזאַמענהאַנג מיט די פּאָגראָמען, ענטשטאַנען אַ נאַציאָנאַלע בעוועגונג, עס האָבען זיך געבילדעט חובבי־ציוניסטישע און ליטעראַרישע קרייזלעך. קאָפּלאַן איז אַריינגעצוי־גען געוואָרען אין אָט דער בעוועגונג. קיין חובב־ציון איז ער ניט גע־וואָרען, אָבער ער האָט זיך בעפריינדעט מיט וו. בערמאַן, ש. ז. לוריא, ש. פרוג און מיט די אַנדערע יונגע שריפטשטעלער, וואָס האָבען זיך דאַן גרו־פּירט אַרום די פעטערבורגער רוסיש־אידישע צייטונגען „ראַזסוועט" און „רוסקי יעווריעי". ער אַליין האָט אויך געהאַט אַ גרויסען ליטעראַרישען טאַלאַנט, אָבער לײדער האָט ער איהם אויסגענוצט בלויז אין איין זשאַנר, וואָס געהט אַלץ מעהר אַרויס פון דער מאָדע, — קאָפּלאַן'ס בריף זיינען געווען אין אָט דעם פּרט אמת'ע מייסטערווערק. די נאָהענטע בעציהונגען מיט פיעלע אידישע שריפטשטעלער האָבען געהאַט אויף איהם אַ ווירקונג אויף זיין גאַנץ לעבען. ער האָט זיך קיינמאָל ניט אויפגעהערט אייפעריג צו אינטערעסירען מיט אידישע ליטעראַרישע און געזעלשאַפטליכע אָנגעלעגענהייטען. ווי אינטים ער איז געווען פערבונדען מיט ש. פרוג, בעווייזט איינער פון יענעמס פיעלע בריף צו איהם, וואָס איך ברענג דאָ (אין אַן איבערזעצונג פון רוסיש). ער האָט אַן אינטערעס פאַר פרוג'ס ביאָגראַפיע :

„פעטערבורג, דעם 31-טען מאַי 1905.

„אַלטער פריינד, יאַקאָב אַבראַמאָוויטש!

„דו האָסט מיך געקאָנט, ווען איך בין געווען יונג און אָרים, איצט בין איך אָרים און אַלט. אַ אידישער מחבר זאָל נאָך פינף און צוואַנציג יאָהר שרייבען זיין אָהן ברויט, — דאָס איז אַ געוועהנליכע זאַך. נור ס'איז אַ קנאַפּע טרייסט. אין פערלויף פון אָט די אַלע יאָהרען פלעגט די נויט מיך פערלאָזען בלויז אויף אַ קורצע ווייל. ס'איז געווען איין צייט, וואו אַ זייטיג אויג האָט אַפילו ביי מיר געקאָנט בעמערקען עפּיס אַ מין וואוילטאָג. ס'איז געווען מעהר-ווייניגער אָנשטענדיגע מעבעל אין דער וואוינונג, געווען אויך אויף אַן עת צרה דריי וויאיגרישנע בילעטען. אָבער אין סוף פאַריגען יאָהר האָבען זיך די אומשטענדען אַ קעהר געטהאָן אַזוי, דאָס איך בין מיט מיין הויזגעזינד געבליבען אָהן שום מיטלען. איך האָב געמוזט פאַרזעצען אַלץ, וואָס דער לאָמבאַרד נעהמט נור אָן. אַחוץ די וויאיגרישנע בילעטען, אויף וועלכע איך האָב געליהען 750 רובעל, האָב איך פערזעצט מעבעל און חפצים אויף 500 רובעל, און איך האָב נאָך 450 רובעל פּריוואַטע חובות. מיין צושטאַנד איז אַזאַ געדריקטער, דאָס קיין שום ליטעראַרישע אַרבייט איז ניט מעגליך. מיר איז נויטיג אַ מעהר אָדער ווייניגער לאַנגער אָברוה. דערויף זיינען אָבער נויטיג געלד-מיטלען, און איך האָב ניט וואו זיי צו בעקומען. האָב איך בעשלאָסען מיך צו ווענדען צו דיר מיט דער בקשה, דו זאָלסט מיר אויסהעלפען. העלף, יאַקאָב אַבראַ-מאָוויטש, אפשר וועל איך קומען צו זיך און, אַדאַנק דיין שטיצע, ווידער אָנהויבען צו אַרבייטען. קום צו הילף, געדענקענדיג די לאַנג-פערגאַנגענע יאָהרען...

„מיט האַרציגער איבערגעבענקייט, דיין ש. פ ר ו ג".

אין יאָהר 1886 האָט יעקב קאַפּלאַן חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דעם בעוואוסטען אידישען כלל-טהוער און שריפטשטעלער, ד ר. ע מ נ ו א ל ס אָ ל אָ ו ו י י ט ש י ק, וועלכער האָט געגרינדעט די אָדעסער אָבטיילונג פון דער געזעלשאַפט „מפיצי השכלה", אויך אַרויס-געגעבען אין אָדעס אינאיינעם מיט דר. ל. פינסקער אין 1861-1862 די רוסיש-אידישע צייטונג „ציון" („סיאָן"). יאָהרען לאַנג האָט קאַפּלאַן גע-אַרבייט אַלס אַדוואָקאַט אין מינסק, שפּעטער אין פעטערבורג. נאָך דער רעוואָלוציע האָט ער געלעבט אין מינסק און איז דאָ אויסגעשטאַנען גענוג פּיין און נויט. זיינע בריף צו מיר פאַר די לעצטע יאָהרען זיינען איין נאָכאַנאַנדיגער וועה-געשריי וועגען דעם חורבן פון יענער פאַמיליע, צו וועלכער ער האָט אָנגעהערט. „וואָס מיך אָנבעלאַנגט — שרייבט ער מיר אין זיין לעצטען בריף — האָב איך שוין געמאַכט דעם סך-הכל פון דער

געשיכטע, וואָס אונזער משפחה האָט דורכגעלעבט אין פערלויף פון הונ־דערט יאָהר, און דער סך־הכל איז אַ טרויעריגער. די אונטערשטע שורה איז: פון דער אַלטער משפחה קאַפּלאַן איז פערבליבען — אַ פּוסט אָרט. די אַלע צווייגען איהרע, וואָס עקזיסטירען נאָך, זיינען ווייט פון די וואָרצ־לען, פון דעם שטאָם; אַלץ, וואָס נאַציאָנאַל, איז זיי פרעמד"... אין אַ קורצער צייט נאָכדעם האָב איך בעקומען די טרויעריגע נאָכריכט פון מינסק, אַז דעם 15־טען מערץ 1934 איז ער דאָרטען געשטאָרבען.

* * *

מיט זיין טויט ענדיגט זיך אייגענטליך די היסטאָריע פון דער פאַ־מיליע קאַפּלאַן, אַלס אַ אידישע משפחה. אין פערשידענע שטעדט געפי־נען זיך נאָך איהרע מיטגלידער; אָבער די איינע זיינען אַפילו פאָרמאַל אָוועק פון אידענטום, די אַנדערע האָבען זיך ניט געטויפט, נור קיין שום שייכות צום אידישען פאָלק האָבען זיי נישט.

אַמאָל פלעגט מען ביי אידען אין רוסלאַנד זאָגען: אידישע רייכ־קייט האָט קיין קיום ניט; דעם גביר'ס קינדער שטעהען שוין געוועהנליך ביים ראַנד פון אָרימקייט, און די אייניקלעך זיינען עכטע קבצנים. אפשר מיט נאָך מעהר רעכט איז דאָס גילטיג בנוגע צום אידישען קולטורעלען פערמעגען. דער גייסטיג־נאַציאָנאַלער אוצר האָט ביי דער פאַמיליע, מיט וועלכער מיר האָבען בעקענט אונזערע לעזער, געקלעקט נור אויף דריי דורות. און אָבגעשטעלט האָב איך זיך אויף איהר היסטאָריע דערפאַר, ווייל זי איז כאַרעקטעריסטיש פאַר פיעלע אידישע אינטעליגענטע משפחות.

עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז די אורזאַך פון יענער ערשיי־נונג, וואָס איך האָב דאָ בעהאַנדעלט, ליעגט אין דער איבערקערעניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין רוסלאַנד. די רעוואָלוציע האָט נור אונטערגע־טריבען און פערענדיגט דעם פּראָצעס פון אונטערגאַנג, וואָס האָט זיך אָנגע־הויבען פיעל פריהער. אַנדערע וועלען געוויס זאָגען, אַז געשעהן איז די זאַך דערפאַר, ווייל די מענשען זיינען געשטאַנען ווייט פון אונזער פאָלקס־קוואַל, זיי האָבען פון איהם ניט געשעפּט זייער יניקה. אָבער אין דעם יונגען דור פון דער משפחה קאַפּלאַן האָבען ניט געפעהלט אַזוינע, וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו דער אידישער אַרבייטער־בעוועגונג און האָבען גע־אַרבייט צווישען אונזערע פאָלקס־מאַסען, — און דאָך זיינען אויך זיי פאָל־שטענדיג אַסימילירט געוואָרען. די פראַגע איז פיעל הארבער און מעהר קאָמפּליצירט, איידער דאָס קאָן זיך אין פלוג דוכטען. און אויב די פאַ־מיליען־געשיכטע, וואָס איך האָב דאָ דערצעהלט, קאָן כאָטש וויפיעל עס איז העלפען אויפצוקלערען דעם פּראָצעס פונ'ם קולטורעלען חורבן און זיינע סיבות, וועל איך רעכענען מיין אויפגאַבע פאַר ערפילט.

●

# אַן אינטערעסאַנטע מגילה

**אין אמאליגע צייטען** האָבען אידען אין פוילען און רוסלאַנד פער־מאָגט ניט וועניג גבירים און סוחרים, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט ניט בלויז מיט זייער רייכקייט, נור צוגלייך אויך מיט גרויסער לומדות און איבערגעבענקייט צו זייער פאָלק און זיינע אינטערעסען. עס איז גע־נוג צו דערמאָהנען, למשל, אַזעלכע נעמען ווי ר׳ יהושע צייטעלס פון שקלאָוו (1742—1822), וואָס איז געווען אַ בעוואוסטער פּאָדריאַטשיק אין יעקאַטערינע׳ס דער צווייטער׳ס צייטען, איינער פון דעם ווילנער גאון׳ס מקורבים, אַ גרויסער למדן, כלל־טהוער און בעל־צדקה; האָט איינגע־אָרדענט אין זיין אימעניע „אושציע" אַ רייכע ביבליאָטעק, געשטיצט און אויפגעהאַלטען ביי זיך אידישע געלעהרטע; ר׳ דוד לוריא פון ביכאָוו (1798-1855), אַ סוחר און געזעלשאַפטליכער עסקן, אויך אַ בע־דייטענדער געלעהרטער, פערפאַסער פון דעם בעוואוסטען ווערק „קדמות ספר הזוהר"; ר׳ יצחק זעליקין פון מאָנאַסטירשטשינע (1790-1880), אַ רייכער פּאָדריאַטשיק, וואָס האָט שטענדיג, ניט שפּאָרענדיג קיין מיה און געלד, געאַרבייט אַלס שתדלן און זיך אייפעריג געמיהט אָבווענדען פון אידען פערשידענע גזירות און פערפאָלגונגען.

צו אָט דעם פּאַרצייטיגען סוחרישען טיפּ האָט אָנגעהערט אויך מיין עלטער־עלטער־זיידע פון מוטער׳ס צד, ר׳ שאול לעווין, וועלכער איז גע־ווען בעוואוסט אונטער דעם נאָמען „ר׳ שאול קאַרלינער", נאָך דער שטאָדט קאַרלין (אַ טייל פון דער צווילינג־שטאָדט פּינסק־קאַרלין), וואו ער האָט געלעבט. ער איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1775 און גע־שטאָרבען אין 1834. געשטאַמט האָט ער פון אַ מיוחס׳דיגער פאַמיליע, וואָס האָט געגעבען אַ גאַנצע רייה בעוואוסטע רבנים און געלעהרטע. זיין פאָטער, ר׳ משה, איז געווען אַ רב אין הלוסק און דערנאָך אין קאַרלין. ר׳ שאול לעווין האָט געפיהרט גרויסע געשעפטען, געהאַט אַן אייגענע אימעניע און איז געווען אַ רייכער האָלצהענדלער. דערביי איז ער גע־ווען אַ גרויסער למדן און פלעגט אויסנוצען יעדע פרייע שעה אויף צו לערנען; געווען אויך בעוואוסט אַלס בעל־צדקה און האָט זיך פיעל פערנומען מיט אידישע כלל־ענינים. אַדאַנק זיין יחוס, לומדות און רייכ־קייט, זיין פּראַקטישען פערשטאַנד און איבערגעבענקייט צו די אינטע־רעסען פון דעם כלל, איז ער געווען איינער פון די אָנגעזעהנסטע געזעל־

שאַפטליכע טהוער אין ליטע און האָט זיך שטענדיג בעטייליגט אין די אסיפות, וואָס פלעגען אין יענע צייטען אָפט פאָרקומען צוליעב פער־שידענע וויכטיגע כלל־אַנגעלעגענהייטען. ר' שאול לעווין'ס אונטער־שריפט געפינען מיר, למשל, אויף די תקנות, וועלכע עס האָבען אין יאָהר 1816 אָנגענומען די פאָרשטעהער פון די אידישע קהלות אין ליטע און רייסען אויף זייער פערזאַמלונג אין מינסק, וועגען שיקען, לויט דעם בעפעהל פונ'ם קייזער אַלעקסאַנדער דעם ערשטען, אידישע דעפּוטאַטען קיין פּעטערבורג. פיעל מיה האָט ער געלעגט, כדי אויפצודעקען די נישטיגקייט פון דעם בעוואוסטען בלוט־בלבול געגען די וועליזשער אידען. ער איז אויך געווען פון די, וואָס האָבען אייפעריג מיטגעהאָלפען ביים גרינדען די בעריהמטע ישיבה פון וואָלאָזשין.

זאַמלענדיג מיט העכער ווי צוואַנציג יאָהר צוריק מאַטעריאַלען וועגען דעם אַנטייל פון אידען אין דער מלחמה צווישען פראַנקרייך און רוס־לאַנד אין יאָהר 1812, האָב איך מיך אָנגעשטויסען אויף אַ מיטיילונג וועגען ר' שאול לעווין, וואָס איז ערשינען אין דער אַמאָליגער אָפיציעלער רוסישער צייטונג „סעווערנאַיאַ פּאָטשטאַ" אין גיכען נאָכדעם ווי די פראַנצויזען האָבען אין סוף יאָהר 1812 פערלאָזט רוסלאַנד. אין אָט דער צייטונג איז געווען געמעלדעט, אַז דער אָגינער קאַנאַל, וועלכער פער־איינגט דעם דניעפּר מיט'ן ניעמאַן, איז בעת דער פראַנצויזישער אָקו־פּאַציע גערואַטעוועט געוואָרען און געבליבען גאַנץ אַדאַנק „דעם פּינסקער סוחר 1־טער גילדיע, דעם אייגענטימער פון דער אימעניע „טעלעכאַן" שאול לעווין. סטאַרענדיג זיך וועגען אַלגעמיינעם נוצען, — שרייבט די צייטונג, — האָט ער די גאַנצע צייט, וואָס דער שונא האָט פערנומען יענע געגענד, ענערגיש געזאָרגט וועגען דער גאַנצקייט פון די הידראָ־טעכנישע בנינים און וועגען דער נויטיגער אָרדנונג ביים פיהרען פליטען און שיפען ; ער פלעגט דינגען וועכטער און אַנדערע נויטיגע אַרבייטער, כדי אַכטונג צו געבען אויף די שליוזען, אויך האָט ער ווידער אויסגע־בויט אַ בריק, וואָס די פראַנצויזען האָבען פריהער פערברענט". פאַר זיינע בעמיהונגען, וואָס האָבען מיטגעהאָלפען צו ראַטעווען פון חורבן דעם וויכטיגען קאַנאַל, האָט די רוסישע רעגירונג אויסגעדריקט ר' שאול'ן איהר דאַנק אין דער אָפיציעלער צייטונג [1]).

עס וואָלט געווען ניט ריכטיג צו ערקלערען די גאַנצע זאַך בלויז מיט דעם, אַז ר' שאול לעווין איז אַלס האָלצהענדלער געווען פעראינטע־רעסירט, דער אָגינער קאַנאַל זאָל בלייבען אונבעשעדיגט. זיין האַנד־לונג האָט געהאַט ערנסטערע, אַלגעמיינע טעמים — יענע פיינדליכע שטי־

[1]) "Сѣверная Почта" 1831 г., № 38.

מונג געגען נאַפּאָלעאָן'ען, וואָס האָט זיך דאָן אַרויסגעוויזען אין די סוחרישע און לומדישע קרייזען און זיי געשטויסען מיטצוהעלפען דער רוסישער מאַכט אין איהר קאַמף געגען דעם פראַנצויזישען מיליטער. ר' שאול איז אין אָט דער הינזיכט ניט געווען קיין איינציגער. אין מיין ווערק וועגען די אידיש־רוסישע בעציהונגען אין יאָהר 1812 האָב איך געבראַכט פיעלביישפּיעלען פון דער פּאַטריאָטישער שטימונג, וואָס איז דאָן געווען צו מערקען צווישען די אידען אין ליטע און רייסען.

ביי ר' שאול לעווין איז געווען אַ זעלטען קליינע ספר־תורה, וואָס איז פערבליבען גאַנץ ביז איצט און געפינט זיך ביי איינעם פון זיינע אור־איניקלעך. זי איז געשריבען מיט מערקווירדיג שענע מיניאַטור־אותיות, אויף דינסטען פּאַרמעט און זי שטאַמט, ווערדליג איהר אויסזעהן, פון זעהר וויטע צייטען; דאָסזעלבע בעווייזט אויך די פאַרב פון די עלפאַנט־ביינערנע עץ־חיים'ס. ווי אַזוי ר' שאול האָט בעקומען די ספר־תורה, ווע־גען דעם דערצעהלט אונז אַ בעזונדער מגילה, געשריבען אויף פּאַרמעט, וואָס איז פערבליבען גאַנץ. איך ברייננ דאָ אַן איבערזעצונג פון אָט דער העברעאישער מגילה:

צום אייביגען אָנדענק.

„און ס'איז געווען אין יאָהר ה' תקנ"ה [2]), האָט זיך צווישען אידען פערשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ביי די מאָנאַכען אין איינעם פון די קאַטוילישע קלויסטערס געפינט זיך אַ קליינע און זעהר אַלטע ספר־תורה. ווי דער קלאַנג איז נור אַרויס, האָבען אַלע גרויסע און בעוואוסטע מענשען פון יענער צייט זיך מיט זייער גאַנצען כח און פערמעגען געמיהט אויסצודער־לייזען פּאַר זילבער און גאָלד די הייליגע תורה פון די קריסטליכע מאָנאַכען. אָבער די מאָנאַכען האָבען געמאַכט די גרעסטע אידען צו שפּאָט און שאַנד, און אומזיסט זיינען געווען זייערע אַלע בקשות און געבעטען.

„אין יענע צייטען האָט אין דער שטאָדט פּינסק געלעבט אַ יונגער מענש, אַ גערעכטער, איידעלער און פרייגיביגער, דער גרויסער גביר ר' שאול הלוי, פון דער בעוואוסטער משפחה לעווין. ער האָט געשטאַמט פון אַ משפחה מיט דעם גליל־רב פון אַמסטערדאַם און גאַנץ האָלאַנד, דעם פערפאַסער פון „בית האריאל" [2*]), דעם צדיק און מלאך אליהם רבנו שאול הלוי, פון דער משפחה לעווין.

[2]) לויט דער קריסטליכער צייט־רעכענונג—אין יאָהר 1795.

[2*]) אַ טעות פון אָפּשרייבער: ס'דאַרף זיין „בנין אריאל", געדרוקט אין אמשטרדם 1778. אַזוי ווי דער צווייטער חלק האָט אַ נעבען־טיטעל מיט'ן נאָמען „בית־תלמוד"—איז אַרויסגעקומען „בית האריאל".

„און ווי דער נדיב שאול האָט נור דערהערט, אַז אַ היילגע, טייערע און אַלטע ספר־תורה געפינט זיך אין געפאַנגענשאַפט, האָט ער ניט אויפגעהערט צו טראַכטען וועגען בעפרייען זי. און דער מאַן, שאול, איז געווען געליעבט און געאַכט ביי אידען, ווי אויך ביי פרעמדע. ער איז געווען אַ בעוואוסטער למדן און האָט זיך פון דער יוגענד אָן אויס־געצייכענט מיט זיין גרויסער חכמה. ער איז געווען זעהר רייך און האָט פערמאָגט גרויסע מאַיאָנטקעס מיט פיעל דינער און שפחות. און זיינע שכנים זיינען אין זייערע מאַיאָנטקעס געווען גרויסע לייט, פוילישע מאַג־נאַטען, און זיי אַלע האָבען געליעבט און געאַכט זייער שכן שאול לעווין פאַר זיין קלוגשאַפט און גערעכטיגקייט.

„און שאול האָט מתפלל געווען צו גאָט און געפאַסט דריי טעג, גע־וויינט און געבעטען ביי גאָט, ער זאָל איהם העלפען אויסלייזען זיין תורה. און דערנאָך האָט שאול פערבעטען זיינע שכנים, די פריצים און מאַגנאַטען אויף אַ מאָלצייט צו זיך אין זיין שענעם הויז אין זיין מאַיאָנטעק „טע־לעכאַן”. און ווען די מאַגנאַטען האָבען געלויבט און געריהמט שאול'ן און זיין קלוגשאַפט, האָט שאול זיך אַנידערגעשטעלט פאַר זיי און גע־זאָגט: „מיינע אויפגעקלערטע האַרען! צי געדענקט איהר, ווי גאָט האָט געצאָרנט אויף דוד המלך, דערפאַר וואָס ער האָט אַוועקגערויבט אוריה'ס פרוי? אוי, די לאַגע פון דער פוילישער מדינה איז ניט קיין גוטע. פאַרוואָס־זשע בעטראַכט איהר ניט אייערע געננ? ביי די מאָנאַכען אין קלויסטער געפינט זיך זעהר אַן אַלטע ספר־תורה, וואָס איז אַריינגעפאַלען צו זיי אין די הענט ניט אויף אַ גערעכטען, גלייכען וועג, וואָרים זי גע־הער אָן צו אונז, און ניט צו אייך. קעהרט זיך אום פון אייערע שלעכטע דרכים, קעהרט זיך אום! נעהמט ביי מיר אַלץ, וואָס איך פערמאָג, נור גיט אָב מיר און מיין פאָלק צוריק אונזער היילגטום!”

און צווישען די אָנגעזעהענע געסט איז געווען אויך דער גרעסטער פון די גייסטליכע. האָט ער דערצעהלט די מאַגנאַטען, אַז די זאַך איז טאַקע ריכטיג, ביי די מאָנאַכען אין קלויסטער געפינט זיך אַ קליינע, זעהר אַלטע ספר־תורה, בעהאַלטען אין זיעבען לעדערנע זעקלעך, — איין זעקעל אַריינגעלעגט אין דעם אַנדערען, — און אין דריי קופערנע קעסטעלעך, — איין קעסטעלע אין דעם אַנדערען, — און פון אויבען —אַ קעסטעלע פון זילבער. און קיינער פון זיי האָט די ספר־תורה ניט געזעהן, וואָרים עס איז פאַרהאַן אַ מסורה, אַז ווער עס וועט זיך דערוועגען אַרויסצונעהמען די הייליגקייט פון די כלים, דעם וועט טרעפען דער טויט. עס איז אויך דאָ אַ מסורה, אַז די ספר־תורה האָבען די קרייץ־טרעגער געבראַכט פון ארץ־ישראל קיין פראַנקרייך, און אַז ווען די מאָנאַכען זיינען אָנגעקומען פון דאָרטען, האָבען זיי מיטגענומען דעם הייליגען אוצר אין זייער

קלויסטער אַריין אין פּוילען. עס איז אָבער פֿאַרהאַן אויך אַן אַנדער מסורה, אַז מען האָט אין שווערע צייטען מיט געוואַלט אָבגענומען ביי אידען זייער שאַץ אַלס משכון פֿאַר געלד, וואָס מען האָט פֿון זיי געמאָהנט, און זיי זיינען ניט געווען אימשטאַנד צו בעצאָהלען.

„ווען דער הויפּט פֿון די גייסטליכע האָט געענדיגט, האָט שאול געזאָגט: „אַזוי האָט גאָט געבאָטען: לא תגזל, זאָלסט ניט רויבען. איהר דערוועגט זיך ניט אַ קוק צו טהאָן אויף אָט די הייליגע ספר־תורה, וואָרים גאָט האָט זיין תורה געגעבען אונז אידען, ניט אייך. נעהמט ביי מיר מיין גאַנץ פֿערמעגען, נור גיט מיר אָב מיין פֿאָלק'ס הייליגטום, וועלען מיר פֿון איהר לייענען אָהן שום שרעק, נור מיט גרויס פֿרייד".

„און אַלע געסט האָבען אויסגערופֿען: גערעכט זיינען שאול לע־ווין'ס ווערטער. מיט דער הילף פֿון די פּריצים, מאַגנאַטען און הויפּט־גייסטליכע, האָט שאול פֿאַר גרויס געלד אויסגעקויפֿט די שענע אַלטע ספר־תורה. די קליידער פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט — די קעסטעלעך און זעקלעך האָט מען פֿערברענט, געמאַכט אַ קליינעם פּשוט'ן ארון און אין איהם אַריינגעלעגט די טייערע אַלטע ספר־תורה. און מען האָט פֿון דער קליי־נער ספר־תורה געלייענט אין די טעג פֿון קריאה, און ווען אידען האָבען געזעהן די קליינע ספר־תורה און דעם זעלטענעם שענעם כתב, האָבען זיי אַלע אויסגערופֿען: קדוש, קדוש, קדוש.

„און שאול האָט געמאַכט אַ מאָלצייט פֿאַר אידען, און פֿון אַלע שטעדט זיינען זיך צונויפֿגעפֿאָהרען די גרעסטע און בעוואוסטע מענשען פֿון יענער צייט. און אידען האָבען זיך געפֿרעהט שמחת־תורה איבער זייער היי־ליגטום, איינער דעם אַנדערען געהאַלזט און געקושט און אין גרויס פֿרייד געריהמט דעם אויבערשטען. און זיי האָבען געבענשט שאול הלוי און זיין פֿרוי, די צנועה, איידעלע, פֿרייגעביגע און קלוגע מירקע. און גאָט האָט שאול'ן געבענשט, ער האָט געהאַט זיהן און טעכטער, פֿערמאָגט חכמה, גדולה, אַ גוט האַרץ, אַ גרויס פֿערמעגען, געטהאָן צדקה און חסד סאַי דעם כלל און סאַי איינצעלנע מענשען, ער און זיינע קינדער, און זיין נאָמען און אָנדענק איז הויך געריהמט אומעטום צווישען אידען.

„לויט דער פֿעראָרדנונג פֿון די רבנים, גאונים און ראשי־הישיבות אין די שטעדט פֿון ליטע און פּוילען, וואָס זיי האָבען געגעבען צו די רבנים און גאונים פֿון פּינסק און קאַרלין, איז דאָס אַלץ פֿערשריבען גע־וואָרען, צום פֿערהייליגען די פּרעכטיגע תורה און צום אייביגען אָנדענק".

דאָס איז דער אינהאַלט פֿון דער מגילה, וואָס דערצעהלט אין אַ פּשוט'ער און נאַאיווער פֿאָרם אַן עפּיזאָד, וואָלכער איז זעהר כאַראַקטע־ריסטיש פֿאַר יענער עפּאָכע. „פּדיון שבויים" האָט זיך שטענדיג גערע־

כענט פאַר אַ גרויסע מצוה, און אין אַמאָליגע צייטען פלעגען סאַי גאַנצע קהילות, סאַי איינצעלנע מענשען אייפעריג ערפילען דעם געבאָט וועגען בעפרייען געפאַנגענע. ממילא איז די מצוה געווען נאָך גרעסער, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דערלייזען פון גוי'אישע הענד אַ „ריי־ניגקייט", אַ ספר־תורה. עס איז, אַלזאָ, קיין וואונדער ניט די גרויסע מיה, וואָס ר' שאול לעווין האָט געלעגט אויף אויסצוקויפען די ספר־תורה פון קאַטוילישען קלויסטער, און די אַלגעמיינע פרייד ביי אידען, ווען דאָס האָט זיך איהם ענדליך איינגעגעבען. ווי אַזוי איז די ספר־תורה געקומען צו די מאָנאַכען אין די הענד? וועגען דעם ווערען אין דער מגילה גע־בראַכט צוויי פערשידענע ערקלערונגען. די ערשטע (אַז די ספר־תורה איז מיטגעבראַכט געוואָרען דורך די קרייץ־טרעגער פון ארץ־ישראל) איז קוים ריכטיג, וואָרים ווערדליג איהר אויסזעהן און כתב זעהט ניט אויס, זי זאָל שטאַמען פון מזרח און זיין אַזוי אַלט. פיעל נאַטירליכער איז די צווייטע ערקלערונג. ווי בעוואוסט, האָבען די קלויסטערס אין פוילען פערמאָגט גרויסע קאַפּיטאַלען און זיי פלעגען זעהר אָפט פערלייהען געלד צו די אידישע קהילות. איז עס, דעריבער, זעהר מעגליך, אַז די ספר־תורה איז, אינאיינעם מיט אַנדערע חפצים, פערבליבען ביי די קאַ־טוילישע מאָנאַכען אַלס משכון פאַר אַ געלד־חוב, וואָס האָט געקומט פון אַ אידישער קהילה.

---

די מגילה האָט נאָך צוויי שפּעטערדיגע העברעאישע אויפשריפטען, וועגען וועלכע איך וועל דאָ צוגעבען עטליכע ווערטער.

די ערשטע אויפשריפט דערצעהלט פאָלגענדעס:

„און עס איז געווען אין יאָהר ה'תקס"ו [3]), האָט דער מעכטיגער און קלוגער קייזער אַלעקסאַנדער דער ערשטער (זיין רוהם זאָל דערהויבען ווערען) דערהערט וועגען אָט דער טייערער ספר־תורה, און ער האָט גע־גלוסט זי צו זעהן. און ווען דער קייזער מיט די שרים און געלעהרטע פאַר־שער פון אַלטערטום האָבען דערזעהן די פּרעכטיגע ספר־תורה, האָבען זיי זעהר געלויבט איהר שענקייט און געזאָגט, דאָס זי שטאַמט פון גאָר אַלטע צייטען און זי האָט קיין גלייכען ניט. און דער קייזער האָט געלויבט און געריהמט ר' שאול לעווין פאַר זיין גרויסע איבערגעבענקייט צו גאָט'ס תורה און דערפאַר וואָס ער האָט פערווענדעט אַ גרויס פערמעגען אויף אויסצוקויפען זיין פאָלק'ס הייליגטום. און דער קייזער האָט געזאָגט: דאָס אידישע פאָלק איז ניט עלענד, וויבאַלד עס פערמאָגט אַזעלכע גע־רעכטע און געשעצטע מענשען, ווי שאול לעווין. און דאָס איז פערשריי־

[3]) ד. ה. 1806.

בען געוואָרען צום אָנדענק אויף דער אינערליכער זייט פון דעם אָרון, וואָרים מיט אָט דער תורה האָט מען געבענשט דאָס מיליטער, וואָס האָט אין יאָהר ה'תקס"ז [4]) בעזיעגט דעם שונא ביי פ"ע".

ווען מען זאָל אַפילו לאָזען אָן אַ זייט די מליצות און די גוזמות, איז די געשיכטע זעהר רעטזעלהאַפט. אפשר האָט איינער פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטען'ס מקורבים, וואָס האָט געוואוסט וועגען ר' שאול לעווין'ס ספר־תורה און איהר געשיכטע, מכח דעם דערצעהלט דעם קייזער, און יענער האָט זיך מיט איהר פעראינטערעסירט? וואָס אנבאַלאַנגט די ראשי־תיבות: פ"ע, בעדייטען זיי אָפּנים — פּרייסיש־עיילוי (אין מזרח־פּרייסען), וואו דאָס רוסישע מיליטער האָט אין יאָהר 1807 (דעם 7־טען און 8־טען פעברואַר) בעזיעגט נאַפּאָלעאָן'ס אַרמיי. אפשר האָבען אידען, לויט'ן אַלטען מנהג, מיט דער ספר־תורה בעגעגענט אין פינסק אַ רוסישע מיליטער־אָבטיילונג, וואָס האָט זיך דערנאָך בעטייליגט אין דעם געפעכט ביי פּרייסיש־עיילוי? דאָס זיינען אָבער בלויז השערות; וואָרים אין דער היסטאָרישער ליטעראַטור האָב איך קיין זכר ניט געפונען פון דעם, וואָס עס ווערט דערצעהלט אין דער אויפשריפט, וועלכע איך האָב אָקאָרשט געבראַכט.

נאָך אַ גרעסערע רעטעניש איז אָבער די צווייטע אויפשריפט:

„און עס איז געווען נאָך דעם געפעכט פאַר מאָסקווע [5]), האָט דער קייזער זיך דערמאָהנט אָן אָט דער ספר־תורה און אָן דעם זיעג, וואָס ער האָט אָבגעהאַלטען ביי פּרייסיש־עיילוי אין יאָהר 1807. האָט ער רייך בעשאָנקען ר' שאול'ן, נאָכאַמאָל געליהען ביי איהם די ספר־תורה און בעזיעגט די צוועלף פעלקער. און אין יאָהר ה'תקע"ה [6]) האָט ער די ספר־תורה מיט מוזיק אָבגעשיקט צוריק צו ר' שאול, מיט קייזערליכע מתנות, און בעפוילען צו עהרען איהם, ווי איינעם פון די שרים".

אין די אָפּיציעלע קוועלען און אין די מעמואַרען וועגען דעם קריעג פון יאָהר 1812 ווערט אין ערגיץ ניט דערמאָהנט וועגען אַזאַ מין פאַקט. עס קאָן זיין, אַז די ווייטערדיגע פאָרשונגען וועלען געבען די מעגליכקייט אויפצוקלערען, צי מיר האָבען דאָ בלויז אַ פאַנטאַסטישע לעגענדע אָדער עפּיס, וואָס פערמאָגט אין זיך אַ קערענדיל פון ווירקליכקייט. ווי די זאַך זאָל אָבער ניט זיין, איז די ערצעהלונג זעהר אינטערעסאַנט. העכסט כאַראַקטעריסטיש זיינען די שבחים אויף ר' שאול לעווין'ס פרומקייט און

[4]) 1807.

[5]) ד. ה. ביי באָראָדינאָ, בעת דער מלחמה מיט נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען, אין יאָהר 1812.

[6]) 1815.

איבערגעבענקייט צו דער תורה, וואָס זי ברייגנט אין דעם קייזער'ס נאָ־מען. דאָ שפּיגעלט זיך אָב קלאָר דער קוק פון די דעמאָלטיגע אידען אויף אַלעקסאַנדער דעם ערשטען: זיי האָבען איהם בעטראַכט פאַר אַ סימבאָל פון גערעכטיגקייט, טאָלעראַנץ, פרומקייט און עניוות. ווי בע־וואוסט, האָט אַזאַ פאָרשטעלונג וועגען איהם געהאַט דער אַלטער רבי, ר' שניאור־זלמן, און זי איז דאַן געווען בכלל פערשפּרייט צווישען די ליטווישע אידען. און כאָטש אָט דער בעגריף וועגען אַלעקסאַנדער'ן איז היסטאָריש פאַלש, איז ער זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר די דעמאָלטיגע אידישע אַנשויאונגען.



# פון א פאַמיליען-כראָניק

צווישען די געצעהלטע שטעדט אין דרום-רוסלאַנד, וואָס האָבען שוין אין אָנהויב 19-טען יאָהרהונדערט פערמאָגט די „משכילים" — פאָרשטעהער פון דער בילדונגס-בעוועגונג, פערנעהמט אַ בעזונדער אָרט א ו מ אַ ן (קיעווער גוב.). דאָ האָט געלעבט דער בעוואוסטער חיים-חייקעל הורוויץ (געבוירען אַן ערך אין 1750, געשטאָרבען אין 1822), אַ רייכער סוחר, וואָס פלעגט צוליעב זיינע גרויסע געשעפטען אָפט פאָהרען קיין אויסלאַנד און איז געוואָרען אַ הייסער אָנהענגער פון דער מענדעלסאָנישער אויפקלערונגס-ריכטונג. הורוויץ האָט געהאַט אַן אַנדער בעציהונג צו אידיש, איידער די „משכילים" פון זיין דור און פון דער שפּעטערדיגער צייט, וועלכע פלעגען זיך פערהאַלטען צו דער פאָלקס-שפראַך מיט פעראַכטונג. ער האָט פערשטאַנען איהר גרויסע בעדייטונג אַלס בילדונגס-מיטעל. הורוויץ האָט איבערזעצט אויף אידיש און אָבגעדרוקט אין יאָהר 1817 (אין בערדיטשעוו), אונטער דעם נאָמען „צפנת פענח", קאַמפּע'ס „ענטדעקונג פון אַמעריקע". זיין בוך האָט געהאַט אַן אונגעוועהנליכען ערפאָלג ביי די דעמאָלטיגע לעזער. „דאָס ספר איז אַזוי שטאַרק פערברייטעט געוואָרען, — שרייבט א. ב. גאָטלאָבער אין זיינע עראינערונגען וועגען יענער צייט, — אַז כמעט אַלע אידען האָבען עס געלעזען. פון ווייבער האָט מען ניט וואָס צו ריידען: זיי האָבען פערבויגען דעם „צאינה וראינה" מיט די תחינות, אַפילו די „בבא מעשה", און מען האָט נור געלייענט דעם „קאָלומבוס"... אַפילו גאַנץ פרומע אידען האָבען איהם געלעזען". די גרויסע פּאָפּולאַריטעט פון דעם ווערק האָט אָבער ניט געשטערט צו רעכענען זיין אויפגעקלערטען פערפאַסער פאַר אַ פערשאָלטענעם „אפּיקורס" און בעציהען זיך צו איהם מיט גרעסטער פיינדשאַפט. „ווען חיים-חייקעל הורוויץ איז געשטאָרבען,—דערצעהלט ווייטער גאָטלאָבער, — איז אַרויסגעקומען אַ שם, אַז ער געהט אַרום אינ'ם עולם התהו. מען האָט דערצעהלט מעשיות, ווי מען האָט איהם געזעהן אין דער, אין יענער שטאָדט אַרומגעהן ביי-נאַכט. אַ בעל-עגלה האָט דערצעהלט, אַז עס האָט זיך עמיצער אַ פרעמדער ביי איהם אויפגעדונגען, און ווי ער האָט זיך אַרויפגעזעצט, האָבען די פערד אָנגעהויבען בלאָנדזשען און האָבען געבלאָנדזשעט אַ גאַנצע נאַכט. אין דער פריה איז דער פרעמדער ניט געבליבען — און דאָס איז געווען חיים-חייקעל הורוויץ!" [1]).

---

[1]) „אידישע פאָלקס-ביבליאָטעק", 1-טער באַנד, ז. 255—256.

נאָך אַן איפּעריגער „משכיל” איז געווען חיים־חייקעל׳ס איינציגער זוהן, הירש־בער הורוויץ (1785—1860), אַ מענש מיט אויסגעצייכענטער בילדונג און מיט גרויסע שפּראַך־קענטנישען. דער רוסישער שריפטשטע־לער, פירשט דאָלגאָרוקי האָט אין יאָהר 1810 געמאַכט אַ נסיעה איבער דרום־רוסלאַנד. צווישען אַנדערע שטעדט, האָט ער בעזוכט אויך אומאַן און געלעבט דאָ עטליכע טעג ביי חיים־חייקעל הורוויץ׳ן אין הויז. ער האָט געפיהרט אָפטע געשפּרעכען מיט הירש־בער׳ן און בעוואונדערט זיין בילדונג. אין זיין רייזע־בעשרייבונג רעדט פירשט דאָלגאָרוקי מיט בע־גייסטערונג וועגען איהם [2]). הירש־בער הורוויץ האָט געהאַט אַ באַנק־קאָנטאָר און געפיהרט גרויסע געשעפטען. אַרום 1822 האָט ער גע־גרינדעט אין אומאַן אַ אידישע שול, וואו מען האָט מיט די קינדער גע־לערענט אויך וועלטליכע לימודים. דאָס איז געווען די ערשטע נייע־מאָדישע אידישע שול אין רוסלאַנד (נאָך איהר איז אין יאָהר 1826 גע־עפענט געוואָרען אַזאַ אַנשטאַלט אין אָדעס). די אומאַנער שול האָט אָבער קיין קיום ניט געהאַט. די דאָרטיגע פאַנאַטיקער האָבען תיכף פערפיהרט געגען איהר און איהרע גרינדער אַ קאַמף, און זי האָט זיך אין גיכען פער־מאַכט. ווען הירש־בער הורוויץ האָט מיט עטליכע יאָהר שפּעטער פער־לאָרען זיין פערמעגען, האָט ער מעהר ניט געקאָנט בלייבען אין אומאַן און איז אין יאָהר 1825 אַוועק קיין בערלין. דערנאָך האָט ער זיך בע־זעצט אין ענגלאַנד, וואו ער איז — אונטער דעם נאָמען הערמאַן בער־נאַרד — געוואָרען פּראָפעסאָר פון העברעאיש אין קעמברידזשער אוניווער־זיטעט, אויך פערעפענטליכט עטליכע ענגלישע און העברעאישע ווערק.

מיט אַ פּאָר יאָהר נאָך הורוויץ׳ס אַוועקפאָהר האָט אומאַן בעקומען אַ נייעם אידישען אינטעליגענט — דעם בעוואוסטען בערנאַרד אַבראַמסאָן, איינעם פון די ערשטע אידישע דאָקטוירים אין רוסלאַנד. אין זיין משפחה האָט ער שוין פאָרגעשטעלט דעם צווייטען דור דיפּלאָמירטע אינטעלי־גענץ: זיין פאָטער, יעקב אַבראַמסאָן, האָט אויך געענדיגט דעם מעדי־צינישען פאַקולטעט אין לעמבערג און האָט שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין רוסלאַנד. בערנאַרד אַבראַמסאָן איז געבוירען געוואָרען אין גאַליציע, אין יאָהר 1798. מעדיצין האָט ער שטודירט אין קראָקוי, דערנאָך אין בער־לין, און נאָכדעם ווי ער איז געקומען קיין רוסלאַנד, האָט ער אין יאָהר 1824 געקראָגען דעם דאָקטאָר־טיטול אין פּעטערבורג, אין דער דאָר־טיגער מעדיצינישער אַקאַדעמיע. בעזעצט זיך אין אומאַן, האָט ער בע־קומען גרויסע מעדיצינישע פּראַקטיק אין דעם גאַנצען אַרומיגען ראַיאָן. שפּעטער איז ער בעשטימט געוואָרען אַלס דיוויזיאָנס־דאָקטאָר ביי די „מי־

[2]) Кн. И. М. Долгорукій. “Славны бубны за горами”, стр. 221-224. (Москва, 1870).

ליטערישע דערפער" אין קיעווער גובערניע (אַראַקטשייעוו'ס „וואָיענע פּאָסעלעניעס", וואָס האָבען בעקומען אַזאַ טרויעריגע בעריהמטקייט און וואָס קאָנען בעטראַכט ווערען אַלס פאָרגענגער פון די קאָלעקטיוויזירטע פויערישע ווירטשאַפטען אין סאָוועט-רוסלאַנד). אַבראַמסאָן איז געווען בעגייסטערט מיט דעם אידעאַל פון אידישער אויפקלערונג, איבערגעגע-בען צו די געזעלשאַפטליכע אינטערעסען, און ער האָט געוואָלט ווידער אויפשטעלען אין אומאַן די אידישע קינדער-שול, וועלכע עס האָט געהאַט געגרינדעט הורוויץ. די אומאַנער אָרטאָדאָקסען האָבען אַרויסגעוויזען געגען דעם אַ שאַרפען ווידערשטאַנד, און פון זיין פּלאַן איז גאָרניט גע-וואָרען.

די לאַגע פון די אידישע אינטעליגענטען אין רוסלאַנד איז דאַן גע-ווען זעהר אַ שווערע. זייער צאָהל איז נאָך געווען אויסערסט ווינציג, און די פאַנאַטישע אומגעבונג האָט זיך געגען זיי פערהאַלטען זעהר פיינד-ליך. אין קאַמף געגען די „אפיקורסים" זיינען אַלע מיטלען געווען רעכט. די כראָניק פון יענע צייטען איז פול מיט די האַרבסטע פערפאָלגונגען געגען די געפערליכע אָנהענגער פונ'ם אויפקלערונגס-געדאַנק, בפרט ווען זיי פלעגען אַרויסווייזען אַ וואָסער ס'איז אַקטיוויטעט. ביים בעשיצען דעם אַלטען לעבענס-שטייגער, האָט דער קהל זיך ניט אָבגעשטעלט פאַר די שאַרפסטע שטרייט-מיטלען. מ'קאָן אָנווייזען ניט ווייניג ביישפּיעלען, וואו מענשען זיינען פאַר „אפיקורסות" אויסגעשטאַנען די גרעסטע רדיפות (געווען פאַלען, אַז מען האָט אַזעלכע אפילו אָבגעגעבען פאַר סאָלדאַטען). געגען דעם דר. אַבראַמסאָן זיינען די אומאַנער פאַנאַטיקער געווען זעהר אויפגעבראַכט. ביי יענער געזעלשאַפטליכער לאַגע, וואָס ער האָט פער-נומען, האָבען די געוועהנליכע קאַמף-מיטלען, נאַטירליך, געגען איהם ניט געקאָנט אָנגעווענדעט ווערען. עס איז אָבער דאָ מעגליך געווען נאָך אַן אַנדער גאַנג — מסירה, און ער איז טאַקע אויסגענוצט געוואָרען.

אין די אַרכיוועז פון דער רוסישער געהיים-פּאָליציי האָב איך גע-פונען עטליכע דאָקומענטען, וועלכע קעהרען זיך אָן צו אַ מסירה, וואָס איז געמאַכט געוואָרען אויף דר. ב. אַבראַמסאָן [3]). עס איז כדאי אויף זיי אָבצושטעלען זיך: די דאָקומענטען גיבען אונז עטליכע ביאָגראַפישע מאַטעריאַלען וועגען איינעם פון די ערשטע אידישע דאָקטוירים און גע-זעלשאַפטליכע טהוער אין רוסלאַנד, און צוגלייך שפּיגלען זיי אָב אין זיך יענע פיינדליכע אַטמאָספערע, אין וועלכער דעם אידישען אינטעליגענט איז מיט הונדערט יאָהר צוריק אויסגעקומען צו לעבען.

---

[3]) אַרכיוו פון דער „דריטער אָבטיילונג" (ערשטע עקספּעדיציע), פון יאָהר 1838—נומ. 180.

געווען איז עס אין יאָהר 1838. דער איינדרוק פון דעם פוילישען אויפשטאַנד (1831) איז נאָך געווען פריש. די רוסישע רעגירונג האָט כסדר געזוכט פוילישע אינטריגעס און אומעטום חושד געווען געהיימע פערבינדונגען מיט יענע פוילישע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע עס האָט זיך איינגעגעבען צו עמיגרירען קיין אויסלאַנד. די בעריהמטע „דריטע אָב־טיילונג", וואָס האָט פערוואַלטעט איבער דער פּאָליטישער געהיים־פּאָ־ליציי אין גאַנץ רוסלאַנד, האָט בעקומען פון אומאַן אַ שריפטליכע מסירה, דאַטירט מיט'ן 26־טען אויגוסט 1838. די מסירה איז געווען אַן אַנאָ־נימע; אין דעם צעטעל, צו וועלכען זי איז געווען בייגעלעגט, האָבען די פערפאַסער געשטעלט די אונטערשריפט: „פריינד פונ'ם אמת און שונאים פון די פּאָליאַקען". דער עצם טעקסט פון דער מסירה איז צווי־שען די פּאַפּירען ניט פערבליבען; זיי ענטהאַלטען נור אַ רוסישע אי־בערזעצונג, און דער אויסדרוק „יעווריייסקי", וואָס ווערט דאָ געברויכט וועגען דעם אָריגינאַל, קאָן בעטייטען אי העברעאיש, אי אידיש. אַדרע־סירט איז די מסירה אויפ'ן נאָמען פון דעם בעוואוסטען גענעראַל דובעלט, דעם פערוואַלטער־געהילף פון דער „דריטער אָבטיילונג".

„מיר האַלטען פאַר אונזער פליכט, — שרייבען די מוסרים, — מיט־צוטיילען פאָלגענדעס וועגען איינעם אַ אידישען דאָקטאָר אַבראַמסאָן, וואָס לעבט אין אונזער שטאָדט. 1) עס איז זעהר צו גלויבען, אַז דורך זיינע הענט ווערען אַריבערגעשיקט אַלע בריף און געלד צו די פּאָליאַקען, וועלכע געפינען זיך אין אויסלאַנד. דאָס איז צו זעהן פון אָט וואָס: א) ער בעקומט פון אויסלאַנד צייטונגען, אַפילו אַזעלכע, וואָס זיינען ביי אונז פערווערט; מיט געלד פיהרט ער אַלץ אויס. ב) שוין עטליכע יאָהר שיקט ער זיינע קינדער קיין אויסלאַנד. כלומרשט צו באַזוכען די גימ־נאַזיעס; ניט דאָס איז אָבער דער צוועק פון די נסיעות, וואָרים איין קינד שיקט ער קיין בערלין, דאָס אַנדערע—קיין מינכען, דאָס דריטע— קיין פראַנקפורט, און אַליין פאָהרט ער אויך אַהין, אינאיינעם מיט זיין פרוי. ג) ער בעזוכט ניט זעלטען די פּאָליאַקען, סאַי אין אונזער גובערניע, סאַי אין די דערבייאיגע, אָהן שום ציל. ד) ער נעהמט זיי אויף שטענדיג צו זיך אין הויז, כלומרשט אויף צו היילען זיי, אָבער דאָס איז ניט ריכטיג. ה) די זעלטענע פריינדשאַפט צווישען איהם און די פּאָליאַקען איז עפּיס אומגעוועהנליכס. ו) ענדליך, קאָן אַלס בעוויז דיענען זיין האַס געגען די רוסען. פון דעם אַלעס און פון נאָך אַנדערע זאַכען איז קלאָר צו זעהן, אַז זיין פריינדשאַפט און זיינע בעציהונגען מיט די פּאָליאַקען נעהמען זיך פון דעם, וואָס יענע דערוויסען זיך און בעקומען אַלץ דורך איהם און דורך זיין זוהן. 2) זיין פאָטער, אַן אומוויסענדער רופא אין לעמבערג, פערנעהמט זיך, כאָטש ער האָט ניט געהאַלטען עקזאַמען, שוין אַ צייט

לאַנג אין נעמיראָוו מיט פּראַקטיק, בעזונדערס צווישען פּאָליאַקען, און בעקומט געהאַלט פון פּאָטאָצקי'ן, און ביי איהם אין הויז פערזאַמלען זיי זיך שטענדיג אויף צו דאַוונען. 3) זיין איידעם, דער דאָקטאָר פּאַסאָווער, האָט דורך אַבּראַמסאָן'ס ווירקונג בעקומען אַ רעגירונגס-שטעל אין קיעוו, כאָטש אידען איז דאָרטען פערבאָטען צו לעבען. 4) זיין צווייטען איידעם, דעם דאָקטאָר גאָלדשמידט, פון גאַליציען, האָט ער געשיקט קיין מאָסקווע האַלטען עקזאַמען, און דאָס איז איהם מיט דער הילף פון פּאָליאַקען און געלד טאַקע געלונגען. אין דעם דיפּלאָם, וואָס ער האָט בעקומען אין מאָסקווע, איז ניט אָנגעוויזען, אַז ער איז אַ איד, כאָטש דאָס געזעץ פאָדערט עס. 5) אָבער דאָס ערגסטע און סאַמע פערדראָסיגע פאַר יעדען אָרענטליכען אידען איז דאָס, וואָס ער פערנעהמט איצט אַ רעגירונגס-שטעל — ער איז בעשטימט געוואָרען אַלס דיוויזיאָנס-דאָקטאָר אין קיעווער און פּאָדאָליער גוב., און דאָס איז אַ בזיון פאַר די קריסטליכע דאָקטוירים, עלטערע, אָנגעזעהענע מענשען, מיט מעדאַליען, איצט מוזען זיין אונטערטעניג צו איהם, דעם אידען, וועלכער האָט קיינמאָל דער מלוכה ניט געדיענט, וועלכער האַסט די רוסען, ווייל ער איז אויפגעטראָגען מיט די פּאָליאַקען? אייער עקסעלענץ! מיר זיינען קליינע, אומבעדייטענדע מענשען, און מיר שרייבען ניט צוליעב קנאה, נור ווייל אונז איז טייער דער אמת און ווייל אונז שרעקט די ווירקונג, וואָס אַבּראַמסאָן האָט אין עטליכע גובערניעס... מיר שיקען אָב אונזער בריף פון אַן אַנדער שטאָדט און דורך אַן אַנדער וועג. ענטשולדיגט אונז, אייער עקסעלענץ, וואָס מיר שטעלען ניט אונזערע אונטערשריפטען; די אורזאַך איז קלאָר. אויך בעטען מיר אונטערטעניגסט אייער עקסעלענץ ניט צו סטאַרען זיך דערוויסען, ווער זיינען די פערפאַסער פון דעם דאָזיגען בריף. ווער זיי זאָלען ניט זיין, איז די זאַך ניט קיין קלייניגקייט, און זי איז ריכטיג. אומאַן, 26 אויגוסט 1838".

בעקומען די מסירה, האָט דער הויפּט-פערוואַלטער איבער דער „דריטער אָבטיילונג", גראַף בענקענדאָרף, אָבגעשיקט אַ קאָפּיע פון איהר צום קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר, ד. ביביקאָוו, און איהם פאָרגעלעגט, ער זאָל אויף דר. אַבּראַמסאָן ווענדען בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט און צושטעלען וועגען איהם ידיעות. סוף דעצעמבער 1838 זיינען פון ביביקאָוו'ן אָנגעקומען די אויסקונפטען, וועלכע ער האָט צונויפגעקליבען מכח דעם אומאַנער דאָקטאָר. זיי בעהאַנדלען, נאַטירליך, דערהויפּט די פראַגע וועגען דר. אַבּראַמסאָן'ס פּאָליטישער כשרות; דאָך אָבער ענטהאַלטען זיי אויך אייניגע ידיעות, וואָס האָבען אַ מעהר אַלגעמיינעם אינטערעס. דער קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר האָט מיטגעטיילט וועגען דר. בערנאַרד אַבּראַמסאָן, אַז נאָכ'ן ענדיגען זיין שטודיום אין בערלין,

איז ער געקומען קיין רוסלאַנד צו זיינע עלטערן, אין שטעדטעל נעמי־ראָוו; דאָ האָט ער אויך חתונה געהאַט. העכער ווי מיט צעהן יאָהר צו־ריק איז ער אַריבערגעפאָהרען קיין אומאַן, וואו ער האָט בעקומען די שטעל פון הויף־דאָקטאָר ביים גראַף פּאָטאָצקי. „אַדאַנק זיין מעדיציניִשער געניטקייט, — שרייבט ביביקאָוו, — האָט ער, אַלס דאָקטאָר, אַ גרויסען נאָמען סאַי אין אומאַן, סאַי ביי די אַרומיגע פּריצים. ער פערנעהמט זיך אויך מיט פּריוואַט־פּראַקטיק, אַרויספאָהרענדיג צו די פּריצים לויט זייערע איינלאַדונגען. אויף אַזאַ אופן איז ער בעוואוסט געוואָרען דעם קאָמאַנדיר איבער די „מיליטערישע דערפער״, גראַף וויטיק, וועלכער האָט איהם בעשטימט אַלס דיוויזיאָנס־דאָקטאָר אין קיעווער גוב. דר. אַבראַמסאָן האָט דורך זיין פּראַקטיק ערוואָרבען אַ היבש פערמעגען; ער פיהרט אַן אָנשטענדיג לעבען, וועדליג זיין לאַגע, און עס בעזוכען איהם אַפּט פּוילישע פּריצים און רוסישע בעאַמטע. אַרימע אידען קורירט ער אָהן שום געצאָהלט. אַבראַמסאָן׳ס פרוי איז פרום און היט אָב שטרענג די רעליגיעזע פאָרשריפטען. ביי איהם איז אָבער ניט צו מערקען קיין פרומקייט, ער קומט ניט אין שוהל און עסט אויך ניט־כשר׳ע שפּייזען״. וואָס אנבאַלאַנגט דר. אַבראַמסאָן׳ס פּאָליטישע לאָיאַליטעט, „האָט זיך ביי דער אויספאָרשונג ניט אַרויסגעשטעלט, ער זאָל זיך בעציהען מיט האַס געגען רוסען און זאָל זיין דערהויפּט איבערגעגעבען צו די פּאָליאַקען. ער בעזוכט און נעהמט־אויף ביי זיך נור נאָהענטע בעקאַנטע און פּאַ־ציענטען. אַלע רוסען, וועלכע קענען איהם, רופען זיך אָב גוט וועגען זיין בעציהונג צו דער רוסישער רעגירונג״.

דער קיעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט אויך צוגעשטעלט ידיעות וועגען אַבראַמסאָן׳ס קינדער. ער האָט מיטגעטיילט, אַז ער האָט איין זוהן און דריי טעכטער. דער זוהן, אַדאָלף, איז נייִנצעהן יאָהר אַלט און שטודירט אין בערלין, וואוהין ער איז אַוועקגעפאָהרען אין יאָהר 1836. די עלטערע טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט דעם דאָקטאָר יעקב פּאַ־סאָווער, וועלכער איז געבוירען געוואָרען אין בראָד (גאַליציע) און האָט שטודירט אין אויסלאַנד. אין יאָהר 1834 איז ער געקומען קיין רוסלאַנד, געהאַלטען עקזאַמען אין מאָסקווע, איינִיגע צייט געווען דאָקטאָר ביי דער גימנאַזיע אין קיעוו און איצט דיענט ער אַלס מיליטערישער קרייז־דאָקטאָר אין מעזשיבאָזש (פּאָדאָליער גוב.). אַבראַמסאָן׳ס מיטעלע טאָכ־טער האָט חתונה געהאַט מיט דעם דאָקטאָר אדאלבערט גאָלדשמידט; אַ געבוירענער פון גאַליציע, איז ער קיין רוסלאַנד געקומען אין יאָהר 1837, זיך עקזאַמינירט אין מאָסקווע, און איצט לעבט ער אין׳ם שטעדטיל דאשעוו (קיעווער גוב.), וואו ער דיענט ביי דער גרעפין פּאָטאָצקי אַלס דאָקטאָר. די אינגסטע טאָכטער, ענדליך, איז צוועלף יאָהר אַלט און זי

לערענט זיך נאָך אין אומאַן, אין אַ פּריוואַטער שול. (וועגען דר. אַב־ראַמסאָן׳ס קינדער וועט אונז אויסקומען צו ריידען שפּעטער).

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פראַגע וועגען אַבראַמסאָן׳ס פערבינ־דונגען מיט אויסלאַנד, האָט ביביקאָוו מיטגעטיילט, אַז „ער פיהרט אַן אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענץ נור מיט דעם זוהן און מיט קרובים; ער בעקומט אויך אַ צייטונג פון האַמבורג און בעהאַלט זי ניט פון די, וואָס קומען צו איהם אַריין. העכער ווי מיט צוויי יאָהר צוריק איז ער אינ־איינעם מיט דער פרוי און מיט צוויי טעכטער געוועזן אין אויסלאַנד, אין טשערנאָוויץ, ביי זיין איידעם און טאָכטער גאָלדשמידט, וועלכע האָבען נאָך דאַן דאָרטען געלעבט; פון דאָרטען איז ער אויך פערפאָהרען קיין ווין. אין צוויי מאָנאַטען אַרום איז ער געקומען צוריק און מעהר קיין אויסלאַנד ניט געפאָהרען״. צושטעלענדיג די ידיעות, וועלכע מיר האָ־בען ציטירט, האָט דער קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר מוסיף געוועזן, אַז די אויספאָרשונג וועגען דר. אַבראַמסאָן ווערט געפיהרט ווייטער, און אויב עס וועט זיך אַרויסשטעלען וואָס וויכטיגעס, וועט ער מיטטיילען דער „דריטער אָבטיילונג״. אָנהויב פעברואַר 1839 איז פון ביביקאָוו׳ן אָנגעקומען אַזאַ מעלדונג: „ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען ביי די ווייי־טערדיגע חקירות, בעקומט דר. אַבראַמסאָן, דורך ווילנע, פון לייפּציג און בערלין די פאָלגענדע דייטשע בלעטער: „שטאַטס-צייטונג״, „שנעל־פּאָסט״, „אַלגעמיינע מאָדען-צייטונג״, „מאָדיש-ליטעראַרישע בלעטער״, אויך אויגסבורגער און בערלינער מעדיצינישע זשורנאַלען... קיין פער־דעכטיגע פערבינדונגען מיט שלעכט-געזאָנענע מענשען האָט ער ניט, און אויב ער דערצעהלט זיינע בעקאַנטע אויסלענדישע נייעס, זיינען עס אַזעל־כע, וואָס ער דערוויסט זיך פון די צייטונגען, וועלכע קומען אָן צו איהם״.

קיין איין פּונקט פון דער מסירה געגען דר. אַבראַמסאָן איז, אַלזאָ, ניט בעשטעטיגט געוואָרען, און זי האָט פאַר איהם ניט געהאַט קיין שום פאָלגען. זייער ציעל — אַרויפצוברייינגען אויף דר. אַבראַמסאָן׳ען אַן אמגליק — האָבען די מוסרים ניט דערגרייכט. מיר, איצטער, מוזען אַלענפאַלס דאַנקבאַר זיין די אומאַנער פאַנאַטיקער: דורך זייער מסירה פערמאָגען מיר אַ פּעקיל מאַטעריאַלען, וואָס גיבען אונז אַ קולטור-היסטאָ־ריש בלעטיל פון פאַר הונדערט יאָהר צוריק. מיר בעקענען זיך דאָ נעהענטער מיט איינעם פון אונזערע ערשטע אינטעליגענטען-דאָקטוירים אין דרום-רוסלאַנד, מיט זיין לעבען, טהעטיגקייט, אַפילו מיט זיין ליטע־ראַרישען גוסט. ער מיט זיינע קינדער און איידעמס זיינען ווי אַ מין אינטעליגענטישער אָאַזיס אין אַ פינסטערען, פיינדליכען מדבר. צו שווער און דריקענד איז געוועזן די אומגעבונג אין אומאַן. דר. אַבראַמסאָן האָט זיך אַריבערגעקליבען קיין אָדעס און האָט דאָ ענטוויקעלט אַ גרויסע מע־

דיצינישע און געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט. ער איז געווען בעוואוסט אַלס איינער פון די בעסטע דאָקטוירים אין דער גאַנצער אַרומיגער געגענד, האָט אויך פערפאַסט וויכטיגע מעדיצינישע ווערק. אין דעם אָדעסער אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען האָט ער שטענדיג גענומען אַן ערנסטען אַנטייל. בעזונדערס פיעל האָט ער מיטגעווירקט דעם בעוואוסטען דר. מ. ליליענטאַל בעת יענער איז לויט דעם אויפטראג פונ'ם בילדונגס-מיניסטער אוואַראָוו'ן אַרומגעפאָהרען איבער די אידישע שטעדט און אַגיטירט פאַר גרינדען קינדער־שולען. געשטאָרבען איז דר. ב. אבראַמסאָן אין יאָהר 1874, אין אָדעס.

אבראַמסאָן'ס משפחה פערנעהמט אַ בעדייטענדען אָרט אין דער געשיכטע פון דער אידישער אינטעליגענץ אין רוסלאַנד. אייניגע פון איהרע מיטגליעדער זיינען געוואָרען זעהר בעוואוסט. אַבראַמסאָן'ס אינגסטע טאָכטער, וואָס ווערט דערמאָהנט אין ביביקאָוו'ס בעריכט, האָט שפּעטער חתונה געהאָט מיט דעם רוסיש־אידישען שריפטשטעלער און זשורנאַליסט יוסף ראַבינאָוויטש (געב. 1817, געשט. 1869). פון זיינע בעלעטריסטישע ווערק צייכענען זיך אויס בעזונדערס און האָבען נאָך ביז איצט ניט פערלאָרען זייער אינטערעס די ערצעהלונגען „שטראַפנאָי" און „ירושה־לאָמפּ", וואָס גיבען אַ קינסטלעריש בילד פון די אידישע ליידען אין ניקאָלאַי דעם ערשטען'ס צייטען (רעקרוטשינע, קאַנטאָניסטען, גירושים, רעליגיעזע פערפאָלגונגען). ראַבינאָוויטש איז געווען איינער פון די ערשטע אידען, וואָס האָבען מיט גרויס זעלבסטאַכטונג אויפגעהויבען אין דער רוסישער ליטעראַטור די שטים פון זייער פאָלק און געפאָדערט ניט רחמנות, נור גערעכטיגקייט. זיינע אַרטיקלען וועגען דער אידישער פראַגע פלעגען זיך אין די פּופּציגער יאָהרען דרוקען אין די בעדייטענדסטע רוסישע זשורנאַלען. זיין בעסטע ערצעהלונג „שטראַפנאָי" איז אין יאָהר 1859 ערשינען אין דעם בעוואוסטען זשורנאַל „רוסקי וויעסטניק" און האָט בעקענט די ברייטע רוסישע לעזער־קרייזען מיט דער שרעקליכער פּיין, וואָס אידען זיינען אויסגעשטאַנען בעת ניקאָלאַי'ס ממשלה.

ראַבינאָוויטש'ס וויכטיגסטער אויפטהו איז געווען, וואָס ער האָט אין יאָהר 1860 געגרינדעט (אין אָדעס) די ערשטע רוסיש־אידישע צייטונג — דאָס וואָכענבלאַט „ראַזסוועט". דער „ראַזסוועט" האָט עקזיסטירט נור איין יאָהר, פונדעסטוועגען אָבער פערנעהמט ער זעהר אַ בעדייטענדען אָרט אין דער געשיכטע פון דער רוסיש־אידישער פּרעסע, אַדאַנק זיין מוטהיגען, אונאָבהענגיגען טאָן און פעסט־אויסגעהאַלטענעם ליטעראַרישען כאַראַקטער. ראַבינאָוויטש איז געווען ניט בלויז אַ בעגאַבטער פובליציסט, נור אויך אַן אויסגעצייכענטער רעדאַקטאָר; ער האָט גרופּירט אַרום זיין אָרגאַן די בעסטע ליטעראַרישע כוחות. ביים

גרינדען דעם „ראַזסוועט”, האָט ער פאַר זיך געשטעלט די צווייפאַכיגע אויפגאַבע: אויפדעקען די אינערליכע חסרונות פונ'ם אידישען לעבען, און — פון דער אַנדער זייט — בעשיצען אידען געגען די אונגערעכטע פאָראורטיילען און בעשולדיגונגען, שטרייטען פאַר זייערע רעכט. די צענזור־אומשטענדען האָבען בעשאַפען גרויסע שטערונגען פאַר יענעם טייל אַרבייט, וואָס איז געווען געווענדט צו דער רוסישער עפענטליכער מיינונג, און וואָס ווייטער, איז די לאַגע פון „ראַזסוועט” געוואָרען אַלץ שווערער. און ווען ראַבינאָוויטש האָט אָבגעדרוקט אַן אַרטיקעל וועגען אַ אידיש מיידעל, וואָס מען האָט געכאַפט און געוואָלט אָב'שמד'ן, האָט איהם אויפ'ן אַנדערען טאָג צו זיך אַרויסגערופען דער אָדעסער גענעראַל־גובערנאַטאָר, גראַף סטראָגאנאָוו. „מיט'ן גרעסטען עקעל ברייננ איך אייך, — האָט ראַבינאָוויטש דעם 25־טען אַפריל 1861 געשריבען צו זיין נאָהענטסטען מיטאַרבייטער, ל. לעוואַנדע, — אַ קליינעם טייל פון די דיבורים, וואָס ער האָט צו מיר גערעדט. דאָ איז געווען אי ציניזם, אי גראָבע געוואלט, אי פרעכסטער שקר... סוף כל סוף האָט מען מיר געזאָגט קאַלטבלוטיג, בערעכענט, דריי מאָל ווידערהאָלט: אָט, זאָל מיר ניט געפעלען ווערען עפּיס אַן אַרטיקעל אין אייער זשורנאַל, צי ווייל מיר איז לאַנגווייליג, אָדער צי איך בין שלעכט געשטימט, אָדער פשוט ווייל מיין מאָגען פערדייט ניט, וועל איך תיכף פערמאַכען אייער זשורנאַל! (דער־ביי האָט דער זשורנאַל געהאַט דעם כבוד אָנגערופען צו ווערען — „דער זשידאָווסקער זשורנאַל”). די גאַנצע סצענע האָט געדויערט אַ שעה און איז פאָרגעקומען פאַר צוויי עדות. דער גראַף האָט, אַפנים, געוואָלט, אַז די גרויסע העלדישקייט, וואָס ער האָט ביי זיך אין קאַבינעט אַרויסגע־וויזען געגען אַן אונגליקליכען רעדאַקטאָר, זאָל אומעטום קלינגען. די עקזיסטענץ פון מיין זשורנאַל ווענדט זיך איצט, אַלזאָ, אָן דעם, צי דער אַריסטאָקראַטישער מאָגען אַרבייט גוט, אָדער ניט. אויף צו ראַטעווען דעם זשורנאַל זיינען מעגליך דריי וועגען: 1) פערנעהמען זיך מיט פוסטע קלייניגקייטען, כדי ניט צו רייצען דעם בייזען פריץ, אָדער 2) זיין פשוט אַ מוסר געגען אונזער פאָלק, אויפדעקענדיג בלויז זיינע פינסטערע זייטען, און ניט דערוועגען זיך אַרויסצוזאָגען אַפילו אַ וואָרט אויף צו בעשיצען איהם, וואו מען דריקט און מען שטיקט איהם, אָדער ענדליך, 3) פער־מאַכען דעם זשורנאַל, ביז עס וועלען קומען בעסערע אומשטענדען. קיין איין עהרליכער מענש וואָלט דאָ ניט געצווייפעלט, וואָס פאַר אַ וועג ער זאָל אויסקלייבען, און מיט אַ ריינעם געוויסען שטעל איך אָב מיין זשורנאַ־ליסטישע טהעטיגקייט„. אין מאַי 1861 האָט דער „ראַזסוועט” אויפ־געהערט צו ערשיינען. צו בעסערע צייטען האָט ראַבינאָוויטש ניט דער־לעבט. נאָך דעם „ראַזסוועט” איז ער כמעט פאָלשטענדיג אַוועק פון לי־

טעראָרישער אַרבייט, זיין געזונט איז געוואָרען אַלץ ערגער, און נאָך אַ שווערער קראַנקהייט איז ער אין יאָהר 1869 געשטאָרבען אין מעראַן (טיראָל), בלויז 52 יאָהר אַלט.

גאָר אַ גרויסע בעוואוסטקייט האָט ערוואָרבען דר. אַבראַמסאָן'ס איי־ניקעל (פון זיין עלטערער טאָכטער), אַלעקסאַנדער פּאַסאָווער. געבוירען געוואָרען אין אומאַן אין יאָהר 1840, האָט ער אין יאָהר 1861 געענדיגט מאָסקווער אוניווערסיטעט, וואו ער האָט שטודירט יוריספּרודענץ. שוין אַלס סטודענט האָט ער זיך אויסגעצייכענט דורך זיינע גלענצענדע פעהיג־קייטען, און דאָס בילדונגס־מיניסטעריום האָט איהם געשיקט קיין אויס־לאַנד גרייטען זיך צו פּראָפעסאָר. אַלס איד, האָט ער אָבער קיין פּראָפע־סאָר־שטעל ניט געקראָגען. אייניגע צייט האָט ער געדיענט אין געריכט, געווען פּראָקוראָר־געהילף, נור צוליעב זיין אידישען גלויבען האָט ער ווייטער ניט געקאָנט אַוואַנסירען. דערום איז פּאַסאָווער אין יאָהר 1871 אַריבער צו אַדוואָקאַטור, פריהער אין אָדעס, און זינט דעם יאָהר 1874 — אין פּעטערבורג. אַדאַנק זיין אייזערנער לאָגיק, זיין מערקווירדיגער שאַרפזיניגקייט און זיינע אומגעוועהנליכע קענטעניסען אין אַלע געביטען פון דער יוריספּרודענץ, איז ער אין פערלויף פון כמעט פערציג יאָהר געווען דער בעריהמטעסטער און אָנגעזעהענסטער אַדוואָקאַט אין רוס־לאַנד. צו פּאַסאָווער'ס מיינונגען און ערקלערונגען פלעגען זיך אויפמערק־זאַם צוהערען די העכסטע געריכטס־אַנשטאַלטען; בעדייטענדסטע יוריס־טען פלעגען זיך מיט איהם מישב זיין אין די האַרבסטע פאַלען, און די אַנזיכטען, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט אין פערשידענע פּראָצעסען, האָבען געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די פּראַקטיק פון רוסישען סענאַט. פּאַ־סאָווער האָט אין משך פון דרייסיג יאָהר אָנגעפיהרט מיט די טעאָרעטי־שע בעשעפטיגונגען פון די פּעטערבורגער אַדוואָקאַטען־געהילפען און האָט אויפגעהאָדעוועט אַ גאַנצען דור פּראַקטישע יוריסטען, צווישען וועל־כע עס זיינען געווען ניט וועניג זעהר בעדייטענדע אַדוואָקאַטען (ווי גרוזענבערג, ווינאַווער א. אַז. וו.). ער האָט זיך ערנסט אינטערעסירט אויך מיט אידישע אַנגעלעגענהייטען און גענומען אָנטייל אין דער אַרבייט פון די פּעטערבורגער צענטראַלע אידישע אַנשטאַלטען. אַ מענש מיט אַ זעלטענער בילדונג און מיט ברייטע, פיעלזייטיגע גייסטיגע אינטערעסען, איז פּאַסאָווער געווען אַ ליידענשאַפטליכער ליעבהאָבער פון ביכער. אויף זיין ביבליאָטעק פלעגט ער אויסגעבען אַ בעדייטענדען טייל פון זיינע פערדיענסטען; רוסישע און אויסלענדישע אַנטיקוואַרען האָבען שטענ־דיג פאַר איהם אומעטום איינגעקויפט די טייערסטע און זעלטענסטע ביכער. זיין ביבליאָטעק, וואָס האָט אָנגעהערט צו די רייכסטע פּריוואַטע ביכער־זאַמלונגען אין רוסלאַנד, האָט ער אָבגעשריבען דער וויסענשאַפט־

ליכער אַקאַדעמיע אין פעטערבורג. צווישען אַנדערע מערקווירדיגע קאָ־לעקציעס, האָט פאַסאָוער׳ס ביבליאָטעק אין זיך ענטהאַלטען איין זאַמלונג, וואָס האָט, דוכט זיך, איהר גלייכען ערגיץ ניט: דאָ איז געווען צו־נויפגעקליבען די גאַנצע ליטעראַטור, אין אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכען, וועגען דער אידען־פראַגע, אַנהויבענדיג פונ׳ם ווייטען אלטערטום און ענדיגענדיג מיט אונזער צייט. ער האָט כמעט זיין גאַנץ לעבען מיט דער גרעסטער ליעבע און אויפמערקזאַמקייט געזאַמעלט די דאָזיגע ליטע־ראַטור, ניט אָבשטעלענדיג זיך פאַר קיין שום פּרייז, און מען קאָן אָהן גוזמא זאָגען, אַז דאָ ביי איהם האָט ניט אויסגעפעהלט אַפילו די זעלטענסטע בראָשור, וואָס איז ערגיץ וואו אָדער ווען ס׳איז ערשינען וועגען אידען. אַליין האָט פאַסאָוער כמעט ניט געשריבען; אַחוץ אַן אַרטיקעל אין זיין פעטער׳ס „ראַזסוועט״ און נאָך איינעם אין אַ מאָסקווער זשורנאַל, איז מיר ניט בעוואוסט, ער זאָל האָבען נאָך עטוואָס אָבגעדרוקט.

אַלס סטודענט האָט פאַסאָוער זיך פערליעבט אין זיין קוזינע— יוסף ראַבינאָוויטש׳ס טאָכטער, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר מערקווירדיגער שענקייט. זיין געפיהל האָט אָבער ביי איהר קיין אָב־קלאַנג ניט געפונען. זי האָט חתונה געהאַט מיט דעם שפּעטערדיגען פאַריזער מיליאָנער אפרותי, און פאַסאָוער איז אויף שטענדיג פערבליבען אַ בחור. געשטאָרבען איז ער אין פעטערבורג, אין יאָהר 1910.

דר. אַבראַמסאָן׳ס אייניקעל (פון זיין בן־יחיד אַדאָלף׳ן) איז אויך געווען דער בעוואוסטער אייזענבאַהן־אינזשענער אַרטור אַרבאַמסאָן (געב. אין אָדעס, אין יאָהר 1854), דער גרינדער און רעדאַקטאָר פון דעם רו־סישען טעכנישען זשורנאַל „אינזשענער״. אַלס איינער פון די בעדיי־טענדסטע ספּעציאַליסטען אין רוסלאַנד, האָט ער אין דער צאַרישער צייט פערנומען אַ הויכען אַמט אין דער אייזענבאַהן־פערוואַלטונג; אויך האָט ער פערפאַסט פיעל וויכטיגע וויסענשאַפטליך־טעכנישע ווערק.

●

# די טראַגעדיע פון אַ אידישער פרוי

**איינזאם**, פערעלענדט איז אין יאָהר 1920 געשטאָרבען אין מינסק פאולינע װענגעראָװ, די פערפאַסערין פון די בעװאוסטע צװײ-בענדיגע „זכרונות פון אַ באָבען", װאָס זיינען ערשינען אין דייטשער שפּראַך אין בערלין[1].

פאולינע װענגעראָװ האָט דערגרייכט אַזאַ עלטער, װאָס ניט יעדער איז עס זוכה — זי האָט אָבגעלעבט העכער פון נײנציג יאָהר. אָבער כמעט ביז די לעצטע טעג איז זי פערבליבען ביים קלאָרען פערשטאַנד, און װעמען עס איז אױסגעקומען די לעצטע יאָהרען צו טרעפען זיך מיט איהר, דער פלעגט ניט-װילענדיג בעװאונדערן די זעלטענע גייסטיגע און אַפילו פיזישע ריהרעװדיגקייט פון דער זקנה, די אונגעװעהנליכע פרישקייט פון איהר שכל און פון אַלע איהרע חושים. בעזונדערס מערק-װירדיג איז אָבער שטענדיג געװעזען די קלאָרקייט פון איהר זכרון. מען קאָן זאָגען, אַז די נאַטור האָט זי רייך בעשאָנקען מיט אַ בעזונדער טאַ-לאַנט — מיט אַ זעלטענעם זכרון נישט נור פון מוח, נאָר אויך פון האַרץ, װאָס איז אימשטאַנד אַרויסצורופען פון דער טיעפער פערגאַנ-גענהייט, אויפפרישען, ממש מחיה-מתים זיין ניט נור די װייטעסטע פאַק-טען און אויסערליכע געשעהנישען, נור אויך די געפיהלען און שטימונגען, װאָס זיינען איבערגעלעבט געװאָרען פיעל, פיעל צענהדליגע יאָהרען צו-ריק. אַזאַ מין טאַלאַנט איז בעזונדערס װיכטיג און נויטיג פאַר אַ מע-מואַריסט. פאולינע װענגעראָװ האָט איהם פערמאָגט אין אַ הויכען גראַד, און ער האָט איהר געגעבען די מעגליכקייט אָנצושרייבען אַ בוך, װאָס געהער אָן צו די בעסטע װערק פון דער אידישער מעמואַרען-ליטעראַטור — איהרע „זכרונות פון אַ באָבען". דער זכרון פון געפיהל איז בכלל ביי פרויען געװעהנליך פיעל שטאַרקער, איידער ביי מאַנסבילען, און עס איז ניט קיין צופעליגע זאַך, װאָס די שענסטע מעמואַרען, װעלכע אונזער ליטעראַטור קאָן אָנרופען, זיינען אָנגעשריבען געװאָרען דורך פרויען — גליקעל האַמעלן (אין 17-טען יאָהרהונדערט) און פאולינע װענגעראָװ.

אַזוי װי אויך גליקעל האַמעלן, איז פאולינע װענגעראָװ ניט געװעזען קיין פּראָפעסיאָנעלע שריפטשטעלערין; זי איז מעהר ניט װי אַ ליעבע, קלוגע, טרייע „באָבע", װאָס האָט פיעל, פיעל געזעהן און געהערט, אַ

[1]) "Memoiren einer Grossmutter" (1908 und 1910).

סך איבערגעלעבט און אויסגעשטאַנען, און וואָס פיהלט אַן אינערליך בע־דערפעניש צו דערצעהלען אונז וועגען דעם. „די ווייטע געשעהנישען", שרייבט זי אין דער פאָררעדע צו איהרע „מעמואַרען", „שטעהען פאַר מיר פריש און לעבעדיג, פונקט ווי זיי וואָלטען פאַרגעקומען ערשט נעכ־טען. מיט יעדען יאָהר פלעגט ביי מיר וואַקסען דאָס בעדערפעניש צו פערצייכענען אויף'ן פאַפיר אַלץ, וואָס איך האָב איבערגעלעבט און גע־זעהן, און ביי מיין איצטיגען לעבען, וואָס איז אויף דער עלטער געוואָרען אַזוי איינזאַם, איז דער רייכער מאַטעריאַל, וועלכען איך האָב אויף אַזאַ אופן צונויפגעקליבען, געוואָרען פאַר מיר אַ קוואַל פון די שענסטע שטונ־דען, רייך אין טרייסט. עפּיס אַ מין יום־טוב איז עס פאַר מיר, ווען איך נעהם אין די הענד יענע נאָטיצען און בלעטער זיי דורך, אַמאָל מיט שטי־לע טרעהרען, אַמאָל מיט אַן איינגעהאַלטענעם שמייכעל. איך בין דע־מאָלט שוין מעהר ניט עלענד, איך געפין מיך אין אַ ליעבער, טייערער אומגעבונג. פאַר מיין גייסטיגען בליק געהען פאָראיבער, פונקט ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ, גאַנצע זיעבען יאָהרצעהנדליגע, פול מיט שטורם און דראַנג, און די פערגאַנגענהייט ווערט פערוואַנדעלט אין לעבעדיגע געגענ־וואַרט: די פרעהליכע זאָרגלאָזע קינדהייט אינ'ם עלטערען־הויז, דערנאָך, אין די שפּעטערדיגע יאָהרען — ערנסטערע בילדער, לייד און פרייד פונ'ם דעמאָלטיגען אידישען לעבען און פערשידענע בילדער פון מיין אייגענעם הויז־לעבען. די אַלע עראינערונגען פערמילדערן מיר מיינע איינזאַמע, שווערע שטונדען, די ביטערקייט פון די לעבענס־ענטוישונגען, וואָס קיין איינציגער איז פון זיי ניט פּטור. אין אַזוינע שטונדען פער'־גנב'עט זיך אין דאָס אַלטע האַרץ די האָפנונג — אפשר איז עס ניט קיין אומזיסטע אַרבייט אויך פאַר אַנדערע, וואָס איך האָב מיט זאָרג צונויפ־געקליבען אָט די געל־געוואָרענע בלעטלעך וועגען די וויכטיגערע געשעה־נישען, די מורא'דיגע פערענדערונגען אינ'ם אידישען קולטורעלען לעבען אין דער ליטע פון די 40־ער און 50־ער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט, וועלכע האָבען אויך מיר פערזענליך בעריהרט. אפשר אינטערעסירט עס די איצטיגע יוגענד צו בעקענען זיך מיט דעם, ווי אַזוי מען האָט געלעבט אין די אַמאָליגע צייטען. און אויב איך וועל כאָטש איינעם פון מיינע לעזער עטוואָס געבען, וועט מיין לוין זיין גרויס". „איך בעט מיינע לע־זער, זיי זאָלען זיך צו מיר ניט פערהאַלטען שטרענג. איך בין ניט קיין שריפטשטעלערין, און איך וויל אויך ניט אַרויסטרעטען ווי אַ שרייבערין. איך בעט צו בעטראַכטען אָט די נאָטיצען נור ווי אַ ווערק פון אַן אַלטער פרוי, וואָס דערצעהלט אין דעם איינזאַמען בין־השמשות פון איהר לעבענס־אָווענד וועגען דעם, וואָס זי האָט איבערגעלעבט און ערפאַהרען אין אַזאַ צייט, וועלכע איז געווען פול מיט וויכטיגע געשעהנישען".

אַז די לעצטע בעמערקונג איז אָבער נור אַן עניוות פון דער ליעבער „באָבען" — דערין איבערצייגט אונז תיכף איהר ווערק. פּאולינע ווענגעראָוו פערמאָגט אַ בעדייטענדען ליטעראַרישען טאַלאַנט. די בילדער און פיגורען, וועלכע זי מאָלט, זיינען פול מיט פאַרבען, מיט זאַפט און זיי שטעהען פאַר אונז ווי לעבעדיגע. איהר סטיל איז דורכגעדרונגען מיט אַ בעזונדער חן און האַרציגקייט. די צייט האָט ניט פערהיילט די פיעלע וואונדען, וואָס זי האָט בעקומען אין׳ם לאַנגען לעבענס־קאַמף, נור פערמינדערט דעם ווערהטאָג זייערן. די קלוגע, ליבע „באָבע" פערשטעהט מילד, געלאַסען, מיט אַ האַרציגער ווייכקייט און אָפטמאָל מיט אַ הומאָריסטישען שמייכעל צו דערצעהלען אָפילו וועגען די טרויעריגע געשעהנישען פון איהר לעבען — און לייענענדיג איהרע שענע, רוהיגע ערצעהלונגען, בעקומט איהר דעמזעלבען תענוג, ווי אַמאָל קינדוויז צוהערענדיג זיך צו אייער באָבע׳ס שטילע ליעדער און מעשיות.

די מעמואַרען פון פּאולינע ווענגעראָוו זיינען בעצם — אַ פאַמיליען־כראָניק. מעהר ווי אַ העלפט פונ׳ם ערשטען באַנד פערנעהמט אַ גרויס קפּאַיטעל „אַ יאָהר אינ׳ם עלטערען־הויז", און די איבעריגע קאַפּיטלען זיינען אויך צונויפגעפלאָכטען מיט די געשעהנישען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער פאַמיליע, וואו זי איז אויפגעוואַקסען. זי דערצעהלט אויספיהרליך וועגען איהרע קינדערשע יאָהרען, פרייד און זאָרגען, וועגען איהרע עלטערן און די איבעריגע מיטגליעדער פון דער משפחה. זי בעשרייבט געטנוי די וואָכען־טעג און יום־טובים, די לעבענס־אַרט אינ׳ם עלטערן־הויז, די געשעהנישען, וואָס האָבען זיך דאָ אָבגעשפּיעלט און טיעף געווירקט אויף דעם קינד׳ס נשמה. פּאולינע ווענגעראָוו איז געבוירען געוואָרען אין באָברויסק, אין אַ גבירישער און מיוחס׳דיגער משפחה. איהר פאָטער, יהודה עפּשטיין, איז געווען אַ רייכער, אָנגעזעהנער פּאָדריאַטשיק און אַ גרויסער למדן. ער האָט אָבגעדרוקט אַ ספר מיט זיינע חידושים אויף ש"ס, „מנחת יהודה" (וואַרשע, 1877). פונדעסטוועגען איז אָבער די סביבה, וועלכע זי בעשרייבט, — אַ טיפּישע פאַר יענער צייט. אין די 30־ער יאָהרען פון פאַריגען יאָהרהונדערט איז דער אונטערשיד צווישען איינצעלנע געזעלשאַפטליכע שיכטען אינ׳ם ליטווישען אידענטום נאָך ניט געווען שאַרף, דער אָבגרונד צווישען רייך און אָרים, צווישען דער אינטעליגענץ און דער מאַסע נאָך ניט געווען אַזוי טיעף, ווי אין דער שפּעטערדיגער צייט. דאָס אידישע לעבען האָט נאָך געטראָגען אַן איינהייטליכען כאַראַקטער. דאָס איינציגע קענטעניש, וואָס איז דעמאָלט געווען חשוב — די תורה, — האָט פערמאָגט כמעט יעדער איד, און דער אונטערשיד צווישען איינצעלנע מענשען איז בעשטאַנען נור אין דעם גראַד פון זייער לומדות. די פיגורען, סצענעס, פאַקטען און

שטימונגען, וועלכע פאולינע ווענגעראָוו שילדערט, זיינען כאַראַקטעריסטיש ניט נור פאַר איהר הויז-געזינד; מיר בעקומען דאָ אַ ברייט און קלאָר בילד פונ'ם אידישען לעבען אין דער ליטע פון די 30-40-ער יאָהרען. די „מעמואַרען פון אַ באָבען" זיינען אַ גאַנצע ענציקלאָפעדיע פונ'ם אַמאָ־ליגען אידישען לעבען, מיט זיין גייסטיגען און געזעלשאַפטליכען בוי, מיט זיינע זיטען, מנהגים, וועלט-אונשויאונגען, מאָראַל, פּאָעזיע, פאָלקלאָר; זיי שטעלען פאַר אַ רייכען אוצר, וואו עס וועט הויפּטזעכליך שעפּען יעדערער, וואָס וויל זיך געגוי בעקענען מיט דעם אידישען לעבען פון יענער צייט.

דאָס איז געווען אַ בעזונדער מין וועלט, אַן איינהייטליכע און אָריגי־נעלע, וואו תורה און אמונה האָבען געלעגט זייער שטעמפעל אויף דעם גאַנצען לעבענס-שטייגער, אויף אַלע געזעלשאַפטליכע בעציהונגען. פאַ־מיליען-לעבען, ערציהונג, אויף אַלע שטרעבונגען און מחשבות פונ'ם דעמאָלטיגען אידען; וואו דאָס היזיגע לעבען איז געווען נור אַ מין פּאָרהויז צום קומענדיגען, מאַטעריעלע ענינים און זאָרג האָבען געהאַט אַ ווערדע און זיינען געווען נויטיג נור דערום אַליין, ווייל אָהן דעם איז אונמעגליך דאָס איינציג וויכטיגע — דיענען דעם בורא, ערפילען זיין געבאָט און לערנען זיין תורה; וואו די וואָכען-טעג מיט זייערע דאגות און האָוועניש זיינען געווען מעהר נישט ווי עטאַפּען צווישען שבתים, ווען דער איד פלעגט פערגעסען אַן גשמיות, אַן אַלע וועלטליכע הבלים. דאָס איז געווען, ווי איינער האָט אַמאָל געזאָגט, אַ שמאָלע וועלט, דערפאַר אָבער אַ הויכע, וואָס האָט אָנגעשפּאַרט ביז אין זיבעטען הימעל. דער עלעמענט פון רוחניות, וואָס האָט דורכגעדרונגען דאָס לעבען פונ'ם אידען, האָט אַלעמען צונויפגעבונדען אין איין גאַנצעס, וואו יעדער פלעגט קאָנען בעפרידיגען אַלע זיינע גייסטיגע פאָדערונגען און בעדערפעגישען. יענע וועלט איז שוין לאַנג פאַראיבער — דער לעבענס-גאַנג און די צייט האָבען פון איהר קיין זכר ניט איבערגעלאָזט. אָבער בעת עס וויקלען זיך פונאַנ־דער אין דער „באָבע'ס" ערצעהלונגען די בילדער פון יענעם, שוין-לאַנג פערגאַנגענעם לעבען, דערוועקט זיך אין אייך אָפט ניט-ווילענדיג עפּיס אַ בענקעניש, אַ מין געפיהל פון קנאה צו דער אַמאָליגער וועלט, וואָס האָט פערמאָגט אין זיך אַזאַ גאַנצקייט, האַרמאָניע, נישט געוואוסט פון יענעם ריס, צובראָכענקייט, פון וועלכען עס ליידט דער היינט-וועל־טיגער איד.

אָבער שוין צום סוף פון דער „באָבע'ס" קינדער-יאָהרען האָבען אָנ־געהויבען זיך בעווייזען די ערשטע סימנים פון יענע ענדערונגען, וואָס האָבען דערנאָך צושטערט די גאַנצקייט פונ'ם אידישען לעבען. אין דעם קאַפּיטעל „דער בעגין פון דעם אויפקלערונגס-פעריאָד" גיט אונז פאולינע ווענגעראָוו אינטערעסאַנטע ערא־ינערונגען וועגען דער ענטשטעהונג פון

דער השכלה־בעוועגונג צווישען אידען אין אָנהויב 40־ער יאָהרען, וועגען דר. ליליענטאַל׳ס אָנקומען קיין בריסק (וואוהין איהרע עלטערן האָבען זיך בעזעצט פון באָברויסק), וועגען דעם איינדרוק, וועלכען עס האָט געמאַכט זיין אַגיטאַציע, ווי אויך דער רעגירונגס־בעפעהל אָבצושאַפען די אידישע קליידונג; זי דערצעהלט וועגען די ערשטע סימנים פון דער צושפּאַלטונג צווישען יונג און אַלט, קינדער און פּאַטערס, וואָס מען האָט אָנגעהויבען פיהלען און וואָס האָט געפונען אַ געוויסען אָבקלאַנג אין איהר עלטערן׳ס הויז. דאָס זיינען אָבער נאָך געווען שוואַכע, אונשולדיגע, קוים מערקבאַרע צייכענס פון די באַלדיגע טיפע ענדערונגען. דאָס לעבען אינ׳ם עלטערן־הויז האָט זיך געצויגען אויף׳ן פריהערדיגען שטייגער. אויב מען האָט די קומענדיגע „באָבע״ געלערענט אויך דייטש און רוסיש, האָט עס פּאַלקאָם געשטימט מיט דער אַלטער טראַדיציע, וואָס איז בנוגע צו דער ערציהונג פון מיידלעך געווען מעהר ליבעראַל.

פון דער נאַטור איז פּאולינע ווענגעראָוו געווען זעהר רעליגיעז, און די גאַנצע הויז־פיהרונג, ווי בכלל דאָס אַרומיגע פּאַטריאַרכאַלע לעבען האָט נור געקאָנט קרעפטיגען אין איהר דאָס רעליגיעזע געפיהל; די טראַדיציע, מיט וועלכער עס איז געווען דורכגעדרונגען די אַטמאָספערע אינ׳ם הויז, איז געוואָרען איהר צווייטע נאַטור, אַ גרונד־טייל פון איהר גייסטיגען וועזען. פּונקט ווי גליקעל האַמעלן האָט איינגעזאַפּט אין זיך די אידישע רעליגיעז־זיטליכע אַטמאָספערע פון 17־טען יאָהרהונדערט, אַזוי איז פּאולינע ווענגעראָוו געווען טיף דורכגעדרונגען מיט דער אידישער פּאַטריאַרכאַלער אַטמאָספערע פון איהר יוגענד־צייט. און וואָלט זי געבוירען געוואָרען מיט עטליכע צעהנדליג יאָהר פריהער, וואָלט זי געוויס אָבגעלעבט איהר וועלט רוהיג און שטיל, ווי טויזענדער אידישע טעכטער פון די פריהערדיגע דורות. איהר מזל איז אָבער געווען, אַז די זעלבסטשטענדיגע, בעוואוסטזיניגע יאָהרען איז איהר בעשערט געוואָרען איבערצולעבען אין אַ שטורמדיגער איבערגאַנגס־צייט, האַנד־ביי־האַנד מיט אַ מענשען, וואָס איז געווען פערכאַפּט דורך די נייע שטרעמונגען, וועלכע האָבען זיך אַריינגעריסען אין אידישען לעבען. דאָס איז געווען אַ טרויעריג מזל. דאָס לעבען האָט אָהן רחמנות געבראָכען אַלץ, האָט אָהן אויפהער געפאָדערט פון איהר קרבנות, געפאָדערט, זי זאָל זיך כסדר אָבזאָגען פון אַלעם דעם, מיט וואָס איהר גייסטיג און מאָראַליש וועזען איז געווען אונטיילבאַר צונויפגעבונדען. און דאָס טרויעריגסטע איז בעשטאַנען דערין, וואָס אַל די בלוטיגע וואונדען פלעגען פערשאַפט ווערען דורך ליעבענדע הענד; פאָדערן פון איהר די שווערסטע קרבנות פלעגען די סאַמע נאָהענטסטע, טייערסטע מענשען.

אין יאָהר 1849 איז דאָס מיידעל געוואָרען אַ כלה. דער חתן איז

געווען פון אַ ווייטער געגענד—פון מאַלאָראָסיע. קיין בריסק איז געקומען זיין רבי, וואָס דער פאָטער האָט געשיקט צוליעב דעם שידוך, מכח וועלכען מען האָט זיך אַפריהער דורכגעשריבען. דער שליח איז געווען ביי זיי צו-הויז כלומרשט „צופעליג״ געזעהן די כלה, און דער שידוך איז פּרינציפּיעל בעשלאָסען געוואָרען. דערנאָך איז מען זיך צונויפגעפאָהרען ניט ווייט פון בריסק. דער כלה'ס פאָטער איז אַוועק אָבטהון דאָס וויכטיגסטע, אָן וואָס ס'האָט זיך ענדגילטיג געווענדט דער ענין — פערהערען דעם חתן אין גמרא. ער איז געקומען צוריק אַ צופריעדענער און פרעהליכער. די יונגע-לייט האָט מען געגעבען די מעגליכקייט צו בעקענען זיך נאָך פאַר תנאים; מען האָט זיי אַפילו איבערגעלאָזט אויף עטליכע מינוט אונטער פיער אויגען. דאָס איז שוין געווען אַ מין פּראָגרעס, אַן אָבקלאַנג פון יענעם נייעם, וואָס האָט אָנגעהויבען אַריינצודרינגען אַפילו אין די סאַמע פּאַטריאַרכאַלע הייזער: די עלטערע שוועסטער, וואָס איז אויסגעגעבען געוואָרען מיט עטליכע יאָהר פריהער, האָט צום ערשטען מאָל דערזעהן דעם חתן נור פאַר דער סאַמע חופּה. פּאַולינע'ס חתונה איז געווען אין אַ יאָהר אַרום אין קאָנאָטאָפּ. אויפ'ן אַנדערן טאָג האָט מען דעם יונג ווייבעל אָבגעשאָרען די האָהר און אָנגעטהאָן אַ פּאַרוק. דאָס איז ווידער געווען אַ שטיקעל פּראָגרעס: די עלטערע שוועסטער האָט נאָך דער חתונה בעקומען ניט קיין פּאַרוק, נור אַ האָהר-באַנד. אָבגעהוליעט עטליכע טעג, זיינען כלה'ס צד אַוועקגעפאָהרען צוריק אַהיים, און דאָס יונגע פּאָר-פאָלק איז געבליבען אויף פיער יאָהר „קעסט״ אין קאָנאָטאָפּ. די אומגעבונג איז געווען אַן אונבעקאַנטע און נייע. דאָס רוב אַיינוואוינער אין קאָנאָטאָפּ זיינען געווען קריסטען, און דער גאַנצער אָנבליק פון דער שטאָדט איז געווען גאָר אַן אַנדערער, ווי אין בריסק. און די גאַנצע אַטמאָספערע אינ'ם הויז איז אויך געווען אַן אַנדערע. די משפחה וועגנעראָוו איז געווען אַ חסיד'ישע. דער שוועהר האָט זיך פערנומען מיט בראַנפען-„אָטקופּ״ און ממילא געפיהרט בעקאַנטשאַפט מיט קריסטען. אין שטוב האָט געהערשט אַ מישמאַש פון פרומקייט מיט ניט-אידישע געוועהנהייטען. די שבתים און יום-טובים, כאָטש מען פלעגט זיי שטרענג אָבהיטען, האָבען ניט געהאַט אין זיך יענע פּאַטריאַרכאַלע פייערליכקייט, צו וועלכער די יונגע פרוי איז געווען אַזוי צוגעוועהנט אינ'ם עלטערן-הויז פון קינדהייט אָן. דער מאַן איהרער פלעגט די ערשטע צייט, ווי פריהער, לערנען גמרא, לייענען קבלה-ספרים; אָבער נאָכדעם ווי ער איז איינמאָל געפאָהרען צום „צדיק״, איז ער צוריקגעקומען עפּיס אַן אַנדערער. אמת, ער האָט געלערענט גמרא, אָבגעהיט די דינים ווי פריהער, אָבער פון דער התלהבות איז קיין זכר ניט געבליבען. ער האָט אָנגעהויבען אַריינצוקוקען אין השכלה-ביכער, איז אַריינגעפאַלען אין ספקות

און געוואָרען אַן „אפיקורס". ער האָט זיך אָנגעהויבען ערלויבען פער־שידענע קליינע עבירות. דאָס האָט טיעף געקרענקט זיין רעליגיעזע פרוי. עס איז דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז ער האָט זיך אָבגעגאָלט די באָרד. די פרוי איז געוועזן אויסער זיך. אין יענע צייטען איז אַזוינס געווען אַ געוועהנליכע זאַך, וואָס מיכל גאָרדאָן האָט וויציג געשילדערט אין זיין בע־וואוסט ליעד „די באָרד". אויף אַלע איהרע טענות און בקשות האָט די יונגע פרוי בעקומען פון איהם דעם ענטפער, אַז אַ אידענע מוז פאָלגען דעם מאַן און ערפילען ז י י ן ווילען. סכסוכים פלעגען ביי איהם פאָר־קומען אויך מיט די עלטערן, וואָס זיינען געווען שטאַרק אונצופריעדען מיט זיין שטייגענדער „אפיקורסות".

די פיער יאָהר קעסט זיינען פאָראיבער, עס זיינען געבוירען געוואָ־רען קינדער, און ס'איז געקומען די צייט צו פערפיהרען אַ זעלבסטשטענ־דיג לעבען. דער יונגער־מאַן האָט זיך מיט דער פאַמיליע בעזעצט אין לובען און פערנומען זיך מיט „אַקציז". דאָ אין לובען האָט ער שוין ניט געהאָט איבער זיך די אויפזיכט פון די עלטערן, און ער האָט אַראָבגע־וואָרפען פון זיך דעם עול פון רעליגיעזע מנהגים. דער לעבענס־שטייגער איז געווען דערזעלבער, ווי ביי ס'רוב „אַקציזניקעס" — אַ פרייער, בריי־טער, וואָס האָט נישט געוואָלט וויסען פון קיין שום טראַדיציע. אַ זכר פון דעם האָבען מיר אין דעם בעוואוסטען פאָלקס־ליעד:

די אַקציזנע יונגע־לייט
זיינען זעהר פערשייט —
גאָלען די בערדלעך
און רייטען אויף פערדלעך,
געהען אין קאָלאָשען
און עסען אונגעוואַשען,
אין טראַקטירען טרינקען טהיי,
און דער פרוי איז ווינד און וועה...

די געשעפטען זיינען אַוועק ניט גוט, און מען האָט געמוזט אַריבער־פאָהרען קיין קאָוונע, דערנאָך קיין ווילנע און פעטערבורג. דער עסק „אַקציז" איז אינצווישען בטל געוואָרען. ס'האָבען זיך אָנגעהויבען די 60־ער יאָהרען, וואו עס האָבען זיך אַריינגעריסען אין אידישען לעבען גאַנצע כוואַליעס נייע שטרעמונגען, שטימונגען און חרוב געמאַכט אַל דאָס אַלטע, וואָס זיי האָבען געטראָפען אויף זייער וועג. פאולינע ווענגעראָוו'ס מוטער, אַ קלוגע, געניטע אידענע, פלעגט אָפטמאָל זאָגען: „צוויי זאַכען ווייס איך אויף קלאָר: איך און מיין דור וועלען אָבלעבען אונזערע יאָהרען ווי אידען און שטאַרבען ווי אידען; אונזערע אייניקלעך וועלען געוויס ניט אָבלעבען זייער וועלט ווי אידען און וועלען ניט שטאַרבען אידען.



**פּאַולינע ווענגעראָוו**

(אין דער צייט אַרום 1907, ווען זי האָט געשריבען איהרע *Memoiren einer Grossmutter*)



**אַדאָלף לאַנדוי** (1842—1902)

(צום אַרטיקעל דער „וואָסכאָד" און זיין גרינדער אין 1-טען באַנד)

וואָס וועט אָבער זיין מיט אונזערע קינדער — דאָס איז פאַר מיר אַ רע־טעניש". דעם ענטפער אויפ'ן רעטעניש גיט אונז די טרויעריגע ערצעה־לונג פון איהר טאָכטער. די יונגע מאַנסבילען זיינען דאָס רוב פערכאַפּט געוואָרען דורך דעם נייעם שטראָם; די אַמאָליגע פאַמיליען־אידעאַלען זיינען פערשוואונדען. און פאַר יענע פרויען, וואָס זיינען געווען טיעף דורכגעדרונגען מיט דער פּאַטריאַרכאַלער טראַדיציע, האָט געמוזט ענט־שטעהן אַ שווערער קאַמף אין זייער אייגענעם פאַמיליען־קרייז. דער מאַן האָט זיך האַרב געשטעלט געגען דער פרוי'ס פערלאַנג, אַז צוגלייך מיט דער אַלגעמיינער בילדונג זאָלען די קינדער בעקומען אויך אַ אידישע, לערנען דאָס, וואָס איהר איז געווען טייערער פון אַלץ. אויסגעפיהרט האָט ער. מיט איהר ווילען, מיט איהרע שטימונגען און אָנזיכטען האָט מען זיך לחלוטין ניט געוואָלט רעכענען. אָט דער מין מענער „פלעגען, פרעדיגענדיג אין דער געזעלשאַפט אַל די נייעסטע אידייען מכח פריי־הייט, גלייכהייט ביי זיך אין דער־היים זיך פיהרען געגען זייערע פרויען ווי די גרעסטע דעספּאָטען, פאָדערן, מען זאָל זייער ווילען ערפילען אָהן שום טענות". פאַר דער פרוי אין די אויגען פלעגט מען טרעטען מיט די פיס אַל דאָס רעליגיעזע, טראַדיציאָנעלע, אַלץ וואָס איז איהר געווען ליעב און הייליג. נאָכמעהר: מען האָט פון איהר געפאָדערט, זי אַליין זאָל זיך טהעטיג בעטייליגען אין דער צושטערונג. ס'פערשטעהט זיך, ניט די שוואַכע פרוי האָט געקאָנט בייקומען אין דעם קאַמף, וואו אַלץ — די נאָהענטסטע מענשען, די לעבענס־בעדינגונגען, דער צייט־גייסט — אַלץ איז געווען געגען איהר, געגען איהרע אידעאַלען און שטרעבונגען. לייענענדיג אין פּאולינע ווענגעראָוו'ס טאָג־בוך (1871), ווי זי קלאָגט מיט טרעהרען, וואָס אויף דעם מאַן'ס בעפעהל האָט זי נאָך אַ לאַנגען קאַמף געמוזט פערפיהרען ביי זיך אַ טרפה קיך, פיהלט איהר, — ווי פרעמד די זאַך זאָל אייך אַפילו ניט זיין, — אַז איהר האָט דאָ פאַר זיך אַ טיעפע דראַמע, וואָס ניט פערשטעהן זי קאָן נור דער, ווער עס איז בכלל ניט אימשטאַנד צו בענעהמען דעם אַנדערען'ס געמיטה און נשמה. ווי יענער, וואָס טרינקט זיך, כאַפּט זיך אָן פאַר אַ שטרויעלע, האָט זי דערביי גע־שטעלט דער פאַמיליע איהר פאָדערונג: רעכט, 51 וואָכען אין יאָהר וועל איך לעבען ווי איהר ווילט, אָבער איין וואָך, די וואָך פון פסח, דאַרף זיין מיינע, און איהר טאָרט מיר ניט שטערען פייערן זי ביי מיר אין הויז אַזוי, ווי איך בין געוועהנט געוואָרען פון קינדהייט אָן! צי האָט דער אַנדערער צד ערפילט די בעדינגונג פון דער קאַפּי־טולאַציע, — וועגען דעם דערצעהלט אונז נישט די „באָבע". און עס איז אויך ניט וויכטיג, וואָרום דאָס ערגערע איז נאָך געווען פאָראויס. דאָס ווייטערדיגע לעבען האָט געגרייט פיעל שמערצליכערע וואונדען. די יוגענד,

וועלכע איז אויסגעוואַקסען אָהן שום איינינגונג מיט איהר פאָלק, אָהן שום בעגריף וועגען זיין קולטור, זיינע אידעאַלען און טראַדיציעס; די יוגענד, וואָס אַלע איהרע אינטערעסען און סימפּאַטיעס האָבען געפיהרט נישט צו דער אייגענער, נור צו דער אַרומיגער וועלט — צי האָט זי גע־קאָנט בייקומען געגען דעם גייסט פון דער שטורמדיגער איבערגאַנגס־צייט, וואָס האָט זיי געשטויסען אַלץ ווייטער פון דער אייגענער אומגע־בונג? דער „באָבע'ן" איז אויסגעקומען צו פערזוכען אויך דעם לעצטען ביטערען טראָפּען. איינער נאָך דעם אַנדערען זיינען איהרע קינדער אַוועק פון אידענטום — ניט נור גייסטיג, נור אַפילו אויך פאָרמאַל, איבער־געריסען דעם פאָדים, וואָס האָט זיי כאָטש אויסערליך פערבונדען מיט דעם אייגענעם פאָלק. „און אַז אָט דאָס שרעקליכע איז געשעהן", שרייבט זי, „האָב איך וועגען דעם נישט גערעדט אַפילו מיט די סאַמע נאָהענטסטע מענשען. וואָס איך האָב דעמאָלט איבערגעלעבט, דאָס האָב איך פער־טרויט נור דעם טאָג־בוך מיינעם, בעגאָסען מיט טרעהרען און טיעף, טיעף בעהאַלטען אין זכרון — ביז אויף היינטיגען טאָג". אַ שטילער אומעט שוועבט איבער די לעצטע בלעטלעך פון אונזער „באָבע'ס" ערצעהלונג וועגען איהר לעבענס־דראַמע. און ס'דוכט זיך, אַז הינטער איהר שטעהט און טרויערט אינאיינעם מיט איהר אַן אַנדער באָבע — די אַלטע כנסת ישראל, אויך אַזוי אַן עלענדע, פערוואָרפענע און יתומ'דיגע . . .



# פון אַ פאַמיליען־קאָרעספּאָנדענץ

צווישען די פּריוואַטע שריפטליכע מאַטעריאַלען, וואָס ווערען אויס־געניצט פאַר היסטאָרישע פאָרשונג, פערנעהמען פאַמיליען־בריף אַ בעזונדערס וויכטיגען אָרט. אין אַ געוויסער הינזיכט זיינען זיי פאַר דעם היסטאָריקער וויכטיגער, איידער, למשל, מעמואַרען. מייסטענס ווערען מעמואַרען פערפאַסט מיט דעם דירעקטען מיין צו פערעפענטליכען זיי אין דרוק. און ווען עמיצער שרייבט אַפילו פאַר זיך אַליין זיינע עראינערונגען אָדער פערצייכענט אָהן שום ליטעראַרישע צוועקען אין אַ טאָג־בוך זיינע איינדרוקען און בעאָבאַכטונגען, קאָן ער דאָך ניט זיין פאָלקאָם זיכער, אַז פרעמדע מענשען וועלען ווען עס איז ניט אַריינקוקען אין זיינע נאָטיצען. אָט די זייטיגע לעזער, פון וועלכע דער מעמואַריסט איז ניט בעוואָרענט, שוועבען שטענדיג פאַר זיין גייסטיגען בליק. זיי בינדען איהם, זיי מאַכען איהם פאָרזיכטיגער און בערעכענטער; ער קוקט זיך אינסטינקטיוו אַרום אָן אַ זייט, ער וועגט אָב יעדעס וואָרט.

גאָר אַנדערש איז עס מיט פאַמיליען־בריף. זיי זיינען געווענדט צו סאַמע נאָהענטע קרובים. דער שרייבער זוכט זיך דאָ פאַר קיינעם ניט אויסצופיינען, ער איז אינטימער און אויפריכטיגער. ער טרעט דאָ אַרויס פרייער, מיט דער גאַנצער אָפענהאַרציגקייט, אויף וועלכער ער איז בכלל פעהיג. דעריבער זיינען פאַמיליען־בריף, אַלס היסטאָרישער מאַטעריאַל, מעהר צופאַרלעסיג און וויכטיג. דער מענש און די צייט שפּיגלען זיך דאָ אָב קלאָרער און אמת'דיגער. דערין ליעגט דער גרויסער קולטור־היסטאָרישער ווערטה פון אַזעלכע בריף, און שוין פון לאַנג אָן לעגען די פאָרשער פון דער פערגאַנגענהייט אויף זיי גרויס געוויכט, זיי מיהען זיך וואָס מעהר זיי צו פערעפענטליכען און אויסנוצען.

פון אַלע היסטאָרישע קוועלען זיינען אָבער די פאַמיליען־בריף ביי אונז בעזונדערס פערנאַכלעסיגט געוואָרען. מיר פערמאָגען ביז היינטיגען טאָג זעהר ווינציג פובליקירטע בריף. עס ווערט אויך ווייניג גע־זאָגט וועגען אויפהיטען זיי. גאַנצע קאָלעקציעס אַלטע בריף געהען פער־לאָרען, און עס פערשווינדט דער טייערער און רייכער מאַטעריאַל, וואו עס קומט בעסער און דייטליכער ווי ערגיץ־וואו אַנדערש צום אויסדרוק דאָס אַמאָליגע טעגליכע, אינטימע לעבען.

איך האַלט דעריבער פאַר ניט איבעריג צו בעקענען די לעזער מיט אַ טייל פון יענע פאַמיליען־בריף, וואָס געפינען זיך אין מיין אַרכיוו.

איך פובליקיר דאָ אַ זאַמלונג בריף פון דעם בעוואוסטען ווילנער געלעהרטען און כלל־טוער, צבי הירש קאַצענעלענבויגען (געבוירען אין יאָהר 1795, געשטאָרבען אין יאָהר 1868). אין דער יוגענד איז ער געווען אַ תלמיד פון די בעריהמטע ווילנער רבנים, ר׳ שאול קאַצענעלענבויגען און ר׳ אבלי פאָסוואָלער, געוואָרען אַ גרויסער למדן און ערוואָרבען בעדייטענדע קענטענישען אין דער העברעאישער פילאָזאָפישער ליטעראַטור. ער איז אויך געווען איינער פון די ערשטע ווילנער משכילים. ווען דער קייזער אַלעקסאַנדער דער ערשטער האָט אין אָקטאָבער 1820 בעזוכט ווילנע, האָט די דאָרטיגע אידישע געמיינדע איהם דערלאַנגט אַ בעגריסונג־שיר אין העברעאיש (מיט אַ רוסישער איבערזעצונג), וואָס עס האָט אין איהר נאָמען פערפאַסט ה. קאַצענעלענבויגען. ער האָט אויך אין יאָהר 1821 אָבגעדרוקט אַ טרויער־ליעד אויפ׳ן טויט פון ר׳ חיים וואָלאָזשינער, דער גרינדער פון דער בעריהמטער ישיבה, און אין יאָהר 1825 אויפ׳ן טויט פון ר׳ שאול קאַצענעלענבויגען. זיין בעוואוסט ווערק „נתיבות עולם” (ערקלערונגען אויף דער ברייתא דל״ב מדות) איז ערשינען אין צוויי אויפלאַגען, אין 1822 און 1858. ער פלעגט אויך דרוקען אַרטיקלען אין העברעאישע זשורנאַלען, און נאָך זיין טויט זיינען געבליבען פיעל מאַנוסקריפטען, וואָס זיינען נאָך ניט פערעפענטליכט געוואָרען.

צבי הירש קאַצענעלענבויגען׳ס הויז איז אין די 30—60־ער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט געווען דער צענטער פון די ווילנער משכילים. אַ מענש מיט גרויס לומדות און בילדונג, מיט אַ קלאָרען פראַקטישען פערשטאַנד, מיט וועלטליכער בעהאַוועונקייט און מיט פעהיגקייט צו צוציהען צו זיך מענשען, איז קאַצענעלענבויגען געווען זעהר אָנגעזעהן ביי אַלע שיכטען פון דער ווילנער אידישער בעפעלקערונג. ער האָט זיך פיעל פערנומען מיט געזעלשאַפטליכע אָנגעלעגענהייטען און איז פיעל מאָל אויסגעקליבען געוואָרען אַלס פרנס און גבאי פון ווילנער „צדקה גדולה”. ווען עס איז אין יאָהר 1848 געעפענט געוואָרען די ווילנער ראַבינער־שול, האָט די רעגירונג איהם אַהין בעשטימט אַלס אינספעקטאָר און לעהרער, און אַט די שטעל האָט ער פערנומען מעהר ווי אַכטצעהן יאָהר.

דער ערשטער פון צ. ה. קאַצענעלענבויגען׳ס בריף, וואָס מיר ברייגען דאָ, איז אַדרעסירט צו זיין זוהן גרשון־גבריאל, וועלכער האָט זיך נאָך דער חתונה בעזעצט אין מינסק. די מוסר־רייד, וואָס זיינען דאָ ענטהאַלטען, זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר די משכילים פון עלטערען דור. די איבעריגע בריף זיינען געווענדט צו זיין איידעם, יעקב קאַצענעלסאָן אין באָברויסק, צו וועלכען צבי הירש קאַצענעלענבויגען האָט זיך פערהאַלטען מיט אַ בעזונדער פריינדשאַפט און ליעבע. יעקב קאַצענעלסאָן, נאָכדעם ווי ער האָט חתונה געהאַט מיט קאַצענעלענבויגען׳ס טאָכטער, האָט פיעל

יאָהרען געלעבט אין ווילנע. דאָ האָט ער זיך בעפריינדעט מיט די דאָר־טיגע משכילים, בעזונדערס מיט דעם בעוואוסטען שריפטשטעלער און גרינ־דער פון דער ניי־העברעאישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד, מרדכי אהרן גינצ־בורג (געבוירען אין יאָהר 1795, געשטאָרבען אין 1846). די פריינדשאַפט־ליכע בעציהונג מיט די ווילנער אינטעליגענטען האָט יעקב קאַצענעלסאָן ניט איבערגעריסען אויך נאָכדעם ווי ער האָט זיך שפּעטער בעזעצט אין באָברויסק; ער פלעגט זיך מיט זיי אָפט דורכשרייבען און בעקומען פון זיי בריף. ער איז געווען אַ סוחר, אָבער צוגלייך אַ הייס־איבערגעבענער ליעבהאָבער פון דער העברעאישער ליטעראַטור און פון השכלה. געשטאָר־בען איז יעקב קאַצענעלסאָן אין יאָהר 1888 [1]). ער פלעגט מיט גרויס זאָרג אויפהיטען אַלע פּאַפּירען און בריף, וואָס האָבען געהאַט אַן אַלגעמיינע בעדייטונג. ער האָט אויף אַזאַ אופן אָנגעקליבען אַ גרויסען און ווערטה־פולען אַרכיוו, וואָס געפינט זיך איצט ביי מיר. אַדאַנק דעם זיינען אויך ניט פערפאַלען געוואָרען די בריף, וואָס ער פלעגט פון ווילנע בעקומען פון זיין שוועהר צבי הירש קאַצענעלענבויגען. יענער פלעגט איהם שרייבען ניט נור מכח פאַמיליען־אַנגעלעגענהייטען, נור אויך וועגען נייס פון כלל־ענינים.

איניגע פון די בריף גיבען אונז אַ קלאָרען בעגריף וועגען דעם איינ־דרוק, וועלכען עס האָט אויף די ליטווישע אידען געהאַט דער אויפהאַלט פון דעם גרויסען אידישען פּאַטריאָט און פילאַנטראָפּ משה מאָנטעפיאָרע אין ווילנע, אין יאָהר 1846. אין די אַנדערע בריף ווערט דערמאָהנט וועגען דעם פראַנצויזיש־אידישען כלל־טהוער יצחק אַלטאַראַס, וואָס איז אין דעמזעלבען יאָהר 1846 געקומען קיין רוסלאַנד מיט אַ פּלאַן וועגען אָרגאַניזירען אַ אידישע מאַסען־אויסוואַנדערונג קיין אַלזשיר. אין דער קאָ־רעספּאָנדענץ ווערען בעריהרט אויך אַנדערע געשעהענישען פון יענע יאָהרען. און אַפילו יענע בריף, וואָס קעהרען זיך אָן בלויז צו פאַמיליען־אַנגעלעגענהייטען, זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט און פאַר די דעמאָלטיגע משכילים, מיט זייערע אָנזיכטען און אינטערעסען.

צ. ה. קאַצענעלענבויגען'ס בריף זיינען געשריבען אין העברעאיש; בלויז איניגע שטעלען, וואָס זיינען אַדרעסירט צו זיין טאָכטער אָדער צו דער שנור, האָט ער געשריבען אויף אידיש. איך ברענג די בריף אין אַ אידישער איבערזעצונג. אויסגעשלאָסען האָב איך נור יענע ערטער, וואָס האָבען ניט קיין אַלגעמיינעם אינטערעס (די בלויזען זיינען אָנגעווי־זען דורך פּונקטען). צו די נויטיגע שטעלען האָב איך צוגעגעבען אָנמער־קונגען און ערקלערונגען. איך דאַנק האַרציג מאַג. פנחס קאָן פאַר די

[1]) אויספיהרליכער וועגען י. קאַצענעלסאָן זעה אויבען, אינ'ם אַרטיקעל „הונדערט יאָהר פאַמיליען־געשיכטע".

אָרכיוו ידיעות וועגען צ. ה. קאַצענעלענבויגען'ס קינדער, וואָס ער האָט מיר פריינדליך צוגעשיקט.

1.

מיט גאָט'ס הילף, ט' אדר שני תר"ה (1845), ווילנע.

צו מיין זוהן און פריינד גרשון גבריאל און זיין פרוי חנה לאה, זאָל לעבען.

ביי אונז איז גאָט צו דאַנקען אַלץ אין אָרדנונג.

עס וואונדערט אונז זעהר, וואָס מיר האָבען ניט דורך די דורכפאָהרער קיין נאָכריכט פון אייך, וועגען אייער געזונט, וואָס איהר מאַכט און צי דיין פרוי האָט אויפגעהערט צו ברעכען. איצט בעט איך אייך מיטצוטיילען מיר וועגען אייער גליקליכען אָנקומען אַהיים. גיב גאָט, מיר זאָלען שטענ־דיג הערען גוטע בשורות וועגען אייער געזונט און וואוילזיין, און איהר זאָלט לעבען לאַנגע יאָהרען אין נחת, רייכקייט און כבוד, אמן.

איצט, מיין זוהן און פריינד, וויל איך דיך אויפמערקזאַם מאַכען וועגען אייניגע זאַכען, וואָס איך האָב געמערקט, ווען דו ביזט דאָ ביי אונז גע־וועזען, און וואָס זיינען ניט רעכט. און אויב דו פיהרסט זיך אַזוי אויף אויך איצט אין דער־היים, האָב איך מורא, דו זאָלסט ניט פערלירען דעם חן ביי שוועהר און שוויגער, און זאָלסט חלילה ניט שאַדען זיך אַליין. איך האָט געזעהן, ווי דו געהסט אַרום דעם גאַנצען טאָג ליידיג, און מיט אַזאַ אויפפיהר וועסטו ניט בלויז פערגעסען אַלץ, וואָס איך האָב דיך געלערענט אין דער־היים, נור דו וועסט ווערען געשטרויכעלט און פערהאַסט ביי דיינע הויזיגע. זיי וויסען, מיין זוהן, אַז די געטליכע פילאָזאָפען האָבען אויפ־געקלערט פיער מיני אויפפיהרונגען, וואָס דער מענש דאַרף שטענדיג האָ־בען אין זינען: א) דעם מענשען'ס אויפפיהרונג געגען זיך אַליין (וועגען אָבהיטען זיין פיזישען און גייסטיגען געזונט). ב) זיין אויפפיהרונג געגען דער פרוי (זעה אין יבמות פ"ו: „ווער עס האָט האָלט זיין פרוי ווי זיך אַליין און פערעהרט זי מעהר ווי זיך אַליין", א. אַז. וו.). ג) דעם מענ־שען'ס בענעהמונג מיט זיין הויזגעזינד. ד) די אויפפיהרונג געגען די לאַנדסלייט . . . זיי וויסען, מיין זוהן: ווי דער מענש מוז זיך פערפאָל־קאָמען אַלס מענש, אַזוי מוז אויך דער איד שטרעבען צו פאָלקאָמענהייט אַלס איד. דעריבער זאָלסטו ניט פטר'ן דיין טייערע צייט אויף גאָרנישט, זאָלסט יעדען טאָג לערנען תנ"ך, משנה און גמרא, עין־יעקב און מדרש און די אַנדערע גוטע אידישע ספרים, וואָס גיבען ליכט און האָפנונג אי אויף דער וועלט, אי אויף יענער, און דו וועסט געפינען לייטזעליגקייט ביי גאָט און לייטען . . . זוך זיך צו דערנעהענטערן צו יענע מענשען, וואָס ווערען געאַכט ביי די מייסטע שטאָדט־לייט און וואָס פון זיי קומט תורה

און קענטעניש. אויב דו ווילסט לעבען אין צופריעדענקייט, זאָלסטו אָב־היטען אָט די דאָזיגע ווערטער מיינע, פערשרייב זיי אויף די טאָוולען פון דיין האַרץ, וועסטו מיט דעם ערפילען דיינע פליכטען געגען דיינע הויזלייט, זיי וועלען פערגרעסערן זייער צוגעבונדענקייט צו דיר, שוועהר און שוויגער וועלען האָבען צו דיר ליעבע און גונסט, און זיי וועלען גרייטוויליג און גערן ערפילען דיינע פערלאַנגען, ווי עס ווינשט דיר דיין פריינד און פאָ־טער, וואָס איז אויסען צו פיהרען דיך אויף דעם ריכטיגען און נוצלי־כען וועג.

צבי הירש קאַצענעלענבויגען.

צו מיין האָכגעשעצטע אונד טייערע שוויגער טאָכטער המהוללה בנשים מ' חנה לאה תח'[2]).

מיין גוטע אונד טייערע שנור, מיר וואונדערט פאַר וואָס איך האָב פון אייך קיין ידיעה ניט בעקומען פון קיין פאָהרער פאָן ביעמעזע און ווייטער, גם למע"ה מיר מודיע צו זיין פון דיין גליקליכען אָנקונפט צו הויז, ביסטו געזונד אונד מונטער, דען מיר זיינען ניט רוהיג ביז מיר וועללען פון אייך בריב־בעקומען . . . ווייטער בעט איך דיר זאָלשט זעהען, דאָס דיין גוטער מאַן זאָלל מיר פאָלגען, און זאָלל אללע טאָג לעהרנען, וואָס אַ איד בעדאַרף לעהרנען אונד וואָס זיין שולדיגקייט איז אַלץ איד, דאָס הייסט אַללע טאָג צו לעהרנען תנ"ך, א פּרק משניות, א דף גמרא, אויך אַללע נויטיגע אידישע ספרים, און ער זאָלל ניט קליגער זיין פאַר מיר און זאָלל אַוועק וואַרפען אללע אינגעלשע זאַכען. און ער זאָלל זיין אַ מענש נאָך מיין וואונש, אַז אַללע זאָללען זאָגען, עס שטייט איהם אָן בייא מיר אַ זוהן צו זיין, און ער זאָלל ניט פארגעסען וואָס ער האָט בייא מיר געלעהרענט און וואָס ער האָט מיר אויך פיהל געלד גיקאָסט. איך בעט דיך דוא זאָלשט מיר איממער בענאַכריכטען אוב ער פאָלגט מיר, און אוב דוא וועשט דאָס ניט טהאָן, וועל איך מוזען זוכען אַ גוטען פריינד במינסק, וועלכער ער זאָלל דאָס אַלץ גוט נאָך קוקען און זאָלל מיר בענאַכריכטען איממער, אָבער דאָס וועט פאַר איהם ניט פאַססען, לכן דוא זאָלשט זעהען, אַז איך זאָלל הערען אין ווילנא, וויא ער לעהרענט אין מינסק, אויך דיין פאָטער זאָלל דיע נעהמליכע הערען במאָסקווע. קורץ, איך ווילל, מיין קינד זאָלל בלייבען אַ למדן און ניט קיין ע"ה (עם הארץ), דען מיט אזו א שטייגער וויא איך האָב גיהערט פון מיינעם אַ גוטען פריינד במינסק וועט ער חלילה אַלץ פאַרגעססען. שווער איז אַלץ צו קעננען, און גרינג איז צו

[2]) די צושריפט איז אין אָריגינאַל אויף אידיש. מיר האָבען דעם אויסלעג איבערגעלאָזט אָהן ענדערונג.

פארגעססען . . . פון דיין טרייען שוויגערפאָטער, דער וואָס ווינשט צו זעהן אויף דיר אַללעס גוטץ.

צבי הירש קאַצינעלינבויגין.

.2

מיט גאָטט'ס הילף, ערב תשעה באב תר"ה (1845) ווילנע.

זאָל דער אויבערשטער בעשערען גליק און ברכה דיר, דיין פרוי און דיין טייערער טאָכטעריל, מיין געשעצטער און טייערער איידעם, א. אַז. וו. . . . כמו"ה יעקב קאַצינעלינזאָהן.

ביי אונז איז גאָט צו דאַנקען אַלץ אין אָרדנונג, גיב גאָט דאָס זעלביגע צו הערען פון דיר און פון אַלע דייניגע, אמן.

דיין בריף האָב איך געלייענט מיט פרייד, און עס איז געווען פאַר מיר אַ גרויס נחת און שמחה צו הערען, אַז איהר זיינט גליקליך אָנגעקומען קיין מינסק . . . מיין איידעם און מיין טאָכטער! דאָס האַרץ טהוט מיר וועה, וואָס גאָט האָט געשטעלט דעם גזר, מיר זאָלען זיך שיידען. איך בענק נאָך אייך און נאָך אייער שענער טאָכטעריל. דאָס האַרץ וועהטאָגט מיר ביים דערמאָהנען זיך, וואָס איהר זיינט ניט מיט מיר. זאָל פער־געסען ווערען מיין רעכטע האַנד, אויב איך וועל אייך פערגעסען. ניט נור איך, נור דיין שוויגער און אַלע אונזעריגע, ווי אויך אַלע בעקאַנטע בענקען נאָך אייך טאָג ווי נאַכט און האַלטען אין איין לויבען אייך. אַ דאַנק גאָט, וואָס איהר זיינט אַוועקגעפאָהרען פון ווילנע מיט פריעדען, מיט אַ פיינעם נאָמען; אָבער מיין האַרץ איז צוריסען אין שטיקלעך, ווייל די אייניגונג איז צושטערט געוואָרען, זאָל דער אויבערשטער אונז ווידער פעראייניגען. זאָל גאָט אייך שיקען פיעל גליק און ברכה, ווי עס ווינשט דאָס דיין שוועהר, וואָס ליעבט און אַכט און שעצט דיך.

צ. ה. ק.

פון די צייט־נייס:

שאסקאָלסקי, זיצענדיג אין ריגע אין דול־הויז, איז אַרויסגעשפּרונגען פון פענסטער און געשטאָרבען. — ר' חיים זעליג [3] איז געקומען אַהער פון פעטערבורג און מיטגעבראַכט אַ בוך אין רוסיש, וואָס ער האָט דאָרטען אָבגעדרוקט, אויך אַ געדרוקטען דאַנק פון דער אַקאַדעמיע, און דער קייזער האָט איהם בעלוינט מיט דעם טיטול „פּאָטשאָטני גראַזשדאַנין". ער האָט בעקומען נאָך 2,500 רובעל פאַר צוויי . . . [די ווייטערדיגע עטליכע ווער־טער איז אונמעגליך דורכצולייענען]. זיין ווערק איז וועגען דער מאַשין זיינער . . .

---

[3] סלאָנימסקי (1810—1904), דער בעוואוסטער געלעהרטער און גרויס־געבער פון „הצפירה".

.3

מיט גאָט'ס הילף, ז' אלול תר"ה (1845) ווילנע.

מיין געליעבטער, טייערער איידעם!

ביי אונז איז, אַ דאַנק דעם אויבערשטען, אַלץ אין אָרדנונג, הלואי דאָס אייגענע פון אייך צו הערען . . . קיין נייס האָב איך ניט וואָס מיט־צוטיילען, אויסער וואָס מען האָט דאָ אָבגעשאָפט די זיידענע שבת'דיגע און יום־טוב'דיגע בגדים, אויך די שבת'דיגע היטלעך, אַפילו אין די שוהלען. און טאָג־טעגליך קירצט מען דאָ (די פּאָליציי) די פּאות און די לאַנגע בגדים, ווייל מיר אידען זיינען דאָך אַ האַרטנעקיג פאָלק.

צ. ה. ק.

.4

מיט גאָט'ס הילף, ד' דחוה"מ סוכות תר"ו (1845), ווילנע.

מיין געליעבטער איידעם!

. . . דאָ געפינט זיך ביי אונז איצט דער באַס פון שטעדטיל קאָרעץ. ער האָט פיעל נייע המצאות און שטיק מיט שענע ניגונים. בעזונדערס פיין איז די המצאה, ווי ר' יעקיל דער בדחן שטעהט אויף אַ בענקיל אין אַ גרויסען, ברייטען און טיעפען קאַפּעליוש און זאָגט אידישע גראַמען ביים אויסרופען די דרשה־געשאַנק, און ער איז אַ זאַאיקע, און די קאָמפּאַניע קלעזמער העלפען איהם אונטער. מען בלייבט אָהן כחות לאַכענדיג. און דערביי רינט ביי איהם פון נאָז, און יעדעס מאָל ווישט ער אָב מיט'ן עלענ־בויגען אָדער מיט'ן קאַפּעליוש . . .

צ. ה. ק.

.5

מיט גאָט'ס הילף, ערב פסח תו"ר (1846), ווילנע.

מיין טהייערער איידעם!

. . . וואָס אָנבאַלאַנגט מאָנטעפיאָרע'ן, האָסטו שוין געהערט. ער האָט, דורכפאָהרענדיג מיטוי און ריגע [4]), מיט קיינעם ניט גערעדט וועגען כלל־זאַכען. ער האָט זיי נור צוגעזאָגט, אַז אויב גאָט וועט איהם מצליח זיין, וועט ער זיך צוריק אומקעהרען מיט דעמזעלבען וועג, און אויב חס ושלום נישט, — וועט ער אָבפאָהרען אַהיים מיט'ן שיף. ר' ל. מאַנדעל־שטאַם [5]) האָט דאָ פערבראַכט אַ טאָג צעהן, און ער האָט גערעכענט האַל־טען דאָ פסח, אָבער אייערנעכטען איז ער אַייליג אַוועקגעפאָהרען פון דאַנען

[4]) אויפ'ן וועג קיין פּעטערבורג.

[5]) לעאָן מאַנדעלשטאַם (1819—1889), בעוואוסטער געלעהרטער און ביל־דונגס-טהוער. אין 1846 האָט ער אין בילדונגס-מיניסטעריום פערוואַלטעט אי־בער די אידישע שול-אַנגעלעגענהייטען.

קיין זאַגער אויף די ערשטע טעג יום־טוב און דערנאָך וועט ער אויף די אַנדערע טעג גלייך אַוועקפאָהרען קיין פעטערבורג, צו זיין אינאיינעם מיט מאָנטעפיאָרע'ן (וואָרים ער האָט בעקומען אַזאַ בעפעהל, ווי דאָס איז צו פערשטעהן פון זיין אָנצוהערעניש). ווי עס דוכט מיר, האָט שוין ה' מאָנ־טעפיאָרע געהאַט אַן אוידיענץ ביים קייזער; אָבער דו זאָלסט וועגען דעם ניט ריידען. אַזוי האָט אונז פערזאָגט מאַנדעלשטאַם. ער האָט דאָ גאָר־נישט דערצעהלט, אָבער ווי עס וויזט אויס, האָט ער גוטע נייס, וואָס ווע־לען זיך, ווי ער זאָגט, אין גיכען ענטפלעקען . . .

צ. ה. ק.

.6

מיין טייערער פריינד און איידעם!

זאָל דער איבערשטער דיך בעשיצען. איך שיק דיר דערביי אַ קאָפּיע פון מינקין'ס [6] בריף צו ר' וואָלף זאַק. די קאָפּיע פון אָפּאַטאָוו'ס [7]) בריף, וואָס איך האָב דיר אַרויסגעשיקט מיטוואָך, חול־המועד, האָסטו גע־וויס בעקומען [8]). עס איז פאַרהאַן נאָך פערשידענע אַנדערע אַזעלכע פאַ־פירען, און איך בין שוין מיעד געוואָרען איבערשרייבענדיג זיי. און וואָס עס וועט זיין נייס, וועל איך דיר מיטטיילען. אויך מיר וואַרטען דאָ אויף מאָנטעפיאָרע'ס אָנקומען קיין ווילנע. מעהר וואָס צו שרייבען האָב איך ניט. ביי אונז איז, גאָט צו דאַנקען, אַלץ אין אָרדנונג.

צ. ה. ק.

.7 [9]).

איך טייל אייך מיט, וואָס מיט אונז האָט געטראָפען. אָהער איז אָנגעקומען דער שר משה מאָנטעפיאָרע. מיר זיינען אַוועק צו איהם — איך, ר' יהודה אפּאַטאָוו, ר' הירש טשלענאָוו [10]) און ר' מענדיל ראַטנער, דיענסטאג דעם 26־טען מאַרט. דאָקטאָר לעווע [11]) האָט אונז אויפגענומען, גערעדט מיט אונז, פערשריבען אונזערע נעמען און אונז געפרעגט, צי מיר האָבען דאָ אַ שוהל אויף צו דאַווענען. האָבען מיר געזאָגט, אַז עס זיינען

---

[6]) ליב מינקין, אַ פאַדריאַטשיק פון באָברויסק, אַ כלל־טהוער. אינאיינעם מיט אַנדערע שתדלנים איז ער געפאָהרען קיין פעטערבורג זעהן זיך מיט מאָנטעפיאָרע'ן.

[7]) יהודה אפּאַטאָוו (1797—1868), אַ ווילנער גביר און עסקן; געוועזן בעוואוסט מיט זיין תקיפות.

[8]) דער בריף געפינט זיך ניט אין אונזער זאַמלונג.

[9]) דאָ ווערט געבראַכט ל. מינקין'ס בריף צו זאַק'ן, פון פעטערבורג.

[10]) אַ בעוואוסטע שתדלן פון מינסק.

[11]) דר. לואי (אליעזר) לעווע, געלעהרטער, קענער פון סעמיטישע שפּראַ־כען (1809—1888). אַ צייט מיט יאָהרען איז ער געוועזן מאָנטעפיאָרע'ס סעק־רעטאַר און האָט איהם בעגלייט ביי זיינע נסיעות.

דאַ פאַרהאַן סאָלדאַטסקע שוהלען, אָבער אונז (וואָס געהערען ניט צום מי־ליטער) איז פערבאָטען דאָרטען צו דאַוונען. מאַנטעפיאָרע האָט געבעטען אַן ערלויבניש, האָט דער קייזער אָבגעגעבען אַ בעפעהל וועגען דעם צום קריעגס־מיניסטער, און דער פירשט מענשיקאָוו האָט געשיקט מאָנטע־פיאָרע׳ן אַן איינלאַדונג צו דאַוונען אין דער שוהל פון די אידישע פלאַט־סאָלדאַטען. די קאָמאַנדירען פון די קאַזאַרמעס זיינען געקומען און האָבען געהייסען רייניגען די שוהל מיט דעם הויף. ס׳איז געקומען פירשט מענ־שיקאָוו׳ס אַדיוטאַנט לאַנסקאָי און אויך דער אַדמיראַל קאָלזאַקאָוו. אונז האָט מען ערלויבט אַריינגעהן, זיינען מיר מיט נאָך איניגע אידען געווען אין דער שוהל. אַזייגער ניין איז געקומען מאָנטעפיאָרע מיט דר. לעווע און מיט דעם שוחט, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט. זיין אָרט איז געווען אויף מזרח־דרום זייט, נעבען דעם ארון־קודש, און אויף רעכטס האָבען פערנומען די ערטער דער דאָקטאָר, אפּאטאָוו, איך, טשלענאָוו און ראַטנער. ווען דער חזן האָט אָנגעהויבען דאַוונען, האָט מאָנטעפיאָרע זיך אויפגע־הויבען און מתפלל געווען מיט גרויס כונה, שטעהענדיג פון אָנהויב ביז׳ן סוף. „לוי״ איז געווען דער דאָקטאָר, ער האָט געמאַכט „מי שברך״ און מנדר געווען. „שלישי״ איז געווען מאָנטעפיאָרע, ער האָט געמאַכט „מי שברך״ און מנדר געווען, ניט אָנרופענדיג די סומע, און געבעטען, אַז אַנדערע זאָלען אויך אַזוי טהאָן. נאָך דער עליה האָט ער געבענשט „גומל״ [12]). „רביעי״ איז געווען אפּאטאָוו; „שישי״ — ר׳ ליב נאָטקין; „מפטיר״—מאָנטעפיאָרע׳ס שוחט; „כהן״ איז געווען ר׳ יצחק, און ער האָט געמאַכט „מי שברך״ איהם און זיין פרוי און האָט מנדר געווען. נאָכ׳ן דאַוונען האָט דער דאָקטאָר אין מאָנטעפיאָרע׳ס נאָמען געזאָגט אפּאטאָוו׳ן, מיר זאָלען צו איהם קומען. געגאַנגען זיינען מיר נור די, וועלכע זיינען שוין פריהער ביי איהם געווען. געקומען זיינען מיר צוויי דעם זייגער. מאָנטעפיאָרע און זיין ווייב, אַ גאָטספאָרכטיגע פרוי, האָבען אונז אויפגע־נומען העכסט פריינדליך. ער אַליין האָט אונז דערלאַנגט שטוהלען, ער איז געזעסען און גערעדט מיט אונז אַ שעה צייט, און דער איבערזעצער איז געווען דאָקטאָר לעווע. ער האָט אונז דערצעהלט וועגען דער אוידיענץ ביים קייזער, אויך וועגען דעם, דאָס ביי איהם זיינען געווען קיסעלעוו [13]) אויך נעסעלראָדע [14]) און אואוואראָוו [15]). ער האָט געזאָגט, אַז ניט קוקענ־דיג אויף די שוואַכקייט, האָט ער זיך ענטשלאָסען אויף אַזאַ נסיעה, כדי

[12]) בעת זיין רייזע קיין פעטערבורג איז מאָנטעפיאָרע אונטערוועגס גע־ראַטעוועט געוואָרען פון אַ געפאַהר.

[13]) דער פאָרזיצער פון דעם רעגירונגס-קאָמיטעט וועגען אידישע אַנגע-לעגענהייטען.

[14]) מיניסטער פאַר אויסלענדישע ענינים.

[15]) בילדונגס-מיניסטער.

צו בריינגען נוצען אונזער פאָלק; ער וועט טהאָן אַלץ וואָס איז נור מעג־ליך, און ער האָפט אויף גאָט'ס גענאַד, אַז עס וועט זיך איהם איינגעבען. ער האָט אויך אונז ערלויבט צו דערלאַנגען איהם אַ מעגליכסט קורצע שריפטליכע ערקלערונג וועגען אַלץ, וואָס עס דאַרף לויט אונזער מיינונג געטהאָן און אויסגעבעסערט ווערען. איך שיק אייך דאָ, מיין פריינד, דאָס, וואָס מיר האָבען איהם דערלאַנגט, און וואָס ער האָט אָנגענומען גינסטיג [16]). ער וועט דאָ פערברייננגען די אַנדערע טעג יום־טוב און דערנאָך וועט ער אַוועקפאָהרען אין די אידישע געגענדען, וואָס דער קייזער וועט איהם אָנווייזען. און איבערצוגעבען אויספיהרליך די אַלע אַנדערע זאַכען האָב איך קיין כח ניט.

## 8.

מיט גאָטס הילף, ל"א בעומר תר"ו (1846), ווילנע.

מיין געליבטער איידעם!

ביי אונז איז אַלץ, גאָט צו דאַנקען, אין אָרדנונג.

ווען איך זאָל אַלץ אויסדערצעהלען וועגען מאָנטעפיאָרע'ן, וואָלט דאָס פאַפיר ניט געקלעקט. איך וועל בעטען ביי מ. א. גינצבורג, לעבענסאָן [17]) און דיק [18]), זיי זאָלען דיר צושיקען זייערע בעשרייבונגען וועגען זיין מערק־ווירדיגען אויפטהו און וועגען אַלץ, וואָס איז צוליעב איהם פאָרגעקומען אין ווילנע. איך בין געוועזען פון זיינע ערשטע מקורבים, און איך האָב ביי איהם יעדען טאָג דריי מאָל געדאַווענט פאַר'ן עמוד (ווייל ער איז גראָד געוועזען אנ'אבל), אויך אום שבת. איך האָב מיט איהם געמאַכט די ליכט. איך האָב איהם און דעם דר. לעווע דערלאַנגט מיינע אַלע דריי ווערק. איך האָב געקראָגען עקזעמפלאַרען אויף פאָסט־פאַפיר, האָב איך זיי געגעבען פיין איינבינדען, מיט איינגעקריצטע גאָלדענע אותיות. אויך מיין זוהן ר' חיים ליב [18]) האָט זיך ביי זיי אויסגעצייכענט, ער האָט פאַר זיי פערפאַסט וועגען אַלגעמיינע אַנגעלעגענהייטען „זאַפּיסקעס" (שריפטען) אין פראַנצויזיש און דייטש. מיט איין וואָרט, איך בין געוועזען אין יעדער זאַך פון די ערשטע מקורבים. פאָריגען שבת האָט דאָקטאָר לעווע פאַר מנחה געהאַלטען אַ דרשה אין דער גרויסער שוהל, איז די שוהל געוועזען פול געפאַקט, מען איז געשטאַנען אויף די ביינק, אידען און גוים, הויכע

---

[16]) די שריפט געפינט זיך ניט אין אונזער זאַמלונג.

[17]) אברהם בער לעבענסאָן (1794—1878), בעוואוסטער העברעאישער פּאָעט.

[18]) איוזיק מאיר דיק (1807—1893), בעוואוסטער אידישער פאָלקסשרייבער.

[19]) ח. ל. קאַצענעלענבויגען (1814—1876), שריפטשטעלער און לעהרער אין ווילנער ראַבינער־שול. נאָך זיין פאָטער'ס טויט האָט ער דאָ פערנומען די אינספעקטאָר־שטעל.

בעאַמטע מיט זייערע פרויען. מאָנטעפיאָרע האָט געהאַט „הוצאה והכנסה" און אויך „שלישי" ביים דאַוונען מנחה. פאָריגען מיטוואָך האָט דאָקטאָר לעווע מיר פערטרויט, אַז זיי פאָהרען גלייך אויפ'ן בית־עולם צום גאון'ס קבר, און זיי האָבען געבעטען קיינעם וועגען דעם ניט צו זאָגען. אָבער ווי נור די קאָרעטע האָט זיך אַ ריהר געטהאַן, האָט מען זיך דערוואוסט, און דער גאַנצער עולם האָט זיך דאָרטען צונויפגעקליבען. מיר זיינען געווען דערביי, ווי מאָנטעפיאָרע און לעווע האָבען אויפ'ן קול און מיט אַ געוויין געדאַווענט פונ'ם „מענה־לשון". אַלע, וואָס האָבען עס געזעהן, האָבען זיך בעגאָסען מיט טרעהרען. דערנאָך האָט ער געטיילט נדבות צו די אָרימע־לייט, וואָס האָבען זיך דאָרטען צונויפגעקליבען, ביז טויזענד מענשען, אי־דען און גויים, מאַנסלייט און פרויען . . . וועגען די איבעריגע זאַכען וועלען דיר מיטטיילען די אויבען־דערמאָהנטע פערזאָנען, עס איז נאָך דאָ צייט. די צדקות, וואָס ער האָט צוטיילט פאַר אידען און גויים, בעטרעפען ביז פינף טויזענד רענדלעך. מוצאי שבת, פיער דעם זייגער אין דער־פריה, איז ער פון דאַנען בשלום אָוועקגעפאָהרען.

צ. ה. ק.

וואויל איז דעם, ווער עס האָט דאָס אַלץ געזעהן. מיט דער נעקסטער פּאָסט וועלען מיר דיר אַרויסשיקען זיינע פּאָרטרעטען — איינעם אין אַ רויטען מונדיר און דעם אַנדערען — אין אַ טלית ביים דאַוונען אין שוהל, אויך די פּאָרטרעטען פון זיין פרוי, די צדיקת, און פון דאָקטאָר לעווע. אויך וועל איך דיר אויספיהרליך אויסרעכענען זיינע גרויסע צדקות.

9.

מיט גאָט'ס הילף, כ"ז אייר תו"ר (1846), ווילנע.

מיין געליעבטער איידעם, גאָט זאָל דיר בענשען און אָבהיטען פון אַל דאָס בייז.

מסתמא האָסטו בעקומען מיין בריף אינאיינעם מיט גינצבורג'ס בריף [20]) מכח דעם שר, גביר און צדיק מאָנטעפיאָרע. גינצבורג האָט גע־שריבען, ווי דער שטייגער איז ביי שריפטשטעלער, דעם קלאָרען ליגען, אַז ר"ט [21]) איז געוועזען דער גאַנצער טהוער אין דעם צדיק'ס הויז, ווייל ראָזענטאַל האָט איהם געבעטען, ער זאָל אַלעמען שרייבען, אַזוי ווי איהם האָט זיך געגלוסט; האָט ער ערפילט זיין פערלאַנג, רעכענענדיג אַז דורכ־

[20]) מ. א. גינצבורג'ס בריף צו יעקב קאַצענעלסאָן וועגען מאָנטעפיאָרע'ס אויפהאַלט אין ווילנע איז אָבגעדרוקט געוואָרען אין „דביר", 2-טער טייל, ז. 99—108 (וואַרשע, 1883).

[21]) ניסן ראָזענטאַל, אַ ווילנער סוחר, עסקן און בילדונגס-טהוער. געשטאָר־בען אין יאָהר 1860.

דעם וועט ער ווידער ביי איהם אויסנעהמען און ער וועט איהם בעצאָהלען די 50 רובעל, וואָס ער מאָהנט פון איהם. אויך איך האָב געשריבען זעהר קורץ אין מיין בריוועל, ווייל איך בין געוועזן זעהר פערנומען. דעריבער האָב איך בעשלאָסען צו צוגעבען דיר דאָ נאָך עטליכע איינצעלהייטען פון דעם וואונדער, וואָס דער איבערשטער האָט אונז בעוויזען. מיר האָבען מיט אונזערע אויגען געזעהן און אַליין פערנומען אַזעלכע זאַכען, אויף וועלכע קיינער האָט זיך ניט געקאָנט ריכטען. ר׳ אייזיק מאיר דיק מאַכט איצט אַ גענויע בעשרייבונג פון דער גאַנצער אַנגעלעגענהייט, דאָס וועט האַלטען עטליכע בויגען, דאָרט וועסטו זעהן די אַלע וואונדערליכע זאַכען, און מיט דער נעקסטער פּאָסט וועלען מיר דיר אַרויסשיקען די בעשריי־בונג [22]). אָט וואָס מאָנטעפיאָרע האָט צוטיילט: אין דער תלמוד־תורה— יעדערען פון די 155 אינגלעך, צו 1 רובעל; די 4 מלמדים און די אויפ־זעהער, יעדערן צו 2 האַלב־אימפּעריאַלען; די גבאים, מען זאָל איין שעה טעגליך לערנען רוסיש — פופציג פונט שטערלינג; אינאיינעם האָט דאָס בעטראָפען 325 אָדער 329 רובעל. אין דער גרויסער ישיבה אין ראַ־מאילעס הויף, די 170 תלמידים—צו 1 רובעל יעדערען; די מלמדים— 70 רובעל, די גבאים—50 פונט שטערלינג, מען זאָל לערנען מיט זיי רוסיש אַ שעה טעגליך. אויף דעם יתומים־הויז, אונטער ר׳ חייא דאנציג׳ס אויפ־זיכט, וואו עס געפינען זיך 60 אינגלעך און 60 מיידלעך, האָט ער געגעבען 50 פונט שטערלינג, און ער האָט נאָך איבערגעלאָזט 200 רובעל ביים גו־בערנאַטאָר אויף צו לערנען די קינדער רוסיש. אויפ׳ן בית־עולם האָט ער צוטיילט 100 רובעל; און אין אנטאָקאָליע [23]) — 100 רובעל (דאָס, וואָס ער האָט צוטיילט צווישען פּריוואַטע מענשען, איז ניט משער צו זיין און ניט אויסצורעכענען). אויפ׳ן הקדש — 200 רובעל; אויף יעדערען פון די גרויסע קלויזען—צו 25 רובעל.

די שריפטשטעלער האָבען פון איהם בעקומען: מ. א. גינצבורג — 5 האַלב־אימפּעריאַלען; ש. י. פין [24]) — 5 האַלב־אימפּעריאַלען; מיין ברו־דער ר׳ אברהם [25]) — 4 האַלב־אימפּעריאַלען; ר׳ ש. זאַלקינדסאָן [26]) — 3 האַלב־אימפּעריאַלען; דער בעל המדרש ז. איינהאָרן [27]) — 2 אימפּע־ריאַלען; דער איידעם פון ר׳ ש. קולנע, דער בעל הגדה — 2 האַלב־אימ־

[22]) א. מ. דיק׳ס בעשרייבונג (אין העברעאיש) פון מאָנטעפיאָרע׳ס אויפהאַלט אין ווילנע אין יאָהר 1846, איז ערשינען אין דרוק אין יאָהר 1860.

[23]) אַ פאָרשטאָדט פון ווילנע.

[24]) בעוואוסטער היסטאָריקער, געלעהרטער און אַרויסגעבער פון „הכרמל”.

[25]) פערפאַסער פון „מכונת הקיטור” (דאַנציג, 1846).

[26]) העברעאישער פּאָעט, לעהרער אין ווילנער ראַבינער־שול. געשטאָרבען אין יאָהר 1869.

[27]) אַרויסגעבער פון „מדרש תנאים” (ווילנע, תקצ”ט).

פּעריאַלען. מיט איין וואָרט, עס איז אונמעגליך אַלץ אויסצורעכענען. אויך האָט ער געטיילט פאַר גויים, אונגעפעהר אַזוי: אויף דאַבראַטשי-נאָסט — אויף פּריוטען און שפּיטאָלען; עס איז אַזוי וויט דערגאַנגען, אַז איינע אַ קריסטין, אַנ'אלמנה פון אַ היגען פלאַץ-מאַיאָר, וואָס איז צו איהם געקומען מיט אַ בריף פון דעם גענעראַל-גובערנאַטאָר'ס פרוי, האָט פון איהם בעקומען 100 האַלב-אימפּעריאַלען. אין די אַלע קריסטליכע צדקה-אַנשטאַלטען איז מיט איהם געווען דער היגער גובערנאַטאָר, און ער איז געשטאַנען פאַר מאָנטעפיאָרע'ן, ווי אַ דיענער פאַר זיין האַר. פאַר זיין אַוועקפאָהר פון דאַנען האָט ער געשיקט צום גובערנאַטאָר 500 רובעל, יענער זאָל זיי צוטיילען צווישען קריסטליכע אָרימע-לייט. דעם מגיד האָט ער אַליין פון האַנד צו האַנד געגעבען אַ פּאַפּיר פול מיט אימפּע-ריאַלען, מען ווייסט ניט וויפיעל. דער מגיד זאָגט ניט אויס, כאָטש צו-שנייד איהם אויף שטיקלעך. ר' ישראל גאָרדאָן[28]), פערקעהרט, האָט זיך ניט געשעמט און געזאָגט, אַז מאָנטעפיאָרע האָט איהם געגעבען 10 אימ-פּעריאַלען. מען שמועסט, אַז דער מגיד האָט בעקומען 50 פונט שטערלינג. אַ גוי האָט דעם מזל! וואָס זאָל איך דיר זאָגען, מיין טייערער איידעם, און וואָס זאָל איך דיר דערצעהלען, איך האָב קיין כח ניט אַלץ אויסצו-שרייבען. אָבער וויסען זאָלסטו, אַז איך האָב זוכה געווען צו זיין פון זיינע ערשטע מקורבים און איך האָב פערבראַכט מיט איהם מעהר ווי אַלע אַנדערע. און פיעל מאָל פלעגען מיר זיצען אַליין זאַלבעדריט, איך, מאָנ-טעפיאָרע און זיין פרוי, און זי איז געווען די פערמיטלערין צווישען אונז, וואָרים זי רעדט דייטש. דער טשעפּיק, וואָס זי האָט אויפ'ן קאָפּ געטראָ-גען אויפ'ן באַל ביים גענעראַל-גובערנאַטאָר, קאָסט אַ האַלב מיליאָן רובעל, וואָרים ער איז בעדעקט מיט גרויסע בריליאַנטען. און די אַלע מאַגנאַ-טען און זייערע פרויען, ווען זיי האָבען דערזעהן דעם בריליאַנטענעם טשע-פּיק, זיינען געוואָרען ענטציקט.

שבת צו נאַכט, פאַר זיין אַוועקפאָהר, האָט ער צוטיילט 500 רובעל צווישען יענע, וואָס האָבען איהם דאָ בעדיענט, נעמליך: ר' יצחק ליב, דעם בעל-הבית פון דער דירה, וואו ער איז איינגעשטאַנען עלף טעג, צו 18 רובעל פאַר יעדען טאָג, אויסערדעם די סאָרווערס, משרתים און פאַק-טוירים. ביים אַוועקפאָהרען בשלום פיער דעם זייגער אין דער-פריה האָט ער די פּאָליציי-לייט, וואָס זיינען געשטאַנען נעבען דעם הויז און איהם בעדיענט, געגעבען 12 האַלב-אימפּעריאַלען. פון דער קאָרעטע האָט ער געוואָרפען רובעלס, אָנהויבענדיג פון זעטיל'ס הויף ביז'ן סאַמע בריק. דער גענעראַל-גובערנאַטאָר האָט ביי איהם געפרעגט: וויפיעל ער פערמאָגט

[28]) ווילנער ראַבינער.

און וויפיעל זיין קאַפּיטאַל בעטרעפט? האָט ער איהם געענטפערט, אַז ווען ער זאָל וועלען, וואָלט ער געקאָנט אָבקויפען אַ גאַנצע מלוכה. ביים גע־נעראַל־גובערנאַטאָר אויפ'ן באַל, ווען אַלע געסט האָבען זיך געשטופּט אַ קוק צו טהאָן אויף מאָנטעפיאָרע'ן, האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר צו זיי געזאָגט: זייט פאַרזיכטיג, היט אָב זיין כבוד, וואָרים ער איז דער שליסעל פון אייראָפּע צו אַמעריקע! מעהר צו דערצעהלען פערמאָג איך קיין כח ניט, איך וועל דיר נאָך צושיקען דיק'ס בעשרייבונג.

צ. ה. ק.

זיינע צדקות צו אידען און גויים אין ווילנע האָבען בעטראָפען 5000 רענדלעך. דער גרויסער עולם האָט זיך פערזאַמעלט אין טעאַטער די ערשטע טעג פון זיין אָנקומען אַהער, האָפענדיג איהם דאָ צו זעהן, אָבער ער איז אַהין ניט געקומען. דער פּאָליציימייסטער האָט איהם געבעטען, ער זאָל אַהין זיך בעווייזען כאָטש אויף צעהן מינוט. האָט ער ערפילט זיין בקשה, און דער פּאָליציימייסטער האָט איהם פאַר מיינע אויגען אָבגע־פיהרט אַהין . . . שרייב אָן צו דיין שוואָגער גרשון־גבריאל אין מינסק, וועט ער דיר איבערגעבען אַלץ, וואָס ער האָט מיט זיינע אויגען געזעהן פון דעם כבוד, וואָס מאָנטעפיאָרע האָט געהאַט, און אויך וועגען מיר, ווי מען פלעגט מיך דאָרטען אויפנעהמען. בעזונדערס זאָלסטו זיך ביי איהם אָנפרעגען וועגען מיין ויכוח מיט גרובערט'ן [29]) אין מאָנטעפיאָרע'ס וואוי־נונג, אין דער אָנוועזענהייט פון מאָנטעפיאָרע, זיין פרוי, דאָקטאָר לעווע און פון די הויפּט־אָנפיהרער פון אונזער קהילה, וואָרים איך האָב מיט דעם אויפגעטהאָן אַ גרויסע זאַך; גרשון־גבריאל וועט דיר וועגען דעם דער־צעהלען, און אפשר וועל איך דיר מיט דער נעקסטער פּאָסט אַליין וועגען דעם אָנשרייבען.

פון די צייט־נייס: עס איז אָנגעקומען אַ קייזערליכער בעפעהל, אַז אין יעדער שטאָדט מיט אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר (וואו אידען איז ערלויבט צו וואוינען) זאָלען דורך איהם אויסגעקליבען און בעשטעטיגט ווערען אַלס אינספּעקטאָרען צוויי אידען פון די סאַמע אָרענטליכע און געלערענטע, און וואָס דער עולם פערהאַלט זיך צו זיי מיט צוטרוי. זיי וועלען אַרבייטען ביים גענעראַל־גובערנאַטאָר. אין דעם בעפעהל איז געזאָגט, אַז דערהויפּט דאַרף מען די קאַנדידאַטען זוכען צווישען רבנים. דער גענעראַל־גובערנאַ־טאָר האָט אַריבערגעשיקט דעם בעפעהל צום גובערנאַטאָר, און יענער —

[29]) ע. גרובער איז אין 1841—1850 געווען קוראַטאָר פון ווילנער בילדונגס־ראַיאָן. ער איז ביי אַ בעזוך צו מאָנטעפיאָרע אַרויסגעטרעטען מיט בעשולדיגונגען געגען די רוסישע אידען, האָט צ. ה. קאַצענעלענבויגען איהם מוטהיג דערויף געענטפערט.

צו דעם פּרעזידענט פון דער שטאָדט-דומע, אויף אויסצוקלייבען קאַנדי־דאַטען. ווער עס וועט אויסגעקליבען ווערען, איז נאָך ניט בעוואוסט.

אויך איז אָנגעקומען פון דעם מיניסטער אַ בעפעהל, אַז אין יענע פּאַראַפיעס, וואו עס געפינט זיך אַ קלויסטער, מעגען אידען וואוינען און פּערקויפען בראַנפען, ווייל זיי רעכענען זיך פאַר שטעדט און ניט פאַר דערפער. פאַר אונזער געגענד איז דאָס אַ גרויסע ישועה.

.10

מיט גאָט'ס הילף, ח"י סיון, תו"ר (1846), ווילנע.

מיין געליעבטער איידעם!

. . . שרייב מיר, צי דו האָסט בעקומען מיין בעזונדערען בריף, אויסער יענעם, וואָס איך האָב דיר געשיקט אינאיינעם מיט אַ בריף פון ר' מ. א. גינצבורג. איך האָב דיר דאָרטען געשריבען אויספיהרליך וועגען מאָנ־טעפיאָרע. איך וועל דיר אויך אין גיכען צושיקען ר' א. מ. דיק'ס ווערק, וואָס האַלט 3-4 בויגען, וועסטו האָבען געצוג נחת. ר' ניסן ראָזענטאַל האָב איך שוין ניט געזעהן אַ וואָך צייט; דעריבער ווייס איך ניט, צי ער האָט דיר אַרויסגעשיקט עקזעמפּלאַרען פון מאָנטעפיאָרע'ס און זיין פרוי'ס פּאָרטרעטען, ווי ער האָט דאָס מיר צוגעזאָגט צו טהאָן.

וואָס אָנבעלאַנגט דיין בקשה, איך זאָל דיר מיטטיילען וועגען די אינערליכע ענינים און די געהיימע פּאָליטישע אָנגעלעגענהייטען, וואָס מאָנטעפיאָרע אַרבייט דערין, — קאָן איך דיר ניט אויפ'ן פּאַפּיר מכח דעם אויספיהרליך שרייבען. נור אין אַלגעמיין זיי וויסען, אַז דער קייזער האָט איהם געבעטען צו פאָהרען קיין ווילנע און וואַרשע (די גרעסטע אידישע קהילות אין זיין מלוכה) און דורכריידען זיך מיט אונז מכח די אַלע פער־אָרדנונגען, וואָס זיינען ביז איצט געמאַכט געוואָרען וועגען אידען, און וואָס מיר האָבען געגען זיי טענות. מיר מעגען אָנווייזען אויף די אַלע שווערע גזירות, וואָס זיינען ביז איצט געגען אונז אָנגענומען געוואָרען. ער, מאָנטעפיאָרע, וועט מאַכען אַן אויסצוג פון די אַלע פּראָיעקטען, וואָס מיר האָבען איהם דערלאַנגט, ער וועט פון זיי אויסקלייבען די בעסטע און וועט וועגען דעם צושטעלען אַ ראַפּאָרט דעם קייזער, מיט זיין אייגענער מיינונג, אַזוי האָט איהם דער קייזער ערלויבט. און דערויף איז אונזער גאַנצע האָפנונג, אַז דורך איהם וועט אם ירצה השם קומען אונזער ישועה, און אונזער לאַגע וועט געבעסערט ווערען. די אַלע פעראָרדנונגען זיינען איהם געגעבען געוואָרען אין פראַנצויזישער שפּראַך דורך די מיניסטאָרען, און זיי אַלע האָבען איהם צוגעזאָגט, אַז אונזער לאַגע וועט ווערען בעסער. הלוואי זאָל דער אויבערשטער געבען, עס זאָל פאַר אונז ווערען ליכטיגער,

עס זאָלען אָבגעשאַפט ווערען די שווערע שטערונגען, מיר זאָלען אַלע מיט פאַרכט דיענען דעם אויבערשטען, און די וועלט זאָל ווערען פול מיט גאָט'ס קענטעניש, ווי דער ים מיט וואַסער.

צ. ה. ק.

.11

מיט גאָט'ס הילף, ער"ח תמוז, תו"ר (1846), ווילנע.

מיין געליעבטער איידעם!

פיעל נחת האָב איך געהאַט פון דיין נאַכריכט, אַז מיין טאָכטער, ד. ה. דיין געעהרטע פרוי, האָט זיך ערהאַלט פון איהר שטאַרקער קראַנקהייט. איך בין געווען באמת אונרוהיג, וואָס איך האָב שוין אַזוי לאַנג ניט געהאַט פון דיר קיין בריף. געלויבט איז דער אויבערשטער, וואָס האָט מיט אונז געטהאָן גענאָד, און געבענשט זאָלסטו זיין, מיין זוהן, דערפאַר וואָס דו האָסט ניט גערוהט און אַזוי געזאָרגט וועגען דעם געזונט פון דיין געליעבטער פרוי... ווייז, איינגעמאַכץ און פערשידענע נאַשעריי וועל איך דיר געוויס שיקען דורך אַ געלעגענהייט אָדער מיט מענשען, וואָס וועלען פאָהרען קיין מינסק, צו דיין שוואָגער ר' גרשון; וועט ער דיר דאָס אי"ה איבערשיקען, אַזוי האָט ער מיר היינט געשריבען. איך האָב פון דיר געהאַט אַ מזל־טוב, גיב איך דיר אָב מזל־טוב. זאָל דער אויבערשטער דיך בעשערען צו האָדעווען און ערציהען [דעם ניי־געבוירענעם זוהן] צו תורה, מעשים־טובים און צו דער חופה, אמן. שרייב מיר אָן, ווען דער ברית וועט זיין...

[1]) איך גיריס הארצליך צו מיין ליבע טאָכטער המהוללה מ' שאָסיע נ"י. גילויבט איז הש"י, וואָס ער האָט דיר אַרוס גיהאָלפען פון דאַיין קראַיינקהייט. מיר פרייהען זיך אַללע. און וויא דער אובערשטער האָט דיר אַרוס גיהאָלפען יעצט, אַזו וועט ער דיר העלפען אין אַללע דיינע וועגען, וואו דוא וועסט זיך קערען און ווענדען. נור זאָלשט זיך זעלבשט היטען, איבערופט זאָלשט זיך ניט ערגערען, און זאָלשט זיך ניט צאַנקען מיט דיין גוטין מאַהן. לעבט אָרענטליך, וועט גאָט ב"ה בייא אייך זיך פינדען. קוס פון מיינט וועגען דיין טאָכטער המשכלת מ' הינדע תח', זאָג איהר אָן, דאָס אין קורצען וועט זיא בעקומען פון אונז איינגעמאַכץ, און זיא וועט זיך איין ריכטען די מאַרדע מיט די ליפען. גיריס דיין זוהן, אוב ער איז נאָך אַ זוהן [2]), לעבט פריש און לעבעדיג, וויא דער וואונש פון דיין שוועהר און דיין פאָטער.

צ. ה. ק.

---

[1]) די צושריפט איז אין אידיש. איך ברייננ דעם אידישען טעקסט, ניט ענדערענדיג דעם אויסלעג.

[2]) דאָס קינד איז געבוירען געוואָרען אַ שוואַכס.

.12

מיט גאָט'ס הילף, ו' תמוז, תר"ו (1846), ווילנע.

מיין געליעבטער איידעם!

פאָריגען שבת איז פון דאַנען אַוועקגעפאָהרען אַ באַברויסקער פּריץ, ה' נעסטער. מיט גרויס מיה האָב איך ביי איהם גע'פועל'ט, ער זאָל מיט־נעהמען פון מיר אַ קליין קעסטעל. ער האָט זיך ענטשולדיגט, אַז פאַר אַ גרעסערס האָט ער קיין פּלאַץ ניט אין זיין קאַרעטע. דאָרטען וועט איהר געפינען סלאַיעס מיט גוטע אַיינגעמאַכץ, צוויי פונט צוקער און אַ ביסעל טיי, וואָס מיר האָבען אַריינגעלעגט ביי די זייטען. מעהר אַיינגעמאַכץ איז ביי אונז ניט געבליבען, וואָרים די מנין־לייט האָבען אַלץ אויפגעגעסען, און בעזונדערס פיעל האָט אויפגעגעסען דער בעריהמטער זולל וסובא ר' מ. א. גינצבורג [3]) אום שבת, ווען איך האָב געמאַכט אַ „מי שברך" דיין פרוי זאָל לעבען און דעם ניי־געבוירענעם זוהן. ווען איך זאָל וויסען, אַז איהר וועט עס ברויכען, וואָלט איך זיי ניט געגעבען אפילו אַ לעק צו טהאָן...

די בעשרייבונג וועגען מאָנטעפיאָרע, וואָס דיק האָט פערפאַסט, וועל איך דיר צושיקען, ווען עס וועט זיין אַ זיכערע געלעגענהייט. דו זאָלסט פון איהר מאַכען אַ פיינע קאָפּיע און אומקעהרען מיר צוריק. איהר וועט פון איהר האָבען פיעל פערגעניגען. איך רעכען, אַז זי וועט געדרוקט ווערען אין לייפּציג [4]). צווישען די קאַנדידאַטען אויף די צוויי אינספּעקטאָ־רען, וואָס וועלען זיין ביים גענעראַל־גובערנאַטאָר, האָט מען מיך אויך אויסגעקליבען. אָבער עס איז נאָך ניט בעוואוסט, ווי דער רעזולטאַט וועט זיין. די זאַך ווענדט זיך אָן דער בעשטעטיגונג פון דעם גענעראַל־גובער־נאַטאָר אַליין. פון די פיער גובערניעס, וואָס שטעהען אונטער איהם, דאַרף מען איהם צושטעלען צו צוויי קאַנדידאַטען, און פון די אַלע אַכט מענשען וועט ער אויסקלייבען צוויי פאַר אינספּעקטאָרען. מען ווייסט נאָך ניט, וועמען פון זיי אַלעמען וועט ער בעשטעטיגען.

די פאָרטאָ און די אַלע אַנדערע הוצאות, וועלכע דו וועסט האָבען מיט (משה מאָנטעפיאָרע'ס) פּאָרטרעטען, וואָס ראָזענטאַל האָט דיר שוין אַרויס־געשיקט, זאָלסטו איהם אויספיהרליך פערצייכענען, עס זאָל זיין אַ קלאָ־רער חשבון...

מיין פריינד און איידעם! איך שיק דיר דערביי אַ קאָפּיע פון בן־יעקב'ס העברעאישען בריף צו ר' בער לעבענסאָן. אויך שיק איך דיר אַ קאָפּיע פון ר' וואָלף ראָזענטאַל'ס בריף צו זיין ברודער ר' ניסן ראָזענ־

[3]) דער בעוואוסטער העברעאישער שריפטשטעלער.

[4]) זי איז שפּעטער, אין יאָהר 1860 אָבגעדרוקט געוואָרען אין קעניגסבערג, אונטער'ן נאָמען „האורח".

טאָל, וועגען דעם שר אַלטאַראַס [5]). אויך האָסטו געוויס בעקומען פון ר׳ מ. א. גינצבורג אַן אויסצוג פון דער ריגער צייטונג. מעהר האָב איך דיר דערוויל ניט וואָס צו שרייבען, אויסער אַז ביי אונז איז אַלץ אין אָרדנונג. גיב גאָט צו הערען פון אייך גוטע בשורות.

צ. ה. ק.

.13

מיט גאָט׳ס הילף, י״ג אלול, תו״ר (1846), ווילנע.

מיין געליעבטער אײדעם!

וואָס אַנבאַלאַנגט אַלטאַראַס׳ן, ווייסט דו געוויס, אַז ער געפינט זיך שוין צוויי אָדער דריי וואָכען צייט אין פעטערבורג. ער בעהאַלט זיך אַליין און זיין גאַנצען ענין פון אידען, ביז וואַנען ער וועט בעקומען אַן אוידיענץ (ביים קייזער). ער האָט שוין דערלאַנגט שריפטען אומעטום, וואו מען בעדאַרף. מיר ווייסען אַלזאָ ניט גענוי, וואָס איהם וועט געלינגען אויפ־צוטהאָן...

צ. ה. ק.

.14

מיט גאָט׳ס הילף, י״ב תשרי, תר״ז (1846), ווילנע.

מיין געליעבטער אײדעם!

. . . איצט וועל איך דיר מיטטיילען, אַז מיר האָבען דאָ געקראָגען אַ בריף פון דעם וואַרשעווער רב, דאָס ה׳ אַלטאַראַס איז אָנגעקומען קיין וואַרשע. ער רעדט מיט קיינעם ניט, ביז וואַנען ער וועט אויפגענומען ווערען פון פאַסקעוויטש׳ן [6]). יענער איז איצט גראַד ניטאָ אין וואַרשע. ווען ער וועט צוריק קומען, דאַן וועלען מיר וויסען קלאָרער די זאַך. מעהר קיין נייס איז ניטאָ . . .

צ. ה. ק.

[7]) צו מיין טייערען שוואָגער און פריינד מו״ה יעקב קאַצענעלסאָן.

איך בין געקומען אַהער (קיין ווילנע), נאָכדעם ווי איך האָב פער־בראַכט אַ גאַנצע וואָך אין . . . [ניט דורכצולייענען] צוליעב די עסקים פון מיין פאָטער. איך בין אָנגעקומען קיין ווילנע ערב יום־כפור, און עס

[5]) די ביידע בריף און דער אויסצוג פון דער „ריגאַשער צייטונג״ זיינען פערעפענטליכט אין מיין אַרטיקעל וועגען י. אַלטאַראַס׳ן, אויך אין זאַמעלבוך „לקט אמרים״. דעריבער ברייננ איך זיי דאָ ניט.

[6]) דער „נאַמעסטניק״ (גענעראַל־גובערנאַטאָר) פון פוילען.

[7]) די צושריפט (אין העברעאיש) איז פון צ. ה. קאַצענעלענבויגען׳ס אײדעם, זלמן רייסער. ער האָט געלעבט ניט אין ווילנע און איז אַהין געקומען אויף אַ קורצע צייט.

האָט מיך שטאַרק געפרעהט צו זעהן אַלע אונזערע פריינד, די משכילים, בשלום אין אונזער מנין. ר' משה חייקעלס האָט געדאַוועגט „כל נדרי" און שחרית, און קופער האָט געדאַוועגט מוסף און נעילה, זעהר פיין און געניט, מיט אַ כאָר העלפער. אונזער פריינד, דער הויפּט־חזן מינדעלסאָן, איז ניטאָ אין ווילנע, ער פאָהרט אַרום איבער די יאַרידען מיט ספרים. נאָך קיינמאָל האָב איך ניט אַזוי געפיהלט דעם פרייען גייסט, וואָס הערשט אין ווילנע, ווי איצט. וואָרים ערשט נאָך פיין שעצט מען די רוח. ווען דו וואָלסט געזעהן אונזערע פריינד, די משכילים, ווי זיי זיינען געקליידט מאָדיש, לויט דעם גוסט פון דער צייט, און ווי זיי זיינען פערטהאָן אין די פּאָליטישע נייעס, וואָלסטו געהאַט גרויס נחת; וואָרים אונז האָט דער צופאַל פערוואָרפען אין אַ וויסטען אָרט, און מיר קאָנען ניט געניסען פון דעם אַלגעמיינעם גוטס. — וועגען אַלטאַראַס'ן האָט דיר שוין געשריבען אונזער ליעבער שוועהר. איך וועל דיר נור צוגעבען, אַז אַלטאַראַס איז געוועזען פון די הויפּט־דעפּוטאַטען אין דעם סנהדרין, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט צונויפגערופען אין פּאַריז. קאָנסטו שוין פערשטעהן, וויפיעל מיר קאָנען האָפען פון אַזאַ פערזאָן. איך זוך די נייעס פון אונזערע משכילים און די נאַכריכטען פון די צייטונגען, וואָס מיר זעהען ניט [ביי אונז], און מיט דער וייטערדיגער פּאָסט וועל איך דיר ווידער מיטטיילען. דיין פריינד און שוואָגער, וואָס גאַרט נאָך נאַכריכטען פון דיר

ז. רייסער.

.15

מיט גאָט'ס הילף, כ"א מרחשון, תר"ז (1846), ווילנע.

מיין טייערע טאָכטער לעב [8].

ווייל איך מיין, אַז דיין טייערער מאַן איז נאָך ניט גיקומען צו הויז, דאַריבער שרייב איך דיר . . . מיר האָבען דאָ גיהאַט אַ גוטען פּעקיל, חיים־ליב'ס [9]) טאָכטער הבתולה מ' שרה איז גישטאָרבען בעונותינו הרבים ביום שבת קודש, פ' לך לך. הש"י זאָל אונז שיין דערפרייען ובלע המות לנצח, אָמן.

מיר האַלטען אין איין יאָמערין, ווייל דאָנערשטאָג פ' וירא איז געשטאָרבען דער גרויסער בעריהמטער דיכטער, דער הויפּט פון די איבערזעצער ר' מרדכי אהרן גינצבורג. ער איז געלעגען צעהן טאָג קראַנק, און מען האָט איהם מקבר געווען מיט גרויס כבוד, און דער היגער מגיד האָט איהם מספּיד געווען אין דער שוהל, ווי עס בעדאַרף צו זיין. איצט מאַכט

---

[8]) דער בריף איז געשריבען אין אידיש. דער אויסלעג איז דאָ ניט געענדערט.

[9]) צ. ה. קאַצענעלענבויגען'ס עלטסטער זוהן.

זיך אַ געזעלשאַפט אָבצודרוקען אַלע זיינע מאַנוסקריפּטען לטובת זיין אלמנה און זיינע יתומים. גאָט זאָל שיקען אַ דאָפּעלטע טרייסט און באַ־פרידיגען אונזער פאָלק פאַר דעם פערלוסט, ווארום דער פערשטאָרבענער האָט ניט איבערגעלאָזט זיין גלייכען, און שוין פיעל דורות האָבען מיר אַזאַ איינעם ניט פאַרמאָגט.

צ. ה. ק.

.16

מיט גאָט'ס הילף, ח' כסליו, תר"ז (1846), ווילנע.

מיין ליעבער איידעם!

וועגען די מאַנוסקריפּטען פון אונזער פערשטאָרבענעם פריינד ר' מ. א. גינצבורג, וואָס געפינען זיך ביי דיר, בעט איך דיך, דו זאָלסט מיר אָנשרייבען אויספיהרליך דעם נאָמען און דעם אינהאַלט פון יעדען מאַנו־סקריפּט. מיר דאַרפען האָבען אַ חשבון וויפיעל יעדערער האַלט, כדי אויס־צורעכענען די הוצאות גענוי, אָהן אַ טעות. אויך ווילען מיר זעהן, צי עס געפינען זיך ביי דיר אַזלעכע נייע ווערק, וואָס זיינען דאָ ניטאָ.

ר' בער לעבענסאָן האָט געמאַכט אַ געלונגענעם הספד אויף ר' מ. א. גינצבורג. ער האָט ביי אַלע צוהערער שטאַרק אויסגענומען. דעם הספד האָט ער געהאַלטען אין ר' אייזיק מערעצער'ס קלויז, אין דעם הויף וואו ר' מ. א. גינצבורג האָט געלעבט. זיין הספד וועט אָבגעדרוקט ווערען, און די לעזער וועלען פון איהם האָבען נחת.

צ. ה. ק.

אפשר ווייסטו די אורזאַך, פאַרוואָס מען האָט אין רייסען גוזר געווען תעניות בה"ב? דאָ האָב איך געהערט, אַז דאָס איז געשעהן צוליעב דער גזירה וועגען שערען די בערד אין וואַרשע, און אַז דעריבער האָט מען דאָרטען איינגעפיהרט די תעניות.

[10]) איך גיריס האַרצליך מיין ליבע טאָכטער הצנועה מ' שאָסיע, תח'.

עס פרייט אונז אַז דו ביסט ב"ה בעססער. איך דאַנק דיר פאַר דיזע נאַכריכט, אַז דו גייסט שון איבערען שטוב. איך אונד דיא מאַמע האָבען גאָרניט גיוואוסט וואָס איבער צו טראַכטען. גם דיין מאַמע איז אוך קראַנק גיוועזין אוף אַ היץ קריינק, זיא ווערט ב"ה בעססער. הש"י זאָלל אונז היט־טען אונד בשירמענען פון אַללע צרות. גאָט ב"ה זאָלל געבען, דוא מיט דיין גוטען מאַן זאָללען זיין גיזונד און פריס. גם מיר וואנדערט, ווארים שרייבסט דוא מיר ניט פון דיין טאָכטער וואָס מאַכט זיא. ווייטער ווינש איך אייך אַלדעז גוטץ. למע"ה איהר זאָלט זיך ניט קריגען אונד צאַנקען,

[10]) די צושריפט איז אין אידיש. דער אויסלעג איז ניט געענדערט.

וועט אַייך השב״ה העלפען, ווי עס ווינשט דאָס דיין פאָטער און דיין שוועהר, וואָס גיריסט אַייך און בעט צו גאָט פאַר אַייער גליק.

.17

מיט גאָט׳ס הילף, כ״ב כסליו, תר״ז (1846), ווילנע.

מיין געליעבטער איידעם!

דיינע בריף דורך ר׳ פּ. לאַנדאָ און דורך דער פּאָסט האָב איך בע־קומען, און עס האָט מיך זעהר געפרעהט צו לייענען, אַז מיין טאָכטער, דיין פרוי תחי׳ איז גענעזען געוואָרען. גיב אויף איהר אַכטונג, זי זאָל אָבהיטען איהר געזונט און אויסמיידען אַלץ וואָס איז שעדליך, בעזונדערס אויפ־רעגונגען און דאגות, ווען זי אי״ה זיין פאָלקאָם געזונד. איצט קאָן איך דיר מיטטיילען, אַז מיט גאָט׳ס הילף איז אויך מיין פרוי, דיין שוויגער, שוין אויפגעשטאַנען פון געלעגער און זי געהט שוין אין קראָם. אָבער זי איז נאָך שוואַך, זי האָט שמערצען און זי ליידט אויף די אויגען. זאָל איהר גאָט שיקען אַ רפואה שלמה.

אַ גרויסען דאַנק דיר דערפאַר, וואָס דו האָסט מיר צוגעשיקט אַ רשימה פון דעם פערשטאָרבענעם ר׳ מ. א. גינצבורג׳ס מאַנוסקריפּטען, וואָס געפינען זיך ביי דיר. דו האָסט זעהר רעכט געטהאָן, וואָס דו האָסט אָנגעשריבען אין אַלגעמיין דעם אינהאַלט פון יעדען ווערק. ווי פיין און שען דו האָסט אָבגעטהאָן די אַרבייט! חכמים און מבינים האָבען דיך שטאַרק געלויבט. עס קומט דיר אַ גרויסער דאַנק.

צ. ה. ק.

.18

מיט גאָט׳ס הילף, ער״ח טבת, תר״ז (1846), ווילנע.

מיין געליעבטער איידעם!

. . . וואָס הערט זיך נייעס אין אַייער קהלה? דאָ האַלט זיך אַ קלאַנג, אַז אין מאָהילעווער גובערניע און אין וויטעבסקער קאָכט און רודערט, און מיר דאָ וויסען ניט, ווענען וואָס עס האַנדעלט זיך.

די פרוי פון דעם היגען גענעראַל-גובערנאַטאָר איז בעשטעטיגט גע־וואָרען פאַר אַ פּערוואָלטערין פון דעם היגען פריוט, און מאָרגען, דעם 6-טען דעצעמבער, אין דעם נאָמענס-טאָג פון דעם קייזער, מאַכט זי אין דעם הויז פון „דאָבראָטשינאָסט״ אַ מאַלצייט פאַר אַלע אָרימע-לייט, קריסטען און אידען. פאַר אידישע אָרימע-לייט מאַכט זי אַ כשר׳ן מאַלצייט, געגרייט פון אידען. אַלע היגע סוחרים האָבען דערויף געגעבען נדבות. מעהר קיין נייעס איז דאָ ניטאָ.

צ. ה. ק.

.19

מיט גאָט'ס הילף, כ"ב אדר, תר"ז (1847), ווילנע.

צו מיין איידעם, טאָכטער און אייניקעל, זאָלען לאַנג לעבען, אמן.

ביי אונז איז אַלץ אין אָרדנונג, גיב גאָט דאָסזעלבע פון אייך צו הערען. מסתמא האָט איהר בעקומען מיין בריף פון פורים; דאָרטען האָב איך אייך מיטגעטיילט, דאָס איך האָב אייך געשיקט דורך מענשען פון דיין שוואָגער'ס קראָם אַ קליין קעסטעל מיט פיער פלאַשען פסחדיגע וויין און אַ בוטעל [בוים-אויל] דע פּראָוואַנס, אויך די צוואה פון ר' ז. היינה פון האַמבורג. זיי האָבען דאָס אָבגעגעבען דיין שוואָגער ר' גרשון גבריאל און איך האָב איהם אָנגעשריבען, ער זאָל עס אייך וואָס גיכער צושטעלען. איצט פאָהרט פון דאַנען דעם פּריץ קאָלטשעווסקי'ס אַ פוּער צו אייך; שיק איך אייך דורך איהם אַ נייע העמאָרידען-קישעלע פאַר דיין פרוי, צוויי פונט פסח'דיגע צוקער און אַ פערטעל טיי, אויך מיינע ווערק „נתיבות עולם" און „גבעת שאול", געבונדען אינאיינעם מיט לעבענסאָן'ס „אבל כבד", וויל איך האָב בעמערקט, אַז ווען דו ביזט דאָ געווען, האָסטו זיי געזוכט. איך דאַנק דיר טויזענד מאָל פאַר דעם ספר „צמח דוד", וואָס דו האָסט מיר צוגעשיקט. דאָס איז אַ פיין ווערק, וואָס פּאַסט פאַר מיין ביבליאָטעק, ווי ווינטרויבען צווישען ווינטרויבען.

דאָ געפינט זיך איצט ה' פיננער [11]) מיט דער גמרא „ברכות", וואָס ער האָט אָבגעדרוקט. איך האָב איהם איינגעלאַדען צו זיך אויף פורים און מיר האָבען פריינדליך און שען פערבראַכט די צייט. מיט צוויי וואָכען צוריק איז דאָ געווען אויך פּראָפעסאָר באַנעווענטוראַ [12]). איך האָב איהם איינגעלאַדען אויף שבת, האָט ער געגעסען און געטרונקען ווי אַן אמת'ער גוי. געקומען איז ער צו אונז אַרום 12 דעם זייגער, אויף וואָרמעס און מיר האָבען געשמועסט וועגען תורה-ענינים ביז 10 דעם זייגער ביי-נאַכט. ר' העשיל האַלפערן, פון ביאַליסטאָק, איז אויך געווען ביי אונז. איך בין פערדולט געוואָרען פון דעם גוי'ס תורה און פון ר' העשיל'ס דרשות. איך האָב יעדעס מאָל געמוזט איינשטילען די צאַנקעריי צווישען זייביידען. עס איז געווען קאָמיש צו זעהן, ווי זיי פלעגען צווישען זיך שפּאַרען און ווערטלען זיך, פונקט ווי יענע יונגע לומדים-בחורים, וואָס האָבען ליעב צו פערטשעפּען און מבייש זיין איינער דעם אַנדערען. די אונטערשטע שורה איז, אַז ער [דער פּראָפעסאָר] איז אַ גרויסער למדן, קלאָר אין „חשן משפט" מיט'ן ש"ך און סמ"ע, און ער קאָן דעם „חשן משפט" אויף אויס-

[11]) אפרים משה פיננער (1800—1880), געלעהרטער און איבערזעצער פון מס' „ברכות" אין דייטש (בערלין, 1842).

[12]) ליידער איז מיר ניט געלונגען אויפצוקלערען, ווער דאָס איז.



יעקב קאַצענעלסאָן

(אין דער צייט אַרום 1880)



צבי הירש קאַצענעלענבויגען

(אין דער צייט אַרום 1860)

ווייניג. ער טרעפט כמעט שטענדיג אויפ'ן דף, און זיינע דרשות אין אגדה זיינען זיס, ממש צו קושען, און אויף יעדע זאַך ענטפערט ער ווי עס בעדאַרף צו זיין. עס איז נאָך אַזאַ גוי ניט געווען. מיר האָבען געזעהן זיינע פּאַפּירען און זיין פּאַספּאָרט פון רוים, און מיר זיינען נשתומם געוואָרען. איך בין אָבער ביי זיך ניט אַראָבגעפאַלען, און איך האָב איהם שטאַרק אויסגערעדט פאַר זיין ווערק, וואָס ער האָט געשריבען געגען אידען. איז זיין ענטפער געווען: ווען ער וואָלט געזעהן די ווילנער געלעהרטע, וואָלט ער ניט אָנגעשריבען דאָס, וואָס ער האָט געשריבען; בעזונדערס האָט ער זיך פערענטפערט, וואָס ער האָט ניט דערמאָהנט וועגען די אידען אין ליטע, ווייל ער האָט ניט געוואוסט וועגען זייערע אייגענשאַפטען און וועגען זייער ווערדע. ער האָט שטאַרק אויסגענומען ביי אונזער פריינד ר' חיים נחמן[13]) און ביי דעם היגען מגיד. מען האָט איהם געגעבען אַ פיינע מתנה, און ער איז אַוועקגעפאָהרען קיין וואַרשע. מעהר קיין נייס האָב איך ניט וואָס צו שרייבען.

צ. ה. ק.

.20

מיט גאָט'ס הילף, 23-טער מאַי, תר"ז (1847), ווילנע.

מיין געליעבטער איידעם!

דיין בריף האָב איך בעקומען. איך זעה, אַז דו האָסט עגמת נפש, וואָס דו האָסט ניט קיין בריף פון אונז, ווי שטענדיג. שרייב איך דיר איצט, אַז די לעצטע צייט בין איך געוועזען זעהר פערנומען און געדריקט. גאָט זאָל רחמנות האָבען און ענדערן אַלץ צום גוטען. מיין פרוי, דיין שוויגער איז אין דער צייט געווען קראַנק אויף רעוומאַטיזם און קאַטער. זי איז נאָך ניט אין גאַנצען געזונד. אפשר וועט זי מוזען פאָהרען צום ים באָדען זיך אָדער קיין דרוזקעניג, אַזוי הייסען איהר די דאָקטוירים. דאָך אָבער סטאַרעט זי זיך צו האַלטען זיך און שטעהט אין קראָם. זאָל איהר דער אויבערשטער שיקען אַ רפואה שלמה. הלואי זאָלען מיר הערען פון איינאַנדער נור גוטס.

צ. ה. ק.

.21

מיט גאָט'ס הילף, ז' דעשרת ימי תשובה, תר"ח (1847), ווילנע.

מיין טייערער איידעם!

דיין בריף פון 28-טען אלול האָב איך דערהאַלטען. איך האָב מיך געפרעהט צו הערען, אַז איהר זיינט אַלע גאָט צו דאַנקען געזונד. הלואי אויך ווייטער דאָס זעלביגע צו הערען.

---

[13]) חיים-נחמן פּרנס, בעוואוסטער ווילנער עסקן און למדן.

וואָס אָנבעלאַנגט דעם שידוך [14]), ווייס איך ניט צו וועמען איך זאָל זיך ווענדען און דורך וועמען צו דערגעהן. בעטען וועגען דעם ר׳ יוסף בצלאל׳ן [15]) וויל איך ניט צוליעב אַ געוויסען בעהאַלטענעם גרונד. דעריי־בער בעט איך דיך, דו זאָלסט אָנשרייבען צו מיין מחותן, דעם פאָטער פון דיין שוואָגער ר׳ זלמן, וועט ער אויף אַלץ ענטפערן. אויך זאָלסטו ביי איהם פרעגען זיין מיינונג וועגען דעם נדן פון מיין צד. אָט מיין תשובה זאָלסטו אָנשרייבען צו דעם שדכן. מסתמא וועסטו מיר אַלץ מיטטיילען און וועסט זיך ווי עס בעדאַרף צו זיין מיהען דעריך, וועסט זיך ניט פוילען צו שרייבען און דערמאָהנען מיר; וואָרים אַזעלכע זאַכען פאָדערן, מען זאָל זיך מיט זיי ערנסט פערנעהמען.

מיט אַ פּאַסיגער געלעגענהייט וועל איך דיר שיקען אַלס געשאַנק דעם טייערען ספר „מועדי שחר״ [16]), וואָס איז זעהר שען אָבעדרוקט געוואָרען. אויך טייל איך דיר מיט, אַז ר׳ דוב בער מיכאַלישאָק [17]) האָט אָבגעדרוקט זיין ווערק „קינת סופרים״; דאָס איז אַ גרויסער הספד אויף אונזער פערשטאָרבענעם פריינד ר׳ מ. א. גינצבורג. שרייב מיר אויך אָן, אפשר קאָנסטו פערקויפען אייניגע עקזעמפּלאַרען פון דעם אויבען־דערמאָהנטען ספר „מועדי שחר״, וועל איך דיר זיי אַרויסשיקען.

אויך טייל איך דיר מיט, אַז מען האָט פיין איינגעאָרדענט אונזער קהל־שטיבעל. דריי הונדערט רובעל האָט דאָס אָבגעקאָסט. מיר, די אַלע 24 מאַן, זיצען אויף פיינע שטוהלען און טהוען אויף, מיט גאָט׳ס הילף, וויכטיגע זאַכען. די אַלע גבירים און מופלגים אין אונזער שטאָדט געפינען זיך צווישען אונז. וואויל איז דעם, ווער עס האָט געזעהן אונזערע זי־צונגען.

צ. ה. ק.

.22

מיט גאָט׳ס הילף, ער״ח מנחם אב, תר״ט (1849), ווילנע.

מיין טייערער אידעם!

די אורזאַך, פאַרוואָס איהר האָט שוין דריי וואָכען קיין בריף ניט פון מיר, איז די קראַנקהייט פון מיין פרוי, דיין שוויגער. קיין רפואות האָבען ניט געהאָלפען, וואָרים די דאָקטוירים האָבען ניט פערשטאַנען די קראַנק־הייט. דער אויבערשטער האָט איהר אָבער געשיקט גענעזונג, און איצט איז זי, מיט גאָט׳ס הילף, כמעט אין גאַנצען געזונד . . .

---

[14]) פּאַר איינער פון זיינע טעכטער.

[15]) האַרקאַווי (דער פאָטער פון דער דרוק־בעזיצערין דבורה ראָם).

[16]) פון יוסף הערצבערג (קעניגסבערג, 1845).

[17]) א. ב. לעבענסאָן.

יעדען טאָג געהען דאָ דורך אָבטיילונגען פון גוואַרדיע[18]). מען ריכט זיך, אַז קומענדיגע וואָך וועט דאָ זיין דער נאַסלעדניק. אונזער ראַבינער־שול ענטוויקעלט זיך ווי געהעריג איז. אונזערע היגע דעפּוטאַטען האָבען ניט ריכטיג געהאַנדעלט. אַפּאַטאָוו'ן האָט די אַדמיניסטראַציע אויסגעשלאָסען פון זייער צאָהל, און אויף איהם מיט זיי אַלעמען האָט מען בעשטימט אַ קאָמיסיע (אויף אויסצופאָרשען זייער אַרבייט). איך האָב אויף זיי געזאָגט דעם פּסוק: „נחלה מבוהלת בראשונה ואחריתה לא תבורך". איך האָב דאָס פאָראויסגעזעהן, און איך האָב דעם 31־טען דעצעמבער 1848 דערלאַנגט אַ ראַפּאָרט, אַז איך געה אַרויס פון זייער צאָהל. געלויבט זאָל זיין גאָט, וועלכער האָט מיך דערלייזט פון דער שטראָף, וואָס וועט זיי קומען.

.23

מיט גאָט'ס הילף, י' אייר תור"ה (1851), ווילנע[19]).

מיין טאַייערע טאָכטער המשכלת והצנועה מ' שאָסיע תח'.

דיין בריב פון כ"ה ניסן האָבען מיר מיט גרוס גיוויין גילעזען — מיר האָבען גאָר איבער נייס זייער פיהל טרעהרען פאַרגאָסען. נור וואָס העלפט דאָס אונז, יעצט מוזען מיר זעהען אַז הש' ב"ה זאָלל אונז גיזונד אונד רוהע געבען. דיין טאַייערע מוטער זאָלל אַ ליכטיגען גן עדן האָבען, איהר טאַייערע נשמה זאָל גיין למעלה למעלה, אונד זי זאָלל פון אונז בעטין אל הש' ב"ה מיר זאָלל קעננען חתונה מאַכען דאַיין שוועסטער שאָרינקען, אונד מיר אַללע זאָללען אוסלעבען אונזערע יאָהרען אונד אונז אַללעס זאָלל גיין גוט — דאס מיר זאָללען קעננען דיענען דעם אובערשטען בשמחה ובטוב לבב, אמן. מיין האַרץ איז פאַרשטיינט פון עגמת נפש, איך קען דיר מעהר יעצט ניט שרייבען. בלייב געזונד אונד לעב וואָהל, הש' ב"ה זאָלל אונז טרייסטען. איך פאַרהאָף, אַז דער זכות פון אייער מאַמע אונד איהרע האָרעוואַניע וועט אייך בייאַ שטיין און מיר און זייא גיזונד, מיין טאַייערע טאָכטער. זייא גיזונד און פאַרהיט דיין גיזונד. גיריס דיין טאַייערען מאַן אונד דיין טאַייערער טאָכטער הינדיצקע, כחפץ אביך.

צ. ה. ק.

מיין טייערער אידעם!

ביים לייענען דעם בריף פון מיין טאָכטער, דיין פרוי, איז מיין האַרץ צובראָכען געוואָרען, און מיר האָבען פיעל געוויינט, דערמאָהנענדיג זיך אָן

[18]) דאָס איז געוועזען אין דער צייט פון אונגאַרישען פעלדצוג, ווען די רו־סישע מאַכט האָט געשיקט מיליטער, כדי צו העלפען עסטרייך אונטערדריקען דעם אונגאַרישען אויפשטאַנד.

[19]) דער בריף צו דער טאָכטער איז אין אידיש. דער אויסלעג איז ניט געענדערט.

דעם אונגליק, וואָס האָט אונז געטראָפען און וואָס מיר קאָנען ניט פערגעסען. איך קאָן מיך ניט טרייסטען. איך שרייב דיר איצט מיין בריף, זיצענדיג אין ראַבינער־שול, אין אַ בעזונדער צימער, וואו קיינער זעהט מיך ניט, און איך בעגיס מיך מיט טרעהרען. מיינע פינגער זיינען שוואַך, איך ווייס ניט וואָס צו שרייבען. פערגיב מיר דעריבער, מיין פריינד און איידעם, זיי מיר היינטיגס מאָל מוחל, וואָרים איך בין נידערגעדריקט, מיין אונגליק איז גרויס ווי דער ים. גאָט זאָל פערהיילען אונזערע וואונדען...

וועגען די פּאַרוקען האָבען מיר פערגעסען נאָכצופרעגען, ווייל דאָ האָט מען ביז איצט ניט פובליקירט דעם בעפעהל, און מיר האָבען געמיינט, אַז דאָס זיינען בלויז ווייבערשטע רייד. אָבער היינט האָט מען אין די גאַסען אויסגערופען דעם בעפעהל מיט אַ פויקעריי. דערום וועל איך בעטען דיין שוועגערין, זי זאָל מיט דער נעקסטער פּאָסט מיטטיילען די מקחים...

---

יעקב קאַצענעלסאָן׳ס זאַמלונג ענטהאַלט אין זיך, אויסער צ. ה. קאַצענעלענבויגען׳ס בריף אויך אַ פעקעל בריף פון זיינע זיהן. בעזונדערס אינטערעסאַנט זיינען די בריף פון חיים ליב קאַצענעלענבויגען. מיר האָפען מיט דער צייט זיי צו פערעפענטליכען.



# די פאַמיליע באַראָן גינצבורג: דריי דורות
# שתדלנות, צדקה און השכלה

I.

יאָהרען און יאָהרען לאַנג איז דער פּאָפּולערסטער נאָמען צווישען די אידען אין רוסלאַנד אַמאָל געווען — די פּעטערבורגער מיליאָנערסקע פאַמיליע פון די באַראָנען גינצבורג. אין די ברייטסטע אידיש־רוסישע קרייזען האָט מען זיך צו איהר פערהאַלטען מיט אַ בעזונדער אַכטונג און ליעבע. און געעהרט האָט מען זי ניט פאַר איהר רייכקייט; אין רוסלאַנד זיינען געווען גרעסערע אידישע מיליאָנערען, ווי די באַראָנען גינצבורג. געאַכט און געליעבט האָט מען זיי פאַר זייער טרייקייט, פאַר זייער טיפע איבערגעבענקייט צו די אידישע אינטערעסען. די אָנפיהרער פון דער פעטערבורגער פאַמיליע גינצבורג זיינען אַ צייט מיט יאָהרען געווען פאַקטיש די פערטרעטער פונ׳ם רוסישען אידענטום פאַר דער אויסערליכער וועלט. זייער טעטיגקייט איז געווען פעסט פערבונדען מיט דער געשיכטע פון די רוסישע אידען אין פערלויף פון אַ האַלבען יאָהר־הונדערט. זי איז געוואָרען אַ טייל פון דער היסטאָריע, איהרער אַ וויכטיגער, אינטערעסאַנטער קאַפּיטעל.

די פערטרעטונג און בעשיצונג פון די אידישע כלל־אינטערעסען, די אַזוי גערופענע שתדלנות, האָט עקזיסטירט פון גאָר אַלטע צייטען. זי איז געשאַפען געוואָרען דורך די אומנאָרמאַלע בעדינגונגען פון דעם אידישען לעבען. איבער דער אידישער בעפעלקערונג זיינען אומעטום געהאַנגען שווערע אויסנאַהמס־געזעצען; שטענדיג האָבען געדראָהט פערפאָלגונגען, אַרויסטרייבונגען, בלבולים. אידען האָבען זיך געמוזט געגען דעם וועהרען, בעוואָרענען, זוכען אָפּווענדען די שרעקליכע בעשולדיגונגען און גזירות. דער יחיד, דער איינצעלנער איד האָט דאָס נאַטירליך אַליין ניט געקאָנט טהאָן. זוכען און געפינען מיטלען געגען דעם האָט געקאָנט נור דער כלל. שוין אין שפּאַניע געפינען מיר אין די אַלטע צייטען בעזונדערע שתדלנים, וואָס ווערען פון די קהילות בעפאָלמעכטיגט צו בעשיצען די אידישע אינטערעסען, פערהאַנדלען מיט די פאָרשטעהער פון דער רעגירענדער מאַכט און ווירקען אויף זיי אי מיט בקשות, אי מיט געלט־מיטלען. אַחוץ אַזעלכע פּראָפעסיאָנעלע שתדלנים, פלעגען אָפט פערטרעטען די אידישע אַלגעמיינע אינטערעסען אויך רייכע, אָנגעזעהענע מיטגליעדער פון די קהילות, מייסטענס באַנקירען; זיי האָבען געזוכט

דורך זייערע בעקאַנטשאַפטען און געלט־פערבינדונגען מיט די אַריסטאָ־קראַטישע און הויפישע קרייזען אויסווירקען פערגרינגערונגען פאַר דער אידישער בעפעלקערונג און אויסהעלפען איהר אין די צרות, וואָס פלעגען זיך נאָכאַנאַנד שיטען אויף אידען. צווישען אַזעלכע אידישע בעשיצער האָבען זיך גאָר בעזונדערס אויסגעצייכענט יוסף פון ראָזהיים, אין 16־טען יאָהרהונדערט אין דייטשלאַנד, שמשון ווערטהיימער, אין 18טען יאָהר־הונדערט אין עסטרייך.

שטאַרק ענטוויקעלט איז געווען די שתדלנות ביי אידען אין דער צייט פון דער פויליש־ליטווישער מלוכה. יעדער קהל האָט געהאַט זיינעם אַ שטענדיגען שתדלן. ער פלעגט קריגען געהאַלט פון דער געמיינדע, און זיין פליכט איז געווען — צו בעוואַכען די אידישע אינטערעסען פון פערפאָלגונגען, וואָס האָבען געקאָנט שטענדיג קומען פון דעם אָרטיגען פריץ, פון די קאַטוילישע גלחים און פון די רעגירונגס־בעאַמטע. פאַר שתדלנים פלעגט דער קהל בעשטימען אַזעלכע אידען, וואָס האָבען פער־מאָגט די נויטיגע געניטקייט, קענטעניש און בעקאַנטשאַפטען. ווייל זיי האָבען געהאַט שטענדיג צו טהאָן מיט גויים און מיט פאָרשטעהער פון דער מאַכט, האָבען קהל און די רבנים זיך געמוזט מיט דעם רעכענען, און זיי פלעגט מען ערלויבען צו פיהרען זיך וועלטליכער, זיי האָבען אָפילו געמעגט קליידען זיך אין ניט־אידישע בגדים. דער שתדלן האָט בע־דאַרפט בעזאָרגען די אינטערעסען פון דער קהילה אויך אין די אָרטיגע סעימיקעס (פּראָווינציעלע פּאַרלאַמענטען), נאָכשפּירען און אויפקלעהרען, צי מען גרייט דאָרטען ניט אידען־פיינדליכע פּראָיעקטען און פאָרשלאָגען פאַר דער צענטראַלער רעגירונג, און זעהן ווי וויט מעגליך זיי אָבווענדען דורך פערשידענע מיטלען.

אין דער צייט, ווען די פויליש־ליטווישע אידען האָבען געהאַט זייער אויטאָנאָמע זעלבסט־פערוואַלטונג (פון יאָהר 1580 ביז 1764), האָבען די ביידע צענטראַלע אידישע אינסטיטוציעס — דער „ועד פון פוילען“ און דער „ועד פון ליטע“ — געהאַט זייערע בעזונדערע שתדלנים. זייער אויפגאַבע איז געווען: בעשיצען די אינטערעסען ניט פון די איינצעלנע קהילות, נור פון דעם גאַנצען כלל. זיי פלעגען אויסגעקליבען ווערען פון צווישען די סאַמע געניטע, בעהאַווענטע טהוער. זיי האָבען געזאָלט קעמ־פען געגען די אָפטע בלוט־בלבולים, זוכען שוץ פאַר אידען ביים קעניג, ביי איינצעלנע מאַגנאַטען און הויכע בעאַמטע, ביי די וויכטיגסטע גלחים און אָפילו ביים פּויפּסט אַליין; אויך האָבען זיי געזאָלט זאָרגען, אַז די „שוץ־פּריווילעגיעס“, וואָס דער קעניג פלעגט געבען אידען, זאָלען נאָך זיין טויט בעניט ווערען דורך זיין טראָהנפאָלגער, צוליעב זייערע וויכטיגע פליכטען פלעגען אָט די צענטראַלע שתדלנים קריגען אַ גרויס געהאַלט,

און יעדע איינצעלנע קהילה האָט געמוזט זיך דערין בעטייליגען מיט אַ געוויסער אָפּצאָהלונג.

די שתדלנים פון דיביידע צענטראַלע ועד'ן האָבען זיך אויפגעהאַלטען אין וואַרשע. זיי פלעגען אַרבייטען געאייניגט, און זיי האָבען דאָ גע־בילדעט אַ מין בעזונדער קאָמיטעט, וואָס ווערט אין די פערשידענע פנקסים בעצייכענט מיט דעם נאָמען „ועד ווארשא". די שתדלנים פון די איינצעלנע קהילות איז געווען שטרענג פערוועהרט צו קומען קיין וואַרשע צוליעב קהל'שע אָדער פריוואַטע ענינים. דאָס איז געווען נויטיג, כדי ניט צו פערמינדערען די ווערדע פון דער צענטראַלער אידישער פער־טרעטונג, איהר פלאַנמעסיגע אַרבייט זאָל ניט געשטערט ווערען, און די אַלגעמיינע אידישע אינטערעסען זאָלען ניט ליידען דורך בקשות און אַנגע־לעגענהייטען פון איינצעלנע קהילות אָדער פריוואַטע מענשען. דער צענטראַלער ועד האָט דאָס געהאַלטען פאַר אַזוי וויכטיג, דאָס ער פלעגט דראָהען מיט אַ חרם יעדערען, וואָס וועט זיך דערוועגען האַנדלען געגען אַט דעם פערבאָט.

די צענטראַלע שתדלנים אין וואַרשע זיינען געווען בעאַמטע פון דער אידישער קהל'שער זעלבסטפערוואַלטונג. צוגלייך מיט זיי פלעגען אויך גרויסע גבירים פרייוויליג אַרויסטרעטען אין פוילען אַלס בעשיצער פון די אידישע כלל־אינטערעסען, אויסנוצענדיג אי זייער אייגענע רייכקייט, אי זייער ווירקונג אין די הויכע פענסטער. פון אָט די אידישע פערטרעטער איז בעזונדערס בעוואוסט דער רייכער וואַרשעווער „קעניגליכער ליפעראַנט", ר' שמואל זביטקאָווער (פון איהם שטאַמט די פאַמיליע בערגסאָן און דער איצטיגער בעריהמטער פראַנצויזישער פילאָזאָף אנרי בערגסאָן), וועלכער האָט אין 18־טען יאָהרהונדערט אויסגע'פועל'ט פיעל פערגרינגערונגען פאַר די אידען אין פוילען און ליטע. וועגען איהם ווערט נאָך איצט דערצעהלט. דער פאָלגענדער עפּיזאָד, וואָס כאַראַקטעריזירט זיין פרומקייט, רייכקייט און אויך זיין אידיש־פאַטריאָטישע שטימונג. נאָכדעם ווי דאָס רוסישע מיליטער האָט אין יאָהר 1704 געשטורעמט פראַגע (די וואַרשעווער פאָר־שטאָדט), האָבען די קאָזאַקען גענומען טויטען די איינוואוינער און ראַבע־ווען די הייזער און קראָמען. אַלעמען האָט בענומען אַזאַ שרעק, אַז קיינער האָט זיך ניט ענטשלאָסען אַרויסגעהן אויף די גאַסען און אַוועקטראָגען די קערפּער פון די קרבנות. ר' שמואל זביטקאָווער האָט געוואָלט ראַטעווען די לעבעדיגע און מקבר זיין די דער'הרג'עטע, האָט ער אויסגערופען, אַז יעדער קאָזאַק, וואָס וועט ברענגען צו איהם אין הויז אַ לעבעדיגען מענשען, אַ קריסט אָדער אַ איד, וועט פון איהם בעקומען אַ גאָלדענעם רענדעל, און פאַר יעדען טויטען קערפּער — אַ זילבערנעם רובעל; ער האָט צו־ליעב דעם ביי זיך אין הויף אַוועקגעשטעלט צוויי פעסלאַך: איינס מיט

רענדלעך און דאָס אַנדערע מיט זילבערנע רובעלס. ס'פערשטעהט זיך, אַז די קאַזאַקען האָבען זיך געקוואַפּעט אויף די רענדלעך. פלעגען זיי צו ר' שמואל זביטקאָווער ברייננגען יעדערען, ווענען זיי האָבען געטראָפען אויף די גאַסען, און ער האָט אויף אַזאַ אופן געראַטעוועט זעהר פיעל מענשען [1].

ווען די פוילישע מלוכה איז געפאַלען, האָט די רוסישע מאַכט געמוזט רעגולירען די רעכטליכע לאַגע פון די אידען אין די פּראָווינצען, וואָס זיינען איצט צו איהר אַריבער. קיין צענטראַלע זעלבסטפערוואַלטונג, ווי ערשט ניט לאַנג צוריק אין פוילען און ליטע, האָבען אידען שוין ניט געהאַט. אָבער ביי די קהל'שע אנשטאַלטען זיינען זיי פערבליבען אויך אונטער דער רוסישער הערשאַפט. איינצעלנע קהילות פלעגען אָפט שיקען קיין פּעטער־בורג פאַרשטעהער זיך צו מיהען דאָ וועגען זייערע אַנגעלעגענהייטען און נויטען. די רוסישע רעגירונג איז געווען פאָלקאָם אומבעקאַנט מיט די באַדערפעניסען, אינטערעסען און אַנזיכטען פון איהרע נייע אידישע אונ־טערטאַנען; זייער גאַנצער לעבענס־שטייגער איז פאַר איהר געווען אַ מין רעטעניש. פלעגט זי די ערשטע צייט גערן אויסהערען אידישע פאַר־שטעהער. ווען אַ ספּעציעלע רעגירונגס־קאָמיסיע האָט געהאַלטען ביים אויסאַרבייטען דעם „רעגלאַמענט וועגען אידען" פון יאָהר 1804, זיינען אַרויסגערופען געוואָרען קיין פּעטערבורג אייניגע אידישע דעפּוטאַטען, וואָס זיינען אויסגעקליבען געוואָרען פון די קהילות. אין די וויכטיגסטע פראַגען, וואָס די קאָמיסיע האָט רעגולירט, האָט מען, אמת, מיט זיי זיך ווייניג גערעכענט, אָבער אין אייניגע הינזיכטען האָבען זייערע ערקלע־רונגען אַ געוויסע ווירקונג דאָך געהאַט.

אין צייט האָבען די רוסישע אידען געהאַט אַפילו אַ מין שטענדיגע צענטראַלע פערטרעטונג — די אַזוי גערופענע „דעפּוטאַטען פון אידישען פאָלק". בשעת דער רוסיש־פראַנצויזישער מלחמה פון יאָהר 1812 זיינען ביים הויפּט־שטאַב פונ'ם קייזער אַלעקסאַנדער דעם 1־טען געווען צוויי אַזעלכע דעפּוטאַטען: זונדעל זאָנענבערג און לייזער דילאָן. זיי פלעגען צושטעלען ערקלערונגען, וואָס האָבען זיך אַנגעקעהרט צו אידען, געזוכט אויסווירקען הנחות פאַר זיי, דערלאַנגען שריפטליכע בקשות צו פער־שידענע רעגירונגס־אַנשטאַלטען, א. אַז. וו. ווען דאָס רוסישע מיליטער האָט, פערפאָלגענדיג נאַפּאָלעאָנ'ען, פאָרטגעזעצט דעם קריעג אין אויס־לאַנד, האָבען דיביידע דעפּוטאַטען נאָכגעפאָלגט דעם הויפּט־שטאַב, זיי האָבען דאָ אַפילו געהאַט אַן אודיענץ ביי אַלעקסאַנדער דעם 1־טען. אין פּעטערבורג האָבען זיי פאָרטגעזעצט זייער אַרבייט, צושטעלענדיג פּראָ־יעקטען און בקשות צו דער רעגירונג וועגען אידישע ענינים און שטעהענ־דיג אין פערבינדונגען מיט די פּראָווינציעלע קהלות.

[1] H. Nussbaum: Historya Zydow, V, 370.

אין יאָהר 1818 זיינען פאָרגעקומען וואַהלען פון נייע אידישע דעפּו־טאַטען. פאָרשטעהער פון צוועלף גוּבערניעס מיט אַ אידישער בעפעלקע־רונג זיינען זיך צונויפגעפאָהרען אין ווילנע און אויסגעקליבען דריי דעפּו־טאַטען: זאָנענבערג, לאַפּקאָווסקי און אייזענשטאַדט. אויף אויסצוהאַלטען זיי אין פּעטערבורג און אויף אַנדערע נויטיגע הוצאות האָט די ווילנער אסיפה בעשלאָסען, אַז אַלע אידען דאַרפען דערויף מנדב זיין די זילבערנע עטרות פון זייערע טליתים. אין די לעצטע יאָהרען פון אַלעקסאַנדער דעם 1־טענס רעגירען האָט זיך, ווי בעוואוסט, אָנגעהויבען די פּאָליטישע רע־אַקציע; וואָס ווייטער, פלעגען די אידישע דעפּוטאַטען אין פּעטערבורג בעגעגענען אַלץ גרעסערע שוועריגקייטען אין זייער אַרבייט, און אין יאָהר 1825 האָט די רוסישע רעגירונג אינגאַנצען אָפּגעשאַפט זייער אַמט.

אַזוי אַרום זיינען די רוסישע אידען געבליבען אָהן אַן אָפיציעלער פער־טרעטונג פון זייערע אינטערעסען. און די לאַגע אין אַט דער הינזיכט איז געוואָרען נאָך ערגער אין דער צייט פון ניקאָלאַי דעם 1־טען, וועלכע איז בכלל געוועזען דער פינסטערסטער און שווערסטער פעריאָד אין דער גע־שיכטע פון רוסישען אידענטום. אין יאָהר 1844 זיינען אָפּגעשאַפט געוואָ־רען אַפילו די קהל־אנשטאַלטען, וואָס האָבען נאָך ווי עס איז געקאָנט בע־שיצען די אינטערעסען פון די אָרטיגע געמיינדעס. און אַזוי האָט זיך די זאַך געצויגען, ביז אַלעקסאַנדער דער 2־טער איז אַרויף אויפ'ן טראָהן. דאַן האָט אַלס פאָרשטעהער פון די רוסישע אידען און בעשיצער פון זייערע אינטערעסען אָנגעהויבען אַרויסצוטרעטען י ו ז ל ג י נ צ ב ו ר ג.

געבוירען געוואָרען איז ער אין יאָהר 1813, און געשטאַמט האָט ער פון אַן אַלטער מיוחס'דיגער פאַמיליע, וואָס האָט אין 16־טען יאָהרהונדערט איבערגעצויגען פון דייטשלאַנד קיין פּוילען. אין פערלויף פון דריי יאָהר־הונדערטער האָט די משפחה גינצבורג געגעבען אַ גאַנצע רייה גרויסע רבנים, לומדים און פרנסים, וואָס האָבען טריי ערפילט זייערע קהל'שע פליכטען. יוזל'ס פאָטער, גבריאל יעקב, וועלכער האָט געלעבט אין דרום־רוסלאַנד, אין דער שטאָדט סימפעראָפּאָל, איז געוועזען אַ סוחר, אַ בעדייטענ־דער גביר און אַ למדן. ביי אַלע פרומע רייכע לייט אין הויז פלעגט אין יענע צייטען זיין אַן אַלמער מיט ספרים. גבריאל יעקב גינצבורג, אָבער, האָט געהאַט אַ בעזונדערע ליבע צו ביכער, ער פלעגט זיי גערן קויפען און האָט געהאַט אַ היבשע ביבליאָטעק. זיין איינציגער זוהן יוזל האָט, ווי דער מנהג איז דאַן געווען, פריה חתונה געהאַט, צו 16 יאָהר. פריה האָט ער אויך אָנגעהויבען אַרויסווייזען גרויסע געשעפטליכע פעהיגקייטען. איין צייט איז ער געווען אַ פערוואַלטער איבער די עסקים פון אַ גרויסען פּוילישען פּאָמעשטשיק אין פּאָדאָליער גוב., וואָס האָט געהאַט פילע ברויע־

רייען. דערנאָך האָט ער פערפיהרט אייגענע געשעפטען, געוואָרען רייך און אין די 40־גער יאָהרען פון 19־טען יאָהרהונדערט איז ער שוין געווען פון די גרעסטע אַרענדאַטאָרס פון דעם אַזוי־גערופענעם „אָטקופּ“, אָדער „אַקציז“, דאָס הייסט, פון דעם בראַנפען־געשעפט.

אין ניקאָלאַי דעם 1־טענס צייטען איז דאָס בראַנפען־געשעפט געוואָרען אַ מאָנאָפּאָל פון דער רעגירונג. זי אַליין האָט אָבער ניט געפיהרט דעם בראַנפען־האַנדעל, נור זי פלעגט איהם אָפּגעבען אין אַרענדע צו פּריוואַטע לייט. דער „אָטקופּשטשיק“, דער אַרענדאַטאָר, האָט בעקומען דאָס אויס־שליסליכע רעכט אויף בראַנפען־פערקויף אין אַ געוויסער געגענד, צאָהלענ־דיג דערפאַר דער רעגירונג יעהרליך אַ געוויסע סומע. דאָס געשעפט פון „אַקציז“ האָט געפאָדערט אַ גרויסע אָרגאַניזאַציע מיט אַ גאַנצער מאַסע אַנגעשטעלטע: מען האָט געדאַרפט שטענדיג פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט רעגירונגס־בעאַמטע, מיט פאַמעשטשיקעס, וואָס האָבען געהאַט ברויע־רייען, מיט די סוחרים, צו וועלכע דער אַרענדאַטאָר פלעגט פון זיך אָפּגע־בען אין אַרענדע דעם עסק, אַכטונג געבען מען זאָל ניט האַנדלען אין גע־היים מיט בראַנפען אָדער אַריינשמוגלען פון פרעמדע געגענדען. מיט איין וואָרט, דער „אַקציז“ איז געווען אַזאַ געשעפט, וואָס האָט געפאָדערט אַ פערצווייגטע אָרגאַניזאַציע מיט בעאַמטע פון פערשידענע ראַנגען.

און ווי טשיקאַווע דאָס זאָל אין פלוג ניט אויסקומען, האָט דער „אַקציז“ אָבגעשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָלע אין לעבען פון די רוסישע אידען: די ראָלע פון יענעם אומשטאַנד, וואָס האָט פיעל אידען געטריבען צו דער אַלגעמיינער בילדונג. מיט דעם אַקציז האָט זיך פאַר אידען געעפענט אַ נייער קוואַל פון חיונה — די מעגליכקייט צו קריגען אַ שטעל ביי דעם אַרענדאַטאָר. לויט אייניגע ציפערען, וואָס זיינען פערבליבען פון יענער צייט, האָבען ביים „אַקציז“ געאַרבייט און פון איהם געשפּייזט זייערע הויז־געזינדען ביז 8000 אידען אַנגעשטעלטע. דער גרעסטער פון די אַרענ־דאַטאָרס איז געווען יוזל גינצבורג. ער האָט געהאַלטען דעם „אַקציז“ אין אַ סך גובערניעס; ער פלעגט צו זיך אויפ׳ן דיענסט נעהמען כמעט אויס־שליסליך אידען. פון די 8 טויזענט אידישע „אַקציזניקעס“ האָבען די מייסטע געאַרבייט ביי איהם אויף פערשידענע אַמטען אין גרויסען נעץ פון זיינע געשעפטען, פון קליינע וועכטער און אויפזעהער ביז פערוואַלטער איבער׳ן „אַקציז“ אין אַ גאַנצער גובערניע.

פון אַ קאָרעספּאָנדענץ אין דער העברעאישער צייטונג „המגיד“ אין יאָהר 1858, ווי אויך פון אייניגע שריפטליכע עראינערונגען איז צו זעהן, אַז יוזל גינצבורג האָט זיך פערהאַלטען צו זיינע אַנגעשטעלטע זעהר גוט. דער קלענסטער „אַקציזניק“ פלעגט ביי איהם בעקומען 500 רובעל יעהר־

ליך ²). „אַזאַ געהאַלט,—שרייבט אין זיינע מעמואַרען, וועגען יענע יאָהרען, א. י. פּאַפּירנאַ, — האָט מען דאָן געמוזט בעטראַכטען פאַר אַ העכסטען גליק; ווייל מען פלעגט דאָן מקנא זיין דעם מלמד, דעם „כלי־קודש" אָדער דעם קליינעם קרעמער, וואָס האָט געהאַט אַ 150־200 רובעל איינקונפט אַ יאָהר". יעדער האָט געשטרעבט צו קריגען אַ שטעל ביים „אַקציז". ווייל אָבער אַזאַ דינסט איז געווען פערבונדען מיט דער נויטווענדיגקייט צו האָבען עסקים מיט „נאַטשאַלסטווע" אָדער מיט געשעפטליכע ביכער, האָט מען פון יעדערען דערביי געפאָדערט, ער זאָל קענען רוסיש און רעכענען. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, בעמערקט פּאַפּירנא, וואָס די רוסישע גראַמאַטיק און דער לעהרבוך פון אַריפמעטיק זיינען דאָן געוואָרען אַזוי פּאָפּולער צווישען אידישע יונגעלייט. „דער אַקציז האָט אידען געשטויסען צו דער אַלגעמיינער בילדונג פיעל מעהר, ווי אַלע צוואַנגס־מיטלען פון דער ניקאָלאַיעווסקער רעגירונג" ³).

יוזל גינצבורג האָט אין זיינע עלטערען'ס הויז בעקומען אַ שטרענג רעליגיעזע ערציהונג, און ער פלעגט שטענדיג פיהרען אַ פרומען שטאַט. אָבער ווי פיעלע פון זיין דור, איז ער צוגעשטאַנען צו דער בילדונגס־בעוועגונג, געוואָרען אַן אַנהענגער פון „השכלה", אויפקלערונג, אַ ליעבהאבער פון דער ניי־העברעאישער ליטעראַטור. צוליעב זיינע גרויסע געשעפטען פלעגט איהם זעהר אָפט אויסקומען צו פאָהרען קיין פעטערבורג, פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט די העכסטע בעאַמטע, בעגעגענען זיך מיט פאַר־שטעהער פון דעם געבילדעטען פּוילישען און רוסישען קלאַס. דאָס אַלץ האָט פערברייטערט זיינע אַנזיכטען, איהם בעררייכערט מיט וועלטליכע ער־פאַהרונג. אַ רייכער, פעהיגער געשעפטסמאַן, איז ער גלייכצייטיג אויך אַן איבערצייגטער „משכיל". ער שטיצט ברייט העברעאישע שריפטשטע־לער, וואָס געהערען צו דער פּראָגרעסיווער ריכטונג. ער נעהמט גערן צו זיך אויפ'ן דיענסט „משכילים" און בכלל פאָרשטעהער פון דער אידי־שער אינטעליגענץ. ער ווייזט דערביי אַרויס אַ גרויסע פערשטענדניש אַרויסצוגעפינען צווישען זיי פּאַסיגע, פעהיגע מענשען און צוציהען זיי צו מיטאַרבייט אין זיינע פערשידענע אונטערנעהמונגען. אַזוי, צום ביישפיעל, האָט אין סימפעראָפּאָל איבער זיינע עסקים פערוואַלטעט דער שפּעטער בעוואוסט געוואָרענער העברעאישער שריפטשטעלער בנימין מאַנדעלשטאַם; אין מינסק — נתן סאַקער, אַ מענש מיט פיינער בילדונג און אַ פערברענ־טער „משכיל". אַלס פּערזענליכער סעקרעטאַר האָט ביי איהם געאַרבייט דער בעוואוסטער אידישער געלעהרטער מרדכי סוכאָסטאַווער, וועלכער איז

²) „המגיד", תרי"ח, נומ. 1, עמ. 4.

³) А. И. Паперна, Воспоминанія, "Пережитое", т. III, стр. 353-355.

שפּעטער געוואָרען לעהרער אין זשיטאָמירער ראַבינער־שול, און נאָך איהם, אַ צייט מיט יאָהרען — עמנואל לעווין, אַ מענש מיט אַ גרויסער אידישער און אַלגעמיינער בילדונג און אַן אויסגעצייכענטער העברעאישער און רוסישער שרייבער. אייניגע פון יוזל גינצבורג'ס אָנגעשטעלטע, ווי לעאָן ראָזענטאַל אָדער אברהם זאַק, זיינען שפּעטער געוואָרען גרויסע פינאַנסיסטען און זיי האָבען פערנומען אַ גאַר הויכען פּלאַץ אין דער פּעטערבורגער געשעפטליכער וועלט.

יוזל גינצבורג האָט זינט דעם אָנהויב פון זיין זעלבסשטענדיגער טע־טיגקייט אַרויסגעוויזען אַ הייסען אינטערעס צו דער אידישער לאַגע. ער איז געווען אַ גרויסער בעל צדקה, און אין די יאָהרען 1855־1856, ווען אין די אידישע געגענדען האָט אויסגעבראָכען אַ הונגער, האָט ער אויסגעגעבען גרויסע סומען געלט אויף אַרויסצוהעלפען די נויטליידענדע. בעזונדערס האָט איהם אָבער אינטערעסירט די רעכטליכע לאַגע פון די אידען אין רוסלאַנד. אין ניקאָלאַי דעם ערשטענס צייט איז זי געווען אויסעראָרדענט־ליך שווער און טרויעריג. די רעכטליכע בעגרענצונגען זיינען אַלץ גע־וואַקסען, גזירות האָבען זיך אויף אידען געשאָטען אָהן אויפהער. יוזל גינצבורג האָט גוט געפיהלט אין זיך די פעהיגקייט אַרויסצוטרעטען פאַר דער רעגירונג, אָנווייזען איהר, ווי אונערטרעגליך עס ווערט אַלץ די לאַגע פון די אידען. ער האָט אויך געפיהלט, אַז ער פערמאָגט די נויטיגע בעהאַ־וועגטקייט דאָס צו טהאָן, אָבער ער האָט גוט געוואוסט, אַז אין ניקאָלאַי'ס צייטען וואָלט דאָס געווען נישט מעהר ווי אַן אומזיסטע מיה. האָט דאָך משה מאָנטעפיאָרע, וואָס איז געקומען קיין רוסלאַנד שוין אַלס וועלט־בעריהמטער פילאַנטראָפּ און האָט מיטגעבראַכט רעקאָמענדאַציעס פון דער ענגלישער קעניגין וויקטאָריאַ, — האָט דאָך אַפילו מאָנטעפיאָרע ניט גע־קאָנט אויסווירקען ביי ניקאָלאַי דעם 1־טען די מינדעסטע פערגרינגערונג פאַר זיינע ליידענדע ברידער אין רוסלאַנד. ווי שווער דאָס איז ניט גע־ווען, האָט מען געמוזט מיט באַמיהונגען פאַר אידישע אינטערעסען וואַרטען ביז אַ בעסערער צייט.

אָט די צייט איז געקומען, ווען נאָך ניקאָלאַי'ס טויט האָט, אין יאָהר 1855, דעם טראָהן פערנומען אַלעקסאַנדער דער 2־טער. עס האָט זיך אָנ־געהויבען אָטעמען עטוואָס פרייער. דער נייער קייזער האָט אָבגעשאַפט דאָס נעמען קליינע אידישע אינגלעך פאַר קאַנטאָניסטען, דאָס אָבגעבען אידישע „פּאָימאַניקעס" (מענשען, וואָס מען האָט געכאַפּט אָהן אַ פּאַספּאָרט) פאַר סאָלדאַטען, און די אַנדערע שרעקען פון דער אַמאָליגער גרויזאַמער אידישער רעקרוטשינע. די העכערע אַדמיניסטראַציע האָט גענומען אין אייניגע פאַלען אַרויסווייזען אַ מעהר מענשליכע באַציהונג צו אידען. אין דער רוסישער פּרעסע האָבען זיך דערהערט שטימען, וואָס האָבען געפּאַ־

דערט אַ בעסערע, הומאַנערע בעהאַנדלונג פון דער אידען־פראַגע. צו יענער צייט איז שוין געווען אַ היבשע גרופּע גרויסע אידישע געשעפטסלייט (פאַדריאַטשיקעס, ליפעראַנטען, פאַבריקאַנטען), וואָס האָבען נאָך קיין וואוינרעכט אין די רוסישע שטעדט ניט געהאַט, זיי פלעגען זיך נור צייטווייליג אויפהאַלטען אין פּעטערבורג צוליעב זייערע עסקים און אונטער־נעהמונגען. דאָס זיינען שוין ניט געווען קיין פאַרצייטיגע, אַלטמאָדישע סוחרים. זיי האָבען געפיהרט גרויסע געשעפטען, פערמאָגט אַ געוויסע אַלגעמיינע בילדונג, זיי האָבען פערשטאַנען, ווי זיך צו בעגעהן מיט אַ פאַרשטעהער פון דער רעגירונג. זייער אָנפיהרער איז געווען יוזל גינצבורג.

מענשען מיט אַ גרויסען געשעפטליכען שוואונג, מיט אַ גוטער געזעל־שאַפטליכער שטעלונג, מיט בעקאַנטשאַפטען אין ווירקזאַמע קרייזען, האָבען זיי דאָך ניט צוריסען מיט יענער אידישער אומגעבונג, פון וועלכער זיי האָבען געשטאַמט. זיי האָבען אויך אויף זיך, אין זייערע אייגענע גרויסע געשעפטען, געפיהלט דעם ביטערען טעם פון דער אידישער רעכטלאָזיגקייט, פערשטאַנען דעם ווערטה פון דער בירגערליכער גלייכבערעכטיגונג. אַן עהנליכע ערשיינונג ווייסט אויך די געשיכטע פון די דייטשע אידען אין סוף פון 18־טען יאָהרהונדערט, ווען עס האָט זיך אין בערלין געבילדעט אַ גרופּע רייכע און פּראָגרעסיווע אידישע סוחרים, פאַר וועלכע די רעכט־לאָזיגקייט איז געוואָרען אונערטרעגליך. אָבער די פאַלגען זיינען דאָ און דאָרטען געווען גאַנץ פערשידענע. אין בערלין האָט די ענטשטעהונג פון אַ אידישער גרויס־בורזשואַזיע, וואָס האָט זיך געריסען צו עמאַנסיפּאַציע, געבראַכט צו דער בעוואוסטער טויף־עפּידעמיע אין אָנהויב פון פאַריגען יאָהרהונדערט. די פּעטערבורגער גרופּע רייכע, פאָרטגעשריטענע סוחרים איז אָבער, פערקעהרט, אַוועק מיט אַן אַנדער וועג: זי האָט געזאָרגט וועגען פערגרינגערען די רעכטליכע לאַגע פון די אידען, העלפען זיי בילדען זיך, קומען צו אַ בעסערע, לייטישערען לעבען.

ווי שוין געזאָגט, איז יוזל גינצבורג, דער ווירקזאַמסטער צווישען אָט דער גרופּע, געווען איהר פיהרער. ער האָט איצט, אין אָנהויב פון אַלעק־סאַנדער דעם צווייטענ׳ס מלוכה דערשפּירט, אַז עס איז געקומען די צייט אַרויסצוטרעטען אין די אידישע אינטערעסען פאַר דער רעגירונג. ער האָט צוגלייך געפיהלט, אַז וואַרטען מיט דעם טאָר מען ניט, ווייל די שטימונג אין די רעגירענדע קרייזען קאָן זיך ענדערען, מען טאָר דעריבער דעם פּאַסענדען מאָמענט ניט דורכלאָזען. אַ מענש מיט אַ גרויסער ענערגיע און מיט אַ ניכטערען פּראַקטישען פערשטאַנד, האָט ער פערמאָגט אויך אַ טיפען חוש פאַר דער רעאַלער ווירקליכקייט. דער קייזער אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט אַפילו אין זיינע ערשטע ליבעראַלע יאָהרען זיך ניט געקאָנט דערהויבען צו דער אידעע וועגען גלייכבערעכטיגונג פאַר אידען;

איהם איז פרעמד געווען דער געדאַנק, אַז אידען דאַרפען זיך ניט ערשט צו דעם דערדינען דורך בעזונדערע מעשים טובים, און אַז רעכט גלייך מיט אַלעמען קומט זיי פשוט דערפאַר, ווייל זיי זיינען מענשען און בירגער פון לאַנד. אין סוף פון די 50־ער יאָהרען, האָט דער פאָרזיצענדער פון דעם „אידישען קאָמיטעט", גראַף בלודאָוו, אין זיין בעריכט צום קייזער געשריי־בען: „געבען אידען גלייכע רעכט מיט דער רוסישער בעפעלקערונג קאָן מען נור ביסלעכווייז, אין איינקלאַנג מיט דעם, ווי עס וועט זיך צווישען זיי פערשפרייטען בילדונג, ווי זיי וועלען אומבייטען זייער אינערליכען לעבענס־שטייגער און וועלען זיך נעהמען פאַר נוצליכע בעשעפטיגונגען". האָט אַלעקסאַנדער דער צווייטער אויף בלודאָוו'ס בעריכט אָנגעצייכענט: „דאָס איז פולשטענדיג ריכטיג".

יוזל גינצבורג האָט געהאַט גוטע פערבינדונגען אין די העכסטע ביוראָ־קראַטישע קרייזען; מיט אייניגע מיניסטאָרען איז ער געשטאַנען אין פריינדשאַפטליכע בעציהונגען, און ער איז געווען גוט אינפאָרמירט וועגען די שטימונגען בנוגע צו דער אידען־פראַגע. אַ רעאַלער פּאָליטיקער, האָט ער זיך שטענדיג גערעכענט מיט דער ווירקליכער לאַגע און האָט פער־שטאַנען, אַז וואו מען קאָן ניט דערגרייכען אַלץ מיט איין מאָל, מוז מען זוכען אויסווירקען פערגרינגערונגען כאָטש טיילוויז. ער האָט גערעכענט די דעמאָלטדיגע אידישע לאַגע פאַר צו שווער און געדריקט, מען זאָל זיך מעגען האַלטען ביים שטאָלצען „אָדער גאָר אָדער גאָרנישט". אין יאָהר 1856 האָט יוזל גינצבורג, אינאיינעם מיט נאָך עטליכע גרויסע אידישע סוחרים, דערלאַנגט אַ בקשה אויפ'ן קייזער'ס נאָמען, וואו ער האָט אָנגע־וויזען אויף דעם טרויעריגען צושטאַנד, אין וועלכען די רוסישע אידען גע־פינען זיך, און געבעטען, מען זאָל געבען וואוינרעכט אין גאַנץ רוסלאַנד די אידישע געשעפטסלייט, וואָס האָבען אַ לענגערע צייט געצאָהלט גילדיע, אויסשטודירטע אידען, האַנדווערקער און אויסגעדינטע אידישע סאָלדאַטען. די רעגירונג האָט ניט אַלע פונקטען בעוויליגט, אָבער אין איין הינזיכט האָט גינצבורג'ס מעמאָראַנדום יאָ געהאַט ערפאָלג: אין יאָהר 1859 האָ־בען אַלע אידישע סוחרים, וואָס האָבען געצאָהלט פינף יאָהר ערשטע גילדיע אין די אידישע געגענדען, בעקומען דאָס רעכט צו בעזעצען זיך צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס און אָנגעשטעלטע אין אַלע רוסישע שטעדט. דאָס איז געווען זעהר אַ וויכטיגער אויפטהו. צום ערשטען מאָל איז דאָ כאָטש פאַר אַ קליינעם טהייל אידען דורכגעבראָכען געוואָרען די פערשאָלטענע וואַנט, וואָס האָט אָבגעטיילט די אידישע בעפעלקערונג פון די אינווייניגסטע רוסישע געגענדען.

אין דעמזעלבען יאָהר, 1859, איז גינצבורג פון קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, וואו ער האָט ביז דעמאָלט געוואוינט, אַריבערגעפאָהרען קיין פּעטערבורג

(גלייכצייטיג מיט איהם האָבען זיך דאָ בעזעצט עטליכע פון זיינע הויפּט־אָנגעשטעלטע, אויך נאָך איניגע גרויסע אידישע געשעפטסלייט). נאָך דער סעוואַסטאָפּאָלער מלחמה און דער בעפרייאונג פון די פּויערים, האָט זיך אין רוסלאַנד אָנגעהויבען אַ גרויסע געשעפטליכע און אינדוסטריעלע אויפ־לעבונג. דאָס איז געווען אַ צייט, ווען פּאַר מענשען מיט פינאַנציעלע פעהיגקייטען, מיט ענערגיע און אונטערנעהמונגס־קראַפט האָט זיך גע־עפענט אַ ברייט פעלד פאַר אַרבייט. יוזל גינצבורג איז צווישען זיי געווען איינער פון די בעדייטענדסטע. אין יאָהר 1859 האָט ער אין פּעטערבורג געגרינדעט דאָס באַנק־הויז „י. גינצבורג" — איינס פון די ערשטע באַנק־געשעפטען אין רוסלאַנד אין יענער צייט. אין גיכען פערנעהמט זיין באַנק־הויז אַ וויכטיגען אָרט אין דער רוסישער פינאַנץ־וועלט; דאָ איז קאָנ־צענטרירט די לייטונג פון גינצבורג'ס פערשידענאַרטיגע געשעפטען; זיין באַנק־הויז שליסט פינאַנציעלע פערבינדונגען מיט די גרויסע אויסלענדישע באַנקען: מענדעלסאָן און בלייכרעדער אין בערלין, וואַרבורג אין האַמבורג, קאַמאַנדאָ און ראָטשילד אין פּאַריז, א. אַז. וו. דאָס באַנק־הויז „י. גינצ־בורג" האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע ביים רעאַליזירען הלוואות פון דער מלוכה און פערשידענע אַקציען־געזעלשאַפטען, אויך גענומען אַ וויכטי־גען אַנטייל אין דער ענטוויקלונג פון דעם באַנק־וועזען אין רוסלאַנד (די ערשטע פּריוואַט־באַנק אין רוסלאַנד, אין קיעוו, ווי אויך די בעוואוסטע „דיסקאָנטא־און־קרעדיט־באַנק" אין פּעטערבורג זיינען געגרינדעט געוואָרען דורך גינצבורג'ען); פיעל האָט דיזעלבע פירמע געאַרבייט אויך אויף דעם געביט פון גאָלד־אינדוסטריע.

גינצבורג'ס באַנק־הויז האָט אין פּעטערבורג פערנומען דעם אָנגע־זעהנסטען אָרט, געווען זעהר פּאָפּולער אויך אין די אַריסטאָקראַטישע קרייזען און אַפילו אין די הויפישע. גינצבורג האָט בעזאָרגט די פינאַנץ־אינטערעסען פונ'ם העסען־דאַרמשטאַדטער גרויס־הערצאָגטום, ווי אויך די געלד־אָנגעלעגענהייטען פון דעם דאָרטיגען רעגירער, וועלכער איז געווען אַ ברודער פון דער רוסישער קייזערין מאַריאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, די פרוי פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען. דער דאַרמשטאַדטער גרויס־הערצאָג האָט עס יוזל גינצבורג'ען מיט זיינע קינדער און קינדס־קינדער בעעהרט, אין יאָהר 1874, מיט דעם טיטול „באַראָן", און דער רוסישער קייזער האָט אָט די בעלוינונג בעשטעטיגט.

כמעט גלייכצייטיג מיט דער גרינדונג פון זיין באַנק־הויז אין פּעטער־בורג, האָט גינצבורג געעפענט אַן אָבטיילונג פון איהר אין פּאַריז. ער פלעגט צוליעב דעם מוזען אָפט פאָהרען קיין פראַנקרייך, און אין איניגע יאָהר אַרום, האָט ער מיט זיין פאַמיליע זיך בעזעצט אין פּאַריז. אַהער האָט ער אויך אַריבערגעפיהרט די גרויסע ביבליאָטעק, אין וועלכע ער האָט

פערוואַנדעלט זיין פאַטער'ס ביכער־זאַמלונג. ער פלעגט שטענדיג זאָרגען וועגען איהר פערגרעסערונג, און זיינע פיעל־צאָהליגע מיטאַרבייטער און אַנגעשטעלטע אין פערשידענע געגענדען האָבען געהאַט פון איהם דעם אויפטראַג איינצוקויפען זעלטענע אַלטע ביכער. אין פּאַריז האָט גינצבורג איינגעלאַדען פאַר אַ פערוואַלטער פון זיין ביבליאָטעק דעם בעוואוסטען אידישען געלערנטען שניאור זאַקס, און אַ דאַנק יענעמס בעמיהונגען, איז זי בעררייכערט געוואָרען מיט אַ מאַסע טייערע און וויכטיגע מאַנוסקריפּטען.

פון פּאַריז פלעגט גינצבורג זעהר אָפט אויף אַ לענגערע צייט קומען קיין רוסלאַנד. דאָ, אויף דער לאַגע פון די אידען איז געווען קאָנ־צענטרירט זיין הויפּט־אינטערעס. דער פערשטאָרבענער גרויס־ראַבינער פון פראַנקרייך, איזידאָר לאָעב, האָט דערצעהלט, דאָס יוזל גינצבורג פלעגט איהם אָפט זאָגען: „איהר, פראַנצויזישע אידען, זענט פריי, איהר האָט אַלע רעכט, און אַלע טהירען זיינען פאַר אייך אָפען. אָבער דאָרטען, אין דעם לאַנד, וואו איך בין געבוירען געוואָרען, געפינען זיך מיינע ברידער, וואָס ליידען, לעבען אין אָרימקייט, פינסטערניש, שטעהען אויס פערפאָלגונגען, זיי זיינען בעראויבט פון זייערע רעכט. און מ'שטויסט זיי אָפּ דערפאַר, וואָס זיי זיינען אידען. איך בין ערצויגען געוואָרען צווישען זיי; דאָרט רוהען די ביינער פון מיינע עלטערן. איך בין אינגאַנצען פערפליכטעט צו זיי, און אַלץ וואָס גאָט האָט מיר געגעבען — מיין פער־מעגען, פערשטאַנד און מיינע כחות, וויל איך אָבגעבען אויף זייער בע־פרייאונג, אויסבילדונג, אויף צו הויבען זייער מאָראַלישען און מאַטעריעלען צושטאַנד; איך וויל צוברעכען זייערע קייטען, און דאָרטען וואו איך קאָן דאָס ניט דערגרייכען, וויל איך כאָטש מאַכען גרינגער זייער וואָג" [4]).

אָנפאָהרענדיג קיין פּעטערבורג, האָט גינצבורג, אין די יאָהרען 1859־1869, דערלאַנגט אַ גאַנצע רייהע מעמאָראַנדומס און שריפטליכע ערקלע־רונגען צום קייזער און די מיניסטאָרען. ער האָט אויך אָנגענומען מיטלען, אַז עס זאָלען וועגען דיזעלבע פראַגען צוגעשטעלט ווערען בקשות אויך פון דער פּראָווינץ, און ער פלעגט אַהין צושיקען גרייטע טעקסטען. אין די אַלע שריפטליכע ערקלערונגען רופט גינצבורג די רעגירונג צו פערגרינגע־רען די אידישע לאַגע. אין די אָפיציעלע אַרכיוען געפינען זיך זעהר פיעל אַזעלכע מעמאָראַנדומס, וואָס גינצבורג פלעגט דערלאַנגען. די רעגי־רונג האָט זיך צוגעוואוינט צו בעטראַכטען איהם פאַר אַ ניט־אָפיציעלען פערטרעטער פון רוסישען אידענטום. ניט מיט אַלע זיינע פאָרשלאַגען האָט זי זיך גערעכענט; אָבער שטודירענדיג די מאַטעריאַלען פון די רעגירונגס־קאָמיסיעס, וואָס האָבען אויסגעאַרבייט געוויסע רעכטליכע פערגרינגערונגען

[4]) Oraison funèbres pronencées sur la tombe du baron Joseph de Ginzburg, Paris, 1878, pp. 8-9.

פּאָר אידען, שטויסט מען טאַקע זיך זעהר אָפט אָן אויף די מאָטיווען און ער־קלערונגען, וועלכע עס האָט אָנגעוויזען גינצבורג אין זיינע מעמאָראַנדומס און בקשות. און מען קאָן אָהן איבערטרייבונג זאָגען, אַז די בעוואוסטע געזעצען פון די יאָהרען 1859, 1861, 1865 און 1867, וואָס האָבען גע־געבען וואוינרעכט אין גאַנץ רוסלאַנד די אידישע סוחרים, אויסגעשטודירטע, האַנדווערקער און אויסגעדיענטע ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטען, זיינען ענט־שטאַנען אונטער דער ווירקונג פון יוזל גינצבורג און אַ דאַנק זיינע ענער־גישע בעמיהונגען.

ווי מיר האָבען שוין פריהער אָנגעוויזען, איז י. גינצבורג געווען אַן אייפערדיגער אָנהענגער פון אויפקלערונג, אַן איבערצייגטער „משכיל". די „השכלה" איז אָבער פאַר איהם ניט געווען קיין טעמע פאַר אָנגעבלאָ־זענע שירים אויף צו בעזינגען די „הימלישע בילדונג". אויפקלערונג איז פאַר איהם געווען אַ פּראַקטישע אויפגאַבע, וואָס איז פעסט פערבונדען מיט דער פערבעסערונג פון לעבען און וואָס פאָדערט אַן אָרגאַניזירטע אַרבייט. „אידען זיינען צו אָרים, זיי זאָלען זיך קאָנען ערלויבען צו בילדען זיך בלויז צוליעב ציהרונג, פּוצונג", — האָט ער געשריבען אין איינער פון זיינע ערקלערונגען צום בילדונגס־מיניסטער. וויבאַלד אידען מיט העכערער בילדונג האָבען געקראָגען וואוינרעכט איבער גאַנץ רוסלאַנד, מוז מען זעהן וואָס מעהר פערגרעסערען די צאָהל אידישע אינטעליגענטען; אויב די רעגירונג טייטעלט אַלץ אויף די אידישע „אונוויסענקייט" און מאַכט פון דעם אַ שטערונג געגען געבען אידען רעכט, מוז מען זאָרגען וועגען פער־שפּרייטען אַלגעמיינע בילדונג צווישען אידען, העלפען בעשאַפען אויפ־קלערונגס־ליטעראַטור פאַר זיי. דעריבער האָט י. גינצבורג געגרינדעט אין יאָהר 1863 אין פּעטערבורג די אידישע בילדונגס־געזעלשאַפט „מפיצי השכלה". דאָס איז געווען די ערשטע אָפיציעל ערלויבטע אידישע געזעל־שאַפטליכע אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד, און זי האָט עקזיסטירט גאַנצע 66 יאָהר, ביז די קאָמוניסטישע יעווסעקען האָבען זי אין 1929 פערמאַכט. י. גינצבורג איז געווען ביז זיין טויט דער פּאָרזיצער פון דער בילדונגס־געזעלשאַפט, און אַ צייט מיט יאָהרען האָט ער כמעט אַליין געדעקט איהר גאַנצען בודזשעט. ער איז געווען זעהר געאַכט און פּאָפּולער אין די קרייזען פון די אידישע „משכילים", און דער בעוואוסטער העברעאישער ראָמאַניסט אברהם מאפו האָט אין זיין „עיט צבוע" אויפגעפיהרט יוזל גינצבורג׳ן אונטער דעם נאָמען „השר עמנואל".

י. גינצבורג האָט אויך געהאָלפען פיעל אָרימע יונגעלייט, וואָס האָבען זיך געלערענט אין די אוניווערזיטעטען, און זיי געגעבען די מעגליכקייט צו בעקומען העכערע בילדונג. אידישע שרייבער און געלעהרטע פלעגען ביי איהם בעקומען שטיצע. אויסער דעם בילדונגס־ענין, האָט איהם שטאַרק

אינטערעסירט די פראַגע וועגען צוציהען אידען צו פּראָדוקטיווער אַרבייט, בעזונדערס צו לאַנדווירטשאַפט. ער האָט בעשטימט געלד־פּרעמיעס פאַר די בעסטע אידישע קאָלאָניסטען. אויך האָט ער געקויפט גרויסע גרונד־שטיי־קער, כדי צו גרינדען דאָרטען אידישע לאַנדווירטשאַפטליכע קאָלאָניעס; אָבער איבער די רעכטליכע בעגרעניצונגען פאַר אידען, איז איהם ניט גע־לונגען אויסצופיהרען זיין פּלאַן.

טיילענדיג זיין צייט צווישען רוסלאַנד און פראַנקרייך, האָט י. גינצ־בורג וואָס ווייטער אַלץ מעהר זיך איינגעוואָרצעלט אין פּאַריז. דאָ האָט שטענדיג געלעבט זיין פאַמיליע און דאָ האָבען זיך ערצויגען זיינע אינגערע קינדער און אייניקלאַך. אין פּאַריז האָט ער זיך בעפריינדעט מיט דעם דאָרטיגען ליבעראַלען רוסישען אַמבאַסאַדאָר, פירשט אָרלאָוו, און איז גע־ווען זעהר געאַכט אין דער רוסישער קאָלאָניע. ער האָט אויך פערבונדען נאָהענטע בעציהונגען מיט דער פראַנצויזיש־אידישער געזעלשאַפט אין פּאַ־ריז. זיין גרויסע ביבליאָטעק, וואָס איז געווען בעזונדערס רייך מיט וויכ־טיגע מאַנוסקריפּטען, האָט בעדינט אַ סך אויסלענדישע געלעהרטע, סיי אין פראַנקרייך, סיי אין דייטשלאַנד, און די גרעסטע פאָרשטעהער פון דער אידיש־פראַנצויזישער וויסענשאַפטליכער וועלט, ווי ש. מונק און א. פראַנק, פלעגען זיין אָפטע געסט אין גינצבורג׳ס הויז.

די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען איז יוזל גינצבורג געווען קראַנק און ער פלעגט ניט קאָנען קומען קיין פּעטערבורג. געשטאָרבען איז ער אין פּאַריז, אין יאָהר 1878. די דאָרטיגע אידישע געזעלשאַפט האָט איהם איינגעאָרדענט זעהר אַ פייערליכע לויה. דער פּאַריזער הויפּט־ראַבינער, דער בעריהמטער צדוק כהן און דער פאָרשטעהער פון דער צענטראַלער פראַנצויזיש־אידישער קאָנסיסטאָריע, האָבען אין זייערע רעדעס בעלויכטען זיינע גרויסע פערדינסטען פאַר׳ן רוסישען אידענטום. פאַר׳ן טויט האָט י. גינצבורג בעשטימט פון זיין גרויסען ערד־בעזיץ, 50 טויזענד דעסיאַטין אין טאַווּרידער גוב. אויף צו גרינדען אַ פאָנד, וואָס די פּראָצענטען פון איהם זאָלען געהן אויף צדקה־ציעלען. אין זיין צוואה האָט ער פאַר זיינע קינדער און קינדס־קינדער געשטעלט צוויי בעדינגונגען, אויף צו מעגען ווערען זיינע יורשים: 1) בלייבען ביים אידישען גלויבען, און 2) ניט אָבזאָגען זיך פון רוסישער בירגערשאַפט.

נאָך י. גינצבורג׳ס טויט האָט זיין געזעלשאַפטליכע אַרבייט און די פערוואַלטונג איבער זיין גרויסען פערמעגען איבערגענומען זיין עלטערער זוהן, באַראָן האָראַץ גינצבורג. [5]).

---

[5]) אַן אויספיהרליכע ביאָגראַפיע פון האָראַץ גינצבורג האָט פערעפענטליכט זיין לאַנג־יאָהריגער נאָהענטער מיטאַרבייטער, ה. סליאָזבערג:
Г. В. Сліозбергъ: Баронъ Г. О. Гинцбургъ, его жизнь и дѣятель-

II.

נפתלי־הערץ (האַראַץ) גינצבורג איז געבוירען געוואָרען אין 1833, ווען זיינע עלטערען האָבען נאָך געלעבט אין פאָדאָליער גובערניע. דער פאָטער, וואָס איז געווען אַן אייפעריגער אָנהענגער פון אויפקלעהרונג, האָט ערנסט געזאָרגט, אַז דער זוהן זאָל בעקומען אַ געהעריגע אַלגעמיינע און אידישע בילדונג. אין די אידישע לימודים איז זיין לעהרער געווען מרדכי סוכאָסטאָווער (1790-1880), — אַ „משכיל" פון גאַליציע און אַ שילער פון דעם בעריהמטען אידישען פילאָזאָף נחמן קראָכמאַל. סוכאָסטאָווער איז געווען אַ מענש מיט גרויס לומדות און מיט בעדייטענדע אַלגעמיינע קענטעניסען. אַ צייט מיט יאָהרען האָט ער געלעבט ביי די גינצבורגס אין הויז, ביז ער איז געוואָרען אַ לעהרער אין דער זשיטאָמירער ראַבי־נער־שול. סוכאָסטאָווער איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער אידישער מאָראַל. ער האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם יונגען האַראַצ'ן, אין איהם איינגעפלאַנצט טיעף, טיעף אין האַרצען די איבער־געבענקייט צום אידענטום און צו זיינע אידעאַלען. גינצבורג פלעגט שטענ־דיג מיט גרויס אַכטונג און דאַנקבאַרקייט דערמאָנען סוכאָסטאָווער'ס נאָמען.

אין דער יוגענד האָט זיך האַראַץ גינצבורג בעקענט מיט דעם בע־וואוסטען העברעאישען פאָעט, יעקב אייכענבוים (1796—1861). כאָטש אייכענבוים איז געווען פיעל עלטער פון איהם, דאָך האָבען זיי זיך שטאַרק בעפריינדעט. אייכענבוים האָט אויף איהם געהאַט אַ גרויסען איינפלוס. אַ דאַנק איהם איז האַראַץ גינצבורג געוואָרען אַ הייסער ליעבהאָבער פון דער העברעאישער שפּראַך און איהר ליטעראַטור, און איז עס פערבליבען אויפ'ן גאַנצען לעבען. יהודה ליב גאָרדאָן דערצעהלט, אַז ווען ער האָט זיך צום ערשטען מאָל (אין יוני 1872), ביים איבערנעהמען זיינע געזעל־שאַפטליכע אַמטען אין דער אידישער פעטערבורג, פאָרגעשטעלט פאַר האַ־ראַץ גינצבורג'ן, האָט יענער איהם געפרעגט וואָס ער האָט לעצטענס גע־שריבען און פאַרוואָס ער האָט איהם ניט צוגעשיקט זיינע נייע ווערק. דערביי האָט האַראַץ גינצבורג געזאָגט יל"ג'ן, אַז זיין, גאָרדאָן'ס „אהבת דוד ומיכל" האָט ער אין דער יוגענד געלעזען. גאַנץ אָפענהערציג האָט איהם יל"ג געענטפערט, אַז ער האָט ניט געוואוסט, צי גינצבורג לעזט העברעאיש און צי ער איז פעראינטערעסירט אין די ווערק און די שאַ־פונגען פון מאָדערנע מחברים.

---

ность. Къ столѣтію со дня его рожденія. Парижъ, 1933 (165 стр.).

ה. סליאָזבערג'ס בוך איז גלייכצייטיג ערשינען אין העברעאיש און פראַנ־צויזיש. זעה אויך ה. סליאָזבערג'ס אינטערעסאַנטען אַרטיקעל:

Баронъ Г. О. Гинцбургъ и правовое положеніе русскихъ евреевъ. "Пережитое", т. II.

לויט גינצבורג׳ס פערלאַנג, האָט איהם י. ל. גאָרדאָן צוגעשיקט זיינע „שירי יהודה״ מיט אַ וואַרימער ווידמונג, וואו עס ווערט אין איין שטעלע געזאָגט:

ואני בך מצאתי את לא קויתי:
משכיל חובב עמו, עשיר שפל רוח,
גם לב רחב וטוב (חנף שנאתי!)
כספיר הטהור מאיר אל כל רוח;
וסגלות הארץ, הונך ורכושך,
מסגרת זהב הם ליקרות נפשך.

די גאַנצע ווידמונג איז, נאָך יל״ג׳ס טויט, אָפּגעדרוקט געוואָרען אין דער פולער אויסגאַבע פון זיינע געזאַמעלטע שריפטען [6]).

די נעמען פון האָראַץ גינצבורג׳ס לעהרער אין די אַלגעמיינע לימודים זיינען מיר ניט בעוואוסט; אָבער פון מיין פיעל-יאָהריגען פערזענליכען אומגאַנג מיט באַראָן גינצבורג׳ן האָב איך געהאַט גענוג געלעגענהייט זיך צו איבערצייגען, דאָס ער האָט פערמאָגט אַ גוטע אַלגעמיינע בילדונג. ווי מיר האָבען שוין געזעהן, האָט יוזל גינצבורג מיט זיין גאַנצער פאַמיליע, אין די 50-ער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט, זיך בעזעצט אין פאַריז. האָראַץ האָט אין דער פראַנצויזישער הויפּט-שטאָדט פערבראַכט אַ היבש ביסעל יאָהרען; און אויך שפּעטער, ווען עס איז אין פּעטערבורג געגרינדעט געוואָרען דאָס באַנק-הויז „י. גינצבורג״ און האָראַץ האָט דאָ איבער איהם פאַרוואַלטעט, פלעגט ער אָפט און אויף אַ לאַנגע צייט קומען צו זיין פאַמיליע קיין פאַריז. דאָס לאַנגיאָהריגע לעבען אין פאַריז האָט געלעגט אויף שטענדיג אַ שטעמפּעל אויף איהם, אויף זיינע געוואוינהייטען און אינטערעסען. ער האָט גוט געקענט די רוסישע שפּראַך, פיעל אין איהר געלעזען; אָבער דאָך האָט ער פראַנצויזיש גערעדט אַ סך פליסיגער און פרייער.

די געשעפטען פון דעם גינצבורגישען באַנק-הויז האָבען אין גיכען בעקומען אַ גרויסען שוואונג און זיך שטאַרק ענטוויקעלט. דעריבער האָט האָראַץ געמוזט אין עטליכע יאָהר אַרום זיך אויף שטענדיג בעזעצען אין פּעטערבורג. ער האָט אַריבערגעבראַכט אַהער אויך זיין פאַמיליע. חתונה געהאַט האָט ער צו צוואַנציג יאָהר מיט זיין קוזינע, אַננאַ (חנה) ראָזענבערג, פון זשיטאָמיר. זי האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר זעלטענער שעהנקייט, איידעלען און גוטען כאַראַקטער און מיט איהר פיינער בילדונג. יוזל גינצבורג פלעגט נור פון צייט צו צייט קומען פון פאַריז קיין פּעטערבורג, מייסטענס ווען דאָס פלעגען פאָדערען די אידישע כלל-אינטערעסען. װאָס ווייטער, פלעגט ער אַלץ מעהר אַריינציהען דעם יונגען זוהן אין זיין אידיש-געזעלשאַפטליכער אַרבייט. די ברייטע געשעפטען פון דעם באַנק-

[6]) כל שירי יהודה ליב גאָרדאָן, ווילנא, תרנ״ח, ספר חמישי, 99-100.

הויז, וואָס האָט פערמאָגט פיעל קליענטען צווישען דער פעטערבורגער רוסישער אַריסטאָקראַטיע, האָבען האַראָן גינצבורג׳ען באַלד פערשאַפט גרויסע און ווירקזאַמע פערבינדונגען אין די רעגירענדע און פינאַנציעלע קרייזען. נאָך מעהר אויסגעוואַקסען זיינען די בעקאַנטשאַפטען זיינע, ווען ער איז אין יאָהר 1868 געוואָרען דער גענעראַל־קאָנסול פון דעם גרויס־הערצאָגטום העסען־דאַרמשטאַדט. אָט דער אַמט איז געווען בעזונדערס געאַכט אין די העכערע קרייזען. אונטער דעם פאָטער׳ס לייטונג האָט האַראָן גינצבורג אויך געקראָגען די נויטיגע געניטקייט אין פערהאַנדלען מיט די פאָרשטעהער פון דער רעגירונגס־מאַכט וועגען די אידישע אַלגע־מיינע אנגעלעגענהייטען.

יוזל גינצבורג האָט פאַר זיין טויט אַ לאַנגע צייט שטאַרק געקרענקט, און דעריבער האָט ער אין די לעצטע יאָהרען ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו קומען קיין פעטערבורג. וואָס ווייטער, פערטרעט איהם האַראָן אַלס אָפטער און זעלבסטשטענדיגער, און נאָך דעם פאָטער׳ס טויט נעהמט ער איבער אינגאַנצען זיין גרויסע געזעלשאַפטליכע און געשעפטליכע אַרבייט אין פעטערבורג. ער בעקומט אין גיכען אַ גרויסען נאָמען דורך זיין ברייטע פילאַנטראָפּישע אַרבייט. עס איז כמעט ניט געווען קיין צדקה־אנשטאַלט אין פעטערבורג, וואָס ער זאָל ניט האָבען רייך אַרויסגעהאָלפען. פיעל געשטיצט האָט ער אויך פערשידענע בילדונגס־אינסטיטוציעס, ווי די פּע־טערבורגער העכערע פרויען־קורסען, דעם אַרכעאָלאָגישען אינסטיטוט, דעם אינסטיטוט פאַר עקספּערימענטאַלע מעדיצין און אַ גאַנצע רייהע שולען. פאַר זיין גרויסע צדקה־טהעטיגקייט איז ער אין יאָהר 1889, צום דרייסיג־יאָהריגען יובילעי פון דעם באַנקהויז „י. גינצבורג”, בעלוינט געוואָרען מיט דעם טיטול „ווירקליכער שטאַטס־ראַטה”. דעם טיטול „באַראָן” האָט ער געקראָגען נאָך פריהער פאַר זיין פאָטער. ווען עס איז נאָך דער פער־איניגונג פון אַלע דייטשע מלוכות אָבגעשאַפט געוואָרען דער העסען־דאַרמ־שטאַדטער קאָנסולאַט, האָט דער דאָרטיגער גרויס־הערצאָג, אין יאָהר 1871, איהם בעלוינט מיט׳ן טיטול „באַראָן”, און דער קייזער אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט דורך אַ בעזונדער בעפעהל די אויסצייכענונג בעשטעטיגט.

נאָך דעם פאָטער׳ס טויט (אין יאָהר 1878) איז באַראָן האַראָן גינצבורג געוואָרען דער פּרעזידענט פון דער „אידישער בילדונגס־געזעלשאַפט” (מפיצי השכלה), ווי אויך פון דער פעטערבורגער אידישער געמיינדע. אי דאָ, אי דאָרטען האָט ער אַרויסגעוויזען אַ זעהר אַקטיווע טהעטיגקייט. די בילדונגס־געזעלשאַפט האָט ער אַ צייט מיט יאָהרען כמעט אַליין אויסגע־האַלטען, געגעבען איהר אַלע נויטיגע געלד־מיטלען. די איינאָרדנונג פון דער פעטערבורגער אידישער קהלה האָט נאַטירליך געפאָדערט זעהר גרויסע אויסגאַבען, און דעם גרעסטען טהייל פון זיי האָט גינצבורג גענומען אויף

זיך. אין יאָהר 1878 האָט ער אויסגעווירקט אַ קייזערליכע ערלויבניש אויף צו קויפען אַ גרונד־שטיק פאַר אַ שטענדיגער שוהל, וואָס מען האָט געזאָלט אויסבויען אין פעטערבורג. אין דעם פרעכטיגען בנין פון דער גרויסער כאָר־שוהל, וואָס איז פערענדיגט געוואָרען אין יאָהר 1893, האָט האָראַץ גינצבורג מיט זיינע רייכע נדבות געהאָט גאָר אַ גרויסען חלק. אַ בעדייטענדען אַנטייל אין זיין צדקה־אַרבייט האָט שטענדיג גענומען זיין פרוי, די באַראָנעסע אַננאַ גינצבורג. צווישען אַנדערע פילאַנטראָפּישע אויפטהואונגען האָט דאָס אידישע פעטערבורג איהר געהאָט צו פערדאַנקען דאָס גרויסע און גוט־איינגעאָרדענטע יתומים־הויז, וואָס זי האָט געגרינדעט און בעזאָרגט מיט די נויטיגע מיטלען. געשטאָרבען איז די באַראָנעסע גינצבורג נאָך גאָר אין די יונגע יאָהרען, אין 1877, נאָך אַ שווערען קימפּעט. האָראַץ גינצבורג איז ביז זיין טויט געבליבען אַן אלמן.

גלייכצייטיג מיט דער צדקה־אַרבייט, האָט זיך אַלץ פערגרעסערט זיין אידיש־געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט. ער ווייזט אַרויס אַ מערקווירדיגע ענערגיע ביים בעשיצען און בעוואָרענען די אידישע כלל־אינטערעסען. אין אָנהויב פון די 70־ער יאָהרען האָט די רעגירונג בעשלאָסען איינצופיהרען אין רוסלאַנד די אַלגעמיינע מיליטער־פליכט, אָנשטאָט דער ניקאָלאַיעווסקער רעקרוטשינע, וואָס איז מיט איהר גאַנצער לאַסט געלעגען בלויז אויף די אָרימע קלאַסען. כדי אויסצואַרבייטען דעם רעגלאַמענט וועגען דער מיליטער־פליכט, איז בעשטימט געוואָרען אַ בעזונדער קאָמיסיע אונטער דעם פּאָרזיץ פון דעם קייזער'ס ברודער, דעם גרויס־פירשט קאָנסטאַנטין ניקאָלאַיעוויטש. צו יענער צייט איז די רעאַקציע אין אַ טהייל פון די רעגירענדע קרייזען שוין געווען גאַנץ קענטיג, און עס זיינען געווען בעלנים, וועלכע האָבען געוואָלט אַריינברענגען אין דעם פּראָיעקט געוויסע בעגרענצונגען פאַר אידען, אָדער אַפילו גאָר „בעפרייען" זיי פון דער מיליטער־פליכט. באַראָן גינצבורג האָט גלייך פערשטאַנען די גרויסע וויכטיגקייט פון דעם מאָמענט. ער האָט בעגריפען, ווי שעדליך עס וואָלט געווען, מען זאָל דאָ מאַכען געוויסע אויסנאַהמען בנוגע צו אידען. מען מוז, אגב, בעמערקען, דאָס זיין אָנזיכט איז דאָ ווייט ניט געווען אין איינקלאַנג מיט דער שטימונג פון ברייטע אידישע פאָלקס־שיכטען. ביי זיי איז נאָך געווען פריש דער אָנדענק פון דער ניקאָלאַיעווסקער רעקרוטשינע מיט אַלע איהרע שרעקען, און פיעלע וואָלטען גערן געווען, מען זאָל טאַקע אידען מעהר ניט נעהמען פאַר סאָלדאַטען. פאַר באַראָן גינצבורג איז אָבער געווען קלאָר, אַז דאָס וואָלט געווען אַ גרויס אומגליק, ווען מען זאָל אידען „מוחל" זיין די מיליטער־פליכט: ווייל אויב אידען וועלען ניט טראָגען אָט די וויכטיגסטע בירגער־פ ל י כ ט, וועלען זיי ניט קאָנען מאַהנען פאַר זיך קיין בירגער־ר ע כ ט, גלייך מיט דער איבעריגער בעפעלקערונג, און מען וועט נאָך

אַפילו פערמינדערען די ווינציגע רעכט, וואָס זיי פערמאָגען איצט. ער האָט געלעגט זיין גאַנצע מיה און ענערגיע, כדי אָבצואוועגדען די גרויסע געפאַהר. ער האָט צונויפגעקליבען אַ גרויסען מאַטעריאַל וועגען דער פראַגע און איהם צוגעשטעלט אין דער קאָמיסיע אינאיינעם מיט אויספיהרליכע מעמאָ־ראַנדומס. איהם איז געלונגען צו ווירקען דורך דעם ליבעראַלען קריעגס־מיניסטער מיליוטין אויף דעם גרויספירשט קאָנסטאַנטין, און אַ דאַנק באַראָן גינצבורג'ס בעמיהונגען איז אין דעם אַלגעמיינעם „רעגלאַמענט וועגען מיליטער־פליכט" פון יאָהר 1874 ניט אַריינגעבראַכט געוואָרען קיין איין בעגרענצונג, קיין איינציגע אויסנאַהמס־בעשטימונג געגען אידען.

נאָך אַ גרויסע, זעהר וויכטיגע זאַך איז איהם געלונגען אויסווירקען אין יאָהר 1880. פון די רוסישע געגענדען פלעגט מען שטענדיג טרייבען יענע אידען, וואָס האָבען זיך דאָרטען בעזעצט אָהן וואוינרעכט. אָבער צו יענער צייט, וועגען וועלכער מיר ריידען דאָ, האָבען זיך די פערפאָלגונגען בעזונדערס פערשטאַרקט. אין פערשידענע רוסישע שטעדט, בעזונדערס אין ריגע, האָבען געוואוינט טויזענטער אידען, וואָס האָבען זיך דאָרטען מיט זייערע משפחות בעזעצט „אונגעזעצליך". ניט האָבענדיג דערויף קיין רעכט, ווי כלומר'שטע האַנדווערקער, אָנגעשטעלטע, א. ד. גל. צווי־שען זיי זיינען אויך געווען אמת'ע בעלי־מלאכה'ס, וואָס האָבען שוין לאַנג פערוואָרפען זייער פאַך און זיך פערנומען מיט האַנדעל. די טויזענטער אידישע הויזגעזינדען האָבען זיך אין די רוסישע שטעדט איינגעאָרדענט, געהאַט פרנסה, געמאַכט אַ לעבען. די פאָליציי האָט דערביי אויך ניט צוגע־לעגט, זיך געמאַכט ווי ניט וויסענדיג. איצט האָט מען זיי געוואָלט פער־טרייבען, און זיי אַלעמען האָט געדראָהט אַ פאַלשטענדיגער חורבן. פון אַ מאַסע שטעדט פלעגען טאָג־טעגליך צום באַראָן גינצבורג אָנקומען בריף מיט יללות וועגען הילף און שוץ. פון איינציגע געגענדען זיינען קיין פעַ־טערבורג וועגען דעם אָנגעפאָהרען דעפוטאַציעס צו איהם. ער האָט אָנגע־שטרענגט זיין גאַנצע ענערגיע, אויסגענוצט אַלע פערבינדונגען, וואָס ער האָט פערמאָגט, און אויסגעווירקט ביים אינערן־מיניסטער מאַקאָוו'ן דעם בעוואוסטען צירקולאַר פון 3־טען אַפּריל, 1880, לויט וועלכען אַלע אידען, וואָס האָבען זיך אַפילו אונגעזעצליך בעזעצט אין די רוסישע שטעדט ביז יענער דאַטע, האָבען בעקומען דאָס רעכט דאָרטען צו פערבלייבען אויף ווייטער. טויזענטער און טויזענטער הויזגעזינדען זיינען געראַטעוועט גע־וואָרען פון אונטערגאַנג. און ווען דאָס וואָלט געווען אַפילו דער איינציגער אויפטהו פון באַראָן האָראַץ גינצבורג, וואָלט זיין נאָמען פערדינט ער זאָל קיינמאָל ניט פערגעסען ווערען ביי אידען.

איך בין אַ היבש ביסעל יאָהרען געווען סעקרעטאַר פון דער „אידי־שער בילדונגס־געזעלשאַפט", וואָס איהר שטענדיגער פרעזידענט איז געווען

באַראָן האַראַץ גינצבורג. אָט די געזעלשאַפט איז איהם אַלע מאָל געווען בעזונדערס ליעב און נאָהענט צום האַרצען, מיט איהר האָט ער זיך בע־זונדערס וואַרים אינטערעסירט. אין פערלויף פון יאָהרען פלעג איך דעריבער כמעט טעגליך ביי איהם זיין, בפרט אַז אונזער „בילדונגס־געזעלשאַפט" איז געווען ענג פערבונדען מיט אַנדערע אידישע אנשטאַלטען, וואו ער איז אויך געווען פרעזידענט. איך האָב, אַלזאָ, געהאַט די מעגליכקייט נאָהענט מיט איהם צו בעקענען זיך, איך האָב איהם אַ צייט מיט יאָהרען בעאָבאַכ־טעט ביי פערשידענע אומשטענדען, ביי אַלערליי געלעגענהייטען. און איך מוז דאָ אָהן שום איבערטרייבונג זאָגען, אַז האַראַץ גינצבורג איז איינע פון מיינע ליכטיגסטע פעטערבורגער עראינערונגען. זיין פערזענליכקייט האָט צוגעצויגען צו זיך יעדערען, וואָס איז געקומען מיט איהם אין בעריהרונג. עס איז אויף איהם געלעגען דער שטעמפעל פון אמת'ען אַדעל און אַלטער, פיינער קולטור. אַ הויכער, ביז גאָר די אַלטע יאָהרען שלאַנקער, מיט נאָבעלע מאַניערען, האָט ער פערמאָגט אין זיך אַ זעלטענע פאַרנעהמקייט. ער איז געווען אַ דזשענטעלמען אין עכטען זין פונ'ם וואָרט; שטענדיג פריינדליך, האַרציג, מיט יענעם גוטמוטיגען שמייכעל זיינעם, וואָס פלעגט אָפטמאָל ממש בעצויבערען. זיין גאַנצע פערזענליכקייט איז געווען דורכ־געדרונגען מיט פיינער זעלבסטאַכטונג. אַפילו מיט די העכסטע פאַר־שטעהער פון די רעגירענדע קרייזען האָט ער זיך געהאַלטען ווי אַ גלייכער. דערפאַר אָבער איז אין איהם ניט געווען קיין מינדעסטער הויך פון גדלות, פון פוסטען שטאָלץ. פאַר יעדערען, אַפילו פאַר דעם סאַמע פּראָסטען מענשען, האָט ער געהאַט אַ פריינדליך וואָרט. צוקומען צו די אַנדערע אידישע מיליאָנערען אין פעטערבורג איז פאַר אַ פשוט'ען בשר־ודם געווען ניט קיין גרינגע זאַך, אָבער האַראַץ גינצבורג איז געווען צוגענגליך פאַר אַלעמען.

אין זיין גאַנצען וועזען, אין זיין גאַנצער פערזענליכקייט און האַלטונג האָט זיך געשפּירט אַ דורות־לאַנגער יחוס, אַן איינגעפונדעוועטע אמת'ע אַריסטאָקראַטישקייט. און דאָס זעלבע האָט איהר געפיהלט אין זיין הויז, אין דער גאַנצער שטוביגער אומגעבונג. קיין שפור פון דעם, וואָס עס פלעגט זיך גלייך וואַרפען אין די אויגען ביי אויפגעקומענע פעטערבורגער גבירים. קיין געגילדטע מעבעל, קיין קלאַפּטער־גרויסע שפּיגלען, קיין גע־שמאַקלאָזע אונצעהליגע בילדער — קיין שום זאַך, וואָס זאָל שרייען, רייסען די אויגען. אַלץ איז דאָ געווען איידעל, בעשיידען, אַלץ האָט גע־רעדט וועגען אַ פיינעם, ראַפינירטען גוסט, און די בילדער און סטאַטועז, וואָס האָבען זיך דאָ געפונען, זיינען טאַקע געווען עכטע קונסט־ווערק, אויפ־געזאַמעלט מיט ליעבע און פערשטענדעניש.

מ'קאָן באמת זאָגען, אַז אין האַראַץ גינצבורג האָט זיך פערווירקליכט

דער אידעאַל פון גוטהאַרציגקייט. און אפשר טאַקע דערפאַר האָט ער אַזוי פיעל אויפגעטהאָן ניט נור אַלס בעל־צדקה, נור אויך אויפ'ן געזעל־שאַפטליכען געביט. קאַלטער פערשטאַנד אַליין איז ניט גענוגענד פאַר פּרוכטבאַרע פּאָליטישע אָדער געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט. דער בע־וואוסטער רוסישער שרייבער און יוריסט א. קאָני האָט אַמאָל געזאָגט: „פערשטאַנד, דאָס איז אַ מין מעסער. מיט אַ מעסער קאָן מען טיילען ברויט ביי אַ פרידליכען מאָלצייט, אָבער מיט אַ מעסער קאָן מען אויך דערשטעכען עמיצען ביינאַכט אין וואַלד". דער ניכטערער, קאַלטבלוטיגער פערשטאַנד ווערט אַ גרויסע שעפערישע קראַפט ערשט דאַן, ווען ער ווערט בעגייסטערט און בעפרוכפערט דורך אַ גרויס ליעבענד הארץ. האָראַץ גינצבורג האָט פערמאָגט אַן אמת געניאַליש הארץ (אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען), אַ הארץ, וואָס איז געוועזן פול מיט ליעבע צו מענשען, פול מיט טיעף מיטגעפיהל צו זייערע ליידען, מיט אַ ברענענדיגען אַקטיווען פערלאַנג זיי אויסצוהעלפען, פערגרינגערען זייען פיין. טהאָן גוטס — צו דעם האָט איהם מעכטיג געצויגען, דאָס איז געווען אַ בעדערפעניש פאַר זיין נשמה. אויסער זיינע גרויסע נדבות פאַר פערשידענע אנשטאַלטען און אָרגאַניזאַציעס, האָט ער אויך ברייט געשטיצט זעהר פיעל בעדערפטיגע איינצעלנע פערזענליכקייטען אָדער פאַמיליעס. און געטהאָן האָט ער דאָס שטיל, קיינער האָט פון דעם ניט געוואוסט. הונדערטע און הונדערטע מענשען האָבען אַ דאַנק זיין פּריוואַטער שטיצע בעקומען העכערע בילדונג, זיינען געוואָרען דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען, אינזשענערען. צעהנדליגע משפחות האָבען געלעבט אויף זיין חשבון, אַ סך אַלטע לייט פלעגען פון איהם בעקומען שטענדיגע פּענסיעס. „ווי איך בעשטים נור עמיצען אַ לעבענס־פּענסיע, — האָט ער מיר איינמאָל געזאָגט מיט זיין גוטמוטיגען שמייכעל, — אַזוי ווערט ער ווי אונשטערבליך". און ווירקליך, איך האָב געקענט עטליכע מענשען, וואָס האָבען דערלעבט ביז אַכציג־ניינציג יאָהר, און אַלע געקראָגען זייער מאָנאַטליכע פּענסיע פון באַראָן גינצבורג.

איך געדענק אַזאַ פאַל. איינער אַ זקן, מיט'ן נאָמען ר—ג, אַ געוועז־זענער לעהרער, וואָס האָט אַמאָל געהאַט אַ שטעל אין דער „אידישער בילדונגס־געזעלשאַפט", פלעגט דאָ דורך מיר בעקומען 50 רובעל פּענסיע מאָנאַטליך. ער האָט געהאַט אַ גרויסע פאַמיליע, די פּענסיע האָט איהם ניט געקלעקט, ער האָט זיך זעהר גענויטיגט, און האָראַץ גינצבורג האָט איהם שטענדיג געשטיצט. איינמאָל, אַ טאָג צוויי פאַר פּסח, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ביי איהם אין שטוב איז קיין גראָשען ניטאָ, ניטאָ קיין מצה, ניטאָ קיין סימן פון באַלדיגען יום־טוב. ווי געוועהנליך, בין איך יענעם טאָג צוליעב די אָנגעלעגענהייטען פון דער „בילדונגס־געזעלשאַפט" געווען ביי באַראָן גינצבורג (דער לאָקאַל פון „מפיצי השכלה" איז געווען אין איין

הויז מיט זיין וואוינונג). נאָכדעם ווי מיר האָבען געענדיגט אונזער אַרבייט, האָב איך איהם געזאָגט: „איך האַלט פאַר מיין פליכט איך מיטצוטיילען, דאָס ר—ג׳ס לאַגע איז אַ שרעקליכע. ניטאָ מיט וואָס אַפילו צו קויפען מצה". ווי עס טרעפט אָפט ביי גוטע מענשען, פלעגט האַראַץ גינצבורג ווען עס איז ווערען היציג, אָבער באַלד אָבגעהן. האָט ער מיר אַ זאָג געטהאָן מיט האַרץ: „ס׳איז מיר שוין מיט איהם דערעסען געוואָרען, איך קאָן דאָ גאָרנישט טהאָן!" — „איך האָב געהאַלטען פאַר נויטיג איך דאָס צו דער־צעהלען", האָב איך דערויף געענטפערט, און בין אַוועק צו זיך אין ביוראָ. אין אַ מינוט צעהן אַרום קומט צו מיר אַריין גינצבורג׳ס קאָמערדינער און זאָגט מיר, אַז דער באַראָן בעט מיך אַריינגעהן צו איהם. ווען איך בין צו איהם אַריין, האָט האַראַץ גינצבורג מיך בעגעגענט מיט די ווערטער: „וואָס וועט זיין מיט ר—ג׳ן? ער האָט דאָך ניט אויף פסח!" איך האָב מיך ניט געקאָנט איינהאַלטען, איך האָב אָנגעהויבען צו לאַכען און בע־מערקט: „דאָס האָב איך דאָך געפרעגט ביי אייך". האָט ער מיט זיין ליעבהאַרציגען שמייכעל מיר דערלאַנגט 150 רובעל און געזאָגט: „זייט אַזוי גוט, שיקט עס איהם אָב וואָס גיכער, ס׳איז דאָך שוין ערב פסח".

דער קאָמיטעט פון דער „בילדונגס־געזעלשאַפט" פלעגט אָבהאַלטען זיינע זיצונגען יעדע וואָך. באַראָן גינצבורג האָט זיך ניט בענוגענט מיט דעם כבוד צו זיין דער פּרעזידענט פון דער עלטסטער אידישער געזעלשאַפט אין רוסלאַנד. ער פלעגט ניט דורכלאָזען קיין איין זיצונג. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט יעדער מינדעסטער אָנגעלעגענהייט, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו דער אָרגאַניזאַציע. ניט אַכטענדיג אויף די גרויסע געלד־סומען, וואָס ער פלעגט אויף איהר שפּענדען, האָט גאַנץ אָפט אויסגעפעהלט מיטלען, און דער קאָמיטעט האָט געמוזט אין פיעלע פאַלען אָבזאָגען די בקשות, וואָס פלעגען אָנקומען אין אַ גרויסער צאָהל. האַראַץ גינצבורג פלעגט זיך דאָס נעהמען שטאַרק צום האַרצען, בעזונדערס ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַלטע אָרימע אידישע שרייבער, אָדער אויסגעדיענטע לעהרער. און יעדעס מאָל פלעג איך נאָך דער זיצונג פון קאָמיטעט געפי־נען אין דעם פּראָטאָקאָל נעבען דעם נאָטיץ וועגען אָבזאָגען, זיינע צו־שריפטען: „100 רובעל, ג.", „200 רובעל, ג.", א. אַז. וו. דאָס פלעגט ער אויף זיך פּערזענליך נעהמען די הילף, וואָס דער קאָמיטעט איז ניט גע־ווען אימשטאַנד צו געבען. און אַזוי פלעגט ער שטילערהייט נאָך יעדער זיצונג איבערלאָזען אַ היבשע סומע געלט.

און דאָס גרויסע גוטע האַרץ זיינס איז געווען אַ א י ד י ש האַרץ. ער איז מיט לייב און לעבען געווען איבערגעגעבען צו די אידישע אינטע־רעסען. אין איהם האָט שטענדיג געלעבט דאָס געפיהל פון פליכט, פון פעראַנטוואָרטליכקייט צו זיין פאָלק. צווישען די אידישע כלל־טהוער, מיט

װעלכע מיר איז אויסגעקומען זיך צו טרעפען, קען איך ניט אָנרופען קיין צװייטען, ביי װעמען די אַקטיװע ליעבע צום אידישען פאָלק, דער פערלאַנג איהם צו דינען, זאָל האָבען געװען אַזוי מעכטיג, אַזוי בעהערשען אַלע זיינע געפיהלען און מחשבות. ביי יעדער געשעהעניש פלעגט ביי איהם גלייך אויפבליצען די פראַגע: װאָס װעט פון דעם אַרויסקומען פאַר אידען? און ביי יעדער בעגעגעניש מיט מענשען איז זיין ערשטער געדאַנק געװען: װאָס פאַר אַ נוצען קאָן מען פון איהם האָבען פאַר אידען? ס'איז ניט געװען דער קרבן, װעלכען ער זאָל האַלטען פאַר צו גרויס און שװער, װיבאַלד עס האָט זיך געהאַנדעלט װעגען די אידישע אינטערעסען.

װער עס האָט נאָהענט געקענט האָראַץ גינצבורג'ן, דער קאָן זיכער זאָגען, דאָס ביי איהם איז ניט געװען קיין שעה, װאו ער זאָל ניט טראַכטען װעגען דער ביטערער אידישער לאַגע. אַז דאָס איז ניט קיין גוזמא, בע־װייזען קלאָרע פאַקטען. מיר װעלען װייטער געבען דערצעהלען װעגען דעם גרויסען אונגליק, װאָס האָט אין יאָהר 1892 איהם געטראָפען: זיין באַנק־הויז האָט דאַן געמוזט אָבשטעלען די צאָהלונגען. איז מיט צװיי טעג פריהער, װען די פינאַנציעלע קאַטאַסטראָפע איז שוין געװען פולקאָם קלאָר, האָט באַראָן גינצבורג זיך געמיהט ביים אינערן־מיניסטער װעגען עטליכע אידען, װאָס מען האָט געװאָלט אַרויסשיקען פון ריגע אינאײינעם מיט דעם דאָרטיגען רב. און ער האָט טאַקע אויסגעװירקט, אַז די פעראָרדענונג פון דעם ריגער גובערנאַטאָר זאָל אָבגעשאַפט װערען און די אידען זאָלען בלייבען אונגעשטערט אויף זייער אָרט. און אָט איז נאָך אַ מערקװירדיגער ביישפיעל. מען קאָן זיך גרינג פאָרשטעלען, װאָס באַראָן גינצבורג האָט איבערגעלעבט יענעם טאָג, װען ער האָט בעדאַרפט אויף דער זיצונג פון דעם בערזען־קאָמיטעט ערקלערען, דאָס זיין באַנק־הויז שטעלט אָב די צאָהלונגען. דאָס איז געװען אַ טראַגעדיע; עס האָט זיך געדוכט, אַז דער הימעל שפאַלט זיך איבער איהם. און דאָ איז געשעהן אַ זאַך, װאָס װאָלט ביי יעדען אַנדערען געװען אונגלויבליך, אָבער ביי איהם איז זי גע־װען גאַנץ נאַטירליך. ער האָט זיך דערװאוסט, אַז קיין פעטערבורג איז געקומען דער פאָדאָליער גובערנאַטאָר. גראָד דעמאָלט האָט מען אין זיין גובערניע זעהר שטאַרק געטריבען אידען פון די דערפער. איז האָראַץ גינצבורג מיט צװיי שטונדען פאַר דער שרעקליכער זיצונג פון בערזען־קאָמיטעט פערפאָהרען צום פאָדאָליער גובערנאַטאָר און זיך געמיהט איהם צו איבערצייגען, ער זאָל רחמנות האָבען אויף די דאָרטיגע אידען.

ער איז געװען אַ דורך־און־דורך נאַציאָנאַלער איד, מיט טיעפסטער אַכטונג צום אידענטום, מיט פעסטען גלויבען אין דעם הויכען װערטה פון דער אידישער לעהרע און מאָראַל. די אידישע היסטאָרישע אידעאַלען זיינען איהם געװען נאָהענט און טייער. ער פלעגט גערן לייענען דעם

תנ״ך, בעגייסטערט ווערען פון דער ביבלישער פּאָעזיע. ער האָט אויס־געצייכענט געשריבען העברעאיש און פלעגט גערן אין אָט דער שפּראַך קאָ־רעספּאָנדירען. אין זיין איבערגעבענקייט צו די אידישע אינערליכע ענינים איז ניט געווען קיין שום פּאַרטייאישקייט. אַלץ, וואָס אידיש, איז איהם געווען נאָהענט צום האַרצען. די רבנים, די ישיבות, חדרים זיינען איהם געווען טייער, אַזוי ווי די אידישע אינטעליגענץ און די מאָדערנע שולען; ער האָט זיי גלייך געשטיצט און גלייך פערטיידיגט זייערע אינטערעסען. העכער פון אַלץ איז פאַר איהם געווען די אייניגקייט, דער שלום ביי אידען. און ווען ביי אַ טהייל קאָמיטעט־מיטגלידער פון „מפיצי השכלה״ איז ענט־שטאַנען דער געדאַנק וועגען גרינדען אַ אידיש־טעאָלאָגישען אינסטיטוט, איז גינצבורג געווען געגען אָט דעם פּלאַן; ער האָט מורא געהאַט, אַז די זאַך וועט בעאומרוהיגען דעם פרומען קלאַס און אַרויסרופען גרויסע סכסוכים.

ביי האַראַץ גינצבורג האָט איהר זיך געפיהלט, אַז איהר געפינט זיך אין אַן אַלט־גבירישע הויז פון אַמאָליגען שעהנסטען שניט. שבת־רוה פלעגט דאָ שטרענג אָבגעהיט ווערען; פון געשעפט, פון וועלטליכע זאָרגען איז דאַן אַפילו קיין זכר ניט געווען; מען האָט אין פולער מאָס געניאָסען דעם עונג־שבת. בעזונדערס פייערליך, מיט אַלע פּיטשעווקעס, פלעגען אין גינצבורג׳ס הויז אָבגעריכט ווערען די סדרים. אויסער דער אייגענער גרויסער פאַמיליע — זיהן, שניר און אייניקלעך — האָט מען איינגעלאַדען אויך נאָהענטסטע פריינד, אידען און קריסטען. דער בעוואוסטער רוסי־שער פילאָזאָף און גרויסער אידען־פריינד וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו פלעגט שטענדיג דאָ זיין אַ גאַסט צו די סדרים. ביי גינצבורג׳ן האָט אַלס הויז־פערוואַלטער צעהנדליגע יאָהרען לאַנג אָבגעדינט איינער אַ געוועזענער ניקאָלאַיעווסקער קאַנטאָניסט מייער, וועלכען עס האָבען גוט געקענט אַלע, וואָס זיינען געוועזען דאָ איינגעהער. זיין ערציהונג האָט ער, ווי אַלע קאַנ־טאָניסטען, בעקומען אין אַ קאַזאַרמע; אָבער דערנאָך האָט ער זיך אויס־געמענשעלט, ער פלעגט מיט גינצבורג׳ן אָפט פאָהרען קיין פּאַריז און זיך אַפילו אויסגעלערענטריידען פראַנצויזיש. מייער׳ס הויפּט־פליכט ביים פיהרען די ווירטשאַפט איז געווען — אַכטונג געבען אויף כשרות. דער קוכער איז געווען אַ קריסט; אָבער אַן עלטערע פרומע אידענע האָט אין קיך שטענדיג אַכטונג געגעבען, מען זאָל ניט פערפיהרען קיין טרפות. בכלל איז האַראַץ גינצבורג געווען אויפריכטיג רעליגיעז, און ער פלעגט ווי ווייט מעגליך אָבהיטען אידישע פיהרונגען. ער האָט דאָס פון קיינעם ניט בעהאַלטען. דאָס האָבען געוואוסט אַלע, אויך זיינע קריסטליכע בעקאַנטע; און ווען יענע פלעגען איהם צו זיך איינלאַדען צום עסען, האָט מען איהם בעזונדער דערלאַנגט פּאַרעווע געריכטען. ער האָט שטאָלץ געטראָגען זיין

אידישקייט, און דאָס האָט דערוועקט גרויס אַכטונג צו איהם אומעטום. מיניסטאָרען פלעגען איהם קיינמאָל ניט בעשטימען אָן אויפנאַהם אויף שבת: זיי האָבען גוט געוואוסט, אַז ער פאַהרט ניט אום שבת און זיי האָבען זיך גערעכענט מיט דעם, אַז אַ ווייטער גאַנג איז פאַר איהם שווער.

דאָס איז געווען ניט נור אַ גביריש הויז, נור אויך אַ הויז, וואו עס האָבען געהערשט גייסטיגע אינטערעסען, סאַי אידישע און סאַי אַלגעמיינע. רבנים, אידישע געלעהרטע און שריפטשטעלער פלעגט מען דאָ געפֿינען אין ברייט שטיצען. פאַר יענע יאָהרען איז שווער אָנצואווייזען אַ ליטעראַרישע אונטערנעהמונג אויפ'ן געביט פון דער אידישער וויסענשאַפט און ליטעראַטור, וואָס זאָל איינגאַנצען אָדער אין אַ גרויסער מאָס ניט סובסידירט ווערען דורך האָראַץ גינצבורג. ער האָט אויף זיינע מיטלען אַרויסגעגעבען פראָפ. ד. כוואָלסאָנ'ס בעוואוסטע ווערק וועגען דעם בלוט-בלבול, ווי אויך לעוואַנדע'ס און ע. לעווין'ס גרינדליכע ביכער מכח די רוסישע געזעצען וועגען אידען. מ. ראַבינאָוויטש'עס בעוואוסטע אָבהאַנדלונגען אין פראַנצויזישער שפּראַך וועגען תלמוד און נאָך פיעלע אַנד. וויכטיגע ווערק. אַ דאַנק גינצבורג'ן האָט אויך דער רוסישער פּראָפעסאָר ס. בערשאַדסקי געהאַט די מעגליכקייט צו פערעפענטליכען זיין בעריהמטען „רוסיש-אידישען אַרכיוו", וואָס האָט אַזאַ גרויסע בעדייטונג פאַר דער פאָרשונג פון דער רוסיש-אידישער היסטאָריע.

צווישען די גייסטיגע אינטערעסען, וואָס האָבען דאָ געהערשט, האָבען אַ גרויסען אָרט פערנומען ליטעראַטור און קונסט. האָראַץ גינצבורג איז געווען צעהנדליגע יאָהרען לאַנג נאָהענט בעפריינדעט מיט דעם אַרויסגעבער פון דעם גרויסען ליבעראַלען רוסישען מאָנאַטליכען זשורנאַל „וועסטניק יעווראָפּי", דעם געוועזענעם פּראָפעסאָר מ. סטאַסיולעוויטש. אָפטע געסט ביי גינצבורג'ען פלעגען זיין די שטענדיגע מיטאַרבייטער פון „וועסטניק יעווראָפּי" — דער בעריהמטער אַדוואָקאַט און געלעהרטער וו. ספּאַסאָוויטש, דער גרויסער פּובליציסט ק. קאַוועלין, דער אויסגעצייכענטער שרייבער און יוריסט א. קאָני און נאָך פיעלע אַנדערע אָנגעזעהענסטע פאָרשטעהער פון דער רוסישער ליטעראַטור. מיט טורגעניעוו'ן האָט ער זיך בעפריינדעט נאָך פון די יאָהרען, ווען ער האָט געלעבט אין פאַריז. דער גרויסער רוסישער ראָמאַניסט פלעגט זיך מיט איהם דורכשרייבען, און קומענדיג קיין פּעטערבורג איז ער געווען אָן אָפטער גאַסט ביי גינצבורג'ען.

האָראַץ גינצבורג איז געווען אַ ליעבהאָבער און קענער פון קונסט. זיין זאַמלונג פון בילדער און סקולפּטור-ווערק האָט אין זיך ענטהאַלטען לויטער מייסטער-ווערק. דער גרויסער רוסישער מאַלער קראַמסקאָי און דער בעוואוסטער קונסט-קריטיקער סטאַסאָוו זיינען געשטאַנען מיט איהם אין פריינדשאַפטליכע בעציהונגען. גינצבורג פלעגט ברייט שטיצען יונגע

טאַלאַנטען. ווען ניט ער, וואָלט דער גרויסער אידישער סקולפּטאָר, מ. אַנטאָקאָלסקי, ניט געהאַט די מעגליכקייט צו ענטוויקלען זיין מערקווירדיגען טאַלאַנט. אין די לעצטע יאָהרען, ווען אַנטאָקאָלסקי׳ס מאַטעריעלע לאַגע האָט זיך זעהר פערערגערט, איז באַראָן גינצבורג איהם ווידער געקומען צו הילף און האָט ביי איהם פאַר זיך בעשטעלט מאַרמערנע קאָפּיעס פון אַלע זיינע שאַפונגען. ער איז אויך געווען אַ גרויסער פערעהרער פון מוזיק און האָט שטענדיג רייך געשטיצט די פּעטערבורגער קאָנסערוואַ־טאָריע. מיט איהר ערשטען דירעקטאָר, דעם וועלט־בעריהמטען פּיאַניסט אַנטאָן רובינשטיין, איז ער געווען בעזונדערס בעפריינדעט. רובינשטיין איז שטענדיג געווען ביי איהם צו די סדרים, און זיי פלעגען זיך אַלעמאָל בייטען מיט שלח־מנות. צו רובינשטיינ׳ס געבורטסטאָג האָט גינצבורג בעשטעלט ביי דעם בעוואוסטען מאַהלער קראַמסקאָי אַ פּאָרטרעט פון דעם בעריהמטען מוזיקאַנט, ווי ער זיצט ביים פּיאַנאָ און שפּיעלט, און איהם געשענקט דאָס בילד. בעפריינדעט איז ער אויך געווען מיט דעם שפּעטער־דיגען דירעקטאָר פון פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע דאַווידאָוו׳ן, און מיט דעם בעוואוסטען פּראָפעסאָר־וויאָליניסט ל. אויער. גינצבורג האָט גערן געשטיצט בעגאַבטע שילער פון קאָנסערוואַטאָריע. צווישען זיינע סטיפּענ־דיאַנטען זיינען אויך געווען די איצט וועלט־בעריהמטע יאַשאַ חייפעץ און מישאַ עלמאַן.

האָראַץ גינצבורג האָט געהאַט חוש פאַר היסטאָריע. ער האָט (ווי אויך זיין פאָטער) געזאַמעלט אַלע דאָקומענטען און פּאַפּירען, וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות צו דער אידישער לאַגע, צום אידישען לעבען און צו די אידישע אינטערעסען: די אַלע מעמאָראַנדומס און בקשות, וואָס ער און זיין פאָטער האָבען דערלאַנגט צו דער רעגירונג, די ערקלערונגען פון די מיניסטאָרען, פון סענאַט, די פּראָטאָקאָלען און פּראָיעקטען פון די פערשי־דענע רעגירונגס־קאָמיסיעס וועגען דער אידען־פראַגע, די דאָקומענטען פון אַלערליי פּראָצעסען וועגען דעם בלוט־בלבול, סטאַטיסטישע ציפערען, פערשידענע אַנקעטעס און ספּעציעלע אויספאָרשונגען א. אַז. וו. אויך האָט ער געקליבען און געהאַלטען אין אָרדנונג זיין גרויסע קאָרעספּאָנדענץ מיט מיניסטאָרען און אַנדערע רעגירונגס־לייט, מיט פאָרשטעהער פון ליטעראַ־טור, וויסענשאַפט און קונסט. אויף אַזאַ אופן האָט זיך אין פערלויף פון צעהנדליגע יאָהרען ביי איהם אָנגעזאַמעלט אַ רייכער פּיעלזייטיגער אַרכיוו, וואָס האָט געהאַט אַ גאָר גרויסע היסטאָרישע בעדייטונג. אויסער אַ רייכער קאָלעקציע בריף פון בעריהמטע שטאַאַטסלייט, שריפטשטעלער, געלעהרטע, זיינען דאָ געווען אָנגעקליבען אַזעלכע אָפיציעלע אַרכיוו־מאַטעריאַלען, וואָס ערגעץ־וואו אַנדערש האָט מען זיי ניט געקאָנט געפינען. גינצבורג האָט געזאָרגט, אַז זיין אַרכיוו זאָל זיין שטענדיג אין אָרדנונג און דאָס איז

געווען איינע פון די הויפּט־פליכטען פון זיין לאַנג־יאָהריגען סעקרעטאַר עמנואל לעווין.

ליידער אָבער איז דער סוף פון גינצבורג'ס גרויסען און וויכטיגען אַר־כיוו געווען גאַר אַ טרויעריגער. נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקעהרע־ניש, אין סוף יאָהר 1917, ווען צעיושעטע סאָלדאַטען און מאַטראָסען פלע־גען פערכאַפּען און חרב מאַכען אין פעטערבורג רייכע פּריוואַטע וואוינונ־גען, איז דער אַרכיוו פערפאַלען געוואָרען פון יענעם לאָקאַל, וואו גינצ־בורג'ס יורשים האָבען איהם איבערגעלאָזט ביי זייער אַוועקפאָהר פון רוסלאַנד. אין יאָהר 1918 האָט דער קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונגס אַנגע־לעגענהייטען אָנגעהויבען פּרובירען ראַטעווען די ביכער און דאָקומענטען, וואָס זיינען צושלעפּט געוואָרען פון פערשידענע הייזער. צופעליג האָט מען זיך דערוואוסט, אַז ערגעץ אין אַ וואוינונג, וואָס אַ גרופּע מאַטראָסען האָבען פערכאַפּט און זיך דאָרט בעזעצט, הייצען זיי די אויוועגס מיט עפּעס אַלטע פּאַפּירען (אין די שרעקליכע יאָהרען פון מיליטערישען קאָמוניזם, ווען עס האָבען געפעהלט האָלץ און קויהלען, איז דאָס געווען אַ געוועהנליכע ער־שיינונג). מען האָט אַהין קאָמאַנדירט אַ בעאַמטען, און יענער האָט ענט־דעקט, אַז דאָס הייצט מען די הרובעס מיט די דאָקומענטען פון באַראָן גינצבורג'ס אַרכיוו. געהייצט האָט מען מיט דעם שוין גאַר אַ לאַנגע צייט, און דער בעאַמטער האָט דערוויסט בלויז עטליכע געצעהלטע פּאַפּירלעך. דאָס גאַנצע איבעריגע איז שוין אַוועק מיט'ן רויך. צופעליג זיינען די פּאַפּירען, וואָס מען האָט געראַטעוועט, געווען — אייניגע פון די פיעלע בריף טורגענעוו'ס צו האָראַץ גינצבורג'ן. זיי זיינען דאַן אָבגעדרוקט גע־וואָרען אין פעטערבורג אין אַ בעזונדער בראָשור. אַזוי איז אומגעקומען איינער פון די רייכסטע אידישע אַרכיוועז אין פעטערבורג, וואָס האָט ענטהאַלטען אין זיך אַ גאַנצען אוצר טייערסטע און וויכטיגסטע מאַטעריאַלען צו דער געשיכטע פון דער אידישער לאַגע אין רוסלאַנד.

האָראַץ גינצבורג'ס גרעניצלאָזע איבערגעבענקייט צו די אידישע כלל־אינטערעסען, זיין אונערמידליכע אַרבייט פאַר אידען, זיין ברייטע פי־לאַנטראָפּישע טהעטיגקייט און פערזענליכע האַרציגקייט האָבען געמאַכט זיין נאָמען אונגעוועהנליך פּאָפּולער און בעליעבט ביי אידען אין גאַנץ רוס־לאַנד. אין אָט דער הינזיכט איז ניט געווען קיין אונטערשיד צווישען דעם פרומען קלאַס און דעם געבילדעטען. רבנים און אָרטאָדאָקסען האָבען איהם געאַכט און געליעבט, פונקט ווי די פאָרשטעהער פון דער אינטעלי־גענץ. עס זיינען געווען מענשען, וואָס האָבען ניט צוגעשטימט צו זיינע אָנזיכטען, צו געוויסע שריט זיינע; אָבער קיין שונאים האָט ער נישט געהאַט. אַלעמען האָט ער בעצויבערט מיט זיין פערזענליכקייט און מיט זיין ענדלאָזער ליעבע צום אידישען פאָלק. מען קאָן זאָגען, אַז אין אַ געוויסער

מאָס איז באַראָן האָראַץ גינצבורג פאַר די רוסישע אידען געווען דאָס, וואָס משה מאָנטעפיאָרע איז געווען פאַר'ן כלל ישראל. ביי יעדער צרה, ביי יעדער גזירה, ביי יעדער שרפה אין אַ אידיש שטעדטעל, ביי יעדען אומגליק פלעגט מען זיך ווענדען צו האָראַץ גינצבורג'ן. מען האָט גע־וואוסט, אַז דאָרטען, אין פעטערבורג, איז פאַראַן דער אידישער באַראָן, וואָס האַלט אין איין זאָרגען וועגען דער אונגליקליכער אידישער לאַגע, אַ מענש אָהן אַ גאַל, פול מיט ליעבע און מיטגעפיהל. מען איז געווען זיכער, אַז ער וועט קומען צו הילף, אַרויסטרעטען אַלס בעשיצער, ער וועט טהאָן אַלץ, וואָס נור מעגליך. מען האָט איהם הויך געאַכט — ניט פאַר זיין רייכקייט. דער פעטערבורגער מיליאָנער פאָליאַקאָוו, דער קיעווער בראָדסקי אָדער דער לאָדזער פאָזנאַנסקי זיינען געווען פיעל רייכער פון גינצבורג'ן ; אָבער זייערע נעמען האָבען גאָרנישט גערעדט צום אידישען האַרץ, בשעת גינצבורג'ס נאָמען האָט דערוועקט אַ וואַרעם געפיהל פון ליעבע און שטאָלץ. וועגען מאָנטעפיאָרע'ן האָבען זיך געוועבט און גע־פלאָנטערט ביי אידען, בעזונדערס אין רוסלאַנד, פערשידענע לעגענדעס. אויב דאָס אייגענע איז ניט געשעהן מיט האָראַץ גינצבורג, איז דאָס געווען נור דערפאַר, ווייל מאָנטעפיאָרע איז געווען גאָר ווייט, און גינצבורג — אַזוי נאָהענט, אָפען פאַר אַלעמען און אַזוי צוגענגליך פאַר יעדערען. כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר האָראַץ גינצבורג איז געווען זיין מאָראַלישע זויבער־קייט. איהם האָט געעקעלט פון דעם געדאַנק, אַז מען קאָן צוליעב אַ גוטען ציעל אָנווענדען מיאוס'ע מיטלען. ער איז געווען פעסט איבערציינגט, דאָס פאַר אַזאַ גערעכטער זאַך, ווי די אידישע אינטערעסען און רעכט דאַרף מען שטרייטען נור מיט ריינע הענט. די רוסישע ווירקליכקייט האָט איהם דערין געבראַכט אַ שטאַרקען נסיון און ער איז איהם בייגעקומען. דאָס איז געווען אין יאָהר 1882. דער בעוואוסטער אידען־פיינד, דער אינערן־מיניסטער איגנאַטיעוו, האָט געגרייט אַ נייע גזירה אויף אידען. דאָס איז געווען אַ מענש אָהן געוויסען, אַ ליגנער, און ער האָט האַלט געהאַט די מטבע. איינמאַל, אויפנעהמענדיג ביי זיך אין קאַבינעט האָראַץ גינצבורג'ן, האָט ער איהם געגעבען אַ קלאָרע אָנצוהערעניש : „איך האָב געהערט, מיין ליעבער באַראָן, — האָט ער צו איהם אַ זאָג געטהאָן מיט אַ שמייכעל, — אַז אידען האָבען צונויפגעזאַמעלט פאַר מיר און דעפאָנירט אין אייער באַנק־הויז אַ מיליאָן רובעל". גינצבורג האָט זיך ניט פערלאָרען און איהם רוהיג געענטפערט : „איך וויים וועגען דעם נישט. מען האָט אייך ניט ריכטיג אינפאָרמירט". זיין פעסטע איבערציינגונג איז געווען, אַז רעכט ווערען ניט געקויפט.

איינער פון די טרויעריגסטע קאַפיטלען אין דער געשיכטע פון די רוסישע אידען האָט זיך אָנגעהויבען, ווען אין יאָהר 1881 האָט דעם טראָהן

פערנומען אלעקסאנדער דער דריטער. די אנטיסעמיטישע שטימונג, וואס האט זיך שוין פריהער געלאזט מערקען אין די רעגירענדע קרייזען, האט זיך איצט אלץ פערשטארקט, און עס איז אוועק א סדרה אויסנאהמס־געזעצען און הארבע בעגרענצונגען געגען אידען. דער נייער רוסישער אינערן־מיניסטער, דער בעוואוסטער רשע גראף נ. איגנאטיעוו, האט ציניש און ברוטאל געפיהרט זיין אנטיסעמיטישע פאליטיק. באלד נאכדעם ווי אלעקסאנדער דער דריטער איז געווארען קייזער, אין פריהלינג 1881, האבען אין א רייה געגענדען אין דרום־רוסלאנד אויסגעבראכען פאגראמען. אז זיי זיינען ניט געווען קיין צופעליגע זאך, אז זיי זיינען געווען צוגע־גרייט און ארגאניזירט, דאס האט זיך גלייך געווארפען אין די אויגען. פערדעכטיגע מענשען פלעגען ארומפאהרען איבער די שטעדט און דערפער, פיהרען פראפאגאנדע, העצען די פינסטערע בעפעלקערונג געגען אידען, און די פאגראמען פלעגען זיך אומעטום פערלויפען אויף איין און דעמזעל־בען שטייגער. די אדמיניסטראציע האט ערגעץ ניט אנגענומען קיין ענער־גישע מיטלען, זי פלעגט גלייכגילטיג צוזעהן, ווי די כוליגאנעס פאלען־אן אויף אידען, בושעווען אין זייערע הייזער און קראמען; ווי די פויערים ראבעווען אידיש האב און גוטס, פאקען עס אויף וואגענס און פיהרען אוועק צו זיך אין די דערפער. און אנשטאט אבצושטעלען די „אומארדנונגען" (ווי מען האט דאן אפיציעל גערופען די אידישע פאגראמען), האט די העכערע מאכט קלאהר געגעבען אנצוהערעניש, אז שולדיג דערין זיינען גאר אידען אליין מיט זייער „עקספלואטירען" די קריסטליכע בעפעלקערונג, און האט זיך גענומען „שטודירען" די אידען־פראגע.

גראף איגנאטיעוו האט פונאנדערגעשיקט א צירקולאר צו אלע גובער־נאטארען אין די אידישע געגענדען, זיי זאלען ביי זיך בעשטימען בע־זונדערע קאמיסיעס אויף צו בעטראכטען די אידישע פראגע. די קאמי־סיעס זיינען בעשטאנען, אונטער'ן פארזיץ פון גובערנאטאר, פון פערטרע־טער פון דער ארטיגער פריצישער און שטאדטישער קריסטליכער בעפעל־קערונג און אויך פון עטליכע אידען. די קאמיסיעס האבען געזאלט געבען דעם ענטפער אויף יענע פראגען, וואס דער מיניסטער האט זיי פארגעלעגט. זיי זיינען געווען רעדאקטירט אזוי, דאס עס איז שוין לכתחילה געווען קלאר, וואס אזוינס גראף איגנאטיעוו איז דא אויסען און וואס פאר אן ענטפער ער פערלאנגט. דער מיניסטער האט אנגעפרעגט וועגען די אור־זאכען פון דער ש ע ד ל י כ ע ר א י ד י ש ע ר ט ה ע ט י ג ק י י ט און וועגען די מיטלען זי צו בעזייטיגען. די אידען זיינען אין די קאמי־סיעס אומעטום געווען אין גאר א ווינציגער מינדערהייט, און זיי האבען גארנישט געקענט אויפטהאן. אין מאהילעוו, למשל, האט דער אידישער פארשטעהער פארגעלייגט, אז פריהער ווי צו ערקלעהרען די אורזאכען

פון דער „שעדליכער אידישער טהעטיגקייט", דאַרף מען אויספאָרשען, צי זי איז טאַקע ווירקליך שעדליך. אָבער דער גוּבערנאַטאָר האָט אָפילו ניט דערלאָזט, מען זאָל אָט דעם גערעכטען פאָרשלאַג בעטראַכטען. די קאָמיסיעס האָבען גוט פערשטאַנען איגנאַטיעוו'ס מיין, און דאָס אינערן־מיניסטעריום האָט פון זיי געקראָגען גאַנצע בערג אַנטיסעמיטישע מאַטע־ריאַלען און פאָרשלאַגען.

אין יאָהר 1882 האָבען די פּאָגראָמען פון דאָס ניי אויסגעבראָכען, און נאָך מיט מעהר קראַפט. דירעקטאָר פון דעם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט איז דאַן געווען דער בעריהמטער שונא ישראל פּלעווע, און אין די פּאָגראָמען פון יאָהר 1882 האָט, פּונקט אַזוי ווי אין דער שפּעטערדיגער קישינעווער שחיטה אין יאָהר 1903, געשטעקט זיין האַנט. פאַרגעקומען זיינען די פּאָגראָמען דערהויפּט אין די אידישע שטעדט און שטעדטלאַך; אָבער איגנאַטיעוו האָט ערקלעהרט, אַז זיי נעהמען זיך פון דעם, וואָס די דאָרפישע אידען עקספּלואַטירען שרעקליך די רוסישע פּויערים. און לויט זיין פּראָיעקט איז אַרויסגעגעבען געוואָרען די בעוואוסטע „צייטווייליגע פּער־אָרדנונג" פון 3־טען מאַי 1882. דורך איהר איז פערוועהרט געוואָרען אידען צו בעזעצען זיך אין די דאָרפישע געגענדען אין די אידישע גוּ־בערניעס, ווי אויך צו קויפען אָדער אַרענדירען דאָרטען ערד. דאָס איז געווען איינער פון יענע געזעצען, וואָס האָבען מעהר ווי אַלע אַנדערע מיטגעהאָלפען עקאָנאָמיש צו רואינירען, פעראָרימען די אידען אין רוס־לאַנד. און כאָטש די גזירה פון 3־טען מאַי 1882 האָט געטראָגען דעם נאָמען פון אַ „צייטווייליגער" פעראָרדנונג, דאָך האָט זי געגאָלטען כמעט גאַנצע 35 יאָהר, ביז דער פּעברואַר רעוואָלוציע פון יאָהר 1917 אין רוסלאַנד.

באַלד נאָך אָט דעם אויפטהו פון איגנאַטיעוו'ן האָט ער פערלאָרען זיין שטעל — ניט חלילה פאַר זיין אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק, נור פאַר אַ פאַלשען שריט, וואָס ער איז בעגאַנגען: ער האָט געפּלאַנעוועט צונויפ־צורופען עפּעס אַ מין בעראַטונג פון פאָרשטעהער פון דער רוסישער בעפעלקערונג, און מיט דעם אויפגעבראַכט געגען זיך דעם קייזער אַלעקסאַנדער דעם דריטען. אַנשטאט איהם איז אינערן־מיניסטער גע־וואָרען גראַף ד. טאָלסטאָי. ער איז געווען ניט קיין קלענערער אידען־פיינד, ווי זיין פאָרגענגער; אָבער ער האָט געפיהרט די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק ניט אַזוי האַמעטנע און ציניש. גראַף טאָלסטאָי האָט צושיקט אַ צירקולאַר צו די גובערנאַטאָרען, אַז די רעגירונג וועט ניט דערלאָזען קיין שום „אומאָרדנונגען" געגען אידען. דאָס איז געווען פאָלקאָם גענוג, כדי אָפּצושטעלען די כוואַליע פון פּאָגראָמען. אָבער אַנשטאָט די כוליגאַ־נישע רויבערייען און הריגות, האָט זיך גלייך אָנגעהויבען און פערצויגען

אויף פיעל יאהרען א געזעצליכער פאגראם אויף אידען. טריט ביי טריט ווערען די אידישע רעכט סיסטעמאטיש אלץ מעהר בעגרעניצט. מען טרייבט אידען אהן אויפהער פון שטעדט און דערפער. עס ווערט איינגע־פיהרט פאר זיי די פראצענט־נארמע אין די מיטעלע און העכערע שולען. אידען ווערען פלאנמעסיג בעהאנדעלט, ווי בירגער פון נידעריגסטען ראנג; זיי ווערען ארויסגעשטויסען פון דער שטאדטישער און דארפישער (זעמ־סקער) זעלבסטפערוואלטונג, פון די דזשוריס (געשווארענע בייזיצער) ביי די קרימינעלע געריכטען, א. אז. וו.

באראן האראץ גינצבורג איז אין אט דער פינסטערער צייט ניט אריינגעפאלען אין פערצווייפלונג. פערקעהרט, ער האט נאך מיט מעהר ענערגיע פארטגעזעצט זיין געזעלשאפטליכע ארבייט. עס האט זיך שוין ניט געהאנדעלט, ווי פריהער, וועגען זוכען פערברייטערען די אידישע רעכט, נור וועגען בעשיצען דאס ביסעל פערגרינגערונגען, וואס זיינען אויסגעווירקט געווארען אין די יאהרען פון אלעקסאנדער דעם צווייטען. צוגלייך מיט אלע רעפארמען פון זיין פאטער, האט אלעקסאנדער דער דריטער איצט פלאנמעסיג געמאכט צונישט אויך די ליבעראלע בעשטימונ־גען און געזעצען וועגען אידען. איין נייע גזירה האט געפאלגט נאך דער אנדערער. די ארטיגע אדמיניסטראציע, פערשטעהענדיג די אבזיכטען פון דער העכערער רעגירונג, האט געהאלטען אין איין דריקען און פער־פאלגען די אידישע בעפעלקערונג. האראץ גינצבורג האט יאהרען לאנג געשטריטען געגען דער אומגעזעצליכער האנדלונג פון די פראווינציעלע מאכטהאבער, אפעלירענדיג צום סענאט, וואס האט אין רוסלאנד געשפיעלט די ראלע פון דעם אמעריקאנער סופרים קאורט, פון העכסטען געריכט און היטער פון געזעצליכקייט. איין צייט האט דאס געהאלפען. אבער אין גיכען איז אויך דער סענאט געווארען פערכאפט פון דער אנטיסעמיטישער שטימונג, וואס האט געהערשט אין די רעגירונגס־קרייזען, און דער קאמף פאר געזעצליכקייט ווערט אלץ שווערער און שווערער.

אינצווישען איז פלעווע געווארען געהילף פון אינערן־מיניסטער. אויפ'ן גרונד פון די מאטעריאלען, וואס די אויבענדערמאהנטע איגנא־טיעווישע קאמיסיעס האבען צוגעשטעלט, האט ער אויסגעארבייט א גאנצע רייהע געזעץ־פראיעקטען געגען אידען. ער האט געפלאנעוועט, מען זאל אבנעהמען וואוינרעכט אין די רוסישע געגענטען ביי אידישע האנדווערקער, ארויסשיקען פון די דערפער אפילו יענע אידען, וואס האבען זיך דארטען בעזעצט פאר'ן 3־טען מאי 1882; פערוועהרען איינגאנצען אידען צו קויפען ערד; מען זאל איינפיהרען קרימינעלע בעשטראפונגען פאר אלע אידען, וואס פערשולדיגען זיך געגען די געזעצען וועגען וואוינרעכט, און אז. וו. ווען פלעווע'ס פלענער וואלטען פערווירקליכט געווארען, וואלט

די לאַגע פון אידען אין רוסלאַנד, וואָס איז שוין געווען אַזוי אויך גענוג דריקענד, געוואָרען פאַקטיש אונערטרעגליך. האַראַץ גינצבורג האָט אָנגע־פיהרט אַן ענערגישען קאַמף געגען פלעווע׳ס פראַיעקטען. איהם איז גע־לונגען צו איבערצייגען דעם פינאַנץ־מיניסטערווישנעגראַדסקי און איהם אויפווייזען דעם גרויסען עקאָנאָמישען שאַדען, וואָס עס וועלען פון דעם ליידען ניט נור אידען אַליין, נור אויך דאָס גאַנצע לאַנד. און אַ דאַנק ווישנעגראַדסקי׳ס ווירקונג אויף אַלעקסאַנדער דעם דריטען, זיינען פלעווע׳ס געזעץ־פראַיקטען בעגראָבען געוואָרען אויף שטענדיג.

דאָס איז געווען גאָר אַ גרויסער ערפאָלג. אָבער זעלטען ווען אַזוינס פלעגט בעשערט זיין. האַראַץ גינצבורג׳ס איינציג געוועהר אין׳ם קאַמף, וואָס ער האָט געפיהרט, איז געווען זיין גוט האַרץ, פול מיט איבערגעבענ־הייט צום אייגענעם פאָלק. ער פלעגט קומען, טענה׳ן, בעטען; אַמאָל פלעגט דאָס העלפען אָבוועדען אַ נייע גזרה, מייסטענס אָבער נישט. ער איז פון דעם דאָך ניט ענטמוטהיגט געוואָרען, און ער פלעגט ווידער קומען בעטען און טענה׳ן. וויפיעל ליעבע און טריישאַפט האָט מען גע־ברויכט, כדי טאָג־איין, טאָג־אויס צו פיהרען אָט דעם שווערען שטרייט מיט אומגלייכען געוועהר, ניט ווערען אָבהענדיג און פערצווייפעלט; און וויפיעל גלויבען אין גערעכטיגקייט האָט מען דאָ געדאַרפט פערמאָגען — יענעם עכט־אידישען אָפטימיזם, אָהן וועלכען אונזער פאָלק וואָלט זיכער אומגעקומען אין זיין שווערען טויזענדער־יאָהריגען לעבענס־קאַמף!

אַזוי אַרום האָט מען זיך אין די רעגירונגס־קרייזען צוגעוואוינט צו קוקען אויף האַראַץ גינצבורג׳ן ווי אויף דעם פאָרשטעהער פון רוסישען אידענטום. מען האָט ביי איהם ניט געפאָדערט קיין פולמאַכט, מען האָט זיך צו איהם געווענדט מיט אָנפראַגען, אויסגעהערט זיינע ערקלעהרונגען, אָנגענומען זיינע מעמאָראַנדומס. און אויך די רוסישע אידען האָבען איהם בעטראַכט פאַר דעם פערטרעטער פון זייערע אינטערעסען. ביי יעדער גזירה און צרה האָט מען זיך צו איהם געווענדט נאָך שוץ און הילף. געוויס, פון דעמאָקראַטישען שטאַנדפונקט איז דאָס געווען ניט נאָרמאַל, וואָס איינער טרעט אַרויס אין נאָמען פון דעם כלל, ניט האָבענדיג קיין געהעריגע פולמאַכט, ניט זייענדיג דערויף אויסגעקליבען דורך געהעריגע וואַהלען. אָבער ביי די ניט־נאָרמאַלע בעדינגונגען פון דעם אידישען לעבען אין רוסלאַנד, האָט אַנדערש ניט געקאָנט זיין. די רוסישע אידען האָבען דאָך ניט פערמאָגט קיין שום אָפיציעלע פערטרעטערשאַפט. זיי האָבען ניט געהאַט, ווי זייערע ברידער אין פראַנקרייך, קיין צענטראַלע קאָנסי־סטאָריע, קיין פערבאַנד פון די קהלות, און אַפילו קאָלעקטיווע בקשות זיינען געווען אין רוסלאַנד פערבאָטען.

גאַנצע כוואַליעס וועה־געשרייען און יאָמער האָבען געשטראָמט פון

אַלע אידישע געגענדען צו האַראָן גינצבורג'ן. צי האָט ער געקאָנט בלייבען גלייכגילטיג, גאַרנישט טהאָן, נור דערפאַר אַליין, וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין אָפיציעלע פולמאַכט? געהאַנדעלט האָט זיך דאָ וועגען סאַמע פשוט'ע מענשען-רעכט, וועגען דער מעגליכקייט צו אָטהעמען און בעוועגען זיך — צי האָט מען אויך דערויף בעדאַרפט ספּעציעלע בעפול-מעכטיגונגען? באַראָן גינצבורג'ס פּאָפּולאַריטעט אין די ברייטסטע אי-דישע קרייזען איז געווען אַזוי גרויס, דאָס מיר דוכט זיך: ווען מען זאָל דאַן קאָנען איינאָרדנען וואַהלען, וואָלט ער כמעט איינשטימיג בעפולמעכ-טיגט געוואָרען צו יענער אַרבייט, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר אַ פליכט אויף זיך צו נעהמען.

באַראָן גינצבורג'ס גרויסע פּאָפּולאַריטעט איז דייטליך געקומען צום אויסדרוק בשעת דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געטראָפען זיין באַנק-הויז אין יאָהר 1892. דער קורס פון רוסישען רובעל איז אין יענער צייט שטאַרק געפאַלען. גינצבורג'ס באַנק-הויז, בעזונדערס זיין אָבטהיילונג אין פּאַריז, האָט דעריבער געליטען שרעקליכע פערלוסטען. עטליכע מיליאָן רובעל האָט די פּאַריזער אָבטהיילונג פערלאָרען אויך אין אַן אומגליקליכען גע-שעפט; גרויסע קאַפּיטאַלען זיינען אַריינגעלעגט געוואָרען אין די גאָלד-גרובען, וועלכע גינצבורג האָט געהאַט אין סיביר, און אין די לעצטע יאָהרען האָבען זיי קיין איינקונפט ניט געגעבען. דאָס אַלץ האָט געבראַכט צו דעם, אַז די לאַגע פון באַנק-הויז איז געוואָרען זעהר שווער. כאָטש עס האָט פערמאָגט אַ גרויסען קאַפּיטאַל, איז דאָך וואָס ווייטער אַלץ שווע-רער געוואָרען צו פיהרען נאָרמאַל די געשעפטען. אין דער קאַסע פון באַנק-הויז זיינען געלעגען דעפּאָזיטס אויף צעהנדליגע מיליאָן רובעל פון פערשידענע פּריוואַטע מענשען. כדי ניט צו ריהרען די קאַפּיטאַלען, וואָס זיינען געווען איהם אָנפערטרויט, איז האַראָן גינצבורג געווען גע-צוואונגען צו ערקלעהרען דעם פּעטערבורגער בערזען-קאָמיטעט, אַז זיין באַנק-הויז מוז אָבשטעלען די צאָהלונגען.

דער קלאַנג וועגען דעם האָט אַרויסגערופען אין פּעטערבורג אַן אמת'ע פּאַניק. דער גראַדאָנאַטשאַלניק גרעסער האָט זיך געריכט, אַז די דעפּאָזיטאָרס, וואָס וועלען קומען נאָך זייער געלט, וועלען מאַכען אומ-אָרדנונגען, און ער האָט בעפוילען אַוועקצושטעלען נעבען דעם באַנק-הויז אַן אָבטהיילונג פּאָליציאַנטען. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אַז דאָס איז געווען גאַנץ איבעריג. שוין דעם ערשטען טאָג איז רוהיג, אָהן שום שטערונגען, אויסגעצאָהלט געוואָרען דעפּאָזיטס אויף זעקס מיליאָן רובעל. דער בערזען-קאָמיטעט האָט בעשטימט אַן אַדמיניסטראַציע אויף צו פיהרען ווייטער די געשעפטען פון דעם באַנק-הויז און ליקווידירען זיי. אַ בע-זונדערס שטאַרקען איינדרוק האָט די זאַך, נאַטירליך, געמאַכט אויף די

אידישע קרייזען סאַי אין פעטערבורג, סאַי אין דער פּראָווינץ. אין די אידישע צייטונגען אין רוסלאַנד און אין אויסלאַנד זיינען ערשינען פיעלע אַרטיקלען, וואָס האָבען אויסגעדריקט מיטגעפיהל צום אומגליק, וואָס איז געשעהן מיט דעם בעליעבטען טהוער און פילאַנטראָפּ.

אין ברייטע אידישע קרייזען אין רוסלאַנד האָט מען די טרויעריגע פּאַסירונג בעטראַכט פאַר אַן אַלגעמיינעם אומגליק. מען האָט דאַן דער־צעהלט, אַז אייניגע רבנים האָבען ביי זיך גוזר תענית געווען און אַז אין פיעלע שטעדטלאך האָבען פרומע אידען געזאָגט תהלים און מתפלל געווען, עס זאָל ביים פעטערבורגער באַראָן ניט קומען צו אַ באַנקראָט. דער שטאַרקער, בעאומרוהיגענדער איינדרוק, וואָס די פּאַסירונג האָט געמאַכט, שפּירט זיך אויך אין יענע נאָטיצען, וועלכע דער בעוואוסטער העברעאישער פּאָעט י. ל. גאָרדאָן האָט דאַן געמאַכט אין זיין טאָג־בוך: „די נאָהענטע צוקונפט וועט בעווייזען — האָט ער דאָ פערצייכענט — ס'אַראַ מאָראַלישען און מאַטעריעלען שאָדען עס וועלען פון דעם האָבען די פעטערבורגער קהלה און די רוסישע אידען בכלל. באַראָן גינצבורג איז געווען זייער פיהרער און בעשיצער אין שווערע צייטען". און מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער שרייבט ער ווידער: „אַ שמערצליכער קלאַפּ האָט געטראָפען אונזער פאָלק אינאיינעם מיט גינצבורג'ס אומגליק. איצט, ווען עס וועט קומען אַ צרה אויף אונזערע אידען, צו וועמען וועלען זיי זיך ווענדען נאָך הילף, און ווער וועט זיך איינשטעלען פאַר זיי?"[7]).

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אַז די לאַגע פון דעם באַנק־הויז איז אייגענטליך גאָרניט געווען אַזוי קריטיש, אַז עס האָט זיך דאָ געהאַנ־דעלט בלויז וועגען אַ צייטווייליגער ענגשאַפט אין מיטלען, און אַז דאָס באַנק־הויז האָט זעהר גרויסע פאַרמעגענס. ווי געוועהנליך, האָבען די מיטגליעדער פון דער אַדמיניסטראַציע, וואָס איז געווען בעשטימט דורכ'ן בערזען־קאָמיטעט, מעהר דאָ געזאָרגט וועגען זייערע פּערזענליכע נוצען, איידער וועגען דעם געשעפט. און דאָך האָט די אַדמיניסטראַציע אין פערלויף פון איין יאָהר אויסגעצאָהלט אַלע חובות ביז דעם לעצטען גראָ־שען. און ניט נאָר דעם קרן, נור אויך מיט פּראָצענטען פאַר דער פער־שפּעטיגונג. דערצו נאָך האָבען די גאָלד־גרובען אין סיביר אָנגעהויבען ברענגען קאָלאָסאַלע פערדינסטען, און האָראַץ גינצבורג'ס פינאַנציעלע לאַגע איז בעפעסטיגט געוואָרען. עס איז אָבער כדאי דאָ צו פערצייכענען: אין דעם שווערען יאָהר, ווען די אַדמיניסטראַציע האָט פערוואַלטעט איבער גינצבורג'ס געשעפט, האָט ער פערקלענערט זיינע פּערזענליכע אויסגאַבען, אָבער ניט די געלט־סומען, וואָס ער פלעגט אויסגעבען אויף צדקה, — זיי האָט ער ניט פערמינדערט.

---

[7]) יומנו של י. ל. גאָרדאָן: „העבר", כרך ב', 8—10, פּטרוגרד, תרע"ח.

אַלס נאַציאָנאַל־געשטימטער איד, האָט גינצבורג פּערמאָגט אַ געפֿיהל פון ליעבשאַפט צו ארץ־ישראל, אָבער ער איז ניט צוגעשטאַנען צו דער פּאַלעסטינאָפילער בעוועגונג און צום ציוניזם. ער האָט בכלל זיך פעסט געהאַלטען אָן דער מיינונג, אַז די עמיגראַציע קען אין קיין פאַל ניט דינען אַלס ענטפער אויף דער אידען־פראַגע אין רוסלאַנד, אַפילו ווען עס זאָל אויסוואַנדערען דער יעהרליכער צוואוואוקס פון דער אידישער בעפעלקערונג. די צוקונפט פון די רוסישע אידען, אַזוי איז ער געווען איבערצייגט, איז פעסט, אומטיילבאַר פערבונדען מיט רוסלאַנד; ווי שווער די לאַגע זאָל דאָ ניט זיין פאַר אידען, וועט דאָך סוף־כל־סוף קומען די צייט, ווען זיי וועלען דאָ אָנערקענט ווערען פאַר גלייכבערעכטיגטע בירגער. די אידעע פון עמיגראַציע האָט דעריבער אין איהם קיין אָנהענגער ניט געפונען.

ווי בעוואוסט, האָט באַראָן מ. הירש, נאָכדעם ווי ער האָט געגרינדעט די יק״א, די „אידישע קאָלאָניזאַציע געזעלשאַפט", אויף צו בעזעצען אידען אין אַרגענטינע, קאָמאַנדירט קיין פּעטערבורג אַ בעזונדער דעלעגאַט, כדי אויסצואווירקען ביי דער רוסישער רעגירונג אַן ערלויבניש פאַר דער געזעלשאַפט צו אַרבייטען אין רוסלאַנד. דער דעלעגאַט, אַרנאָלד וואַיט (אַ קריסט, און ווי עס האָט זיך שפּעטער — נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם — אַרויסגעשטעלט, אַפילו אַן אַנטיסעמיט) האָט איינגעשמועסט דעם רוסישען אינערן־מיניסטער דורנאָוואָ, אַז די יק״א וועט אין 25 יאָהר אַרויספיהרען פון רוסלאַנד דריי מיט אַ פערטעל מיליאָן אידען — און דאָס האָט געווירקט. אין יאָהר 1892 האָט אַלעקסאַנדער דער דריטער, לויט׳ן פאָרשלאַג פון מיניסטאָרען־קאָמיטעט, געגעבען די ערלויבעניש אויף צו עפענען אין פּעטערבורג אַ צענטראַל־קאָמיטעט פון יק״א, מיט דער אויפגאַבע צו העלפען אידען אויסוואַנדערען קיין אַרגענטינע. אומאָפיציעל, אָבער גאַנץ קלאָהר, האָט די רעגירונג געשטעלט די פאָדערונג, אַז האָראַץ גינצבורג זאָל זיין דער פאָרזיצער פון דעם פּעטערבורגער צענטראַל־קאָמיטעט.

האָראַץ גינצבורג איז געווען טיעף אויפגעבראַכט פון וואַיט׳ס פאַנטאַסטישען אָנבאָט, און בכלל זיינען איהם די ברייטע אימיגראַציע־פּלענער ניט געווען צום האַרצען, ער האָט אין זיי ניט געגלויבט. אָבער וויבאַלד עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אויסהעלפען אַ געוויסער, כאָטש ניט־בעדייטענדער צאָהל אויסוואַנדערער קיין אַרגענטינע, האָט ער ניט געפונען פאַר מעגליך זיך אָבצוזאָגען, און ער איז געוואָרען פאָרזיצער פון דעם פּעטערבורגער צענטראַל־קאָמיטעט. די אָרגאַניזירונג פון עמיגראַנטען־גרופּעס איז צוגעגאַנגען מיט גרויסע שוועריגקייטען. גינצבורג האָט געזוכט ענערגיש צו ווירקען אויף דער יק״א, זי זאָל זיך אָנשטאָט דעם

פערנעמען מיט העלפען הויבען די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אידען אין רוסלאַנד גופא. אָנפאַנגס איז די אידישע קאָלאָניזאַציאָנס געזעלשאַפט דערויף ניט איינגעגאַנגען, אָבער דערנאָך, אַ דאַנק גינצבורג׳ס בעמיהונגען און ענערגיע, האָט זי מסכים געווען אויף זיין פאָרשלאַג. איהר פעטער־בורגער צענטראַל־קאָמיטעט האָט געפיהרט אַ ברייטע קאָנסטרוקטיווע אַרבייט צווישען אידען אין רוסלאַנד: געשטיצט און אויסגעהאַלטען אַ גאַנצע נעץ טעכנישע שולען, לעהר־פאַרמס, אויסגעהאָלפען די אידישע קאָלאָניעס, אויסגעבויט ביליגע און היגיענישע וואוינונגען, געשטיצט אי־דישע בילדונגס־אנשטאַלטען, געגרינדעט אַ גרויסע וועבעריי אין דוב־ראָוונע, אָרגאַניזירט הונדערטער לייה־קאָסעס און קרעדיט־אנשטאַלטען פאַר אידישע קליינע הענדלער און האַנדווערקער, א. אַז. וו. די גרויסע, פאַרצווייגטע אַרבייט פונ׳ם קאָמיטעט האָט געבראַכט פיעל נוצען. אָפי־ציעל האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט געזאָלט, ווי פריהער, העלפען אידען אויסוואַנדערען קיין אַרגענטינע; אין דער ווירקליכקייט אָבער האָט ער זיך פערנומען מיט אויפבוי־אַרבייט צווישען אידען אין רוסלאַנד גופא. און האַראָן גינצבורג׳ן האָט מען עס געהאַט צו פערדאַנקען, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט געגעבען איהר שטילען הסכם דערויף, כאָטש דאָס האָט גאָרניט געשטימט מיט יענע האָפנונגען, וועלכע זי האָט לכתחילה געלעגט אויף אָט דעם ענין.

מיט וואָסער ליעבע און אַכטונג עס איז געווען אַרומגערינגעלט האַראָן גינצבורג׳ס נאָמען, דאָס האָט זיך דייטליך אַרויסגעוויזען אין יאָהר 1903, ווען ער איז געוואָרען 70 יאָהר אַלט. זיין יובילעי איז געפייערט געוואָרען אומגעוועהנליך האַרציג און איינדרוקספול. די אידישע פרעסע איז גע־ווען פול מיט אַרטיקלען וועגען גינצבורג׳ן און זיינע גרויסע פערדינסטען פאַר׳ן אידישען פאָלק. אויך אין די רוסישע צייטונגען האָט מען פיעל געריהמט דעם גרויסען פילאַנטראָפ. עס איז ניט געווען קיין אידישע שטאָדט אין רוסלאַנד, פון וואַנען עס זאָלען ניט געווען אָנגעקומען בעגריי־סונגען און ווינשונגען, דורכגעדרונגען מיט געפיהל פון דאַנק. אומצעה־ליגע דעפעשען זיינען ערהאַלטען געוואָרען אויך פון אויסלאַנד. אין זאַל פון פעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע איז פאָרגעקומען אַ פייערליכע זי־צונג, וואו הונדערטער דעפוטאַציעס פון קהלות, אידישע און אַלגעמיינע אנשטאַלטען האָבען בעגריסט דעם גרויסען טהוער און בעל־צדקה, און עס האָט זיך געשפירט, אַז אָט די אַלע רעדעס און ווינשונגען קומען טאַקע ביי יעדען טיעף פון האַרצען. עס איז געזאַמעלט געוואָרען אַ געלט־פאָנד אויפ׳ן נאָמען פון דעם יובילאַר, און לויט זיין פערלאַנג האָט דער פאָנד געזאָלט פערוועגדעט ווערען אויף צו שטיצען אַלטע, אויסגעדיענטע אידישע לעהרער, פאַר וועלכע האַראָן גינצבורג האָט שטענדיג געהאַט אַ בעזונדער

געפיהל פון סימפּאַטיע. אויך די רוסישע מאַכט האָט איהם בעהרט צו זיין 70־טען געבורטסטאָג: דער צאַר ניקאָלאַי האָט איהם גראַטולירט דורך דעם פינאַנץ־מיניסטער וויטטע און בעלוינט מיט אַ הויכען אָרדען.

דער מאַניפעסט פון 17־טען אָקטאָבער 1905, וואָס האָט צוגעזאָגט דעם רוסישען לאַנד אַ פאָלקס־פערטרעטונג און קאָנסטיטוציאָנעלע פריי־הייטען, האָט פאַר אידען קודם־כל געבראַכט אַ גאַנצע כוואַליע שרעקליכע פּאָגראָמען. אין פערלויף פון 18־טען—29־טען אָקטאָבער זיינען זיי פאָר־געקומען אין כמעט 700 שטעדט. 800 אידען זיינען דערביי דער'הרג'עט געוואָרען, איבער 700 זיינען געוועזען פערוואונדעטע, און דער מאַטעריעלער שאָדען האָט בעטראָפען מעהר ווי 60 מיליאָן רובל. די נויט אין די צוראַבירטע אידישע שטעדט און שטעדטלאַך איז געוועזען אומבעשרייבליך גרויס. אונטער באַראָן גינצבורג'ס פאָרזיץ האָט זיך גלייך אין פעטער־בורג געגרינדעט אַ הילפס־קאָמיטעט. די גרויסע מיטלען, וואָס זיינען געזאַמעלט געוואָרען אין רוסלאַנד גופא, זיינען געוועזען ווייט נישט גענוגענד. האָראַץ גינצבורג האָט זיך געשטעלט אין פערבינדונג מיט די אויסלענ־דישע אידישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס, אין אייראָפּע און אַמעריקע. יענע האָבען זיך גלייך אָבגערופען מיט גרויס מיטגעפיהל. מיליאָנען געלט פון אויסלאַנד זיינען דאַן דורך האָראַץ גינצבורג'ן פערטיילט געוואָרען צווישען די צוראַבירטע אידישע קהלות. ניט אַכטענדיג אויף זיין הויכען עלטער, האָט ער אין יענער טרויעריגער און שרעקליכער צייט אַרויסגע־וויזען אַ מערקווירדיגע ענערגיע, אַריינגעבראַכט אין דער גרויסער הילפס־אַרבייט די גאַנצע וואַרימקייט פון זיין ליעבענדער האַרץ.

אין דער רעגירונגס־בעראַטונג, וואָס האָט אויסגעאַרבייט דאָס געזעץ וועגען די וואַהלען צו דער ערשטער גאָסודאַרסטווענע דומע, זיינען גע־וועזען בעלנים אַריינצוברענגען דאָ בעגרענצונגען פאַר אידען. די לאַגע איז געוועזען אַ געפעהרליכע: עס האָט געהאַלטען דערביי, אַז מען זאָל אידען נישט צולאָזען צו בעטייליגען זיך אין די וואַהלען צום רוסישען פּאַרלאַמענט בכלל. האָראַץ גינצבורג האָט אויך דאָ אָנגעווענדט זיין ענערגיע. ער האָט געהאַט פיעל אונטערהאַנדלונגען מיט אייניגע איינ־פלוסרייכע מיטגליעדער פון דער בעראַטונג, און אַ דאַנק דעם האָט דאָס געזעץ וועגען די וואַהלען ניט ענטהאַלטען אין זיך קיין אויסנאַהמס־בע־שטימונגען געגען דער אידישער בעפעלקערונג. ווי ווילד און טשיקאַווע דאָס איז ניט געווען, האָבען אידען אין רוסלאַנד דאַן געקראָגען דאָס העכסטע בירגער־רעכט — צו בעטייליגען זיך גלייך מיט אַלעמען אין די וואַהלען צו דער גאָסודאַרסטווענער דומע, כאָטש קיין רעכט צו וואוינען אין גאַנץ רוסלאַנד און צו פערנעהמען זיך דאָ מיט אַלע פּראָפעסיעס האָ־בען זיי נאָך אַלץ ניט פערמאָגט.

די בעמיהונגען וועגען וואהל־רעכט פאַר אידען זיינען געווען האָראַץ גינצבורג׳ס לעצטער אויפטהו אויף דעם פּאָליטישען געביעט. עס האָבען זיך ביי איהם באַלד בעוויזען די סימנים פון יענער קראַנקהייט (קענסער), פון וועלכער אויך זיין פאָטער איז געשטאָרבען. די אָפּעראַציע, וואָס איז איהם געמאַכט געוואָרען, האָט געבראַכט אַ געוויסע פערגרינגערונג, אָבער נישט אויף לאַנג. זיין שטאַרקער אָרגאַניזם האָט ענערגיש געקעמפט געגען דער שרעקליכער קראַנקהייט, און זיין גייסט איז פערבליבען פריש. נאָך מיט צוויי טעג פאַר׳ן טויט האָט ער זיך פערנומען מיט די אַנגעלעגענהייטען פון דער „אידישער בילדונגס געזעלשאַפט״. געשטאָרבען איז ער דעם 17־טען פעברואַר 1909, 76 יאָהר אַלט. די אידישע פעטערבורג האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אַזאַ לויה. צעהנדליגע טויזענטער מענשען, אידען און קריסטען, זיינען געקומען אָבגעבען דעם פערשטאָרבענעם האָראַץ גינצבורג דעם לעצטען כבוד און איהם בעגלייט צו דער גרויסער כאָר־שוהל, וואו מען האָט איהם מספיד געווען. אַ דעפּוטאַציע פון דער פעטערבורגער קהלה האָט זיין קערפּער אָבגעפיהרט קיין פּאַריז. דאָ האָט מען איהם בעערדיגט אינ׳ם פאַמיליען־קבר, אויפ׳ן בית־עולם מאָנפּאַרנאַס, וואו עס האָבען שוין פריהער געפונען זייער רוה זיינע על־טערן און זיין פרוי.

### III.

איינער פון די אינטערעסאַנטסטע אידישע פּערזענליכקייטען אין דעם אַמאָליגען פעטערבורג איז געווען באַראָן דוד גינצבורג, דער זוהן פון האָראַץ גינצבורג. דוד גינצבורג איז געווען ניט נאָר אַן איבערגעבענער אידישער כלל־טהוער פון גרויסען פערנעהם, נור אויך אַ בעדייטענדער געלעהרטער. דוד גינצבורג איז געבוירען געוואָרען אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, אין יאָהר 1857. ער האָט בעקומען אַ גלענצענדע און פיעלזייטיגע בילדונג אין פעטערבורג און אין אויסלאַנד. אין העברעאיש איז זיין לעהרער געווען דער בעריהמטער פּאָעט י. ל. גאָרדאָן, וועלכער איז דאַן געווען דער סעקרעטאַר פון דער פעטערבורגער געמיינדע און פון דער „אידישער בילדונגס־געזעלשאַפט״. גמרא און רמב״ם האָט מיט איהם געלערענט דער בעוואוסטער שריפטשטעלער צבי הירש ראַבינאָוויטש. די העברעאישע ליטעראַטור און פילאָזאָפיע האָט ער שטודירט ביי אַזעלכע געלעהרטע ווי א. נייבויער, ד. כוואָלסאָן און שניאור זאַקס. אין די סעמיטישע שפּראַכען, בעזונדערס אין אַראַביש, האָט ער זיך פערפּאָלקאָמט ביי די בעריהמטע ספּעציאַליסטען סט. גיואַר, אַלוואַרט און ראָזען. צו צוואַנציג יאָהר, אין 1877, האָט ער געענדיגט אין פעטערבורג אוניווערזיטעט, אַלס אָריענטאַליסט. ער האָט גרינדליך געקאָנט מעהר ווי צוואַנציג שפּראַכען, צווישען

זיי איינציגע דיאַלעקטען פון קאַווקאַזער שבטים. דוד גינצבורג איז געווען איינער פון די עטליכע געצעהלטע געלעהרטע אין אייראָפּע, וואָס זיינען געווען גוט בעקאַנט מיט דער קאַפּטישער (עטיאָפּישער) שפּראַך. אַ ליידענשאַפטליכער ליעבהאָבער פון ביכער און מאַנוסקריפּטען, האָט ער פערמאָגט אַ מערקווירדיגע ביבליאָטעק. אָנגעהויבען צו זאַמלען זי האָט נאָך זיין עלטער־זיידע, גבריאל יעקב, אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק. דער־נאָך האָט דער זיידע זיינער, באַראָן יוזל גינצבורג, אַריבערגעפיהרט די ביבליאָטעק קיין פּאַריז, וואו זי איז שטאַרק פערגרעסערט געוואָרען אונ־טער דער לייטונג פון דעם געלעהרטען שניאור זאַקס. נאָכדעם ווי יוזל גינצבורג איז געשטאָרבען, אין יאָהר 1878, האָט האָראַץ גינצבורג די גרויסע ביכער־זאַמלונג אַריבערגעבראַכט קיין פּעטערבורג, שטאַרק בעריכערט, און אָוועקגעשענקט זיין געלעהרטען זוהן, דוד גינצבורג׳ן.

יענער האָט כמעט זיין גאַנץ לעבען איינגעקויפט טייערע ביכער און מאַנוסקריפּטען, און אַזוי אַרום איז זיין זאַמלונג געוואָרען איינע פון די בעדייטענדסטע פּריוואַטע ביבליאָטעקען אין אייראָפּע. אַחוץ אַ מאַסע אינקונאַבולען (ביכער, וואָס זיינען געדרוקט געוואָרען פאַר׳ן יאָהר 1500) און אַנדערע זעלטענע אויסגאַבען אין פערשידענע שפּראַכען, האָט זי אין זיך ענטהאַלטען ביז 1600 טייערע מאַנוסקריפּטען, דערהויפּט העברעאישע און אַראַבישע. אַזעלכע געלעהרטע, ווי גרעץ, צונץ, רענאַן און נייבויער פּלעגען פאַר זייערע וויסענשאַפטליכע אַרבייטען זיך בענוצען מיט דוד גינצבורג׳ס ביבליאָטעק. דאָ זיינען געווען אַזעלכע זעלטענהייטען, ווי דעם רמב״ם׳ס מאַנוסקריפּטען, עקזעמפּליאַרען פון גמרא און אַנדערע ווערק מיט אייגענהענדיגע נאָטיצען פון ר׳ משה איסערליש און פון דעם ווילנער גאון. ווערדליג דעם ווערט פון די מאַנוסקריפּטען, האָט מען גינצ־בורג׳ס ביבליאָטעק גערעכענט פאַר דער ערשטער נאָך דער בעריהמטער זאַמלונג פון אידישע ביכער און מאַנוסקריפּטען אַנטיקען אין דער „באָד־לעיאַנע״, ביים אוניווערזיטעט אין אָקספאָרד, ענגלאַנד.

די ביבליאָטעק איז ביי דוד גינצבורג׳ן געווען ווי אַן אויג אין קאָפּ. איינמאָל, ווען איך בין ביי איהם געווען, האָט ער מיר פאָרגעלעגט צו בעקוקען זיינע זאַמלונגען. דאָס האָט געדויערט אַ היבש ביסעל שטונדען. די ביבליאָטעק האָט פערנומען אַ גאַנצען עטאַזש אין זיין גרויסען הויז. אַלע ווענט זיינען דאָ געווען פאַרשטעלט מיט הויכע פּאָליצעס ביז צו דער סטעליע, פול מיט ביכער. פּיהרענדיג מיך פון איין זאַל אין דעם אַנדע־רען, האָט ער מיט בעגייסטערונג געוויזען איהרע רייכטימער, און ווען ער פלעגט מיר צוטראָגען עפּעס אַ בעזונדער אַנטיק, האָט זיין געזיכט געלויכטען מיט פרייד. און איך געדענק אויך: איך האָב איהם איינמאָל געשענקט אַ פּאָר ביכער, וואָס האָבען ביי איהם געפעהלט און זיינען צו־

פעליג געווען ביי מיר. זיינע אויגען האָבען אויפגעלויכטען, ווען איך האָב זיי איהם דערלאַנגט, און ביי יעדער בעגעגעניש פלעגט ער ניט אויפ־הערען ווידער צו דאַנקען פאַר מיין בעשיידענער מתנה. און מערקוויר־דיג — זיין טייערע קאָלאָסאַלע ביבליאָטעק איז ניט געווען פערזיכערט אויפ׳ן פאַל פון אַ שריפה. ווען מען האָט דוד גינצבורג׳ן געפרעגט, ווי אַזוי פער־זיכערט ער ניט אַזאַ מין אוצר, האָט ער דערויף געענטפערט מיט אַ פעסטער שטים: „ווען עס זאָל מיט מיין ביבליאָטעק טרעפען אַן אומגליק, וועל איך דאָס סאַי־ווי־סאַי ניט איבערלעבען, היינט צו וואָס זאָל איך זי פערזיכערען?”

פון זיין רייכער מאַנוסקריפּטען־זאַמלונג האָט דוד גינצבורג פער־עפענטליכט מיט וויסענשאַפטליכע אָנמערקונגען און ערקלערונגען אַזעל־כע וויכטיגע זאַכען, ווי משה אבן עזרא׳ס „ספר התרשיש”; „באר לחי”, פון יצחק בן טודרוס און נאָך אַנדערע אומבאַוואוסטע שריפטען. עס וואָלט פון איהם געוויס געוואָרען אַן ערשט־קלאַסיגער געלעהרטער, וואָרים ער האָט פערמאָגט אַלץ, וואָס דערויף איז געווען נויטיג: גרויסע פעהיגקיי־טען, אומגעוועהנליכען פלייס, און טיפען חוש צום אַלטערטום, און דערצו נאָך אַזאַ אוצר, ווי זיין ביבליאָטעק. אָבער די לעבענס־אומשטענדען האָבען איהם ניט דערלאָזט צו ענטוויקלען זיין וויסענשאַפטליכע אַרבייט אין איהר פולער גאַנצקייט. דער פאָטער האָט איהם פריה אַריינגעצויגען אין דער געזעלשאַפטליכער טהעטיגקייט, און וואָס האַראַץ גינצבורג איז געוואָרען עלטער, אַלץ מעהר האָט זיך דוד אָבגעגעבען מיט אידישע כלל־אינטערעסען. געטאָן האָט ער דאָס ניט בלויז דערפאַר אַליין, ווייל עס איז שוין געווען אַזאַ טראַדיציע אין זייער משפחה, נאָר ווייל דאָס איז געווען פאַר איהם אַ טיעפע בעדערפעניש, עס האָט איהם שטאַרק צו דעם געצויגען. זיין איבערגעבענהייט צום אידענטום איז געווען אַזוי גרויס, דאָס מען קען אָהן גוזמא אויף איהם זאָגען, אַז פאַר אידישע אינטערעסען וואָלט ער געאָפּפערט זיין לעבען. ער האָט געהאַט אַ זעהר גוט האַרץ, און מענשליכעליידען האָבען איהם טיעף געריהרט. ער פלעגט ניט אויפ־הערען זיך צו מיהען אויך פאַר איינצעלנע מענשען, וואָס האָבען זיך גע־נויטיגט אין הילף, בעזונדערס פאַר יונגעלייט, וואָס האָבען צוליעב דער פאַרשאָלטענער פּראָצענט־נאָרמע ניט געקאָנט בעקומען קיין בילדונג אין די העכערע שולען.

דער געזעלשאַפטליכער טהוער פלעגט אין איהם פערשטויסען דעם געלעהרטען, און דאָס האָט געשאַפען אַ געוויסע טראַגעדיע אין זיין לעבען. ליעבער ווי אַלץ וואָלט ער זיך אָבגעגעבען צו דער וויסענשאַפטליכער טהעטיגקייט, צו דער שטילער אַרבייט אין זיין ביבליאָטעק. אָבער די אידישע ליידען, די צרות פון דעם כלל און פון איינצעלנע פערזאָנען האָבען

גערופען נאָך הילף. פלעגט ער דעם גאַנצען טאָג האָווען, אַרומפּאָהרען זיך זעהן מיט רעגירונגס־לייט, בעטען, מיהען זיך, און ביינאַכט איז ער געזעסען איבער זיינע געליעבטע ביכער און כתבים. אַלע זיינע גייסטיגע אינטערעסען זיינען געלעגען דאָ, דערהויפּט אין דער מיטעלאַלטערליכער העברעאישער פּאָעזיע און פילאָזאָפיע. ער האָט זיך מיט זיי פאָלקאָם איינגעלעבט. די נעמען פון אבן־עזרא, גבירול, יהודה הלוי פלעגט ער אָנ־רופען מיט אַ בעזונדער בעגייסטערונג, פאַרכטיגקייט; זייערע פּאָעטישע און פילאָזאָפישע שאַפונגען האָבען ווי געשוועבט אַרום איהם. און בע־אָבאַכטענדיג איהם אין זיין ביבליאָטעק, פלעגט אָפט ביי מיר אויפקומען דער געדאַנק, אַז אָט אין דעם געלעהרטען אידישען באַראָן איז מגולגל געוואָרען ווי עפּעס אַ פונק פון יענע אונזערע גרויסע פּאָעטען און דענ־קער פון דער שפּאַנישער צייט, וואָס האָבען אין זיך פעראייניגט תורה און גדולה, וויסענשאַפט און רייכקייט.

אין זיין געזעלשאַפטליכער אַרבייט האָבען איהם, נאַטירליך, מעהר ווי אַלץ צו זיך געצויגען די קולטורעלע אינטערעסען. די פראַגען פון אידישער ערציהונג האָבען איהם בעזונדערס פערנומען. אין דער ביל־דונגס־געזעלשאַפט „מפיצי השכלה” איז ער געווען דער פאָרזיצער פון דער שול־קאָמיסיע און ער האָט פיעל געזאָרגט, אַז אין די אידישע פאָלקס־שולען זאָל אָבגעגעבען ווערען אַ געהעריגער אָרט די אידישע למודים. אַ בעגייסטערטער פערעהרער פון העברעאיש, איז ער געווען איינער פון די גרינדער פון דער פּעטערבורגער געזעלשאַפט „חובבי שפת עבר”, וואָס האָט געזאָרגט וועגען דער ענטוויקלונג פון העברעאיש אַלס לעבעדיגע שפּראַך. ער האָט אויך בעשאַפען און כמעט אַליין אויסגעהאַלטען אין פּעטערבורג אָריענטאַלישע קורסען פאַר אידישע יונגעלייט. די ערשטע אַכט בענדער פון דער רוסיש־אידישער ענציקלאָפּעדיע זיינען רעדאַקטירט געוואָרען דורך איהם אינאיינעם מיט דר. י. ל. קאַצענעלסאָן. ווען די ווילנער דרוקעריי ראָם האָט באַנקראָטירט און שוין געהאַלטען ביי פערמאַכט ווערען, האָט דוד גינצבורג זי אָפּגעקויפט. געטהאָן האָט ער עס ניט צוליעב געשעפט און פערדיענסט, נור כדי צו ראַטעווען די בעריהמטע אַלטע דרוקעריי.

דוד גינצבורג האָט דער אידישער וויסענשאַפט געגעבען אַ סך ווענִי־גער, ווי ער וואָלט דאָס געקאָנט ביי זיינע גרויסע פעהיגקייטען און קענ־טענישען. אָבער ווען מען נעהמט אין בעטראַכט די שטענדיגע שטע־רונגען, וואָס ער האָט דערין געהאַט, מוז מען אָנערקענען, אַז ער האָט פיעל אויפגעטהאָן. אַ גאַנצע מאַסע אַרטיקלען און נאָטיצען האָט ער אָבגעדרוקט אין די העברעאישע, רוסיש־אידישע און אויסלענדישע אויס־גאַבען. ער האָט די אידישע וויסענשאַפטליכע ליטעראַטור בערייכערט

דורך דעם, וואָס ער האָט פערעפענטליכט ניט וועניג בעדייטענדע מאַנו־סקריפּטען פון זיין ביבליאָטעק. אַ בעזונדערס וויכטיג אָרט פערנעהמט זיין מאָנומענטאַלע אויסגאַבע „דער העברעאישער אָרנאַמענט" (1905), וועגען דער געשיכטע פון דער אַלט־אידישער צייכנונגס־קונסט, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען צוזאַמען מיט'ן בעוואוסטען קונסט־קריטיקער וו. סטאַ־סאָוו. דאָ האָט ער געגעבען אַ רייכע זאַמלונג פון צייכנונגען, גענומען פון אַלטע אידישע מאַנוסקריפּטען. איבער אָט דעם ווערק האָט ער גע־אַרבייט אַרום 15 יאָהר, מיט אומגעוועהנליכער ליעבע און איבערגע־בענהייט.

דוד גינצבורג איז געווען אַ זעלטען־בעשיידענער, גוטמוטיגער מענש. יעדערער האָט צו איהם געהאַט אַ צוטריט. רבנים, יונגע געלעהרטע, סטודענטען, סתם אידען מיט צרות פלעגען זיך צו איהם שטענדיג ווענ־דען; יעדערען פלעגט ער העלפען ווי ווייט מעגליך, און פאַר יעדערען האָט ער געהאַט אַ גוט וואָרט. ער פלעגט בעקומען בריף פון אַלע עקען רוסלאַנד, און ניט האָבענדיג קיין ספּעציעלען סעקרעטאַר, האָט ער דאָך קיין איינציגען ניט איבערגעלאָזט אָהן אַן ענטפער. אין זיין קאָ־רעספּאָנדענץ האָט ער קיינמאָל ניט געברויכט דעם טיטול "באַראָן", און ווען מען פלעגט איהם אין געשפּרעך אָנרופען „באַראָן", איז ער גע־ווען אומצופרידען, ניט געזוכט קיינמאָל קיין כבוד. די הויכע לאַגע איז איהם געווען צו־לאַסט. ליבער פון אַלץ וואָלט ער געפיהרט אַ פּראָסט, שטיל לעבען. דער גרויסער שטאַט, וואָס ער האָט געמוזט פיהרען, די פּאַראַדנע מאָהלצייטען, דאָס אויפנעהמען אַזעלכע געסט, וועלכע זיינען איהם געווען פרעמד — דאָס אַלץ האָט איהם געדריקט, ער וואָלט זיך פון דעם גערן אָבגעזאָגט. זיין פאַמיליע פלעגט אַ טהייל יאָהר פערברענגען אין אויסלאַנד. און כאָטש ער איז געווען צו איהר זעהר צוגעבונדען, איז דאָס פאַר איהם געווען די בעסטע צייט. ער האָט געקאָנט אומגע־שטערט פאַרברענגען גאַנצע נעכט אין זיין ביבליאָטעק, ניט בעדאַרפט פראָווען קיין פאַראַדען, מיט איינלאַדונגען, מיט געסט. ער האָט דאַן אַפילו קיין קיך ביי זיך ניט געפיהרט. ער האָט מיר עטליכע מאָל דער־צעהלט, אַז ער בענוגענט זיך מיט אַ פּאָר אייער און אַ גלאָז טיי, וואָס ער קאָכט פאַר זיך אַליין אויף אַ קליינער קעראָסין־מאַשינקע. „דאָס איז אי געזינטער, אי גרינגער", פלעגט ער זאָגען. „די מיטאָגען זיינען גאָר אַן איבעריגע זאַך".

נאָך זיין פאָטער'ס טויט איז ער געוואָרען דער פאָרזיצער פון דער פּעטערבורגער געמיינדע, און פאָרטגעזעצט יענעמ'ס אַרבייט אין אַנדערע אידישע אַנשטאַלטען. ער האָט אָבער דעם פאָטער ניט לאַנג איבערגע־לעבט. אין אויגוסט 1910 איז ער אויך קראַנק געוואָרען אויף אַ קענסער.

די קראַנקהייט איז פערלאָפען אומגעוועהנליך שטורמיש. די ליידען זיי־נען געווען שרעקליך. די איינשפּריצונגען פון מאָרפין האָבען באַלד אויפ־געהערט צו ווירקען. איך האָב איהם פיעל מאָל בעזוכט, ווען ער איז שוין געלעגען אין בעט. עס איז געווען אומבעשרייבליך שווער צוצוזעהן זיינע ליידען. אין דעצעמבער 1910 איז ער געשטאָרבען. פאַר'ן טויט האָט ער געבעטען מען זאָל ניט פיהרען זיין קערפּער קיין פּאַריז, נור מען זאָל איהם בעערדיגען אין פּעטערבורג, און נישט אין דער ערשטער פּאַראַדנער שורה, נור ערגעץ אין די הינטערשטע רייהען. דאָס איז ניט געווען קיין בערעכענטער זשעסט. דאָס האָט פּאָלקאָם געשטימט מיט דער שטענדיגער בעשיידענקייט פון דעם מענשען, וועלכער האָט זיך אַלע מאָל געפיהלט היימישער מיט פּשוט'ע לייט און געוואָלט ליגען צווישען זיי אויך נאָכ'ן טויט.

זיין מערקווירדיגע ביבליאָטעק האָט געהאַט אַ שלעכטען סוף. איין צייט האָט די בעוואוסטע פראַנקפורטער שטאָדט־ביבליאָטעק זי געוואָלט אָבקויפען, אָבער פון דעם איז גאָרנישט געוואָרען. אין זומער 1914 האָט דער אידיש־טעאָלאָגישער סעמינאַר פון אַמעריקע געזאָלט אָבקויפען די ווערטהפולע ביבליאָטעק פאַר 200,000 רובעל. צוליעב דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה איז די קניה לײדער ניט דורכגעפיהרט געוואָרען. דער אָריגינעלער קאָנטראַקט, גע'חתמעט פוןביידע צדדים, פון דוד גינצבורג'ס אלמנה, די באַראָנעסע מאַטילדע גינצבורג, און די פאָרשטעהער פון סעמינאַר, געפינט זיך אין סעמינאַר־אַרכיוו אין ניו יאָרק.

קורץ פאַר דער באָלשעוויסטישער איבערקעהרעניש האָבען בעוואוסטע ציוניסטישע טהוער, ווי הלל זלאַטאָפּאָלסקי און אַנד., זי געקויפט, כדי אָב־צוגעבען דער אידישער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק אין ירושלים, אָבער אינ־צווישען איז פאָרגעקומען די באָלשעוויסטישע איבערקעהרעניש. אַ טהייל ביכער זיינען צושלעפּט געוואָרען, און ווען זלאַטאָפּאָלסקי האָט די ביבליאָ־טעק געבראַכט קיין מאָסקווע, האָט מען ניט ערלויבט זי אַרויסצופיהרען קיין אויסלאַנד. אַ צייט לאַנג האָבען די ביכער זיך געוואַלגערט ערגעץ אין אַ קעלער, מען האָט זיי ווייטער צושלעפּט, און ענדליך האָט מען זיי איבערגעגעבען צו דער מאָסקווער עפענטליכער ביבליאָטעק. מען זאָגט, אַז אַ טהייל טייערע מאַנוסקריפּטען זיינען פערקויפט געוואָרען קיין אויס־לאַנד; אָבער אויף ווי וויט דאָס איז ריכטיג, איז מיר אומבעוואוסט.[8]).

מיט דוד גינצבורג'ס טויט האָט זיך פערענדיגט אַ גרויס קאַפּיטעל פון דער אידישער געשיכטע אין רוסלאַנד, וואו די באַראָנען־פאַמיליע גינצבורג האָט פערשריבען איהר נאָמען מיט ליכטיגע, שעהנע אותיות.

[8]) איבער דעם וואויטערדיגען גורל פון דער ביבליאָטעק, זעה דר. ש. אייזענ־שטדט: מגילת־ספר, „העולם", 1931, נומ. 16, 17; ז. 321, 336, 337.

# משה מאָנטעפיאָרע אין רוסלאַנד

I.

מיט ניינציג יאָהר צוריק איז משה מאָנטעפיאָרע פון לאָנדאָן געקומען קיין רוסלאַנד סטאַרען זיך וועגען דער ביטערער לאַגע פון די דאָרטיגע אידען. דער נאָמען פון דעם גרויסען ענגלישען איד און כלל־טהוער איז שוין דאַן, אין יאָהר 1846, געווען אומעטום בעוואוסט. און באַריהמט געוואָרען איז מאָנטעפיאָרע ניט דורך זיין גרויסער רייכקייט (צווישען די אידישע מיליאָנערען אין אייראָפּע זיינען געווען פיעל רייכערע פון איהם), נור דורך זיין גרעניצלאָזע איבערגעבענקייט צו די אידישע אינ־טערעסען, דורך זיין גרויסע אַרבייט פאַר דעם אידישען כלל און דורך זיין אונגעוועהנליך צדקה־טהאָן.

זיינע אור־עלטערען, ווי מען רעכענט, זיינען געווען שפּאַנישע אי־דען, וואָס האָבען זיך נאָך דער פערטרייבונג פון שפּאַניע אַריבערגעקלי־בען אין 16־טען יאָהרהונדערט קיין איטאַליע. אין דער איטאַליענישער פּראָווינץ אַסקאָלי פּיטשענאָ איז פאַרהאַן אַ שטעדטעל „מאָנטעפיאָרע" (ד. ה. בלומען־באַרג); פון דאַנען נעהמט זיך אפנים דער נאָמען פון דער פאַמיליע, וואָס איז שפּעטער געוואָרען אַזוי בעוואוסט. אין 18־טען יאָהרהונדערט האָט זיך מאָנטעפיאָרע'ס זיידע, משה חיים, בעזעצט אין לאָנדאָן. נאָך זיין טויט האָבען דאָ געלעבט אויך זיינע קינדער. דער צוקונפטיגער בעריהמטער אידישער פּאַטריאָט איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1784 אין דער איטאַליענישער שטאָדט ליוואָרנאָ, וואוהין זיי־נע עלטערן זיינען געקומען צופאָהרען אויף אַ קורצע צייט. זיי זיינען געווען וועניג פערמעגליכע מענשען, האָבען געהאַט אַ גרויסע פאַמיליע, און משה (וועלכער איז געווען דער עלטסטער פון זייערע ניין קינדער) האָט שוין פון גאָר יונגע יאָהרען געמוזט זאָרגען וועגען אַ תכלית. באַלד נאָכ'ן ענדיגען די אָנפאַנגס־שול, האָט איהם דער פאָטער געגומען צו זיך אין געשעפט. פון די עלטערן, וואָס האָבען געפיהרט אַ שווער לעבען און אַלע מאָל געהאָרעוועט, האָט מאָנטעפיאָרע איבערגענומען זיין שטענ־דיגע ליעבע צו אַרבייט. אין הויז פון די עלטערן, וואו עס פלעגען שטרענג אָבגעהיט ווערען אַלע אידישע דינים און נאַציאָנאַלע מנהגים, איז אין איהם אויך איינגעפלאַנצט געוואָרען דאָס שטאַרקע רעליגיעזע געפיהל און די

טיפע איבערגעבענקייט צו די אידישע היסטאָרישע טראַדיציעס און אי־דעאַלען.

נאָך אַ צייט אַרבייטען אין פאָטער'ס געשעפט, האָט ער געדיענט אין אַ גרויסען האַנדעלס־הויז. אין יאָהר 1812 האָט מאָנטעפיאָרע חתונה געהאַט מיט יהודית קאָהען; איהר פאָטער, לוי קאָהען, אַ רייכער לאָנ־דאָנער געשעפטס־מאַן, איז געווען בעוואוסט אַלס גרויסער בעל־צדקה. דאָס פּאָר־פאָלק האָט אָבגעלעבט אין גרויסער ליעבע און אַכטונג פופציג יאָהר און איז געווען איינס פון די גליקליכסטע פּאָרלעך, וואָס האָבען ווען עס איז עקזיסטירט. אין זיין פרוי האָט מאָנטעפיאָרע געפונען אַ טרייע און בעגייסטערטע מיטהעלפערין אין זיין געזעלשאַפטליכער און וואוילטהעטיגער אַרבייט. פול מיט מענשען־ליעבע און שטרעבונג צו טהאָן גוטס, האָט זי שטענדיג אַנטייל גענומען אין איהר מאַן'ס פילאַנטראָ־פּישער טהעטיגקייט און איהם תמיד בעגלייט אין די ווייטע און שווערע נסיעות, וואָס ער פלעגט אַזוי אָפט אונטערנעהמען צוליעב אידישע אינטערעסען.

נאָך זיין חתונה הויבט אָן מאָנטעפיאָרע צו אַרבייטען אויף דער בערזע. ווערען אַן אָפיציעלער בערזען־מעקלער איז פאַר אַ אידען דאַן געווען זעהר אַ שווערע זאַך, וואָרים לויט דעם געזעץ, וואָס האָט געגאָל־טען אין ענגלאַנד ביז'ן יאָהר 1828, פלעגען דערלאָזט ווערען ביי דער לאָנדאָנער בערזע נור צוועלף אידישע מעקלערס. מאָנטעפיאָרע'ן האָט זיך איינגעגעבען צו ווערען איינער פון זיי. אַדאַנק זיין געשעפטליכער גע־ניטקייט, עהרליכקייט און שטרענגער פּינקטליכקייט, האָט ער זיך באַלד ערוואָרבען אַ גרויסען קרייז בעדייטענדסטע קונדען; צווישען זיי זיינען געווען אַזעלכע, ווי ראָטשילד, גאָלדסמיט, מאָקאַטאַ. אין גיכען פער־ברייטערט ער זיין טהעטיגקייט און ער גרינדעט, אינאיינעם מיט זיין אינגערען ברודער אברהם, דאָס באַנקהויז „געברידער מאָנטעפיאָרע", וואָס פערפיהרט זעהר גרויסע און געלונגענע געשעפטען. פיעל האָט דערין משה מאָנטעפיאָרע'ן מיטגעהאָלפען זיין קרובה'שאַפט מיט די ראָטשילדס. זיין פרוי'ס שוועסטער, חנה קאָהען, האָט חתונה געהאַט מיט נתן מאיר ראָטשילד, דעם גרינדער פון דער לאָנדאָנער ראָטשילד־פירמע; זיין ברודער אברהם'ס צווייטע פרוי איז געווען אַ שוועסטער פון דעמזעלבען ראָטשילד.

מאָנטעפיאָרע בענוגענט זיך ניט מיט בערזען־געשעפטען. ער גרינ־דעט אַ רייה וויכטיגע אונטערנעהמונגען, אין וועלכע עס בעטייליגט זיך אויך ראָטשילד. מאָנטעפיאָרע'ס נאָמען איז, למשל, ענג פערבונדען מיט דעם אויפבוי פון אַסעקוראַנץ־קאָמפּאַניעס אין ענגלאַנד. ער האָט דאָ אין יאָהר 1824 געגרינדעט די וויכטיגסטע צוויי קאָמפּאַניעס: לאַיף־אינשור־

רענס און פייער אינשורענס. ער איז צוגלייך געווען דער גרינדער פון דער „קאָנטינענטאַלער גאַז-געזעלשאַפט", וועלכע האָט איינגעפיהרט די גאַז-בעלייכטונג אין אַ סך אייראָפּעאישע לענדער; אויך האָט ער גע־גרינדעט פיעל אַנדערע בעדייטענדע אונטערנעהמונגען. מאָנטעפיאָרע'ס רייכקייט וואַקסט, און אין דערזעלבער צייט ווערט זיין נאָמען אַלץ פּאָ־פּולערער אַלס כלל-טהוער און בעל-צדקה. ער שליסט פריינדשאַפטליכע פערבינדונגען מיט פיעל פאָרשטעהער פון דער ענגלישער אַריסטאָקראַ־טיע און בעקומט אויך אַ צוטריט צו די הויפישע קרייזען. אויף זיין צוריקרייזע פון ארץ-ישראל, אין יאָהר 1827, ערפילט ער אַ וויכטיגע דיפּלאָמאַטישע שליחות פון דעם אַדמיראַל קאָדרינגטאָן (דעם העלד פון דער שלאַכט ביי נאַוואַרין) צו דעם הערצאָג קלאַרענס, וועלכער איז דער־נאָך געוואָרען ענגלישער קעניג, אונטער'ן נאָמען וויליאַם דער פערטער.

מאָנטעפיאָרע האָט אויך געשלאָסען בעקאַנטשאַפט מיט דער צו־קונפטיגער ענגלישער קעניגין, דער פּרינצעסין וויקטאָריע. אַ צופאַל האָט איהם געגעבען די געלעגענהייט אַרויסצואווייזען צו איהר זיין פריינד־ליכקייט. די פּרינצעסין האָט זיך זומער-צייט, 1834, בעזעצט ביים ברעג ים, אין רעמסגעיט. מאָנטעפיאָרע האָט דאָ פערמאָגט אַ רייכען פּאַלאַץ מיט אַן אומגעוועהנליך שענעם פּאַרק. די פּרינצעסין פלעגט אָפט שפּאַצירען אין אַ דערבייאיגען, ווייניגער בעקוועמען גאָרטען. מאָנטע־פיאָרע האָט עס בעמערקט, האָט ער בעשטעלט אַ גאָלדענעם שליסעל צו זיין פּאַרק און איהם דערלאַנגט דער פּרינצעסין, זי זאָל שטענדיג, ווען זי וויל, דאָ שפּאַצירען. וויקטאָריע האָט מיט דאַנק אָנגענומען זיין איינ־לאַדונג. זי איז געווען בעצויבערט דורך מאָנטעפיאָרע'ס פריינדליכקייט און פערבליבען אויף שטענדיג זיין הייסע פערעהרערין.

אין דעם קאַמף פאַר פּאָליטישע רעכט, וואָס די ענגלישע אידען האָבען אָנגעהויבען מיט אַ יאָהר הונדערט צוריק, האָט מאָנטעפיאָרע געשפּיעלט זעהר אַ בעדייטענדע ראָלע. אַדאַנק איהם זיינען, למשל, דער הערצאָג נאָרפאָלק און לאָרד בעקסליי אַרויסגעטראָטען פאַר אידען; ער האָט אין דערזעלבער היגזיכט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם בע־ריהמטען קעמפער פאַר אידישע פולבערעכטיגונג אין ענגלאַנד, לאָרד מאַקאָליי. די גרויסע הלואה, וואָס מאָנטעפיאָרע האָט געגעבען דער ענגלישער רעגירונג אויף דורכצופיהרען די אָבשאַפונג פון דער שקלאַ־פעריי אין די קאָלאָניעס, האָט געמאַכט זיין נאָמען אַזוי פּאָפּולער, דאָס ער איז אין יאָהר 1837 אויסגעקליבען געוואָרען אַלס שעריף פון לאָנדאָן און מידעלסעקס.

זייענדיג אַ טיעף פרומער מענש, האָט מאָנטעפיאָרע תמיד שטרענג אָבגעהיט אַלע רעליגיעזע דינים. ביי זיינע ווייטע נסיעות פלעגט ער,

למשל, שטענדיג מיטפיהרען אַן אייגענעם שוחט. עס איז כאַראַקטע־ריסטיש: ער האָט איינגעוויליגט אָנצונעהמען די שעריף־שטעל נור אונטער דער בעדינג, אַז ער זאָל אום שבת און יום־טוב זיין פריי פון בעשעפטיגונג. און דער איידעלער שטאָלץ, מיט וועלכען ער האָט שטענ־דיג געטראָגען זיין אידישקייט, פלעגט אומעטום אַרויסרופען די גרעסטע אַכטונג צו איהם. צום צווייטען מאָל איז ער געוואָרען שעריף (פון קענט) אין יאָהר 1847. ער האָט זיך אויף דעם הויכען אַמט אויסגעצייכענט דורך זיין אונגעוועהנליך ברייטע צדקה, אויך האָט ער אין זיין ראַיאָן ניט דערלאָזט דורכפיהרען קיין איינציגע טויט־שטראָף.

דעם פרומען, נאַציאָנאַל־געשטימטען מאָנטעפיאָרע האָט פון דער יוגענד אָן שטאַרק געצויגען צו ארץ־ישראל; ערשט אין יאָהר 1827 האָט ער געקראָגען די מעגליכקייט צו ערפילען זיין לאַנג־יאָהריגען פער־לאַנג, צו זעהן ארץ־ישראל. שפּעטער האָט ער אין דער בעגלייטונג פון זיין פרוי און זיין סעקרעטאַר, דר. לעווע, נאָך זעקס מאָל בעזוכט פּאַ־לעסטינע, און ער האָט דאָ געגרינדעט פיעל צדקה־אַנשטאַלטען און שו־לען. זיינע ערשטע נסיעות קיין ארץ־ישראל זיינען געווען פערבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען און געפאַהרען. מען האָט דאַן עקסטרא גע־מוזט דינגען פאַר זיך אַ שיף און בעת דער רייזע האָט מען ריזיקירט אַריינצופאַלען צו די פּיראַטען (ים־רויבער) אין די הענד און פערקויפט צו ווערען אין שקלאַפעריי.

בעזונדערס בעריהמט איז מאָנטעפיאָרע׳ס נאָמען געוואָרען דורך זיין העלדישען קאַמף געגען דעם דמשקער בלוט־בלבול. אין יאָהר 1840 איז אין סיריע, אין דער שטאָדט דאַמאַסק (דמשק) פערפאַלען געוואָרען אַ קאַטוילישער גלח, טאָמאַס, אינאיינעם מיט זיין דיענער. אַזוי ווי די זאַך איז געשעהן פאַר פסח, האָט זיך פערשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער׳הרג׳עט ביידען האָבען אידען, כדי זייער בלוט צו געברויכען ביים באַקען מצה. דער פראַנצויזישער קאָנסול ראַטי־מענטאָן, אַ גיפטיגער אַנטיסעמיט, האָט אָפען געפיהרט אַ העצעריי געגען אידען. די קאַטוילישע גלחים האָבען איהם שטאַרק מיטגעהאָלפען, און זייער אַגיטאַציע האָט געהאַט ערפאָלג צווישען דער קריסטליכער און מאַכמעדאַנישער בעפעלקערונג. עס האָבען זיך אָנגעהויבען פּאָגראָמען אויף אידען, און די אונטערגעקויפטע בעאַמטע האָבען גלייכגילטיג געקוקט אויף די הריגות און רויבערייען. די אַנטי־סעמיטען איז געלונגען אַריבערצוציהען אויף זייער זייט דעם דמשקער גובערנאַטאָר שעריף־פּאַשאַ. צוועלף אידען פון די סאַמע אָנגעזעהענסטע אין דמשק זיינען אַרעסטירט געוואָרען, און מען האָט זיי גרויזאַם גע־פייניגט, זיי זאָלען זיך מודה זיין, אַז זיי האָבען כלומרשט פאַר רעליגיעזע צוועקען דער׳הרג׳עט די ביידע קריסטען. דריי פון זיי האָבען ניט אויס־

געהאַלטען די שרעקליכע עינויים און זיינען אין דער טורמע געשטאָרבען. די אַגיטאַציע געגען אידען איז אַלץ געוואַקסען. ווי אַ מין פינסטערע כמאַרע האָט זיך פערשפרייט איבער גאַנץ סיריען, און עס האָט געדראָהט די געפאַהר, אַז דער אויפגעהעצטער, פינסטערער המון וועט פערפלייצען דאָס לאַנד מיט אידיש בלוט.

מאָנטעפיאָרע האָט בעקומען פון סיריע בריף, וואָס זיינען געווען פול מיט פערצווייפלונג. די דאָרטיגע אידען האָבען מיט טרעהרען געבעטען הילף און שוץ. מאָנטעפיאָרע האָט תיכף צונויפגערופען אין לאָנדאָן אַ בעראַטונג, אין וועלכער עס האָבען זיך בעטייליגט ראָטשילד, גאָלדסמיט און נאָך אייניגע וויכטיגע פערזענליכקייטען. צו דער בעראַטונג איז געקומען פון פאַריז אויך דער בעריהמטער פראַנצויזיש־אידישער כלל־טהוער אַדאָלף קרעמיע. עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו ווירקען אויף די געזעלשאַפטליכע מיינונג און צו זוכען שוץ פאַר די דמשקער אידען ביי די אייראָפעאישע רעגירונגען. אין לאָנדאָן, בערלין, פאַריז, אויך אין ניו־יאָרק זיינען פאָרגעקומען אַ רייה מיטינגען, אויף וועלכע עס זיינען אַרויסגעטראָטען בעריהמטע פאָליטישע און געזעלשאַפטליכע טהוער, און עס זיינען אָנגענומען געוואָרען שאַרפע רעזאָלוציעס געגען די שענדליכע מעשים אין דמשק. די צייטונגען פון דער גאַנצער וועלט זיינען געווען פול מיט אַרטיקלען וועגען דעם בלבול אין דמשק און מכח די מיאוס'ע פערפאָלגונגען געגען די דאָרטיגע אידען. אַ אידישע דעפוטאַציע, מיט מאָנטעפיאָרען אין דער שפיץ, איז געגאַנגען צום ענגלישען פרעמיער־מיניסטער, לאָרד פאַלמערסטאָן. יענער האָט אין נאָמען פון דער רעגירונג צוגעזאָגט הילף און האָט טאַקע אָבגעשיקט וועגען דעם געהעריגע אינסטרוקציעס צום ענגלישען קאָנסול אין סיריע. מאָנטעפיאָרע האָט פערשטאַנען, אַז עס האַנדעלט זיך דאָ ניט בלויז וועגען די 9 אונגליקליכע מענשען, וואָס ווערען געפייניגט אין דער טורמע, און אַפילו ניט נור וועגען די אידען אין סיריע. איהם איז געווען קלאָר, אַז די פראַגע געהט דאָ וועגען דעם גאַנצען אידישען פאָלק, וועגען זיין כבוד, וואָס מוז בעשיצט ווערען פון דער שענדליכער בעשולדיגונג, אַז אידען געברויכען קריסטליך בלוט. און מאָנטעפיאָרע האָט בעשלאָסען, אַז ער מוז פערזענליך זיין דאָרטען און אויפ'ן אָרט פערטיידיגען דעם אמת. די קעניגין וויקטאָריע האָט בעשטימט פאַר איהם אַ בעזונדער שיף, אויף וועלכען ער איז אָבגעפאָהרען צוזאַמען מיט זיין פרוי; מיט איהם זיינען געווען זיין סעקרעטאַר דר. לעווע און דער בעריהמטער אידישער געלעהרטער ש. מונק. ביז עגיפּטען האָט איהם בעגלייט אויך אַדאָלף קרעמיע. מאָנטעפיאָרע האָט געאַרבייט מיט אַ פייערדיגער ענערגיע. ער האָט אין אַלעקסאַנדריע זיך געזעהן מיט'ן קעניג מאַכמעד־אַלי און

אויסגעווירקט, אַז די אַלע אַרעסטירטע דמשקער אידען זיינען בעפרייט געוואָרען, און די גאַנצע בעשולדיגונג געגען זיי האָט מען מבטל געווען. מאָנטעפיאָרע האָט זיך אָבער מיט דעם ניט בענוגענט. אַזוי ווי סיריע איז אין אַ קורצער צייט נאָכדעם ווידער אַריבער פון עגיפּטען צו טערקיי, איז ער אַוועק קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און האָט דאָרט אין נאָוועמבער 1840 בעקומען פון דעם סולטאַן אַבדול-מעדזשיד דעם בעריהמטען „פירמאַן" (דעקרעט), דורך וועלכען עס ווערט בעשטעטיגט די פאַלשקייט פון דעם בלוט-בלבול, און די אידען אין גאַנץ טערקיי ווערען געזיכערט אין זייערע רעכט און אין דער מעגליכקייט פריי און אונגעשטערט אָבצוהיטען זייער גלויבען.

מאָנטעפיאָרע׳ס רייזע צוריק קיין אייראָפּע איז געווען איין גרויסער טריאומף. אומעטום האָט מען איהם בעגעגענט מיט פייערליכע בעגריסונגען, אַלס מוטהיגען קעמפּפער פאַר׳ן אמת, גערעכטיגקייט און פאַר׳ן כבוד פון אידישען פאָלק. אין גאַנץ אייראָפּע זיינען אָבגעהאַלטען געוואָרען אין די שוהלען תפילות. אין דייטשלאַנד האָט מען אַפילו געטראַכט איינצופיהרען לכבוד דעם גליקליכען סוף פון דעם דמשקער פּראָצעס אַ בעזונדער יום-טוב, אַ מין צווייטען פורים. פון אַלע עקען וועלט האָט מאָנטעפיאָרע בעקומען טויזענדער דאַנק-בריף און גראַטולירונגען פון אידען און קריסטען, פון פעראיינען, קהילות, איינצעלנע פערזאָנען און געזעלשאַפטען. די בעדייטענדסטע פאָרשטעהער פון די ענגלישע פּאָליטישע געזעלשאַפטליכע און ליטעראַרישע קרייזען האָבען איהם אויסגעדריקט זייער טיפע פערעהרונג. די קעניגין וויקטאָריע האָט נאָך זיין צוריקקומען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל איהם אויפגענומען ביי זיך און „פאַר זיינע שטענדיגע בעמיהונגען אויסצוהעלפען זיינע פערפאָלגטע ברידער אין די מזרח-לענדער" האָט זי איהם בעשאָנקען מיט אַ הויכער בעלוינונג: זי האָט איהם געגעבען דעם טיטול „ריטער" און דאָס רעכט אויף אַ בעזונדער „הערב" (אַן אַריסטאָקראַטישער משפּחה-צייכען). אינטערעסאַנט איז געווען דער הערב, וואָס מאָנטעפיאָרע האָט פאַר זיך אויסגעקליבען: אַ צעדער-בוים פון דעם לבנון-באַרג, אַרומגערינגעלט מיט בלומען-בערגלעך (אויף איטאַליעניש „מאָנטע-פיאָרע"), און אַ קליינע פאָהן מיט דער העברעאישער אויפשריפט: „ירושלים". פון איצט אָן האָט מאָנטעפיאָרע זיך פאָלשטענדיג אָבגעזאָגט פון אַקטיווער געשעפטסטהעטיגקייט; ער איז פערבליבען בלויז אַ „שטילער" אַנטיילנעהמער אין די גרויסע אונטערנעהמונגען, וואָס ער האָט געגרינדעט, און זיך אינגאַנצען איבערגעגעבען דער אַרבייט פאַר דעם כלל און דער צדקה.

נאָך דעם דמשקער בלבול ווערט מאָנטעפיאָרע דער אַלגעמיין אַנערקענטער פאָרשטעהער און פערזאָרגער פון די אידישע אינטערעסען. וואו

נור אַ צרה, פערפאָלגונג, אַ גזירה, אַן אומגליק, ווענדט מען זיך צו איהם נאָך הילף און שוץ. און ער זאָגט קיינמאָל ניט אָב; ער קומט שטענדיג מיט ברייטער הילף; ער פיהרט אונטערהאַנדלונגען מיט רעגירער; ער איז אונערמידליך; זיין ענערגיע ווייסט קיין ברעג ניט. ניט קוקענדיג אויף זיין עלטער, שטעלט ער זיך קיינמאָל ניט אָב פאַר וייטעסטע נסיעות, כדי צו העלפען זיינע געדריקטע ברידער, אָבוועדען פון זיי די צרה, די געפאַהר, אין וועלכער זיי געפינען זיך, אָדער דאָס אונרעכט, וואָס ווערט זיי געטהאָן. ווי הויך עס איז געשטאַנען מאָנטעפיאָרע׳ס נאָמען, קאָן מען זעהן פון דעם, אַז אַפילו די רוסישע רעגירונג אין ניקאָלאַי דעם ערשטענס צייטען האָט זיך מיט איהם גערעכענט. ווי בעוואוסט, האָט די רוסישע רעגירונג אין אָנהויב 40־ער יאָהרען בעשלאָסען צו גרינדען פאַר די אידען אַ גאַנצע רייהע קרוינישע שולען. די אידישע מאַסען האָבען גוט געשפּירט די מיסיאָנערישע שטרעבונגען פון דער רעגירונג, און זיי האָבען זיך צו דעם פּלאַן וועגען איהרע שולען פערהאַלטען מיט גרויס פערדאַכט. אינסטינקטיוו זיינען זיי טאַקע געווען גערעכט, וואָרים אין דעם געהיימען ראַפּאָרט, וואָס דער בילדונגס־מיניסטער אואוואַראָוו האָט צוגעשטעלט דעם קייזער ניקאָלאַי, האָט ער קלאָר אָנגעוויזען, אַז די געפּלאַנטע שולען דאַרפען אָבוועדען די אידען פון די „תלמודישע אַבערגלויבענס״ און זיי דערנעהענטערן צום קריסטליכען גלויבען. כדי צו בערוהיגען די אידישע מאַסען, האָט די רוסישע רעגירונג אין יאָהר 1842 בעשלאָסען צונויפרופען אין פּעטערבורג אַ אידישע קאָמיסיע, וואָס זאָל בעטראַכטען דעם פּלאַן פון דער שול־רעפאָרם; די צוויי בעריהמטע רבנים, וואָס זיינען בעשטימט געוואָרען פאַר מיטגליעדער פון דער קאָמיסיע — דער חסידישער רבי, ר׳ מנחם מענדעל ליובאַוויטשער און דער מתנגדישער גאון ר׳ יצחק וואָלאָזשינער — האָבען געדאַרפט ווי גוטהייסען מיט זייערע נעמען די בעשלוסען פון דער קאָמיסיע.

די רוסישע רעגירונג האָט פערשטאַנען, אַז מאָנטעפיאָרע׳ס נאָמען, וואָס איז געשטאַנען אַזוי הויך אין די אויגען פון אַלע אידען, וואָלט דאָ געווען זעהר וויכטיג און נוצליך. איז אין נאָמען פונ׳ם בילדונגס־מיניסטער אואוואַראָוו׳ן געשיקט געוואָרען אין יולי 1842 צו מאָנטעפיאָרע׳ן אַ שריפטליכע איינלאַדונג, ער זאָל קומען קיין פּעטערבורג, כדי צו בעטייליגען זיך אין דער קאָמיסיע. מאָנטעפיאָרע׳ס ענטפער איז געווען זעהר אַ פאָרזיכטיגער: אין זיין בריף פון 22־טען סעפּטעמבער האָט ער אָנגעוויזען אויף די גרויסע בעדייטונג פון דער רעליגיעזער ערציהונג און אונטערשטראָכען, ווי וויכטיג עס איז, אַז די אידען זאָלען פערבלייבען שטענדיג טריי צו זייער גלויבען. אַרויסזאָגענדיג זיין שטענ־

דיגע גרייטקייט צו העלפען יעדער שטרעבונג אויסצובעסערן די אידישע „פּאָליטישע און בירגערליכע לאַגע", האָט ער געבעטען, מען זאָל איהם צושיקען אַלע איינצעלהייטען פון דער געפּלאַנטער שול־רעפאָרם, כדי ער זאָל האָבען די מעגליכקייט צו בעשליסען, צי ער וועט קאָנען ווי עס איז בעהילפיג זיין. דער ענטפער איז דעם בילדונגס־מי־ניסטער ניט געפעלען; קיין גענויע ידיעות, וועגען וועלכע מאָנטעפיאָרע האָט געבעטען, האָט מען איהם ניט געשיקט, און פון זיין רייזע קיין רוס־לאַנד איז דאָס מאָל גאָרנישט געוואָרען.

די פערציגער יאָהרען פונ'ם פאָריגען יאָהרהונדערט זיינען געווען אפשר דער שווערסטער און טרויעריגסטער פעריאָד אין דער ליידענס־געשיכטע פון די רוסישע אידען. מיט פערפאָלגונגען און גזירות איז געווען פול די גאַנצע צייט פון ניקאָלאַי דעם ערשטענס הערשאַפט, אָבער איצט האָבען זיי דערגרייכט דעם העכסטען גראַד. די בעשטימונגען וועגען דער אידישער רעקרוטשינע ווערען דורכגעפיהרט מיט דער גרע־סטער גרויזאַמקייט. די אידישע קאַנטאָניסטען — די קינדער, וועלכע מען פלעגט נעהמען אין מיליטער־דיענסט — האָט מען מערדעריש גע־פייניגט און געצוואונגען, זיי זאָלען זיך טויפען. מען טרייבט כסדר אי־דען פון די דערפער און רוסישע געגענדען, און אַפילו אין אַ סך שטעדט אין דער אידישער „טשערטאַ" ווערט זיי פערבאָטען צו לעבען אין גע־וויסע קוואַרטאַלען. אין יאָהר 1843 איז אַרויס אַ קייזערליכער בעפעהל וועגען אַרויסשיקען אַלע אידען פון דעם גאַנצען 50־וויאָרסטיגען ראַיאָן נעבען דער גרעניץ מיט פּרייסען און עסטרייך. עס זיינען איינגעפיהרט געוואָרען ספּעציעל פאַר אידען פּאָדאַטקעס און אָבצאָהלונגען, און דורך פערשידענע בעגרענצונגען האָט מען ביי זיי צוגענומען פיעל פרנסות און פּראָפעסיעס, מיט וועלכע די אידען האָבען זיך פריהער בעשעפטיגט. דער אידישער עקאָנאָמישער צושטאַנד ווערט פאָלשטענדיג רואינירט. דאָס גרויסע אונגערעטעניש, וואָס איז געווען אין יאָהר 1845, האָט נאָך פערערגערט די שווערע לאַגע. „דער הונגער, — לייענען מיר אין אַ בריף פון יענער צייט, — וואָס גאָט האָט געשיקט אויף אונז, האָט אַרויס־גערופען עפּידעמישע קראַנקהייטען, וועלכע האָבען פערכאַפּט אַלע קלאַסען פון דער אידישער בעפעלקערונג". די אָרימקייט צווישען אידען אין רוסלאַנד ווערט אַזוי גרויס, דאָס אידישע עלטערן פערקויפען זייערע זיהן פאַר רעקרוטען, אַבי כאָטש ווי עס איז צו שפּייזען די קליינע קינדער. דער היינט איז געווען ביטער, טרויעריג, און דער מאָרגען האָט אויסגעזעהן צו זיין נאָך שרעקליכער. אַלע האָבען געוואוסט, אַז די רעגירונג האָט שוין אויסגעאַרבייט אַ געזעץ־פּראָיעקט מכח „ראַזריאַדען", לויט וועלכען אַלע אידען האָבען געזאָלט איינגעטיילט ווערען אין פיער קאַטעגאָריעס,

און די פון זיי, וואָס האָבען ניט קיין פעסטע בעשעפטיגונג אָדער קיין הייזער (ד. ה. דער גרעסטער טייל אידען) האָבען, אַלס „שעדליכע", גע־דאַרפט אָבגעגעבען ווערען פאַר סאָלדאַטען אָדער פערשיקט ווערען קיין סיביר. עס זיינען געגאַנגען קלאַנגען וועגען נאָך אַנדערע, ניט וועניגער גרויזאַמע גזירות, וואָס הענגען ווי אַ חלף איבער אידען.

די שרעקליכע אידישע לאַגע אין רוסלאַנד האָט, נאַטירליך, צוגע־צויגען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די מערב־אייראָפּעאישע אידען און אַרויסגערופען ביי זיי גרויס מיטגעפיהל צו די פערפאָלגטע און ליידענדע ברידער. די אויסלענדישע אידישע צייטונגען זיינען געווען פול מיט טרויעריגע נאַכריכטען און קאָרעספּאָנדענצען פון רוסלאַנד.

ס'פערשטעהט זיך, אַז מאָנטעפיאָרע האָט געהאַט גענויע בעריכטען פון רוסלאַנד. ווי עס איז צו זעהן פון זיינע נאָטיץ־ביכער, פלעגט ער פון יאָהר 1842 אָן בעקומען פון פערשידענע אידישע קהילות אין רוס־לאַנד און פוילען בריף וועגען די דאָרטיגע גרויסע צרות, אויך בקשות וועגען הילף און שוץ*). די גזירות פון יאָהר 1843, וועגען פערטרייבען אַלע אידען פון גרעניץ־ראַיאָן, האָבען אַרויסגערופען אונצעהליגע וועה־געשרייען און בקשות צו דעם גרויסען אידישען פּאַטריאָט. ער האָט זיך וועגען דעם געזעהן מיט דעם רוסישען באָטשאַפטער (אַמבאַסאַדאָר) אין לאָנדאָן, באַראָן ברונאָוו. יענער האָט איהם אויסגעטייטשט די זאַך אַזוי, אַז דאָס איז, פערקעהרט, גאָר אַ גליק פאַר די אידען, זיי וועלען זיך מעהר ניט קאָנען פערנעהמען מיט קאָנטראַבאַנד!... זעלבסטפערשטענד־ליך, האָט ברונאָוו'ס ערקלערונג מאָנטעפיאָרע'ן ניט בערוהיגט. ער האָט וועגען דער אידישער לאַגע אין רוסלאַנד געהאַט אין לאָנדאָן אַ געשפּרעך מיט די אַמבאַסאַדאָרען פון אייניגע אייראָפּעאישע מלוכות, מיט דעם ענגלי־שען מיניסטער־פּרעזידענט סיר ראָבערט פּיל און דעם אויסערן־מיניסטער, לאָרד עבערדין. וואָס ווייטער, זיינען די נאַכריכטען פון רוסלאַנד גע־וואָרען אַלץ טרויעריגער. דער געדאַנק וועגען די דאָרטיגע אידען האָט פּאַלשטענדיג פערכאַפּט מאָנטעפיאָרע'ן און איהם ניט געגעבען קיין רוה.

אין סוף יאָהר 1845 איז ביי איהם געווען אַ ספּעציעלער אידישער דעלעגאַט פון רוסלאַנד און איהם געבעטען, ער זאָל קומען און זעהן העל־

*) אַזוי האָבען זיך געווענדעט צו מאָנטעפיאָרען די אידישע קהילות פון ווילנע און אָדעס מיט אַ בקשה ער זאָל זיך בעטייליגען אין דער „אידישער קאָמיסיע", וואָס די רוסישע רעגירונג האָט בעשלאָסען צונויפצורופען, מיט דער האָפנונג, אַז זיין אָנוועזענהייט וועט האָבען אַ השפּעה און פערלייכטערען די שרעקליכע לאַגע פון די רוסישע אידען. די פּעטיציע פון ווילנע איז גע־שריבען פון שמואל יוסף פין און די פון אָדעס פון אליה מרדכי ווערבעל. די בקשות האָט אָפּגעדרוקט אפרים משה פּיננער אין זיין „מצבות קברות הרבנים ואנשי השם", בערלין, 1861, ז. 59—62.

פען די רוסישע אידען. פאַר מאָנטעפיאָרע׳ן איז שוין לאַנג געווען קלאָר, אַז ער מוז פאָהרען קיין רוסלאַנד און זוכען אויסווירקען ביים קייזער ני־קאָלאַי, אַז די אידישע לאַגע זאָל פערגרינגערט ווערען. ער האָט אָבער געמוזט האַנדלען העכסט פאָרזיכטיג, בערעכענען יעדען שריט זיינעם. ערשטענס, האָט מען געדאַרפט קלאָר וויסען, צי ער וועט חלילה ניט פערערגערן די זאַך, שאדען מיט זיין רייזע די אידען אין רוסלאַנד. ער פיהרט וועגען דעם אונטערהאַנדלונגען מיט דעם רוסישען באָט־שאַפטער, באַראָן ברונאָוו. ווי עס ווייזט אויס, האָט זיך יענער אָפריהער דורכגעשריבען מיט פעטערבורג. ענדליך האָט מאָנטעפיאָרע פון זיינע ערקלערונגען געדרונגען, אַז אַלענפאַלס וועט זיין רייזע קיין שאָדען ניט ברייגען. מיט ליידיגע הענד האָט מען ניט געקאָנט קומען. מאָנטעפיאָרע האָט געקראָגען אַ רעקאָמענדאַציע קיין פעטערבורג פון דער ענגלישער קעניגין וויקטאָריע; אויך האָט איהם דער אויסערן־מיניסטער, לאָרד עבערדין, בעזאָרגט מיט אַ בריף צו דעם ענגלישען באָטשאַפטער אין פע־טערבורג. פון באַראָן ברונאָוו׳ן האָט ער בעקומען אַ בריף צו דעם רוסישען אויסערן־מיניסטער, גראַף נעסעלראָדע. דעם 27־טען פעברואַר 1846, מיט עטליכע טעג פאַר מאָנטעפיאָרע׳ס אָבפאָר, איז אין אַלע שוהלען אין ענגלאַנד געהאַלטען געוואָרען אַ בעזונדער תפילה, אַז זיין נסיעה קיין רוסלאַנד זאָל האָבען גליק און ערפאָלג. דעם טעקסט פון דער תפילה וועט דער לעזער געפינען צווישען די ביילאַגען.

ווי שטענדיג, האָט אויך דאָס מאָל מאָנטעפיאָרע אין זיין ווייטער נסיעה בעגלייט זיין פרוי און טרייע מיטהעלפערין. דעם 1־טען מערץ 1846 זיינען זיי אָבגעפאָהרען קיין בערלין, וואו עס האָט אויף זיי געוואַרט מאָנטעפיאָרע׳ס סעקרעטאַר, דר. לעווע. אין דער רוסישער באָטשאַפט אין בערלין האָט מען מאָנטעפיאָרע׳ן געגעבען די עצה, ער זאָל זיין רייזע אָבלעגען אויף איניגע מאָנאַטען, ווייל אין פריהלינג זיינען די וועגען אין רוסלאַנד בעזונדערס שלעכט. ער האָט אָבער מכח דעם ניט געוואָלט הערען. דעם 10־טען מערץ איז ער און זיין פרוי אינאיינעם מיט דר. לעווע און מיט זיינע דיענער אָוועקגעפאָהרען פון בערלין.

## II.

אין יענע ווייטע צייטען פלעגט מען ניט רייזען אַזוי גיך און בע־קוועם, ווי איצט. די נסיעה פון בערלין ביז צו דער דעמאָלטיגער רו־סישער גרעניץ, וואָס פאָדערט היינט ניט מעהר ווי אַ צוואַנציג שטונדען, האָט ביי מאָנטעפיאָרע׳ן געדויערט גאַנצע צעהן טעג. דעם 20־טען מערץ 1846 איז ער אָנגעקומען קיין מיטוי, די ערשטע רוסישע שטאָדט. נאָך אַ קורצען אָברוה האָט מען זיך געלאָזט ווייטער.

אין פריהלינגס־צייט זיינען דאָ די וועגען געווען בעזונדערס שלעכט. דער טייך דווינע, ביי ריגע, איז געווען נאָך פערפרוירען, אָבער דער אייז האָט שוין אָנגעהויבען צו שמעלצען. ער איז געווען בעדעקט מיט וואַסער און זעהר דין. מען איז געווען געצוואונגען אַריבערצוגעהן איבער דער ברייטער דווינע צו־פוס. זי איז געווען פול מיט פּאַלאָנקעס, און דער אייז האָט זיך געבראָכען אונטער די פיס. מען האָט זיך געמוזט אָבּשטעלען אין ריגע, כדי אויסצוטריקענען די דורכגעווייקטע קליידער און עטוואָס קומען צו זיך.

נעבען דעם שטעדטעל יאַמבורג האָט זיך דער אייז שוין אַ ריהר געטהאָן, און מען האָט דאָ געמוזט אַ טאָג צוויי אָבוואַרטען. אָבער וואו איבערצונעכטיגען איז אין יאַמבורג ניט געווען, און מען איז די גאַנצע נאַכט אָבגעלעגען אויף דער פּאָדלאָגע אין אַ קליין, נידעריג צימער׳ל, וואו עס איז געווען אַזוי הייס און דושנע, דאָס מען האָט געקאָנט דערשטיקט ווערען. איבער דעם טייך לוגע איז מען אַריבער מיט גרויס געפאַהר אויף אַ פליט, צווישען גרויסע קריהעס אייז, און מען איז דערביי שיער ניט דערטרונקען געוואָרען. ווייטער איז דער וועג געווען אַזאַ שלעכטער, דאָס מען האָט געמוזט אַרויסגעהן פון די קאַרעטעס און שפּאַנען זיבען וויאָרסט צו־פוס איבער הורבעס שניי.

דעם 1־טען אַפּריל איז מאָנטעפיאָרע ענדליך אָנגעקומען קיין פּעטערבורג. זיין נאָמען און געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט איז געווען אומעטום בעוואוסט און געאַכט. ער האָט מיטגעבראַכט אַ בריף פון דער ענגלישער קעניגין וויקטאָריע און אויך רעקאָמענדאַציעס פון די ענגלישע מיניסטאָרען. עס איז, אַלזאָ, קיין וואונדער ניט, וואָס ער איז אויפגענומען געוואָרען אין רוסלאַנד מיט דעם גרעסטען כבוד. אין גאַנצען וועג פון גרעניץ אָן האָט די רוסישע אַדמיניסטראַציע, לויט אַ ספּעציעלען בעפעהל פון פּעטערבורג, אַרויסגעוויזען צו איהם אַ בעזונדער פריינדליכקייט און זיך געמיהט צו זיין איהם בעהילפיג.

אין פּעטערבורג איז מאָנטעפיאָרע גלייך צוגעטראָטען צו דער אַרבייט. דעם 2־טען אַפּריל האָט ער זיך געזעהן מיט דעם ענגלישען אַמבאַסאַדאָר, איהם ערקלערט דעם אומשטאַנד, צוליעב וועלכען ער האָט זיך ענטשלאָסען צו פאָהרען קיין רוסלאַנד, און דורך איהם צוגעשטעלט די רעקאָמענדאַציעס, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט. אין די נאָהענטסטע טעג דערנאָך האָט ער בעזוכט דעם רוסישען אויסערן־מיניסטער, גראַף נעסעלראָדע, דעם בילדונגס־מיניסטער, אוואַראָוו, און דעם לאַנדווירטשאַפט־מיניסטער, גראַף קיסעלעוו, וועלכער איז גלייכצייטיג געווען דער פּאָרזיצער פונ׳ם „אידישען קאָמיטעט” (צו וועלכען עס האָבען אָנגעהערט אַלע

וויכטיגע געזעץ־פּראָיעקטען מכח אידען). מאַנטעפיאָרע האָט מיט זיי געפיהרט געשפּרעכען וועגען דער אידישער לאַגע אין רוסלאַנד.

וועגען וואָס צו ריידען איז דאָ געווען איבער־גענוג. אַחוץ די אונ־צעהליגע בעגרענצונגען פאַר אידען, זיינען ערשט ניט לאַנג אַרויס צוויי נייע האַרבע גזירות. ערשטענס, זיינען אַ סך צעהנדליגע טויזענדער אידען פערטריבען געוואָרען פון דעם גאַנצען 50־וויאָרסטיגען ראַיאָן ביי דער גרעניץ מיט פּרייסען און עסטרייך. דער גירוש איז דורכגעפיהרט געוואָרען אויפ'ן גרויזאַמסטען אופן. די אַרויסגעטריבענע, פאַלשטענדיג רואינירטע הויזגעזינדען האָבען זיך אַריבערגעקליבען אין די דערביי־איגע שטעדט און שטעדטלעך, וואו זיי זיינען געפאַלען ווי אַ שווערע משא אויף די דאָרטיגע אידישע בעפעלקערונג, וועלכע איז שוין אָהן דעם געווען גענוג פעראָרימט. און צווייטענס, איז מיט אַ קורצער צייט פאַר מאָנטעפיאָרע'ס אָנקומען אַרויס אַ בעזונדער „מעלדונג" פון דער רע־גירונג צו די אידען אין גאַנץ רוסלאַנד. לויט דער פעראָרדנונג פון פּע־טערבורג, איז די „מעלדונג" פערעפענטליכט געוואָרען אין אַלע שולען און בתי־מדרשים, און זי האָט אַרויסגערופען צווישען אידען אַ שרעק־ליכע פּאַניק.

דער אינהאַלט פון דער אָפיציעלער „מעלדונג" איז געווען, אין קורצע ווערטער, דער פאָלגענדער: די רעגירונג האָט שוין אַרויסגעוויזען גענוג חסדים צו אידען און זי האָט גענוג זיך געמיהט, אַז זיי זאָלען זיך נעהמען פאַר „נוצליכע" און „פּראָדוקטיווע" בעשעפטיגונגען. אָבער די אידען זיינען האַרטנעקיג, זיי האַלטען זיך ביי ליידיג־געהעריי און ביי זייערע שעדליכע פּראָפעסיעס. דעריבער האָט די רעגירונג פעסט בע־שלאָסען אָבצוזונדערן די „נוצליכע" אידען פון יענע, וואָס זיינען „שעד־ליך" פאַר'ן לאַנד און פאַר אַלע איינוואוינער. די אידישע בעפעלקערונג וועט אין פערלויף פון די נעקסטע דריי יאָהר איינגעטיילט ווערען אין פיער „ראַזריאַדען" (קאַטעגאָריעס), וועלכע ווערען אַנערקענט פאַר „נוצ־ליך": 1) סוחרים, וואָס צאָהלען גילדיעס; 2) מעשטשאַנעס, וואָס האָבען אַ בעל־הבית'ישקייט; 3) האַנדווערקער, מיט אַ געהעריגען פּאַפּיר פון דער צעך־פערוואַלטונג, און 4) ערד־אַרבייטער. יעדער איד מוז זעהן, ער זאָל פעררעכענט ווערען אין איינע פון די פיער קאַטעגאָריעס. נאָך דעם דריי־יאָהריגען טערמין, ד. ה., צום 1־טען יאַנואַר 1850, וועלען אַלע אידען, וואָס האָבען ניט קיין פעסטע בעשעפטיגונג אָדער קיין הייזער, אַנערקענט ווערען פאַר ש ע ד ל י ך. זיי וועלען אויסגעטיילט ווערען אין אַ בעזונדער קאַטעגאָריע, און געגען זיי וועלען אָנגענומען ווערען שטרענגע מיטלען.

אין דער אָפיציילער „מעלדונג" איז ניט אָנגעוויזען געוואָרען, וואָ־

סערע מיטלען די רעגירונג האָט עס אין זינען. אָבער אַלע האָבען גע־וואוסט, אַז עס איז שוין פאַרהאַן אַ פּראָיעקט, מען זאָל די „שעדליכע" אידען (דאָס הייסט, פּאַקטיש דעם גרעסטען טייל פון דער אידישער בע־פעלקערונג) אָבגעבען פאַר סאָלדאַטען, פערשיקען קיין סיביר, בעשטימען אויף צוואַנגס־אַרבייטען, איינפיהרען פאַר זיי אַ גאַנצע רייה שאַרפע בע־גרענצונגען א. ד. גל. עס איז אויך געווען בעוואוסט, אַז אַפילו די מי־ניסטאָרען האַלטען דעם גאַנצען פּלאַן פאַר צו־האַרב, וואָלטען גערן אָבגע־צויגען די זאַך, אָבער דער קייזער אַליין בעשטעהט דערויף, אַז דער פּראָ־יעקט וועגען די „ראַזריאַדען", אויף וועלכען ער לעגט פיעל געוויכט, זאָל פערווירקליכט ווערען וואָס גיכער.

לויט ניקאָלאַי'ס בעפעהל, האָבען קיסעלעוו, אואוואַראָוו און נעסעל־ראָדע בעזוכט מאָנטעפיאָרע'ן, כדי איהם קלאָר צו מאַכען די פּאָליטיק, אָן וועלכע די רוסישע רעגירונג האַלט זיך אין דער אידען־פראַגע. אַחוץ די ידיעות, וואָס מאָנטעפיאָרע האָט נאָך אין אויסלאַנד בעקומען דורך בריף און דורך אַ ספּעציעלען דעלעגאַט, האָבען איהם איצט געגעבען אויספיהרליכע מיטטיילונען דער בעוואוסטער שתדלן הירש טשלענאָוו און נאָך אייניגע כלל־טהוער, וועלכע זיינען עקסטראַ געקומען צופאָהרען קיין פּעטערבורג, כדי איהם געגוי צו בעקענען מיט דער טרויעריגער לאַגע פון די אידען אין רוסלאַנד און מיט די צרות, וואָס זיי שטעהען דאָ אויס. ער האָט, אַלזאָ, געהאַט די מעגליכקייט ריכטיג אָבצושאַצען דעם ווירקליכען ווערטה פון אַלעם דעם, וואָס ער האָט געהערט פון די רו־סישע מיניסטאָרען. עס פערשטעהט זיך, אַז די פראַגע וועגען די „ראַז־ריאַדען" און וועגען דעם גירוש פון די גרעניץ־געגענדען האָט דאָ פערנומען דעם הויפּט־אָרט.

אין די געשפּרעכען מיט דעם הויך־געשטעלטען אויסלענדער און בע־ריהמטען אידישען פּאַטריאָט, האָבען די פאָרשטעהער פון דער רוסישער רעגירונג, נאַטירליך, איינגעוויקעלט זייערע ערקלערונגען אין פיינע מענ־שען־פריינדליכע פראַזען. אָבער נאָכ'ן אָבטיילען די שאָלעכץ, וואָס איז בעשטאַנען פון הויכע מליצות, איז פערבליבען דער ביטערער קערן: אַז אַפילו די פּשוט'סטע מענשען־רעכט זיינען ניט אַזאַ זאַך, וואָס קומט יעדערען, אַלס מענש; מען דאַרף זיי ערשט „פערדיענען" דורך גוטע מידות, דורך מעשים טובים א. ד. גל. די רעגירונג, הייסט עס, וואָלט גערן געגעבען אידען גלייכע רעכט מיט אַלע אַנדערע רוסישע בירגער, אָבער ביי דעם איצטיגען מאָראַלישען צושטאַנד פון די רוסישע אידען וואָלט דאָס געווען אַ גרויסע געפאַהר און שאָדען פאַר רוסלאַנד. דאָס קאָן מען טהאָן ערשט נאָכדעם, ווי די אידען וועלען ווערען גוט און פרום, און די רעגירונג סטאַרעט זיך מיט אַלע מיטלען צו מאַכען אידען פאַר „נוצ־

ליכע" לייט, וואָס זאָלען קאָנען דערנאָך זוכה זיין צו רעכט גלייך מיט אַנדערע.

דער בילדונגס־מיניסטער אואוואַראָוו — דערזועלביגער, וואָס האָט אין זיין געהיימען ראַפּאָרט בפירוש אָנגעוויזען ניקאָלאַי'ען, אַז די אידישע שולען, וואָס די רעגירונג געהט איינפיהרען, דאַרפען דערנעהענטערן די אידען צום קריסטליכען גלויבען, — האָט איצט פאַר מאָנטעפיאָרע'ן גע'טענה'ט, אַז די רעגירונג איז, חלילה, קיין זאַך ניט אויסען געגען דער אידישער אמונה, זי וויל בלויז אויפקלערען די אידען. די רוסישע אי־דען, — האָט זיך בעקלאָגט אואוואַראָוו, — זיינען פינסטערע פאַנאַטיקער, זיי זיינען פערזונקען אין זייערע „תלמודישע אַבערגלויבענס". די רעגי־רונג מיהט זיך זיי אויסצובילדען, מאַכען לייטישער, אויפהויבען זיי ביז צו אַזאַ גראַד, זיי זאָלען מיט דער צייט קאָנען בעקומען בירגער־רעכט...

פּרעה האָט ביי די אידען אין מצרים אַרויסגעקוועטשט דעם מאַרך פון די ביינער און דערביי זיי נאָך געמאַכט דעם פאָרוואורף: „נרפים אתם נרפים", „איהר זיינט פויל, איהר ווילט ניט אַרבייטען". פונקט אַזוי האָט געהאַנדעלט ניקאָלאַי'ס רעגירונג: זי האָט צונויפגעשטיקט די אידען אין דער ווייסטער „טשערטאַ" (די עטליכע גובערניעס, וואו זיי האָבען געמעגט וואוינען), אָבגענומען ביי זיי די מינדעסטע רעכט, בע־גרענעצט און געפּענטעוועט זיי אויף יעדען שריט, פערצאַמט פאַר זיי דעם צוטריט כמעט צו אַלע פּרנסות — און צוגלייך געהאַלטען אין איין מוסר'ן און בעשולדיגען זיי, אַז זיי לעבען פון לופט און ווינד, זיי ווילען כלומרשט ניט בעשעפטיגען זיך מיט פּראָדוקטיווער אַרבייט, מיט נוצליכע פּראָ־פעסיעס.

אַזעלכע טענות און בעשולדיגונגען געגען די רוסישע אידען האָבען די מיניסטאָרען אַרויסגעזאָגט אויך אין זייערע געשפּרעכען מיט מאָנטע־פיאָרע'ן. און ווי עס איז צו זעהן פון זיין טאָגיך־בוך, האָבען מאָנטע־פיאָרע און זיין סעקרעטאַר, דר. לעווע (וועלכער האָט זיך בעטייליגט אין די אונטערהאַנדלונגען אַלס איבערזעצער, ווייל מאָנטעפיאָרע האָט גערעדט נור ענגליש) ווירדיג און ענטשידען אויפגעקלערט די גרונדלאָ־זיגקייט פון די אַלע בעשולדיגונגען.

דעם 9־טען אַפּריל האָט מאָנטעפיאָרע געהאַט אַן אודיענץ ביים קיי־זער. ניקאָלאַי דער 1־טער האָט איהם אויפגענומען זעהר פריינדליך, אויפמערקזאַם אויסגעהערט זיין רעדע, אין וועלכער מאָנטעפיאָרע האָט איהם געבעטען נעהמען צום האַרצען און לינדערן די לאַגע פון די רוסישע אידען, אָבשאַפענדיג יענע געזעצען, וועלכע ער וועט אָנערקענען פאַר בעדריקענד. דער קייזער האָט גערעדט מיט מאָנטעפיאָרע'ן צוואַנציג מינוט און איהם פערזיכערט, אַז ער זאָרגט זעהר וועגען הויבען דעם

צושטאַנד פון די אידען. ער האָט פאָרגעלעגט מאָנטעפיאָרע'ן, יענער זאָל בעזוכען די גרעסערע שטעדט אין דער „טשערטאַ", כדי פערזענליך צו בעקענען זיך מיט דעם אידישען לעבען, און זאָל דערנאָך דורך גראַף קיסעלעוו'ן שריפטליך צושטעלען איהם זיינע בעאָבאַכטונגען מכח די נויטיגע מיטלען אויף אויסצובעסערן די לאַגע פון די אידען.

אין פעטערבורג האָבען זיך דאַן געפונען גאָר ווינציג אידען. מיט אַ יאָהר צעהן צוריק זיינען, לויט ניקאָלאַי'ס בעפעהל, כמעט אַלע אידען אַרויסגעשיקט געוואָרען פון פעטערבורג, און די שוהל האָט מען פערמאַכט. אויפגעהאַלטען זיך אין פעטערבורג האָבען נור אַ בעדייטענדע צאָהל אידישע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען דאָ געדיענט אין פערשידענע מיליטער־טיילען. זיי האָבען געהאַט עטליכע שוהלען און מנינים, וואוהין אידען, וואָס זיינען ניט געווען אויפ'ן דיענסט, האָבען קיין צוטריט ניט געהאַט. ניקאָלאַי האָט אַרויסגעוויזען זיין אויפמערקזאַמקייט צו מאָנטעפיאָרע'ן. רעכענענדיג זיך מיט זיין פרומקייט, האָט ער בעפוילען דעם קריעגס־מיניסטער אַריינצולאָזען איהם דאַוונען אין אַ סאָלדאַטסקער שוהל.

איינער פון די אידישע כלל־טהוער, וועלכע זיינען צוליעב מאָנטע־פיאָרע'ן עקסטראַ געקומען קיין פעטערבורג, דערצעהלט אין זיין בריף צו אַ בעקאַנטען אין ווילנע מיט התפעלות וועגען מאָנטעפיאָרע'ס קומען קיין פעטערבורג און זיין בעזוך אין דער סאָלדאַטסקער שוהל. (דער בריף ווערט געבראַכט אויבען, אין דעם אַרטיקעל „פון אַ פאַמיליען־קאָרעספאָנ־דענץ").

די רוסישע רעגירונגס־קרייזען האָבען זיך געגען מאָנטעפיאָרע'ן גע־האַלטען אַן דעם אַלטען כלל: „כבדהו וחשדהו" — „עהר איהם און האַלט איהם אין פערדאַכט". מען האָט מאָנטעפיאָרע'ן אָבגעגעבען דעם העכסטען כבוד, אַרויסגעוויזען צו איהם די פריינדליכסטע אויפמערקזאַמקייט, — און גלייכצייטיג שטילערהייד אַכטונג געגעבען אויף איהם, נאָכגעשפיאָ־נירט יעדען טריט זיינעם. די לעצטע אויפגאַבע האָט אויף זיך גענומען די פאָליטישע געהיים־פאָליציי, די אַזוי גערופענע „דריטע אָבטיילונג".

די „דריטע אָבטיילונג" איז בכלל געווען שטאַרק אונצופרידען מיט מאָנטעפיאָרע'ן און מיט זיין אויפפיהר. אין די רוסישע רעגירונגס־אַר־כיוועז איז פערבליבען אַ פעקעל דאָקומענטען, וואָס ענטהאַלטען אין זיך בעריכטען וועגען מאָנטעפיאָרע'ן און מיטטיילונגען פון דעם געהיים־אַגענט, וואָס האָט איהם אין פעטערבורג נאָכגעשפיאָנירט [1]. וועגען מאָנטעפיאָרע'ס פערזענליכקייט ווערט דאָ אויך געגעבען אַן אַלגעמיינע אָבשאַצונג פון פאָ־

[1] אַרכיוו פון דער „דריטער אָבטיילונג" (1־טע עקספעדיציע), פון יאָהר 1846—נומ. 89.

ליטיש־פּאָליצייאישען שטאַנדפּונקט. די דאָקומענטען זיינען זעהר אינטע־רעסאַנט: דאָ דריקט זיך אויס די אמת'ע בעציהונג פון דער רעגירונג צו מאָנטעפיאָרע'ן, דאָ שפּילען זיך אָב דייטליך יענע בעהאַלטענע גע־פיהלען, וועלכע עס האָט אין די ביוראָקראַטישע קרייזען אַרויסגערופען זיין אָנקומען קיין רוסלאַנד. מען האָט גערעכענט פאַר אַ בעליידיגונג, וואָס ער איז געקומען צופאָהרען, כדי צו מיהען זיך צו פערגרינגערן די אידישע לאַגע, — פּונקט ווי רוסלאַנד וואָלט געווען אַ ווילד לאַנד, ווי מאַראָקאָ אָדער סיריע, וואו אידען ווערען אונשולדיג פאַרפאָלגט! און אין האַרצען האָט מען די בעליידיגונג געפיהלט נאָך פיעל שטאַרקער, וויל מען האָט דערביי געמוזט מאַכען פאַר איהם אַ גאַנצען פּאַראַד, פּראַווען מיט איהם גרויסע צערעמאָניעס. די שטילע בעאָבאַכטונגען האָבען בע־וויזען, אַז מאָנטעפיאָרע קומט אין פּעטערבורג אין בעריהרונג מיט אידען, וועלכע האַלטען זיך דאָ אויף, ער סטאַרעט זיך צו ערקונדיגען ביי זיי וועגען דער אידישער לאַגע, — און מיט דעם איז מען געווען זעהר אונצופריעדען.

וועגען מאָנטעפיאָרע'ס בעגעגענישען און געשפּרעכען מיט אידען ווערט נאָכאַנאַנד דערצעהלט אין די מיטטיילונגען פון דעם געהיימען אַגענט, וועלכער האָט אויף איהם אַכטונג געגעבען. דאָסזעלבע ווערט אויך אונטערגעשטראָכען אין דעם אַלגעמיינעם בעריכט, וואָס די „דריטע אָבטיילונג" האָט צוגעשטעלט וועגען מאָנטעפיאָרע'ן. „דער ענגלישער סער מאָזעס מאָנטעפיאָרע, דעם באַנקיר ראָטשילד'ס אַ קרוב, וועלכער איז אָנגעקומען קיין פּעטערבורג, — לייענען מיר אין אַ נאָטיץ פון דער געהיימער אַגענטור, — נעהמט אויף ביי זיך העכסט פריינדליך די אידען, וואָס זיינען דאָ, און זיי קומען צו איהם טעגליך. צווישען זיינע הויפּט־בעזוכער געפינען זיך צוויי דעפּוטאַטען פון שקלאָוו און עפּיס אַ מינקין, אַ פּאַדריאַטשיק פון באָברויסק, אַ שלעכט־געזאָנענער מענש. מאָנטעפיאָרע פערנעהמט זיך מייסטענטיילס מיט זיי, ער פרעגט זיי פונאַנדער וועגען זייערע נויטען, פערלאַנגען און וועגען די מיטלען אויף צו ברייננגען זיי נוצען. זיי בעקלאָגען זיך פאַר איהם אויף דעם צושטאַנד פון די אידען, מאָהלען איהם אויס, אַז זיי זיינען רואינירט געוואָרען, בעזונדערס דורכ־דעם, וואָס מען האָט אידען דערוויטערט פון דעם 50־וויאָרסטיגען ראַיאָן ביי דער גרעניץ. מאָנטעפיאָרע טרייסט זיי, דערצעהלט זיי וועגען דעם קייזער'ס פריינדליכקייט צו איהם, ווי גוט ער איז אויפגענומען געוואָרען".

אויף מאָנטעפיאָרע'ס געשפּרעכען מיט אידען ווערט אָנגעוויזען אויך אין די אַנדערע אַגענטור־מיטטיילונגען. אין דער „דריטער אָבטיילונג" האָט מען דערויף געלעגט אַזאַ געוויכט, דאָס עס איז אָפּילו געמאַכט גע־וואָרען דער פאָרשלאַג, מען זאָל אויף די גאַנצע צייט, וואָס מאָנטעפיאָרע

וועט פערברייגגען אין רוסלאַנד, צו איהם בעשטימען אַ בעזונדער געהיים־
אַגענט אַלס „איבערזעצער", דורך וועלכען עס וועט מעגליך זיין געגוי
אַכטונג צו געבען אויף אַלע זיינע געשפּרעכען מיט אידען. עס איז דערביי
אַפילו אַנגערופען געוואָרען דער קאַנדידאַט אויף דער שטעל פון אַן
„איבערזעצער" פאַר מאָנטעפיאָרע'ן — איינער אַ משומד, מיכאַל ליפּס,
וועלכער איז געשאַטנען אין נאָהענטע בעציהונגען צו דער פּאָליטישער
פּאָליציי און האָט זיך ביי דער פּעטערבורגער פּאָסט פערנומען מיט דורכ־
קוקען די העברעאישע און אידישע בריף און אויסגעפינען די פּאָליטיש־
פערדעכטיגע סודות. ס'פערשטעהט זיך, אַז פון דעם ווילדען פּראָיעקט,
וועגען געבען מאָנטעפיאָרע'ן אַ פערשטעלטען „איבערזעצער", איז גאָר־
נישט געוואָרען.

אין איהר אַלגעמיינעם בעריכט וועגען מאָנטעפיאָרע'ן טרעט די
„דריטע אָבטיילונג" אַרויס מיט שאַרפע טענות געגען איהם: „די אידען,
וואָס האַלטען זיך אויף אין פּעטערבורג אונטער פערשידענע תירוצים, —
לייענען מיר דאָ, — שלעפּען זיך שטענדיג צו דעם ענגלישען משיח,
און יענער נעמט זיי אויף פריינדליך און מיט אַ בעזונדער פערגעניגען.
אידיש קען ער ניט ריידען, אָבער דורך זיין איבערזעצער, דר. לעווע,
דערצעהלט ער זיי, אַז ער וויל העלפען אויסבעסערן די אידישע לאַגע
אין עגיפּטען, טערקיי און רוסלאַנד (ס'אַראַ בעליידיגענדער פערגלייך!);
אויך טיילט ער זיי מיט וועגען דעם, אַז זיין קייזערליכער מאַיעסטעט האָט
איהם אויפגענומען זעהר גענאַדיג... ער פרעגט זיי פונאַנדער, וואָס זיי
ברויכען בעזונדערס און מיט וואָס מען קאָן זיי דערהויפּט העלפען. און
זיי, וואָס אָטעמען נור מיט מאַטעריעלע אינטערעסען, האַלטען אין איין
בעשרייבען איהם דעם חורבן, וועלכער האָט די אידען געטראָפען. דורכ־
דעם, וואָס מען האָט זיי דערווייטערט פון די גרעניץ־געגענדען. ווי עס
ווייזט אויס, מיינט מאָנטעפיאָרע, אַז רוסלאַנד איז אַ מין טערקיי. צי איז
עס פּאַסיג, וואָס ער הערט אויס די מעשיות פון די גיריגע אידען מכח
די פערפּאָלגונגען, וועלכע זיי שטעהען כלומרשט אויס? ער וואָלט תיכף
בעדאַרפט איבערשלאָגען אַזעלכע מיני רייד און אָנווייזען, אַז ער איז
געקומען ניט כדי צו קריטיקירען די פעראָרדנונגען פון דער רעגירונג,
נור כדי מאָראַליש צו הויבען די רוסישע אידען, אויסבעסערן דעם שענד־
ליכען מאָראַלישען צושטאַנד, אין וועלכען זיי געפינען זיך. ער האָט קיין
שום בעגריף ניט וועגען די רוסישע אידען, ער ווייסט ניט, אַז אויף אויס־
צוראָטען די שעדליכע שאַכעריי פון די אידען אין די גרעניץ־געגענדען,
איז קיין אַנדער מיטעל ניט געבליבען, ווי נור דערווייטערן זיי פון דאָר־
טען. ער ווייסט ניט, אַז אָהן אַ בייטש, אָהן געוואַלט וועט ער און אַפילו
משיח אַליין פון זיי ניט מאַכען קיין שום רעכטס... נאָכגעבען די אידען,

דאָס איז פאַר זיי ניט קיין רפואה, נור אַ גיפט. אויב מאָנטעפיאָרע האָט אַזאַ שטאַרקע פאַנטאַזיע, דאָס ער מיינט ווירקליך, אַז ער קאָן דורך זיין ווירקונג אויסבעסערן די פערוווילדעטע רוסישע אידען, דאַרף ער זעהן פריהער צו מאַכען זיי פאַר מענשען, און ערשט דערנאָך טראַכטען וועגען אויסווירקען פאַר זיי בירגער־רעכט. אויב מען זאָל די אידען, ביי זייער איצטיגער פערדאָרבענקייט, געבען רעכט, וואָלט דאָס זיי געשטויסען צו גרעסערע פערברעכענס, צו ברייגען נאָך מעהר שאָדען אי איינצעלנע מענשען, אי דעם גאַנצען לאַנד".

אָבער לויט דער מיינונג פון דער „דריטער אָבטיילונג", קאָן מאָנ־טעפיאָרע בכלל גאָר ניט זיין אַ אידישער אָנפיהרער: „ער האָט זיך נור אויסערליך צוגעפּאַסט צו די אייראָפּעאישע געוועהנהייטען, אין האַרצען אָבער איז ער אַ פערביסענער פאַנאַטיקער. אין לאָנדאָן זיינען פאַראַן צוויי אידישע קהילות: אַן אויפגעקלערטע און אַן אָרטאָדאָקסישע, און אָט אין דער לעצטער שפּיעלט מאָנטעפיאָרע די הויפּט־ראָלע. זיין שטרע־בונג בעשטעהט דורכאויס אין קרעפּטיגען, אויפהאַלטען דעם אידישען נאַציאָנאַליזם און דעם אידישען גלויבען. ער איז ניט אויסען מאָראַליש אויסבעסערן זיינע מיטברידער, נור ער שטרעבט, אַז די אידען זאָלען בלייבען אידען, מיט אַלע זייערע חסרונות און פערברעכענס. אונטער־טראָגען די רוסישע אידען אַזאַ לעהרע — איז דאָס אייגענע, ווי גיסען בוים־אייל אויפ'ן פייער. לויט זיכערע ידיעות, וועט מאָנטעפיאָרע ניט אויסהיילען די אידישע קרענק, נור פערקערט, ער וועט זי נאָך אויף לאַנג פערשטאַרקען. מאָנטעפיאָרע'ס אידישקייט שטימט ניט מיט די פּרינציפּען פון די געבילדעטע מלוכות. אין דייטשלאַנד און אומעטום שטרעבט איצט די אידישע רעפאָרם אויסצוראָטען די אידישע האַרטנע־קיגקייט, וואָס שטיצט זיך אויף אַבערגלויבענס, און דערנעהענטערן מיט דער צייט די אידען צום קריסטענטום. מאָנטעפיאָרע, אָבער, איז אויסען גראָד דעם געגענזאַץ. דעריבער מוז מען אי דאָ, אי בעזונדערס בעת זיין רייזע איבער די אידישע געגענדען, גענוי אַכטונג געבען אויף זיינע געשפּרעכען".

מאָנטעפיאָרע האָט פערבראַכט אין פּעטערבורג דריי וואָכען. נאָך דער אוידיענץ, וואָס ער האָט געהאַט ביים קייזער, זיינען פיער פאַר־שטעהער פון די רעגירענדע קרייזען און פון דער פּעטערבורגער אַריסטאָ־קראַטיע געווען ביי איהם מיט אַ בעזוך. אַ סך רוסישע צדקה־אַנשטאַלטען האָבען זיך געווענדט צו איהם נאָך שטיצע, און ער האָט זיי, ווי געוועהנ־ליך, אויסגעהאָלפען מיט אַ ברייטער האַנד. שטאַרק האָט מאָנטעפיאָרע זיך אינטערעסירט מיט די אידישע סאָלדאַטען אין פּעטערבורג. ער האָט פערשטאַנען, ווי עלענד זיי פיהלען זיך דאָ, אין דער פרעמד, וואו עס

זיינען קיין אידען ניטאָ, און ער האָט זיך געמיהט מיט וואָס נור מעגליך צו פערגרינגערן זייער שווערע לאַגע. זיי זיינען איהם געווען טיעף דאַנקבאַר פאַר זיין האַרציגע בעציהונג צו זיי. זיי זיינען פאַר זיין אַוועקפאָהר געקומען געזעגענען זיך מיט איהם, און האָבען איהם בעגלייט מיט די בעסטע ווינשונגען און ברכות.

בעזונדערס אָפטע געשפרעכען האָט מאָנטעפיאָרע געפיהרט מיט גראַף קיסעלעוו, וועלכער האָט, אַלס פאָרזיצער פון „אידישען קאָמיטעט", געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אין אַלע אַנגעלעגענהייטען, וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות צו אידען. קיסעלעוו האָט איהם פאָרגעשלאָגען, ער זאָל נאָך זיין רייזע איבער די אידישע געגענדען איהם צושיקען אַ גענויע שריפטליכע ערקלערונג וועגען דער אידישער לאַגע. ער האָט מאָנטעפיאָרע'ן געזאָגט, אַז זיין שריפט וועט צוגעשטעלט ווערען דעם קייזער, און איהם פערזיכערט, אַז זיינע בעמערקונגען און אויספיהרונגען וועלען ערנסט גענומען ווערען אין בעטראַכט. אַזוי ווי מאָנטעפיאָרע האָט זיך געקליבען קיין וואַרשע, האָט דער אויסערן־מיניסטער, גראַף נעסעלראָדע, שריפטליך איהם רעקאָמענדירט דעם קייזערליכען „נאַמעסטניק" אין פוילען, פירשט פאַסקעוויטש'ן. אואוואַראָוו האָט איהם מיטגעגעבען אַ בריף צו דעם קוראַטאָר פון ווילנער בילדונגס־ראַיאָן, גענעראַל גרובער'ן.

III.

דעם 22־טען אַפּריל האָבען מאָנטעפיאָרע, זיין פרוי און דר. לעווע, ווי אויך זיינע דיענער, פערלאָזען פּעטערבורג. ווידער האָט זיך אָנגעהויבען דער שווערער וועג, און וואָס ווייטער, איז די רייזע געוואָרען אַלץ אונבעקוועמער. עס איז ניט געווען וואו צו פערפאָהרען. אין די פּאָסטסטאַנציעס, וואו מען האָט זיך געמוזט אָבשטעלען, איז געווען שרעקליך שמוציג. קיין בעטען זיינען דאָ ערגיץ ניט געווען, און ס'איז אויסגעקומען צו שלאָפען אויף ביינק, אין די קליידער. ווי מיר לייענען אין מאָנטעפיאָרע'ס נאָטיץ־בוך, איז אַפילו ניט געווען וואו צו קויפען אַ שטיקעל ברויט. דעם 24־טען אַפּריל האָט מען דערגרייכט די ערשטע אידישע שטאָדט — רעזשיצע. דאָ האָט זיך אָנגעהויבען די פערשאָלטענע „טשערטאַ". און תיכף האָט זיך די אָנגעקומענע געוואָרפען אין די אויגען די ביטערע אידישע אָרימקייט, וועלכע האָט אַרויסגעקוקט פון יעדען וויבעל און שפּאַלט, אויף יעדען שריט און טריט. חושך און ענגשאַפט; אונצעהליגע קרעמלעך, כאָטש אָהן סחורה; אויסגעמאַטערטע, בלייכע מענשען, וועלכע לעבען פון לופט און ווייסען ניט היינט, מיט וואָס זיי וועלען מאָרגען שפּייזען זיך און זייערע הויזגעזינדען; גאַנצע מחנות אָרימעלייט, וואָס געהען איבער די הייזער און וואַנדערן אַפילו פון איין שטאָדט

אין דער אַנדערער... מאָנטעפיאָרע האָט דאָ צום ערשטען מאָל דערזעהן דעם גרויל און אומעט פון דעם אידישען לעבען אין ניקאָלאַי'ס צייטען, געשפּירט די פינסטערע כמאַרע, וואָס איז געהאָנגען איבער דער גאַנצער אידישער עקזיסטענץ. ער האָט וועגען דעם אַלעם פריהער פיעל געהערט, אָבער מיט די אייגענע אויגען דערזעהן האָט ער עס ערשט איצט. און דער איינדרוק איז געווען אַזוי טרייסטלאָז און שרעקליך, דאָס מאָנטע־פיאָרע איז געוואָרען אַ צורודערטער.

נאָך דענענבורג האָט מאָנטעפיאָרע זיך אָבגעשטעלט אין ווילקאָמיר, און פון דאָרטען איז ער אינאיינעם מיט זיינע בעגלייטער אָבגעפאָהרען קיין ווילנע.

ווי נור מען האָט אין ווילנע געקראָגען אַ זיכערע ידיעה פון פּעטערבורג, אַז מאָנטעפיאָרע קלייבט זיך אַהער צו קומען, האָט מען זיך דאָ באַלד גענומען ענערגיש גרייטען אויפצונעהמען ווי עס בעדאַרף צו זיין אַזאַ וויכטיגען און בעריהמטען גאַסט. מען האָט אויפגעראַמט און גערייניגט די שוהלען און צדקה־אַנשטאַלטען, געשייערט, געקאַלכט די סטעליעס און ווענד, געוואַשען די פּאָדלאָגעס און אַלץ דאָ געבראַכט אין אָרד־נונג. מען האָט אַראָבגעבראַכט פון פּאָנעוועזש אַ בעריהמטען חזן. עס איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ בעזונדער קאָמיטעט, וואָס זאָל אַלץ בעזאָרגען און אָננעהמען די נויטיגע מיטלען. אין דער שפּיץ פון קאָמיטעט זיינען געשטאַנען דער רב, דער שטאָטישער מגיד און צוויי ווילנער כלל־טהוער, חיים נחמן פּרנס און ניסן ראָזענטאַל [2].

פּאַר מאָנטעפיאָרע'ן מיט דער פרוי און זייער בעגלייטונג איז צו־געגרייט געוואָרען אַ גרויסע, שענע און בעקוועמע וואוינונג. לויט דעם אויפטראַג פון דער געמיינדע, האָט דער בעוואוסטער העברעאישער פּאָעט אברהם־בער לעבענסאָן פערפאַסט אַ בעגריסונג, אַ שיר לכבוד דעם גרויסען גאַסט, וואָס איז איבערגעשריבען געוואָרען קינסטלעריש שען און האָט אויסגעזעהן ווי צוויי לוחות. קיין ווילנע זיינען אויך אָנגעפאָהרען דעפּוטאַציעס פון מינסק, וויטעבסק, גראָדנע, ריגע און אַנדערע שטעדט.

ווען מאָנטעפיאָרע איז אָנגעקומען קיין ווילקאָמיר, האָט מען אַהין אָבגעשיקט פאָרשטעהער אויף איינצולאַדען איהם קיין ווילנע. וואָס ווייטער, איז די אויפרעגונג און אונגעדולד אין ווילנע אַלץ מעהר געשטיגען. ביי זיך אין דער־היים און אין גאַס, אין די שוהלען און קלויזען האָט מען געהאַלטען אין איין אויסרעכענען דעם טאָג, ווען מאָנטעפיאָרע קאָן אָנקומען. מען האָט ניט אויפגעהערט צו ריידען וועגען זיין גדולה און רייכ־

[2]) פערשידענע פּרטים וועגען מאָנטעפיאָרע'ס אויפהאַלט אין ווילנע האָט א. מ. דיק בעשריבען אין זיין העברעאישען ווערק „האורח".

קייט, וועגען דעם גרויסען כבוד, וואָס ער האָט געהאַט אין פּעטערבורג, און וועגען די „ישועות", אויף וועלכע מען קאָן זיך ריכטען.

שוין מיט צוויי טעג פאַר מאָנטעפיאָרע'ס אָנקומען, זיינען די ווילנער כלל־טהוער און זעהר פיעל שטאָדט־לייט אַרויסגעפאָהרען איהם אַנטקעגען אויפ'ן ווילקאָמירער טראַקט, קיין קריזשאַנקע, צוויי מייל פון ווילנע. די דאָרטיגע צוויי קרעטשמעס און דער דערבייאיגער שאָסיי זיינען געוועזען פול מיט מענשען, וועלכע האָבען געוואַרט אויף דעם גאַסט. אויפ'ן אַנדערן טאָג איז דער עולם נאָך שטאַרקער אויסגעוואַקסען. דער גאַנצער וועג איז געווען בעדעקט מיט מענשען. צווישען די מיטגליעדער פון קאָמיטעט, וועלכער האָט דאָ געדאַרפט אויפנעהמען מאָנטעפיאָרע'ן, איז געוועזען אָבגערעדט, אַז קיינער זאָל זיך פאַר דער צייט ניט אַרויסרוקען און מען זאָל בכלל היטען אָרדנונג. אָבער יעדערען האָט זיך געוואָלט זיין דער ערשטער, פריהער פאַר אַלעמען בעגעגענען און בעגריסען דעם בעריהמטען גאַסט, פאַרשטעלען זיך פאַר איהם. צוויי פון די דעפּוטאַטען, פרנס און זאַקהיים, האָבען זיך אויפ'ן אַנדערן טאָג אַרויסגעגנב'עט פון קריזשאַנקע און זיינען אַוועקגעפאָהרען ווייטער אַנטקעגען דעם גאַסט. האָט מען זיך באַלד געכאַפּט. ראָזענטאַל און נאָך איינינגע דעפּוטאַטען האָבען זיך אין אַ קאַרעטע אַ לאָז געטהאָן נאָך זיי און געבראַכט זיי צוריק. דאָס האָט אָבער ראָזענטאַל'ן ניט געשטערט אָבצוטהאָן דאָסזעלביגע מיט אַ טאָג שפּעטער. דעם 29־טען אַפּריל אין דער־פריה איז אָנגעקומען א ידיעה, אַז דער גאַסט געפינט זיך שוין ניט ווייט פון קריזשאַנקע. האָט ראָזענטאַל גענומען די געשריבענע בעגריסונג און איז שטילערהייד אַרויסגעפאָהרען אַנטקעגען. אין וועג, פינף וויאָרסט הינטער קריזשאַנקע, האָט ער בעגעגענט מאָנטעפיאָרע'ן מיט זיין פרוי און דר. לעווע, זיי בעגריסט און פאַרגעלייענט אין נאָמען פון דער ווילנער קהילה דעם פייערליכען שיר. דער עולם איז אויף ראָזענטאַל'ן געווען שטאַרק אָנגעשטויסען, אָבער זיינס האָט ער דערגרייכט: ע ר איז דער ערשטער בעקאַנט געוואָרען מיט דעם הויכען גאַסט, ע ר האָט איהם שוין פאַרגעשטעלט די אַנדערע ווילנער פאַרשטעהער, ע ר איז געוואָרען דער גאַנצער צערעמאָניע־מייסטער און הויפּט־מאַכער.

אין קריזשאַנקע האָט מאָנטעפיאָרע'ן און זיין פרוי בעגעגענט די גאַנצע ווילנער דעפּוטאַציע. דער רב און דער מגיד האָבען זיי בעגריסט מיט רעדעס, און די לופט האָט געהילכט מיט קולות: „ברוך הבא בשם ה'!" דער סעקרעטאַר, דר. לעווע, האָט אין מאָנטעפיאָרע'ס נאָמען געדאַנקט פאַר די בעגריסונגען. פאַר די געסט איז דאָ געווען צוגעגרייט אַן אָנבייסען, און דערנאָך זיינען זיי אָבגעפאָהרען אין שטאָדט אַריין. ווילנע איז ניט געווען צו דערקענען. אַלע קראָמען און וואַרשטאַטען זיי־

נען געווען פערמאַכט. די גאַנצע שטאָדט איז אַרויס בעגעגענען די געסט. צעהנדליגע טויזענדער מענשען האָבען בעדעקט די גאַסען און הילכיג בעגריסט דעם בעריהמטען אידישען פּאַטריאָט און כלל־טהוער. מאָנטע־פיאָרע׳ס קאַרעטע האָט זיך נור פּאַמעליך, טריט ביי טריט, געקאָנט בע־וועגען צווישען דעם אונצעהליגען עולם, וואָס האָט געברויזט און געזאַטען, ווי לעבעדיגע כוואַליעס. און דערזעהענדיג אויף דער קאַרעטע מאָנטע־פיאָרע׳ס הערב מיט דער העברעאישער אויפשריפט „ירושלים", האָט פיעל מענשען בענומען עפּיס אַ געמישט געפיהל פון פרייד, בענקשאַפט און שטאָלץ, און זיי האָבען זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען פון זיסע טרעהרען.

אויפ׳ן אַנדערען טאָג האָט מאָנטעפיאָרע אינאיינעם מיט דר. לעווע בעזוכט דעם ווילנער גענעראַל־גוברענאַטאָר, מירקאָוויטש׳ן, אויך דעם קוראַטאָר פונ׳ם בילדונגס־ראַיאָן, גרובער׳ן, און געהאַט מיט זיי אויס־פיהרליכע געשפּרעכען וועגען דער אידען־פראַגע. נעבען דעם הויז, וואו ער האָט געוואוינט, און אויף די גאַסען, איבער וועלכע ער איז דורכ־געפאָהרען, האָבען זיך געדרענגט טויזענדער מענשען. די פּאָליציי האָט נור מיט גרויס מיה געקאָנט אויפהאַלטען די נויטיגע אָרדנונג. און אַזוי איז עס געווען די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט דאָ אין ווילנע פערבראַכט.

אין אָוועכד זיינען צו מאָנטעפיאָרע׳ן געקומען די פאָרשטעהער פון דער ווילנער קהילה, וועלכע ער האָט פערבעטען צו זיך. עס האָט זיך צונויפגעקליבען אַ גרויסער עולם — אָרטאָדאָקסען און משכילים, כלל־טהוער, רבנים, סוחרים, שריפטשטעלער. ער האָט זיי ערקלערט דעם צוועק פון זיין רייזע קיין רוסלאַנד און דערצעהלט וועגען די אונטער־האַנדלונגען, וועלכע ער האָט געהאַט אין פּעטערבורג. בעזונדערס גענוי האָט ער זיך אָבגעשטעלט אויף די בעשולדיגונגען געגען די רוסישע אי־דען, וואָס ער האָט געהערט פון די מיניסטאָרען (אַז זיי ווילען כלומרשט ניט פערנעהמען זיך מיט ערד־אַרבייט, וויכען אויס נוצליכע און פּראָ־דוקטיווע פּראָפעסיעס, א. אַז. וו.). פאַר די ווילנער געזעלשאַפטליכע טהוער זיינען די אַלע בייזע בלבולים קיין נייס ניט געווען. אָבער ביים אויסהערען דאָ דעם צעטעל פון כלומרשטע אידישע זינד, האָט זיי אָנגע־כאַפּט אַ געפיהל פון וועהטאָג און בעליידיגונג. זיי האָבען געמעלדעט מאָנטעפיאָרע׳ן, אַז מען וועט איהם צושטעלען אַן אויספיהרליכע שריפט־ליכע ערקלערונג וועגען דער אידישער לאַגע אין ווילנער געגענד, וואו עס וועט אויך אויפגעדעקט ווערען די פאַלשקייט פון די אַלע בעשולדי־גונגען. צו פערפאַסען די ערקלערונג איז בעאויפטראַגט געוואָרען אַ בע־זונדער קאָמיסיע פון ווילנער העברעאישע שריפטשטעלער און כלל־טהוער: שמואל יוסף פין, חיים ליב קאַצענעלענבויגען, אברהם בער לעבענסאָן, ברוך רינדזונסקי און נאָך איניגע פערזאָנען. די קאָמיסיע האָט ערנסט

און פלייסיג געאַרבייט מעהר ווי אַכט טעג און האָט צונויפגעקליבען פיעל וויכטיגע מאַטעריאַלען וועגען דעם ביטערען אידישען לעבען אין ליטע און אין רוסלאַנד בכלל.

די גאַנצע צייט, וואָס מאָנטעפיאָרע האָט זיך אויפגעהאַלטען אין ווילנע, האָט די דאָרטיגע אַדמיניסטראַציע איהם אָבגעגעבען זעהר פיעל כבוד. דער גענעראַל-גובערנאַטאָר, דער בילדונגס-קוראַטאָר, דער גובערנאַטאָר, אויך פאָרשטעהער פון דער העכערער קריסטליכער געזעלשאַפט זיינען געוועזען ביי איהם מיט אַ בעזוך. דער גענעראַל-גובערנאַטאָר איז אַליין געקומען איינלאַדען מאָנטעפיאָרע'ן מיט זיין פרוי צו דעם באַל, וואָס ער האָט געגעבען צוליעב דער קייזערינס געבורטסטאָג. אויך איז ער מיט דער פרוי פערבעטען געוואָרען אויף אַ פּאַראַדנע פאָרשטעלונג אין טעאַטער. דער גובערנאַטאָר האָט איהם בעגלייט ביים בעזוכען די ווילנער אידישע דרוקערייען און די קריסטליכע צדקה-אַנשטאַלטען. עס איז גרינג פאָרצושטעלען זיך, וואָס פאַר אַן איינדרוק עס האָט געמאַכט אויף די ווילנער אידען, ווען מאָנטעפיאָרע, פאָהרענדיג צום גענעראַל-גובערנאַטאָר, האָט זיך בעוויזען אויף דער גאַס אָנגעטהאָן אין זיין שעריף-קליידונג. „וואויל איז דעם אויג, וואָס האָט דאָס געזעהן!" — רופט אויס, פול מיט בעגייסטערונג, איינער פון די ווילנער טהוער, הירש קאַצענעלענבויגען, אין אַ בריף צו זיין איידעם, וואו ער דערצעהלט איהם וועגען מאָנטעפיאָרע'ס בעזוך אין ווילנע.

אויך אַזאַ איינגעהאַלטענער און ערנסטער מענש ווי דער בעוואוסטער העברעאישער שריפטשטעלער מרדכי אַהרן גינצבורג, אַפילו ער בעשרייבט מיט אונגעוועהנליכער התפּעלות, אין אַ בריף צו אַ פריינד, מאָנטעפיאָרע'ס „רויטען מונדיר, מיט שווערע זילבערנע גענעראַלסקע עפּאָלעטען, אויסגעהעפטע גאָלדענע לאַמפּאַסען אויף די הויזען, מיט אַ שווערד ביי דער זייט, און אויפ'ן קאָפּ — אַ הוט מיט ווייסע שטרויס-פעדערן!" היינט קאָן מען שוין זיך פאָרשטעלען, ווי שטאַרק דאָס האָט געווירקט אויף געוועהנליכע, פּשוט'ע לייט. ווען מאָנטעפיאָרע מיט דער פרוי זיינען פרייטאָג צו-נאַכט און שבת געגאַנגען אין שוהל אַריין, זיינען אַלע אַרומיגע גאַסען פערפלייצט געוואָרען פון מענשען, און די געסט האָבען קוים-קוים געקאָנט אַריינקומען אין שוהל. מיט אַ פּאָר טעג דערנאָך האָט מען זיך דערוואוסט, אַז מאָנטעפיאָרע קלייבט זיך געהן אויפ'ן קבר פון ווילנער גאון. איז דער גרויסער בית-עולם באַלד פול געוואָרען מיט אַזאַ מורא'דיגען עולם, דאָס מען האָט זיך נור מיט גרויס מיה געקאָנט דורכשטופּען.

אויב מאָנטעפיאָרע'ס פּערזענליכקייט און האַלטונג האָבען אויף די אידען אין ווילנע געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק, האָט ער דאָ אויך געהאַט גרויסע, טיעף ווירקענדע איבערלעבונגען. ניט אומזיסט האָט מען ווילנע

דאָן גערופען: „ירושלים דליטא", „ליטווישער ירושלים". ווילנע איז אין יענע צייטען געווען דער אידישער הויפּט־צענטער אין מזרח־אייראָפּע, דער מיטעלפּונקט פון תורה, פון אידישער געלערנטקייט און בילדונג, פון דער העברעאישער ליטעראַטור. ווילנע מיט איהרע אונצעהליגע שוהלען, בתי־מדרשים און ישיבות, מיט איהרע גרויסע לומדים, בעוואוסטע געלעהרטע, שריפטשטעלער און כלל־טהוער, ווילנע מיט איהר גאַנצען אַנבליק, וועזען און שניט האָט אויף אַ נייעם פרעמדען מענשען געמוזט מאַכען אַ טיעפען איינדרוק. די ביטערע אידישע אָרימקייט האָט זיך דאָ שאַרף געוואָרפען אין די אויגען, אָבער צוגלייך איז דער גאַנצער לעבענס־שטייגער געווען דורכגעדרונגען מיט אַ הויכער גייסטיגקייט, מיט אַ פעסטען אידעאַליזם. אומעטום האָט זיך געשפּירט אַן אַלטע דורות־לאַנגע גייסטיגע לעבענס־אָרדנונג, די אַטמאָספערע פון טיעף איינגעוואָרצעלטע אַלטע טראַדיציעס.

ביי מאָנטעפיאָרע'ן, מיט זיין נאַציאָנאַל־רעליגיעזער שטימונג, האָט דאָס אַלץ געמוזט געפינען אַ שטאַרקען אָבקלאַנג. יעדע זאַך איז דאָ פאַר איהם געווען אַזוי אָריגינעל, אייגענאַרטיג, אַלץ אַזוי ניי — און דאָך נאָהענט, היימיש. מיט אַ גיריגען אינטערעס זוכט ער זיך צו בעקענען מיט דעם ווילנער אידישען לעבען. ער בעזוכט די ישיבות, די תלמוד־תורה, די פערשידענע שולען און צדקה־אַנשטאַלטען. ער בענוגענט זיך דערביי ניט בלויז מיט טיילען גרויסע נדבות, נור ער וויל גענוי בעקאַנט ווערען מיט דער טהעטיגקייט פון יעדער אַנשטאַלט. אין די שולען אינטערעסירט ער זיך מיט זייערע ערפאָלגען, ער הערט אויס די קינדער, ער אונטערשטרייכט אומעטום, אַז מען דאַרף גרינדליך שטודירען די לאַנדשפּראַך, און ער גיט ספּעציעלע געלד־מיטלען אויף איינצואָרדנען דעם לימוד פון רוסיש.

מאָנטעפיאָרע איז ניט יוצא מיט די אָפיציעלע דעפּוטאַציעס, וועלכע קומען צו איהם. ער פיהרט געשפּרעכען מיט איינצעלנע כלל־טהוער, ערקונדיגט זיך ביי זיי וועגען פערשידענע אָנגעלעגענהייטען, וואָס אינטערעסירען איהם. ער נעהמט אויף ביי זיך אויך געוועהנליכע פּריוואַטע מענשען, שמועסט מיט זיי. ער האָט בעזוכט אייניגע פון די ווילנער געזעלשאַפט־טהוער, און ווי עס איז צו זעהן פון זיין נאָטיץ־בוך, איז ער דערביי אויסען געווען ניט בלויז אָבצוגעבען זיי כבוד, נור צו זעהן, ווי אַזוי זיי לעבען און פיהרען זיך ביי זיך אין דער־היים. הכלל, ער האָט פלייסיג און ערנסט געמיהט זיך וואָס נעהענטער צו בעקענען זיך מיט דעם אידישען לעבען אין ווילנע.

דעם 8־טען מאַי איז ביי חיים־נחמן פרנס'ן געווען אַ גרויסע אַסיפה.

די ווילנער פאָרשטעהער, אינאיינעם מיט די דעפּוטאַטען פון אַנדערע קהילות, האָבען זיך דאָ פערזאַמעלט, כדי דורכצוקוקען די שריפטליכע ערקלערונג, וועלכע עס האָט פאַר מאָנטעפיאָרע'ן פערפאַסט די אויבען־דערמאָנטע קאָמיסיע פון ווילנער שריפטשטעלער און כלל־טהוער. נאָכ־דעם ווי מען האָט ענדגילטיג רעדאַקטירט זייער שריפט, איז זי דעם פאָלגענדען אָווענד מיט פערשיעדענע דאָקומענטען און מאַטעריאַלען, דער־לאַנגט געוואָרען מאָנטעפיאָרע'ן אויף אַ זיצונג, וועלכע איז פאָרגעקומען ביי איהם און אין וועלכער עס האָט זיך בעטייליגט אַ גרויסער עולם. די שריפטליכע ערקלערונג איז, וועדליג איהר אינהאַלט, געווען דער שאַרפ־סטער ענטפער אויף די בלבולים געגען אידען, וואָס די פאָרשטעהער פון די רעגירונגס־קרייזען האָבען אַרויסגערוקט בעת די אונטערהאַנדלונגען מיט מאָנטעפיאָרע'ן. מען האָט די שריפט פאָרגעלייענט אַזוי ווי זי איז פערפאַסט געוואָרען, אין העברעאישער שפּראַך, און דערנאָך איבערזעצט אויף ענגליש. זי האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק.

„אַ טיעף ריהרענד בילד, — שרייבט דר. לעווע וועגען דעם אין זיינע עראינערונגען, — איז יענעם אָווענד געווען פאַר אונזערע אויגען. פאָרשטעהער פון דריי מיליאָן רוסישע אידען זיינען געשטאַנען און האָבען זיך פערטיידיגט, געוויזען זייער גערעכטיגקייט געגען די שרעקליכע בע־שולדיגונגען, וואָס די רעגירער האָבען אויף זיי אויסגעטראַכט. ביי פיעלע זיינען טרעהרען געווען אין די אויגען. אויך מאָנטעפיאָרע און זיין פרוי האָבען קוים איינגעהאַלטען די טיעפע אויפרעגונג, וואָס האָט זיי בע־נומען”...

די שריפט, וואָס די ווילנער כלל־טהוער האָבען מיט נייַנציג יאָהר צוריק דערלאַנגט מאָנטעפיאָרע'ן, איז נאָך ביז איצט זעהר ווייניג בע־וואוסט. מיר דרוקען אַלס בעזונדער ביילאַגע אָט דעם וויכטיגען היסטאָ־רישען דאָקומענט, ווייל דאָס בילד, וואָס ווערט אונז דאָ געגעבען, איז כאַראַקטעריסטיש ניט בלויז פאַר ווילנע, נור פאַר דעם דעמאָלטיגען אידישען לעבען אין גאַנץ רוסלאַנד. דאָ ברענגען מיר נור אַ פּאָר שטעלען פון דער אינטערעסאַנטער ערקלערונג. עס ווערט אין איהר אָנגעוויזען אויף די שטענדיגע פערפאָלגונגען און בעליידיגונגען, וואָס די אידישע בעפעלקערונג שטעהט אויס פון דער אַדמיניסטראַציע, פון די אָרטיגע רעגירער און בעאַמטע. זיי מאַכען צו־נישט אַפילו יענע ווינציגע רעכט, וואָס אידען פערמאָגען לויט'ן געזעץ. זיי מאַכען דעם אידען צו שפּאָט און שאַנד. זיי האַלטען אין איין אויסטראַכטען בלבולים און צו־שטעלען דער העכערער רעגירונג פאַלשע בעשולדיגונגען און אויסקונפ־טען וועגען אידען. די בעאַמטע שינדען פון אידען די הויט, מען צאַפּט פון זיי דאָס בלוט. יעדער „נאַבאָר” פון רעקרוטען קאָסט אָב אָהן אַ ברעג

געלד און ברייגנט אַ חורבן אויף אידען, אַחוץ דעם וואָס קליינע קינדער ווערען דערביי אָבגעריסען פון זייער פאַלק און גלויבען. די האַרבע גזירות, וואָס שיטען זיך נאָכאַנאַנד אויף אידען, האָבען בעשאַפען צווישען זיי אַ שרעקליכע אָרימקייט, וועלכע פערגרעסערט זיך אַלץ און וואַקסט פון יאָהר צו יאָהר.

„די ווילנער אידען, — בעקלאָגען זיך די פאָרשטעהער פון דער דאָרטיגער געמיינדע, — זיינען מיט געוואַלט און מיט דער גרעסטער האַסטיגקייט פערטריבען געוואָרען פון די קריסטליכע שטאָדט־טיילען, וואו זיי האָבען געלעבט; וואָרים די פיינדליכע קריסטען האָבען אויסגעפּר־נען אַלט־פּוילישע געזעצען, לויט וועלכע עס איז אידען פערבאָטען דאָר־טען צו לעבען. דורכדעם זיינען צוויי טויזענד נפשות פאַלשטענדיג רו־אינירט געוואָרען, מען האָט פון זיי געמאַכט קבצנים. עס האָט זיך נאָך ניט געענדיגט אָט די צרה, — האָבען אויך די קאַראַאימער אויסגעווירקט, אַז מען זאָל אַרויסטרייבען אַלע אידען פון דער שטאָדט טראָק, וואָס גע־פינט זיך פיער מייל פון דאַנען. אַלע אַרויסגעטריבענע האָבען זיך בע־זעצט אין ווילנע, און דאָס האָט נאָך פערגרעסערט די אָרימקייט. דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען אומגעקומען, און די איבעריגע זיינען גע־פאַלען ווי אַ שווערע משא אויף ווילנע".

דאָס איז נאָך אַלץ ניט געוועזען גענוג.

„עס איז נאָך ניט פאַראיבער קיין צוויי יאָהר, איז אַרויס אַ בעפעהל, אַז אַ איד טאָר מעהר ניט האַלטען קיין ברויז. פריהער פלעגען פון דעם ביי אונז האָבען חיונה אַ פּאָר טויזענד אידישע נפשות. די אידען אין דעם שטאָדט־טייל אַנטאָקאָל, וואָס האָבען געהאַלטען ברויזען און געהאָט פיינע פרנסה, זיינען איצט, דורך דעם פערבאָט, געוואָרען אביונים, גע־בליבען אָהן אַ שטיקעל ברויט, און אַנטאָקאָל איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין חורבות. מענשען וואַלגערן זיך אין די גאַסען, און קיינער קאָן זיי ניט העלפען. אין גאַנץ ווילנע איז איין קלאָג־געשריי, וואָרים אַלע קוואַלען פון פרנסה זיינען אָבגעשאַפט געוואָרען, די הענדלער זיינען אַראָב פון זייער שטאַנד, אַלע געשעפטען זיינען געפאַלען, דורך די נייע פער־אָרדנונגען און בעגרענעצונגען איז דער האַנדעל אינגאַנצען געשלאָגען געוואָרען. קליינע קינדער געהן אויס נאָך אַ שטיקעל ברויט, אויף יעדען שריט און טריט מערקט מען שרעקליכע בילדער פון נויט און הונגער, אומעטום איז אַ יללה און געוויין. די אָרימקייט איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער היי־יאָהריגער „נאַבאָר" איז געוואָרען אַ מין פערגרינגערונג: עלטערן האָבען פריי־וויליג פערקויפט זייערע זיהן פאַר זעלנער"...

„מען בעשולדיגט אידען, — שרייבען זיי ווייטער, — וואָס זיי פער־

נעהמען זיך ניט מיט ערד־אַרבייט. אָבער מען פערוועהרט דאָך זיי צו קויפען ערד. און אַז אידען בעטען זיך רחמים, מען זאָל זיי, לויט'ן געזעץ, בעזעצען אין די כערסאָנער קאָלאָניעס, בעטראַכט מען יאָהרען־לאַנג זייערע בקשות און צום סוף זאָגט מען זיי אָב. מען וואַרפט אונז אויף, אַז מיר ווילען כלומרשט ניט האָרעווען, אָבער מען פערשליסט דאָך פאַר אונז אַלע פרנסות, מען דערלאָזט אונז ניט צו קיין שום אַרבייט, וויפיעל מיר בעטען זיך ניט וועגען דעם". „אין איינע פינף מינוט, — האָבען ערקלערט די פאָרשטעהער פון ווילנע, — קאָנען מיר דאָ צושטעלען פינף טויזענד אידען, וואָס זיינען גרייט צו געהן אויף די סאַמע שווערסטע אַרבייט, אַבי צו פערדיענען אויף אַ שטיקעל טרוקען ברויט !"

און דאָס „נאָכוואָרט" צו דער שריפט („סוף דבר") ענדיגט זיך מיט אַ האַרץ־רייסענדען יאָמער־געשריי:

„ברידער אונזערע אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד! וואָס שווייגט איהר? וואָס האַלט איהר זיך פון דערוויטענס?... עס וועט ניט פאָראיבער אַ לאַנגע צייט, וועלען פון די היגע אידען איין טייל אַנטלויפען פון נויט, צרות און פיין איבער דער גרעניץ, דער אַנדערער וועט דאָ אויסשטאַרבען פון הונגער און קעלט, ווי עס האָט שוין אָנגעהויבען היי־יאָהר ביי דער עפּידעמיע, וואו די צאָהל מתים איז אויסגעוואַקסען אין צווייען, און דער דריטער טייל (ער וועט אפשר בעטרעפען מעהר ווי אַ העלפט) וועט זיך טויפען!"...

אויסער דער אַלגעמיינער שריפט, וועלכע עס האָט פערפאַסט די ווילנער קאָמיסיע, האָבען דעפּוטאַטען פון אַנדערע שטעדט דערלאַנגט מאָנטעפיאָרע'ן פערשידענע בקשות און מאַטעריאַלען. אויך האָבען אייניגע פון די אידישע שריפטשטעלער, וואָס האָבען זיך געפונען אין ווילנע (א. ב. לעבענסאָן, ב. מאַנדעלשטאַם, ב. רינדזיונסקי און אַנדערע) איהם צוגעשטעלט בעזונדערע שריפטליכע ערקלערונגען וועגען דער אידען־פראַגע. מען קאָן זיכער זאָגען, אַז אין ווילנע האָט מאָנטעפיאָרע זיך גענוי ערקונדיגט מכח דעם לעבען פון די רוסישע אידען; ער האָט זיך מיט איהם בעקענט ניט אויבערפלעכליך, אין אַלגעמיינע שטריכען, נור גרינדליך און ערנסט. די ערקלערונגען, די פאַקטישע ידיעות און מאַטעריאַלען, וואָס ער האָט דאָ בעקומען, האָבען איהם געהעריג בעוואָפענט און צוגעגרייט צו דער וויכטיגער אויפגאַבע, וועלכע ער האָט אין פעטערבורג אויף זיך גענומען: צו צושטעלען דער קייזערליכער רעגירונג אַ גענויען בעריכט וועגען דער לאַגע פון די רוסישע אידען און וועגען די מיטלען אויף אויסצובעסערן זייער שיקזאַל.

אַ גרויסען איינדרוק אויף די פרומע ווילנער אידען האָט געמאַכט

דאָס, וואָס מאַנטעפיאָרע (וועלכער איז דאַן געווען אַן אבל נאָך זיין מוטער) האָט איינגעאָרדענט ביי זיך אין דער וואוינונג אַ מנין, וואו ער האָט דריי מאָל טעגליך געדאַווענט און געזאָגט „קדיש". אויך האָט ער גערופען אַ סופר, בעשטעלט פאַר זיך אַ ספר־תורה און אַליין אָנגעשריבען דעם ערשטען אות. טיעף גערירט האָט דעם גאָטספאָרכטיגען עולם דאָס, וואָס ער האָט מיט טרעהרען מתפלל געווען אויף דעם קבר פון ווילנער גאון. לויט ב. ראָזענטאַל'ס פאָרשלאַג, האָט מען פון מאָנטעפיאָרע'ן און זיין פרוי אָראָבגענומען פאָרטרעטען. אויף איינעם איז ער געווען גע־צייכענט אין זיין שעריף־קליידונג, און אויף דעם אַנדערען — אין אַ טלית, ביים דאַווענען. די בילדער האָט מען ליטאָגראַפירט, און זיי זיינען פער־שפרייט געוואָרען איבער גאַנץ ליטע, ווייס־רוסלאַנד און פוילען. אַלע אידישע קינדער, וועלכע זיינען אין ווילנע געבוירען געוואָרען אין פער־לויף פון די עלף טעג, וואָס מאָנטעפיאָרע און זיין פרוי האָבען דאָרט געווײלט, האָט מען געגעבען נעמען נאָך דעם בעריהמטען פאָר־פאָלק: די אינגלעך האָט מען אָנגערופען „משה" און די מיידלעך — „יהודית". אַנדערע עלטערן זיינען געפאַלען אויף אַ המצאה: זיי האָבען געמאַכט אַ קאָמבינאַציע פון די צוויי נעמען — „משה־יהודה", אָדער „מאָשע־יהודית". מ. א. גינצבורג דערצעהלט אין אַ בריף צו זיין פריינד וועגען דער געשיכטע מיט די נעמען, און ער בעמערקט דערביי: „און דו ווייסט דאָך גוט, אַז פאַר עלף טעג ווערען אין אַזאַ ווילנע אידישע קינדער גע־בוירען גאָר ניט ווינציג!"...

אין די בריף פון דעם בעוואוסטען ווילנער געלעהרטען און כלל־טהוער צבי הירש קאַצענעלענבויגען צו זיין איידעם, וואָס האָט געלעבט אין באָברויסק, שפיגלען זיך דייטליך אָב די געפיהלען, וואָס עס האָט ביי די אידען אין ווילנע אַרויסגערופען מאָנטעפיאָרע'ס בעזוך. בעזונדערס גרויס איז דאָ די התפעלות איבער זיין אידישער אויפפיהרונג, איבער זיינע רייכקייט און נדבות. אין די בריף געפינען מיר אויך אַן אָבקלאַנג פון די פאַנטאַסטישע מעשיות און לעגענדעס, וואָס האָבען זיך באַלד אָנ־געהויבען צו וועבען אַרום מאָנטעפיאָרע'ס נאָמען. „ביים גענעראַל־גור־בערנאַטאָר אויפ'ן באַל, ווען אַלע געסט האָבען זיך געשטופּט אַ קוק צו טהאָן אויף מאָנטעפיאָרע'ן, — שרייבט נאָאיוו קאַצענעלענבויגען, — האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר צו זיי געזאָגט: „זייט פאָרזיכטיג, היט אָב זיין כבוד, וואָרים ער איז דער שליסעל פון אייראָפּע צו אַמעריקע"... „דער טשעפּיק, וואָס מאָנטעפיאָרע'ס פרוי האָט אויפ'ן באַל געטראָגען, קאָסט אַ האַלב מיליאָן רובעל, וואָרים ער איז געווען בעדעקט מיט גרויסע בריליאַנטען"... „דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט איהם געפרעגט: ווי־פיעל פערמאָגט ער און ווי גרויס איז זיין קאַפּיטאַל? האָט מאָנטעפיאָרע

איהם דערויף געענטפערט, אַז ווען ער זאָל וועלען, וואָלט ער געקאָנט אָפּקויפען אַ מלוכה" [3])...

ווי פריהער אין פּעטערבורג, אַזוי האָט אויך איצט אין ווילנע די געהיים-פּאָליציי שטילערהייד אַכטונג געגעבען אויף מאָנטעפיאָרע'ן און נאָכגעפאָלגט יעדען שריט זיינעם. דער הויפּט פון דער ווילנער זשאַנ־דאַרמעריע, פּאָלקאָווניק קאָמאַראָווסקי, האָט געשיקט צו דער „דריטער אָבטיילונג" קיין פּעטערבורג געהיימע בעריכטען וועגען מאָנטעפיאָרע'ן. אויך ער שטעלט זיך דאָ אָב בעזונדערס גענוי אויף זיינע גרויסע נדבות. קאָמאַראָווסקי כאַראַקטעריזירט צוגלייך אין זיינע מיטטיילונגען די שטי־מונג צווישען ווילנער אידען און ער שרייבט, אַז זיי אַלע האָבען פער־וואָרפען זייערע עסקים און זיינען אינגאַנצען פערטהאָן אין איין ענין: מאָנטעפיאָרע ! [4]).

זיין בעמערקונג איז פאָלקאָם ריכטיג. די עלף טעג, וואָס מאָנטעפיאָ־רע האָט פערבראַכט אין ווילנע, זיינען פאַר די דאָרטיגע אידען געוועזן אַ מין יום-טוב. די „נשמה יתרה", וואָס שטרעבט נאָך עטוואָס העכערס און שענערס, האָט בעקומען אַ געוויסע בעפרידיגונג. מען האָט זיך אַ הויב געטהאָן איבער דער פינסטערער, שווערער וואָכעדיגקייט מיט איהרע ליידען, פּיין און ערנידערונגען. מען האָט פערגעסען אָן די ביטערע דאגות און צרות. מאָנטעפיאָרע'ס גלאַנץ און רייכקייט, דער אונגעוועהנליכער כבוד, וואָס די רעגירונג האָט איהם אָבגעגעבען, די איידעלע זעלבסט־אַכטונג, מיט וועלכער ער פלעגט שטענדיג אונטערשטרייכען זיין אידיש־קייט, — דאָס אַלץ האָט פול געמאַכט דאָס אָנגעוועהטאָגטע, בעליידיגטע אידישע האַרץ מיט שטאָלץ און פרייד, אָנגעצונדען אַ האָפנונג, אַז עס וועט ווערען עטוואָס לייכטער און גרינגער...

## IV.

נאָך זיין עלף-טאָגיקען אויפהאַלט אין ווילנע איז מאָנטעפיאָרע דעם 9-טען מאַי 1846 אָבגעפאָהרען קיין וואַרשע. אין וועג האָט איהם אין ווילקאָמיר בעגעגענט אַ דעפּוטאַציע פון דער אידישער געמיינדע. די ידיעות, וואָס ער האָט בעקומען וועגען דער לאַגע פון די דאָרטיגע אידען, זיינען געוועזן זעהר טרויעריגע. פאַר'ן לעצטען יאָהר איז אין ווילקאָמיר פון נויט און עלענד געשטאָרבען אַ פערטעל פון דער אידישער בעפעל־

[3]) צ. ה. קאַצענעלענבויגען'ס בריף וועגען מאָנטעפיאָרע'ס אויפהאַלט אין ווילנע וועט דער לעזער געפינען אויף זז. 105—101.

[4]) וועגען די ווילנער זשאַנדאַרמסקע בעריכטען מכח מאָנטעפיאָרע'ן זעה פּ. קאָן'ס אינטערעסאַנטען אַרטיקעל אין "Bnai Brith' Mitteilungen für Oesterreich" 1927, Heft 10.

קערונג. נאָכ׳ן בעזוכען די דאָרטיגע אידישע אַנשטאַלטען, האָט מאָנטע־פיאָרע ווייטער זיך געלאָזען אין וועג.

אין קאָוונע, וואוהין ער איז געקומען צופאָהרען ביי־נאַכט, האָט איהם מקבל פנים געווען אַ גרויסער עולם, מיט ברענענדיגע ליכט אין די הענט. דאָס בילד איז געווען זעהר שען און פייערליך. די פאָרשטעהער פון דער געמיינדע האָבען איהם צוגעשטעלט אַ שריפטליכע ערקלערונג וועגען דעם שווערען עקאָנאָמישען צושטאַנד פון די דאָרטיגע אידען. ער האָט געהאַט אַ געשפּרעך מיט דעם קאָוונער גובערנאַטאָר וועגען צונעהמען אידען אויף אַרבייט ביים אויסבעסערן די וועגען. דערנאָך האָט מאָנטע־פיאָרע זיך אָבגעשטעלט אין קאַלוואַריע און סואוואלק. אויך דאָ האָט ער זיך געזעהן מיט פערטרעטער פון די קהילות און בעקענט זיך מיט די אידישע אַנשטאַלטען און זייער צושטאַנד.

דעם 13־טען מאַי איז מאָנטעפיאָרע אָנגעקומען קיין וואַרשע. ס׳פער־שטעהט זיך, אַז אויך דאָ האָט איהם די אידישע בעפעלקערונג אויפגע־נומען מיט גרויס בעגייסטערונג. די גאַנצע צייט, וואָס ער איז דאָ גע־ווען, האָבען נעבען דעם האָטעל, וואו ער איז איינגעשטאַנען, פון אין דער־פריה ביז שפּעט אין דער נאַכט זיך געדרענגט פיעל הונדערטע אי־דען. אַלע האָבען געגלוסט אַ קוק צו טהאָן אויף דעם בעריהמטען אידי־שען פּאַטריאָט און טהוער. מאָנטעפיאָרע איז צוויי מאָל געווען ביים קייזערליכען „נאַמעסטניק" אין פּוילען, פירשט פּאַסקעוויטש׳ן.

ער איז אויפגענומען געוואָרען זעהר פריינדליך און מיט פיעל כבוד, אָבער פון פּאַסקעוויטש׳ן האָט ער אויסגעהערט דיזעלבע טענות געגען אידען, וועלכע ער האָט שוין פריהער פיעל מאָל געהערט אין רוסלאַנד. צאַר ניקאָלאַי׳ס פיינדליכע שטעלונג אין דער אידישער פראַגע איז גע־ווען גענוג קלאָר, און אַלע פאָרשטעהער פון די רעגירונגס־קרייזען, מיט וועלכע עס איז מאָנטעפיאָרע׳ן אויסגעקומען צו פערהאַנדלען, פלעגען ווידערהאָלען די אויסגעדראָשענע בעשולדיגונגען און טענות געגען אי־דען. ווי עס איז צו זעהן פון מאָנטעפיאָרע׳ס נאָטיץ־בוך, האָט אויף איהם פירשט פּאַסקעוויטש געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער פערהאַלט זיך בע־זונדערס פיינדליך געגען אויסבעסערן די רעכטליכע לאַגע פון די פּוילי־שע אידען.

די צוועלף טעג, וואָס מאָנטעפיאָרע האָט פערבראַכט אין וואַרשע, האָט ער זיך בעמיהט וואָס גענויער צו בעקענען זיך מיט דער אידישער לאַגע אין פּוילען. ער האָט געפיהרט געשפּרעכען מיט פאָרשטעהער פון דער וואַרשעווער געמיינדע און פון אַנדערע קהילות, געזאַמעלט ידיעות און מאַטעריאַלען וועגען דעם לעבען פון די פּוילישע אידען. ער האָט דאָ געהאַט די געלעגענהייט צו איבערצייגען זיך, אַז די לאַגע פון די אידען

אין פוילען איז זעהר טרויעריג, אין אַ סך בעציהונגען נאָך טרויעריגער, ווי אין ליטע און רייסען. אין וואַרשע און אין אַ גאַנצער רייה פוילישע שטעדט איז זיי אין אַ סך גאַסען געווען פערבאָטען צו וואוינען. זיי האָבען זיך אויך ניט געטאָרט בעזעצען ביי די וועגען אויף די שאָסייען. אידישע האַנדווערקער זיינען געווען שטאַרק בעגרעניצט אין זייערע רעכט. זיי האָבען ניט געטאָרט האַלטען קיין געזעלען אָדער לערן־אינגלעך. זיי האָבען ניט געקאָנט בעקומען דעם גראַד „מייסטער". פון אידען האָט מען גענומען ספּעציעלע האַרבע און בעליידיגענדע אָבצאָהלונגען.

מאָנטעפיאָרע האָט זיך נאָהענט בעקענט אויך מיט די וואַרשעווער אידישע צדקה־און לעהר־אנשטאַלטען. ער האָט בעזוכט דעם דאָרטיגען אידישען שפּיטאָל, דעם מושב־זקנים, די ישיבה און אַנדערע שולען. בעזונדערס האָבען ביי איהם אויסגענומען מיט זייער גוטער אָרדנונג דער גרויסער אידישער שפּיטאָל און דער מושב־זקנים; אויך לויבט זעהר מאָנטעפיאָרע אין זיינע רייזע־נאָטיצען די וואַרשעווער כלל־טהוער, דער־פאַר וואָס זיי מיהען זיך אויסצובילדען פון אָרימע אידישע קינדער רעכטע האַנדווערקער. ער האָט דאָ אומעטום, ווי געוועהנליך, געגעבען גרויסע נדבות.

דעם 25־טען מאַי איז מאָנטעפיאָרע אַוועקגעפאָהרען פון וואַרשע צוריק קיין ענגלאַנד. אין בערלין, פראַנקפורט און אין די אַנדערע שטעדט, וואו ער האָט זיך אונטערוועגס אויפגעהאַלטען, האָט די אידישע בעפעלקערונג איהם בעגעגענט מיט דער גרעסטער בעגייסטערונג. מאָנ־טעפיאָרע'ס רייזע קיין רוסלאַנד האָט נאָך פערשטאַרקט די אונגעוועהנליכע אַכטונג און די ליעבע, וואָס זיין נאָמען האָט אַרויסגערופען אין דער גאַנ־צער אידישער וועלט, נאָכדעם ווי ער האָט גערעטעוועט די אידען אין סיריע פון דעם בלוט־בלבול.

דעם 17־טען יוני האָט ער זיך אומגעקערט קיין לאָנדאָן. דעם נעקסטען שבת איז אין אַלע שוהלען אין ענגלאַנד פאָרגעלייענט געוואָרען אַ בעזונדער דאַנק־תפילה צוליעב זיין גליקליכען צוריקקומען פון דער וויטער נסיעה. אידישע קהילות פון פערשידענע לענדער האָבען איהם צוגעשיקט בעגריסונגען. די ענגלישע קעניגין, וויקטאָריע, האָט באַלד נאָך מאָנטעפיאָרע'ס צוריקקעהר פון רוסלאַנד איהם בעלוינט מיט דעם הויכען טיטול „באַראָנעט". אין אַ בעזונדער בריף פון דעם ענגלישען מיניסטער־פּרעזידענט, ראָבערט פּיל, איז אַרויסגעזאָגט געוואָרען אין נאָ־מען פון דער קעניגין איהר טיעפע אַכטונג צו מאָנטעפיאָרע'ן און די האָפנונג, אַז די הויכע עהרען־אויסצייכענונג וועט איהם מיטהעלפען אין זיינע איידעלע בעמיהונגען אויסצובעסערן די לאַגע פון די אידען אין אַנדערע לענדער.

אין גיכען נאָך זיין צוריקקומען קיין ענגלאַנד איז מאָנטעפיאָרע צו־געטראָטען צו דער אויפּאַבע, וואָס ער האָט לויט דעם פאָרשלאַג פון דעם קייזער ניקאָלאַי אויף זיך גענומען: צושטעלען אַ בעריכט וועגען דער לאַגע פון די אידען אין רוסלאַנד און וועגען די מיטלען אויפצוהויבען זייער צושטאַנד. די פּערזענליכע בעאָבאַכטונגען, וואָס ער האָט אין פערלויף פון העכער ווי צוויי מאָנאַטען געמאַכט אין רוסלאַנד, די שריפטליכע ער־קלערונגען, וועלכע ער האָט דאָ בעקומען פון אַ סך קהילות, די געשפּרע־כען, וואָס ער האָט געפירט מיט אידישע כלל־טהוער, — דאָס אַלץ האָט איהם געגעבען זעהר אַ רייכען און וויכטיגען מאַטעריאַל פאַר יענעם באַ־ריכט, אין וועלכען ער האָט איצט געדאַרפט מאַכען דעם אַלגעמיינעם סך־הכל, און פאַר די נויטיגע אויספיהרונגען. די בעאַרבייטונג פון דעם גרויסען, פערשידענאַרטיגען שטאָף, וואָס מאָנטעפיאָרע האָט געזאַמעלט אין רוסלאַנד, האָט געפאָדערט פיעל צייט, פלייס, בעהאַוועטקייט. ערשט אין סוף אָקטאָבער האָט מאָנטעפיאָרע געענדיגט זיין אַרבייט, און דעם 10־טען נאָוועמבער 1846 האָט ער דורך דעם ענגלישען אַמבאַסאַדאָר אין פעטערבורג אָבגעשיקט צום פּאָרזיצער פון דעם „אידישען קאָמיטעט", גראַף קיסעלעוו'ן, צוויי שריפטען: איינע וועגען די אידען אין רוסלאַנד, די אַנדערע — וועגען די אידען אין פּוילען, און אַ דריטע שריפט, אויפ'ן נאָמען פון דעם בילדונגס־מיניסטער, אואוואַראָוו'ן, וועגען די אידישע שול־אנגעלעגענהייטען.

מיר האָבען ניט קיין מעגליכקייט דאָ צו ברייגען די דריי גרויסע שריפטען, וואָס געפינען זיך אין אַרכיוו פונ'ם גאָסודאַרסטוועני סאָוועט. מיר קאָנען בלויז קורץ אָנווייזען אויף זייער אַלגעמיינעם כאַראַקטער און אינהאַלט. מאָנטעפיאָרע'ס אויפגאַבע איז געווען זעהר אַ שווערע און פעראַנטוואָרטליכע, אָבער ערפילט געוואָרען איז זי דורך איהם העכסט געלונגען. מען קאָן אָהן שום איבערטרייבונג זאָגען, אַז די דריי שריפטען זיינען ווירקליך עכטע מייסטער־ווערק. מיט אויסערליך רוהיגע, גע־לאַסענע ווערטער, פול מיט דרך־ארץ און אַכטונג, זאָגט אַרויס מאָנטע־פיאָרע דער רוסישער רעגירונג דעם גאַנצען ביטערען אמת. הינטער דער מילדער שפּראַך שפּירט זיך אַ פעסטע איבערצייגונג, אַ טיעף גע־פיהל פון וועהטאָג און מיטלייד.

מאָנטעפיאָרע גיט דאָ אַ קלאָר בילד פון דער שרעקליכער אָרימ־קייט, וואָס הערשט צווישען די אידען אין רוסלאַנד. ער בעשרייבט זייערע גרויסע ליידען און פּיין, וועלכע ווערען אַרויסגערופען דורך זייער רעכט־לאָזיגקייט, דורכדעם וואָס די געזעצען בינדען זיי אויף יעדען שריט. די רעגירונג זאָגט, אַז די 17 גובערניעס פון דער אידישער „טשערטאָ" (די טעריטאָריע, וואו מען האָט ערלויבט אידען צו וואוינען) זיינען אַ גענוי־

גענדער ראַיאָן, וואו אידען קאָנען זיך פאַלקאָם שפּייזען. אָבער ערשטענס, — בעמערקט מאָנטעפיאָרע, — זיינען אויך אין דער „טשערטאַ" אַ גאַנצע רייה שטעדט געשלאָסען פאַר אידען. מען האָט זיי אויך פערטריבען פון די דערפער און גרעניץ־געגענדען. פאַקטיש איז, אַלזאָ, די „טשער־טאַ" פיעל, פיעל קלענער, ווי עס דוכט זיך אויפ'ן ערשטען בליק. און צווייטענס, איז דער איד אַפילו אין דער „טשערטאַ" אויך געבונדען און געדריקט. זיינע רעכט אויף צו האַנדלען זיינען בעגרעניצט. ער טאָר ניט האַלטען קיין ברויז, קיין פאָסט, ער טאָר זיך ניט פערנעהמען מיט נאָך פיעל אַנדערע פּראָפעסיעס. די מייסטע קוואַלען פון פרנסה זיינען פאַר דעם אידען פערשלאָסען.

מאָנטעפיאָרע שטעלט זיך אויך אָב אויף די סקאַרבאָווע בעשולדי־גונגען, וואָס די רעגירונג רוקט געוועהנליך אַרויס געגען די אידען, און ער בעווייזט זייער פאַלשטענדיגע גרונדלאָזיגקייט. מען טענה'עט, אַז אידען ווילען כלומרשט ניט אַרבייטען. געגען דעם ווייזט אָן מאָנטע־פיאָרע אויף די גרויסע צאָהל האַנדווערקער צווישען אידען, אַפילו ביי די שווערסטע פאַכען (ברוקירער, האָלץ־האַקער א. אַז. וו.). צעהנדליגע טויזענדער אידען זיינען גרייט צו געהן אויף שווערסטע אַרבייט, אום צו פערדיענען אַ שטיקעל ברויט, — אָבער די אַדמיניסטראַציע, די בעאַמטע לאָזען זיי ניט צו. אַלע זייערע בקשות וועגען דעם בריינגען צו גאָרנישט. מען בעשולדיגט די אידען, אַז זיי פערנעהמען זיך ניט מיט ערד־אַרבייט. אָבער ווי פיעל שוועריגקייטען מאַכט מען דעם אידען, ווען ער וויל זיך בעזעצען אין אַ קאָלאָניע! און אַחוץ דעם, איז דאָך דעם אידען פער־וועהרט צו קויפען ערד. מען טענה'ט, אַז דער דאָרפישער איד פלעגט עקספּלואַטירען, בעראַבעווען דעם פּויער. אַז דאָס איז נור אַ בלבול, איז צו זעהן שוין פון דעם, וואָס זינט מען האָט אין ליטע און ווייס־רוסלאַנד פערטריבען אידען פון די דערפער, איז דער עקאָנאָמישער צו־שטאַנד פון די דאָרטיגע פּויערים געוואָרען פיעל ערגער.

מאָנטעפיאָרע וואַרפט אָב מיט פאַקטען און קלאָרע בעווייזען אויך די איבעריגע בלבולים געגען אידען. אויב איינצעלנע אידען, — בע־מערקט ער, — האַנדלען געגען דעם געזעץ (ווי עס טהוען דאָסזעלביגע אויך קריסטען), דאַרף מען זיי בעשטראָפען. אָבער מען טאָר ניט דערויף בויען בעשולדיגונגען געגען דעם גאַנצען אידישען פאָלק. און אַחוץ דעם, צי איז דאָס אַ יושר: אָבנעהמען ביי אַ מענשען אַלע בירגער־ר ע כ ט און צוגלייך פאָדערן פון איהם, ער זאָל געטרוי און פּינקטליך ערפילען אַלע בירגער־פ ל י כ ט ע ן? מאָנטעפיאָרע ווייזט אויך אָן אויף דעם גרויסען שאָדען, וועלכער האָט געטראָפען די רוסישע אידען דורכדעם, וואָס מען האָט אָבגעשאַפט זייער זעלבסט־פערוואַלטונג (דעם קהל), וואָס האָט גע־

זאָרגט וועגען זייערע געמיינשאַפטליכע אינטערעסען. אמת, פיעלע פון די אַנגעלעגענהייטען, מיט וועלכע עס האָט זיך פערנומען דער קהל, געהערען איצט צו די אַלגעמיינע שטאָדט־פערוואַלטונגען, אָבער אין די מייסטע ערטער לאָזט מען ניט די אידען זיך בעטייליגען אין דער שטאָדטישער פערוואַלטונג.

נאָכדעם ווי מאָנטעפיאָרע האָט גענוי בעשריבען דעם טרויעריגען צושטאַנד פון די רוסישע אידען, ווענדט ער זיך צו דער פראַגע וועגען די מיטלען, דורך וועלכע דאָס קאָן אויסגעבעסערט ווערען. ער וועיזט אָן אויף פערשידענע איינצעלנע בעגרענצונגען, אין בעצוג אויף וואוינרעכט און בעשעפטיגונגען, וואָס דאַרפען בעזייטיגט ווערען. אָבער ער בענוגענט זיך ניט בלויז מיט דעם. מאָנטעפיאָרע זאָגט אַרויס קלאָר און אָפען זיין פעסטע איבערצייגונג, אַז דאָס גרויסע אונרעכט און בייז קאָן בטל ווערען נור דורך אָבשאַפען באַלד אַלע אויסנאַהמס־געזעצען געגען אידען, דורך געבען זיי ג ל י י כ ע ר ע כ ט מיט אַלע אַנדערע רוסישע בירגער. ביי זייער איצטיגער לאַגע, — פערענדיגט ער זיין ערקלערונג, — קאָנען די אידען ניט ענטוויקלען קיין רעכטע טהעטיגקייט און בעוואָרענען זייער עקזיסטענץ. ביי דער איצטיגער לאַגע זיינען זיי פער׳משפט אויף עלענד, נויט און פאַלשטענדיגע פערצווייפלונג. זיי זיינען שוין ווירקליך דערגאַנגען ביז צו דער לעצטער שטופע פון אָרימקייט און ערנידערונג.

אין דער צווייטער שריפט, וועגען די אידען אין פוילען, וועיזט אָן מאָנטעפיאָרע דערויף, אַז אַחוץ די אַלגעמיינע בעגרענצונגען געגען די אידען אין גאַנץ רוסלאַנד, ווערען די פוילישע אידען נאָך געדריקט דורך פערשידענע ספּעציעלע אויסנאַהמס־געזעצען. געגען זיי גילטען נאָך בעזונדערע גזירות, וואָס בעגרעניצען זייער וואוינרעכט און רויבען ביי זיי די מעגליכקייט צו פערנעהמען זיך מיט פערשידענע בעשעפטיגונגען. די אידען אין פוילען ווערען בעטראַכט פאַר פרעמדע. דאָס געזעץ ערנידעריגט זיי אַזוי ווייט, דאָס אַ איד טאָר אַפילו ניט אַרויסטרעטען פאַר׳ן געריכט אַלס עדות געגען אַ קריסט. „אויב איך רייד וועגען די אידען אין פוילען קירצער, — בעמערקט מאָנטעפיאָרע, — איז עס ניט דעריבער, ווייל איך רעכען, אַז זייער לאַגע פערדיענט ווייניגער אויפמערקזאַמקייט, ווי דער צושטאַנד פון זייערע רוסישע ברידער. פערקעהרט, זייער נויט און ערנידערונג איז אין פוילען שרעקליך ביז׳ן העכסטען גראַד, און עס מוז דעריבער נאָך גענומען ווערען אין בעטראַכט, אַז זיי בילדען אַ פערטעל פון דער גאַנצער בעפעלקערונג. קירצער געשריבען וועגען זיי האָב איך דערפאַר, ווייל די אַלגעמיינע בעמערקונגען, וואָס איך

האָב אַרויסגעזאָגט וועגען דער לאַגע פון די אידען אין רוסלאַנד, קעהרען זיך אָן אויך צו די אידען אין פוילען".

זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר מאָנטעפיאָרע'ן איז אויך דער בעריכט, וועלכען ער האָט גלייכצייטיג צוגעשטעלט דעם בילדונגס־מיניסטער, אואוואראָוו'ן. געגען די טענות וועגען דער אידישער אונוויסענקייט, וואָס מאָנטעפיאָרע האָט אין פעטערבורג געהערט פון אואוואראָוו'ן, שרייבט ער איהם איצט וועגען די תלמוד־תורה'ס, ישיבות און שולען, וואָס ער האָט בעזוכט אין אַ סך אידישע שטעדט, און ער בעשטעטיגט די גרויסע ערפאָלגען פון די שילער, וואָס ער האָט בעאָבאַכט. ער בעטאָנט, אַז די אידישע קענטענישען, וואָס שטעהען אַזוי הויך אין די ליטווישע געגענדען, האָבען אַ גרויסע ציוויליזירענדע בעדייטונג. מאָנטעפיאָרע בעמערקט, אַז אידען זיינען אָנהענגער פון אַלגעמיינער בילדונג. אידישע עלטערן האָבען גאָרנישט געגען דעם, אַז זייערע קינדער זאָלען זיך בילדען, אָבער זיי האָבען מורא, אַז בילדונג אָ ה ן ר ע כ ט קאָן זיי אָבווענדען פון דעם גלויבען, וואָס איז פאַר אידען טייערער ווי אַלץ.

בעת די געשפּרעכען מיט מאָנטעפיאָרע'ן האָט אואוואראָוו אויך גע־טענה'ט וועגען די „תלמודישע אבערגלויבענס" און מכח זייער שעדליכער ווירקונג אויף די רוסישע אידען. געגען דעם אונטערשרייכט מאָנטע־פיאָרע מיט שטאָלץ דעם הויכען מאָראַלישען און געזעלשאַפטליכען ווערטה פון דער תלמודישער לעהרע, און ער בעווייזט עס אויספיהרליך דורך ביישפּיעלען און אויסצוגען, וועלכע ער ברייגגט פון דער אידישער רע־ליגיעזער ליטעראַטור. ער ווייזט אויך אָן דערויף, אַז עס וואָלט געווען אַ יושר, מען זאָל אידען ערלויבען אַליין צו פערוואַלטען איבער זייערע רעליגיעזע שולען (ישיבות, חדרים, תלמוד־תורה'ס).

אין מאַי 1847 האָט גראַף קיסעלעוו צוגעשטעלט דעם קייזער ני־קאָלאַי דעם ערשטען די שריפט פון מאָנטעפיאָרע'ן וועגען די אידען אין רוסלאַנד, אין אַ פראַנצויזישער איבערזעצונג פון ענגליש. ווי עס איז צו זעהן פון אַן אַרכיוו־דאָקומענט, וועלכער געפינט זיך ביי דער שריפט, האָט ניקאָלאַי פערזענליך געגעבען קיסעלעוו'ן זיינע בעמערקונגען וועגען מאָנטעפיאָרע'ס געדאַנקען, און קיסעלעוו האָט זיי אויפ'ן אָרט פערציי־כענט. אָט וואָס דער קייזער האָט געזאָגט:

„מאָנטעפיאָרע'ס בעריכט איז אָנגעשריבען אויף אַן אנשטענדיגער אַרט, און עס זיינען אין איהם דאָ ריכטיגע בעמערקונגען וועגען דעם ווי־דערשפּרוך צווישען איינצעלנע געזעצען. מען דאַרף עס בעזייטיגען, אָבער נ ו ר א י ן י ע נ ע ג ו ב ע ר נ י ע ס, ו ו א ו א י ד ע ן מ ע ג ע ן ל ע ב ע ן, און וואו עס זיינען ניטאָ וועגען דעם קיין בע־זונדערע פּריווילעגיעס". „אָבער ווען מאָנטעפיאָרע רעדט וועגען פּרוּוועגן

אויסגלייכען אידען אין זייערע רעכט מיט קריסטען, — אַזוי האָט ער־קלערט דער קייזער, — קאָן מען אַזוינס ניט דערלאָזען, א ו ן ו ו י ל אַ נ ג א י ך ו ו ע ל ל ע ב ע ן, ו ו ע ל א י ך ע ס נ י ט ד ע ר ל אָ ז ע ן". „דער קייזער טאָר ניט פערגעסען, אַז זיין פליכט איז — צו בעשיצען די רעכט פון זעכציג מיליאָן מענשען". „די בעגרענצונ־גען, וועלכע דאָס געזעץ האָט בעשטימט, קאָנען ניט אָבגעשאַפט ווערען מיט אַמאָל, פלוצלינג". „אונזערע אידען, וועדליג זייער אונוויסענקייט, דעם פאַנאַטיזם פון פערשידענע סעקטעס און אַנדערע אומשטענדען, קאָן מען ניט פערגלייכען מיט די ענגלישע און אַנדערע אידען". „אויב עס וועט זיך איינגעבען דער איצטיגער פערזוך אַ קעהר צו טהאָן די אידען צו נוצליכער אַרבייט, וועט די צייט פון זיך אַליין ברייגגען צום אָבשאַפען פאַמעליך יענע בערענצונגען, וועלכע זיינען איצט נאָך נויטיג".

און דער ענדגילטיגער אויספיהר, וואָס ניקאָלאַי האָט געמכאַט, איז געווען: „מען דאַרף האָבען אין זינען, אַז כאָטש מאָנטעפיאָרע שרייבט ווי אַ גוטער און עהרליכער מאַן, איז ער דאָך אַ איד און אַן אַדוואָקאַט, און דעריבער איז פון זיין זייט גאַנץ נאַטירליך צו פערלאַנגען פיעל. אָבער מיר מוזען זיין פאָרזיכטיג, מיר מוזען געבען און פערשפרעכען נור דאָס, וואָס איז מעגליך, ניט אָבגעבענדיג זיך צופיעל מיט מענשען־ליעבע, פי־לאַנטראָפיזם".

אויך מאָנטעפיאָרע'ס שריפט וועגען די אידען אין פוילען איז אין נאָוועמבער 1847 צוגעשטעלט געוואָרען דעם קייזער, און ער האָט אויף איהר אָנגעצייכענט פאָלגענדעס: „וויבאַלד מיר שטרעבען פעסט צונויפ־צובינדען אַלץ אין פוילען מיט רוסלאַנד, דאַרף מען אויך די אידען אין פוילען שטעלען אונטער דיזעלבע געזעצען, ווי אין רוסלאַנד, מעגליכסט אָהן שום אונטערשיד".

גראַף קיסעלעוו האָט דעם 5־טען נאָוועמבער 1847, דורך אַ בריף, מיטגעטיילט מאָנטעפיאָרע'ן, אַז ער האָט זיינעביידע שריפטען צוגע־שטעלט דעם קייזער, און אַז לויט יענעמס בעפעהל זיינען זיי איבערגע־געבען געוואָרען אין „אידישען קאָמיטעט", וואו זיי וועלען גענומען ווע־רען אין בעטראַכט ביים בעאורטיילען פערשידענע איינצעלנע אָנגעלעגענ־הייטען. אויך דער בילדונגס־מיניסטער אואוואַראָוו האָט אָנגעשריבען מאָנטעפיאָרע'ן אַ בריף. ער האָט דאָ מיט קיין איין וואָרט ניט בע־ריהרט די ענינים, וועגען וועלכע יענער האָט גערעדט אין זיין בעריכט. אואוואַראָוו איז יוצא געווען מיט פערזיכערן איהם נאָכאַמאָל, אַז די רוסישע רעגירונג איז ניט אויסען קיין זאַך געגען דעם אידישען גלויבען.

מיט דעם האָט זיך אַלץ געענדיגט. פון די האָפנונגען, וואָס מען האָט געלעגט אויף מאָנטעפיאָרע'ס רייזע קיין רוסלאַנד, איז גאָרנישט גע־

ווארען. צאַר ניקאָלאַי דער ערשטער האָט קלאָר און פעסט אַרויסגע־זאָגט זיין ווילען. ער איז פערבליבען ביי זיין פיינדליכער בעציהונג צו אידען. וועגען גלייכבערעכטיגונג פאַר זיי קאָן קיין רייד ניט זיין („כל זמן איך וועל לעבען, וועל איך עס ניט דערלאָזען!"). אידען זיינען אַ שעדליכער טייל פון דער בעפעלקערונג, מען דאַרף זיי „אויסבעסערן" דורך פערשידענע שטראָף־מיטלען, גזירות, בעגרענצונגען. — די אי־דישע לאַגע איז אַפילו אויף אַ האָר ניט גרינגער געוואָרען. אין די לעצטע יאָהרען פון ניקאָלאַי׳ס הערשאַפט האָט זי זיך, פערקעהרט, וואָס ווייטער אַלץ מעהר פערערגערט. עס האָבען זיך נאָכאַנאַנד געשאָטען נייע גזירות און פערפאָלגונגען, און אידישע טרעהרען האָבען זיך געגאָסען טייכענווייז.

מאָנטעפיאָרע׳ס ענטטוישונג איז געווען זעהר גרויס, אָבער ער האָט טיעף אין זיך בעהאַלטען דאָס ביטערע געפיהל און פריינדליך, מיט דאַנק, אָבגעענטפערט אויף קיסעלעוו׳ס און אואוואַראָוו׳ס בריף. ער האָט ניט געוואָלט, ווי דאָס ווערטעל זאָגט, „פערברענען הינטער זיך דעם בריק". ער האָט פערשטאַנען, אַז עס קאָן זעהר זיין, ער זאָל דאַרפען אַרויסטרע־טען מיט אַ וואָרט פאַר די אידען אין רוסלאַנד, און ער האָט ניט געוואָלט אָבנעהמען ביי זיך די מעגליכקייט עס צו טהאָן. די צייט האָט בעוויזען, אַז ער איז געווען גערעכט. אין יאָהר 1851 איז אין סוראַם (אויף קאַוו־קאַז) ענטשטאַנען אַ בלוט־בלבול געגען די דאָרטיגע אידען, און זיי האָ־בען זיך געווענדעט צו מאָנטעפיאָרען נאָך הילף. ער האָט זיך געזעהן מיט דעם רוסישען אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן, אויך אָנגעשריבען אַ בריף צום קייזערליכען „נאַמעסטניק" אין קאַווקאַז, פירשט וואָראָנצאָוו׳ן. זיינע בעמיהונגען האָבען פיעל מיטגעווירקט, און פון סוראַמער אידען איז אָב־געווענדעט געוואָרען די גרויסע געפאַהר, וואָס איז איבער זיי געהאַנגען.

---

ווידער איז משה מאָנטעפיאָרע געווען אין רוסלאַנד אין יאָהר 1872.

דאָסמאָל איז ער אָהער געקומען ניט צוליעב בעשיצען אידישע אינטערעסען. דאַן איז אין רוסלאַנד געפייערט געוואָרען דאָס 200־יאָהרי־גע יובילעאום פון דעם קייזער־רעפאָרמאַטאָר פיאָטר דעם גרויסען. איז מאָנטעפיאָרע, וועלכער איז שוין אַלט געווען 88 יאָהר, אין יולי 1872 געקומען קיין פעטערבורג, כדי צו ברייננען דעם קייזער אַלעקסאַנדער דעם צווייטען צום יובילעאום אַ בעגריסונג פון די ענגלישע אידען. ער איז דאָ אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס כבוד. אין העלסינגפאָרס (פינ־לאַנד) האָט די רוסישע רעגירונג פאַר איהם צוגעגרייט אַן עקסטראַ צוג קיין פעטערבורג. דער קייזער האָט זיך דאַן אויפגעהאַלטען אין „קראַס־נאָיע סעלאָ". כדי ניט צו בעמיהען דעם אַלטען מאַן צו מאַכען אַ רייזע

הינטער דער שטאָדט, איז ער געקומען קיין פּעטערבורג און געגעבען מאָנטעפיאָרע'ן אָן אוידיענץ אין דעם ווינטער־פּאַלאַץ. אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט איהם אויפגענומען פריינדליך, האַרציג געדאַנקט, גע־האַט מיט איהם אַ געשפּרעך און איהם דערמאָהנט וועגען זיין ערשטער רייזע קיין רוסלאַנד, אין יאָהר 1846. די פאָרשטעהער פון דער פּעטער־בורגער אידישער געמיינדע האָבען בעזוכט מאָנטעפיאָרע'ן און איהם בעגריסט. אויך אין ווילנע און קאָוונע, ביי זיין צוריקקעהר פון פּע־טערבורג, האָבען איהם בעגעגענט אידישע דעפּוטאַציעס.

דער בעריהמטער העברעאישער פּאָעט י. ל. גאָרדאָן, וועלכער האָט דאַן אין פּעטערבורג בעזוכט מאָנטעפיאָרע'ן, שרייבט אין זיינע עראינע־רונגען [5]: „איך האָב זיך דאָ ניט־ווילענדיג דערמאָהנט אָן יענער צייט, ווען איך האָב אין ווילנע אין יאָהר 1846 דערזעהן אויף דער גאַס מאָנטע־פיאָרע'ן, בעת ער איז אַרויס פון זיין קאַרעטע צום באַל ביי דעם גענע־ראַל־גובערנאַטאָר. ער איז דאַן געווען הויך, שלאַנק, געקליידט אין אַ פּאַראַדנעם רויטען מונדיר... איצט איז ער געווען אַ געבויגענער, מיט עפּיס אַ קליינעם האָרב אויפ'ן רוקען — אַ שפּור פון די זעקס און צוואַנציג יאָהר, וואָס זיינען פון דעמאָלט פאָראיבער"...

פאַר דעם פערטעל יאָהרהונדערט האָט זיך געענדערט ניט נור מאָנ־טעפיאָרע'ס אויסזעהן. גרויסע ענדערונגען זיינען פאָרגעקומען אויך ביי די רוסישע אידען. קיין גלייכבערעכטיגונג האָבען די אידען אין רוס־לאַנד דאַן נאָך ניט געקראָגען, אָבער די לאַגע פון דער אידישער בעפעל־קערונג איז טיילווייז קענטיג פערגרינגערט געוואָרען. אידען מיט הע־כערער בילדונג, סוחרים, האַנדווערקער האָבען בעקומען וואוינרעכט אין גאַנץ רוסלאַנד. מען האָט שוין מעהר ניט געדאַרפט פרעדיגען צו אידען, זיי זאָלען זיך בילדען. די אַלגעמיינע שולען זיינען געווען פול מיט אי־דישער יוגענד און די רוסישע אידען האָבען געמאַכט גרויסע פאָרשריטען אין פערשידענע געביטען פון וויסענשאַפט און פון פּראַקטישער טהע־טיגקייט.

ווען מאָנטעפיאָרע איז מיט 25 יאָהר צוריק געקומען קיין פּעטער־בורג, האָט ער דאָ געטראָפען נור אידישע סאָלדאַטען. איצט האָט ער אין פּעטערבורג געזעהן אַ געהעריג אָרגאַניזירטע אידישע געמיינדע, גרויסע אידישע סוחרים, אינטעליגענטען, זשורנאַליסטען מיט אַ היבשען נאָמען אין דער אַלגעמיין־רוסישער פּרעסע, פיעל אידישע סטודענטען א. אַז. וו. אויך די העברעאישע ליטעראַטור, וועלכע איז שטענדיג גע־ווען מאָנטעפיאָרע'ן זעהר ליעב און טייער, איז פאַר דעם פערטעל יאָהר־הונדערט שטאַרק אויסגעוואַקסען, געוואָרען פיעל רייכער אין אינהאַלט

[5]) זעה „רשומות", באַנד 5.

און פאָרם. עס איז אַפילו ענטשטאַנען אין רוסלאַנד אַ פּרעסע אין דער העברעאישער שפּראַך. מאָנטעפיאָרע'ס נאָטיץ־בוך בעוויזט, אַז די אַלע וויכטיגע ענדערונגען, וואָס ער האָט דאָ געמערקט צווישען די אידען אין רוסלאַנד, האָבען איהם טיעף געפרעהט.

די וויטערדיגע צייט האָט איהם אָבער געגרייט ביטערע ערפאַהרונ־גען. אין יאָהר 1879 איז אין קוטאַאיס (קאַווקאַז) פערפיהרט געוואָרען דער בעוואוסטער פּראָצעס געגען אַ גרופּע קאַווקאַזער אידען, אַז זיי האָבען פאַר פּסח דער'הרג'עט אַ קריסטליך קינד, אום צו געברויכען זיין בלוט ביים באַקען מצה. מאָנטעפיאָרע איז פון דער ידיעה צורודערט גע־וואָרען און ער האָט, ניט אַכטענדיג אויף זיינע 95 יאָהר, געוואָלט פאָהרען קיין רוסלאַנד. ער האָט זיך דורכגעשריבען מיט דעם רעדאַקטאָר פון פּעטערבורגער „המליץ", א. צעדערבוים, און ערשט נאָכדעם ווי יענער האָט איהם בערוהיגט, אַז דער פּראָצעס געהט ווי עס בעדאַרף צו זיין, האָט זיך מאָנטעפיאָרע אָבגעזאָגט פון דעם געדאַנק וועגען פאָהרען קיין פּעטערבורג.

נאָך מעהר האָט איהם אין יאָהר 1881 בעדריקט די נאָכריכט וועגען די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד. דער 97־יאָהריגער זקן האָט זיך גע־ריסען קיין פּעטערבורג, בעטען ביים קייזער רחמים פאַר זיינע אונגליק־ליכע ברידער. און ווען די פריינד האָבען איהם אָנגעוויזען אויף זיין עלטער און שוואַכקייט, האָט ער געענטפערט: „איך פאָדער, מען זאָל מיך אַ ר ו י ס ט ר אָ ג ע ן און ברייננען אויפ'ן שיף, און אין פּעטער־בורג וועט מען מיך אויך אַ ר ו י ס ט ר אָ ג ע ן צום קייזער. עס איז ניטאָ די זאַך, וואָס איך זאָל ניט טהאָן, וויבאַלד איך קאָן העלפען מיינע געפּייניגטע ברידער". און נור מיט גרויס מיה איז געלונגען אָבצורעדען איהם פון דער נסיעה. פיעל אומעט האָט איהם פערשאַפט אויך דער וואוקס פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז דאַן געוואָרען אַזוי קענטיג אין דייטשלאַנד. אָבער מאָנטעפיאָרע איז ניט אַריינגעפאַלען אין פערצוייפ־לונג. איהם האָט געקרעפטיגט זיין פעסטער גלויבען אין מענשליכען פּראָגרעס, זיין טיעפע איבערצייגונג, אַז סוף כל סוף מוז זיעגען דער אמת, די גערעכטיגקייט.

דעם 24־טען אָקטאָבער 1884 איז געפייערט געוואָרען מאָנטעפיאָ־רע'ס געבורטסטאָג. די טויזענדער בעגריסונגען, אַדרעסען און דעפּע־שען, וואָס זיינען אָנגעקומען פון אַלע עקען וועלט, האָבען קלאָר בעוויזען, ווי הויך עס ווערט אומעטום, אָהן אונטערשיד פון גלויבען און פאָלק, גע־שעצט און געאַכט דער גרויסער איד און מענשען־פריינד. מיט ניין מאָ־נאַטען שפּעטער, דעם 25־טען יולי 1885, איז משה מאָנטעפיאָרע גע־שטאָרבען אין עלטער פון כמעט 101 יאָהר.

# יצחק אַלטאַראַס, דער פאָרגענגער פון באַראָן הירש

דאס געפיהל פון איינינקייט, סאָלידאַריטעט, וואָס בעשאַפט אָן אי־נערליכען צוזאַמענהאַנג צווישען די וויטעסטע טיילען פונ׳ם אידישען פאָלק, און די שווערע רעכטליכע און עקאָנאָמישע לאַגע, אין וועלכער עס האָבען זיך שטענדיג געפונען די רוסישע אידען, — פלעגען פון לאַנג אָן אַרויסרופען ביי די אויסלענדישע אידען נישט נור מיטגעפיהל און אינ־טערעס צו זייערע ברידער אין רוסלאַנד, נור צוגלייך אויך די שטרעבונג פראַקטיש זיי אויסצוהעלפען. די אויסלענדישע ברידערליכע „אינטער־ווענציעס” פאַר די רוסישע אידען, וואָס הויבען זיך אָן זינט דער צייט פונ׳ם קייזער ניקאָלאַי דעם 1־טען, האָבען שוין זייער כמעט הונדערט־יאָהריגע היסטאָריע, וועלכע עס וואָלט געווען כדאי אויספיהרליך אויס־צופאָרשען: די האַרבע פערפאָלגונגען געגען די רוסישע אידען אָדער די אויסעראָרדענטליכע קאַטאַסטראָפעס (פאָגראָמען, הונגער א. ד. גל.), וואָס פלעגען אין אויסלאַנד דערוועקען אַ מעכטיג מיטגעפיהל צו זייערע פיין און ליידען; די אויסלענדישע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס אָדער איינצעלנע פערזאָנען, וואָס האָבען געזוכט זיי שאַפען הילף; די מיטלען, וועלכע זיי פלעגען דערביי אָנווענדען; די בעציהונג פון דער אידישער בעפעלקערונג אין רוסלאַנד, ווי אויך פון דער רוסישער רעגירונג צו די פערטרעטער פון אויסלענדישען אידענטום; די רעזולטאַטען פון זייערע בעמיהונגען, א. אַז. וו., — די אַלע פאַקטען און אומשטענדען, ווען מען זאָל זיי געניי אויספאָרשען און געהעריג בעלויכטען, וואָלטען געגעבען גענוג שטאָף פאַר ערנסטע אויספיהרונגען.

ניט אָבשטעלענדיג זיך דאָ אויף דער אינטערעסאַנטער אַלגעמיינער טעמע, וויל איך דאָ בעמערקען נור פאָלגענדעס. ווי פערשידענאַרטיג עס זיינען ניט געווען די בעמיהונגען פון די אויסלענדישע אידען אויסצוהעל־פען זייערע רוסישע ברידער, פלעגען זיי זיך שטענדיג אויסדריקען אין צוויי גרונד־ריכטונגען, פרינציפיעל פערשידענע: 1) אָדער מען האָט געזוכט בעזייטיגען אויפ׳ן אָרט גופא די הויפט־אורזאַך פון דער אוננאָר־מאַלער לאַגע, אין וועלכער די רוסישע אידען האָבען געלעבט, ד. ה. מען פלעגט זוכען ווירקען, עס זאָל אָבגעשאַפט ווערען די אידישע רעכטלאָ־זיגקייט; 2) אָדער מען האָט זיך געמיהט אויסלייזען די רוסישע אידען

פון די צרות, וועלכע זיי שטעהען אויס, דערוויטערענדיג זיי פון יענעם לאַנד, וואָס האָט זיך געגען זיי פערהאַלטען ווי אַ בייזע שטיפמוטער; מען פלעגט זיך מיהען זיי צו העלפען אויסוואַנדערן אין אַנדערע לענדער. די ערשטע ריכטונג, האָבענדיג אין זינען דעם כלל און זיינע מענשען־רעכט, איז אין גרונד אַ פּאָ ל י ט י ש ע, און זי פלעגט אויסנוצען ענטשפּרעכענדע מיטלען — פּערזענליכע השתדלות, ווירקונג דורך די געזעלשאַפטליכע מיינונג, פּרעסע, דורך געוויסע דיפּלאָמאַטישע שריט א. ד. גל. די צווייטע ריכטונג איז בעצם אַ פ י ל אַ נ ט ר אָ פּ י ש ע. אמת, אין געוויסע פאַלען פלעגט זי אַרויסטרעטען אויך מיט ברייטע פּלע־נער, וואָס זיינען געווען בערעכענט אויף דאָס גאַנצע רוסישע אידענטום, אָדער וועניגסטענס אויף אַ גרויסען טייל זיינעם. אַזוי אָבער ווי די ווירק־ליכקייט האָט בעוויזען, אַז די אויסוואַנדערונג פון אַ גאַנצען פאָלק און אַפילו פון אַ בעדייטענדען טייל איז אַן אונדערגרייכבאַרע אויפגאַבע, פלעגט זיך די זאַך אויסלאָזען מיט פּרואווען זיך אויסבעסערן די לאַגע פון געצעהלטע מענשען, אָדער אין בעסטען פאַל — אויסהעלפען אַ ווינציג־סטען טייל פון די בעדריקטע און ליידענדע. אַלס ביישפּיעל פון דער פּאָליטישער ריכטונג קאָן מען אָנווייזען אויף משה מאָנטעפיאָרע׳ס בעמי־הונגען אין רוסלאַנד. באַראָן הירש איז געווען דער בעדייטענדסטער פערטרעטער פון דער פילאַנטראָפּישער ריכטונג.

ווי שוין געזאָגט, האָבען זיך די אויסלענדישע בעמיהונגען פאַר די רוסישע אידען אָנגעהויבען אין דער צייט פון ניקאָלאַי דעם 1־טען. ס׳איז אַלגעמיין בעוואוסט מאָנטעפיאָרע׳ס רייזע אין יאָהר 1846 קיין רוסלאַנד, וואו ער האָט זיך געמיהט ווירקען אויף די רעגירונג, עס זאָלען אָבגעשאַפט ווערען די אונצעהליגע בעגרענצונגען, וואָס האָבען פערוואַנ־דעלט דאָס דאָרטיגע אידישע לעבען אין מאַטערניש און פּיין. אין זיין פּערזאָן איז דאָ צום ערשטען מאָל אַרויסגעטראָטען די פּאָליטישע ריכ־טונג פון די אויסלענדישע בעשטרעבונגען בנוגע צו די רוסישע אידען. אָבער וועניג ווער עס ווייסט, אַז כמעט אין איין צייט מיט מאָנטעפיאָרע׳ן האָט אויך די צווייטע, ד. ה. די פילאַנטראָפּישע ריכטונג אַרויסגעשטעלט איהרען אַ פאָרשטעהער. אין דעמזעלבען יאָהר (1846) איז קיין רוס־לאַנד געקומען אַן אויסלענדישער אידישער כלל־טהוער און האָט דאָ מיט דער רעגירונג געפיהרט פערהאַנדלונגען וועגען אַ פּראָיעקט, וואָס האָט געהאַט פיעל עהנליכקייט מיט יענעם פּלאַן, וועלכער איז מיט אַ יאָהר 50 שפּעטער ענטשטאַנען ביי הירש׳ן, מכח בעזעצען רוסישע אידען אין אַרגענטינע. וועגען דעם האָב איך מיט אַ יאָהר פערציג צוריק אָבגע־דרוקט אַ קורצע נאָטיץ אינ׳ם זשורנאַל „וואָסכאָד״ (נאָוועמבער־בוך 1897). די מאַטעריאַלען אָבער, וואָס איך האָב דעמאָלט פערמאָגט, זיינען

געוועז זעהר אונגעניגענד — זיי זיינען בעשטאַנען כמעט נור אין יענע ווינציגע בעמערקונגען, וועלכע איך האָב געפונען אין עטליכע געדרוקטע בריף אין מרדכי אהרן גינצבורג׳ס „דביר" און אין דעם זאַמעלבוך „לקט מאמרים". דעריבער זיינען פיעל אינטערעסאַנטע פּרטים מיר פערבלי־בען אונבעוואוסט, און וועגען די וויכטיגסטע פונקטען האָב איך געמוזט זיך בענוגענען מיט השערות. זינט דעמאָלט האָט זיך מיר איינגעגעבען צונויפצוקלייבען פיעל אונגעדרוקטע מאַטעריאַלען (אַרכיוו־דאָקומענטען, בריף און אַנדערע פּאַפּירען פון יענער צייט), וועלכע בעלויכטען פאָל־שטענדיג דעם עפּיזאָד. איך האָב אַלזאָ איצט די מעגליכקייט צו געבען וועגען דעם אַן אויספיהרליכען בעריכט.

---

די 40־ער יאָהרען פונ׳ם פאָריגען יאָהרהונדערט זיינען אין דער היסטאָריע פון די רוסישע אידען איהר טרויעריגסטע און פינסטערסטע צייט, סאַי אין רעכטליכער, סאַי אין עקאָנאָמישער הינזיכט. די רעפאָרמע־סיעס און פערפאָלגונגען געגען אידען, מיט וועלכע עס איז געווען פול די גאַנצע צייט פון ניקאָלאַי דעם ערשטענס הערשאַפט, דערגרייכען אין יענע יאָהרען זייער העכסטען גראַד. אויסנאַהמס־געזעצען געגען אידען ווערען דורכגעפיהרט מיט דער גרעסטער גרויזאַמקייט, און די גאַנצע פּאָליטיק בנוגע צו אידען ווערט דורכגעדרונגען מיט דער שטרעבונג — נויטען זיי צום שמד. די כסדר׳דיגע בעגרענצונגען ברייננגען דערצו, אַז דער עקאָנאָמישער מצב פון דער אידישער בעפעלקערונג ווערט פאָל־שטענדיג רואינירט [1]). פאַר מיר ליגט אַ פּעקעל אונגעדרוקטע בריף פון יענער צייט, וואָס ענטהאַלט אין זיך די קאָרעספּאָנדענץ צווישען ליטווישע „משכילים"־אינטעליגענטען אין פערשידענע שטעדט; זיי אַלע בעקלאָ־גען זיך אויף די שרעקליכע אידישע אָרימקייט, וואָס וואַקסט פון טאָג צו טאָג אין גאַנץ ליטע. „איך האָב דאָ ניט לאַנג פערבראַכט אין ווילנע זעקס טעג, — שרייבט אַ מינסקער לעהרער צו זיינעם אַ בעקאַנטען אין באָברויסק, — אָבער קיין נחת האָב איך דאָרטען ניט געהאַט. אומעטום וואַרפט זיך אין די אויגען נויט, אָרימקייט. ס׳איז שרעקליך צו טרעפען אויף יעדען טריט און שריט פּנים׳ער, אויסגעדאַרטע פון הונגער"... „דער רוסישער הויפּט־גלח פון ווילנע, —לייענען מיר אַן אַנדערענס בריף, — האָט געעפענט אַן אומזיסטע גאָרקיך פאַר הונגעריגע (ס׳פערשטעהט זיך,

---

[1]) אויספיהרליכער וועגען דער טרויעריגער רעכטליכער און עקאָנאָמישער לאַגע פון די רוסישע אידען אין די 40־יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט זעה אינ׳ם פאָריגען אַרטיקעל „משה מאָנטעפיאָרע אין רוסלאַנד".

ניט קיין כשר'ע), און ווי מען זאָגט, קומען אַהין עסען פיעל אידען".
נעהמענדיג אין בעטראַכט די שטרענגע פרומקייט, וואָס האָט אין יענע צייטען געהערשט צווישען אידען, קאָן מען פון דעם פאַקט דרינגען, ווי גרויס עס איז געווען די נויט. צוגלייך האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופען שוידער און אַ מהומה דער רעגירונגס־פּראָיעקט וועגען „ראַזריאַדען", לויט וועלכען די אידישע בעפעלקערונג האָט געזאָלט איינגעטהיילט ווערען אין פיער קאַטעגאָריעס, און יענע אידען, וואָס האָבען ניט קיין הייזער, ערד אָדער פעסטע בעשעפטיגונגען, האָבען געזאָלט אָבגעגעבען ווערען פאַר סאָלדאַטען אָדער פערשיקט ווערען קיין סיביר. „ביי אַלעמען אויף די פּנים'ער ליעגט אַ כמאַרע, — שרייבט מכה דעם אין יאָהר 1846 ש. י. פין אין אַ בריף צו זיינעם אַ פריינד, — וועה צו אונז! וואָס וועט זיין מיט יענע, וואָס קאָנען ניט פערשרייבען זיך פאַר סוחרים, קויפען אַ הויז אָדער אַ גרונדשטיק, אָדער וואָס זיינען וועדליג זייערע יאָהרען ניט אימשטאַנד אויסצולערנען זיך עפּיס אַ האַנדווערק? ניט שוין־זשע וועט מען שטראָפען פאַר אָרימקייט?!"

די טרויעריגע אידישע לאַגע אין רוסלאַנד, וואָס מיר האָבען אַקאָרשט אין אַלגעמיינע שטריכען כאַראַקטעריזירט, האָט ממילא געמוזט אַרויס־רופען גרויס מיטגעפיהל ביי די מערב־איירָאָפּעאישע אידען. אין דער אויסלענדישער אידישער פּרעסע זיינען ערשינען אַ רייה בריף און אַר־טיקלען וועגען די ליידען פון די רוסישע אידען. בעזונדערס פלעגט זיך מיט דער פראַגע פערנעהמען דר. ל. פיליפסאָן'ס „אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס". סומירענדיג די פיעלזייטיגע פאַקטישע ידיעות און בעריכטען, וואָס זיינען פּובליקירט געוואָרען אין זיין צייטונג, איז פיליפּ־סאָן אין אָנהויב 1846 אַרויסגעטראָטען מיט אַ לייט־אַרטיקעל, וואו ער ווייזט אָן אויף די נויטווענדיגקייט צו אָרגאַניזירען אַ אידישע מאַסען־אויס־וואַנדערונג פון רוסלאַנד. צוליעב דעם צוועק דאַרף בעשאַפען ווערען אַ ספּעציעלער „הילפס־פעראיין", וואָס זאָל אויסווירקען ביי דער רוסי־שער רעגירונג פאַר אידען די ערלויבניש אויף אויסוואַנדערונג, זאַמלען די נויטיגע געלד־מיטלען, אויסקלייבען די פּאַסענדע ערטער אויף איינ־וואַנדערן (אַמעריקע, קאַפּלאַנד, אויסטראַליע) און אָרגאַניזירען די גאַנצע זאַך. די זאַך מוזען אויף זיך נעהמען די פאָרשטעהער פון די גרעסטע אידישע קהילות אין דייטשלאַנד, זיי דאַרפען גרינדען אַ צענטראַלען קאָ־מיטעט, וואָס זאָל דערנאָך קומען אין פערבינדונג מיט די קלענערע קהילות, כדי צו עפענען אָרטיגע קאָמיטעטען, א. אַז. וו. פיליפּסאָן פער־שטעהט די גרויסע שוועריגקייט פון אַזאַ אויפגאַבע; אָבער ער בעטאָנט, אַז אַרבייטענדיג מיט ערנסט און איבערגעבענקייט, קאָן מען דערין פיעל אויפטהאָן, און ער פערענדיגט זיין אַרטיקעל מיט אַ הייסען אויפרוף צו

ענערגישער, גענייניגטער טהעטיגקייט[2]). ווי עס ווייזט אויס, האָט פי־ליפסאָן דאָ גערעדט ניט נור אין זיין נאָמען אַליין; ווייל צוגלייך מיט איהם איז אין דר. י. פירסט׳ס צייטונג „אָריענט“ אַרויסגעטראָטען אויך מיט אַזאַ אויפרוף דער דרעזדענער הויפט־ראַבינער, דער בעוואוסטער אידישער געלעהרטער און געזעלשאַפטליכער טהוער דר. ז. פראַנקעל. זייער פאָרשלאַג האָט אפנים — ווענינסטענס אין דער נאָהענטסטער צייט — אַרויסגערופען אויפמערקזאַמקייט. אַזוי געפינען מיר די ידיעה, אַז פיליפסאָן׳ס אַרטיקעל איז אָהן זיין וויסען געוואָרען איבערזעצט אויף פראַנצויזיש און ענגליש און פערשפרייט אין אַ גרויסער צאָהל עקזעמפּלאַ־רען. ווי פירסט׳ס צייטונג האָט מיטגעטיילט, זיינען די אַרטיקלען פון פראַנקעל און פיליפסאָן איבערגעדרוקט געוואָרען אין דעם פאַריזער „אוני־ווערס איזראַעליט“ און האָבען אַרויסגערופען מיטגעפיהל ביי די פראַנ־צויזישע אידען. מיר געפינען אויך אַ קורצע נאַכריכט פון בערלין, דאָס אַהין איז געקומען פיליפסאָן און האָט דאָרטען געפיהרט פערהאַנדלונגען וועגען גרינדען אַ קאָמיטעט.

מיט דעם אָבער האָט זיך די זאַך געענדיגט, און אין די ווייטערדיגע נומערן פון די ביידע אָנגערופענע צייטונגען האָבען מיר שוין ניט קיין ידיעות וועגען דעם שיקזאַל פון פיליפסאָן׳ס און פראַנקעל׳ס פאָרשלאַג. פאַרוואָס נעמליך מען איז ניט צוגעטראָטען צו זיין פאַרווירקליכונג, ווייסען מיר ניט. עס קאָן זיין, אַז אַ געוויסע ראָלע האָבען דערין געשפּיעלט יענע האָפנונגען, וואָס מען האָט געלעגט אויף מאָנטעפיאָרע׳ס רייזע קיין פּעטערבורג: בעת פיליפסאָן און פראַנקעל זיינען אַרויסגעטראָטען מיט זייער אויפרוף, האָט יענער זיך שוין געקליבען אין וועג. אויב אָבער פון דעם „הילפס־פעראיין“ אויף צו אָרגאַניזירען די אידישע אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד איז גאָרנישט געוואָרען, האָט זיך פונדעסטוועגען די אידייע מכח פערמינדערן די דאָרטיגע אידישע בעפעלקערונג, אפנים, דעמאָלט ווי געטראָגען אין דער לופט, און עס האָט זיך טאַקע געפונען אַ פערזאָן, וואָס האָט זיך געפּרובט פערנעהמען אין אָט דער הינזיכט געוויסע פראַק־טישע שריט. — די איינציגע ידיעות וועגען דעם, וואָס האָבען פריהער עקזיסטירט, האָבען זיך ענטהאַלטען, — ווי מיר האָבען שוין בעמערקט, — אין די פּאָר בריף, וועלכע זיינען אָבגעדרוקט געוואָרען אין דעם 2־טען טייל פון מ. א. גינצבורג׳ס „דביר“. ווי בעוואוסט, איז ער ערשי־נען שוין נאָך גינצבורג׳ס טויט, און די פערלעגער האָבען איהם אַרויס־געלאָזט אין אַזאַ פאָרם, וואָס קאָן דיענען אַלס מוסטער, ווי אַזוי מען דאַרף נ י ט אַרויסגעבען היסטאָרישע ווערק: שוין ניט ריידענדיג פון די אונ־

[2]) “Allg. Zeit. des Judenthums” 1846, 1.

צעהליגע גרייזען, האָבן זיי די וויכטיגסטע שטעלען פערקירצט, אַרויס־געלאָזט אַלע דאַטען, נעמען פון פערזאָנען און שטעדט, א. ד. גל. צום גליק, פערמאָגען מיר איצט גינצבורג׳ס אַלע מאַנוסקריפּטען, ווי אויך אַנדערע אונגעדרוקטע מאַטעריאַלען, און מיר ברויכען ניט אָנקומען צו דער שונד־אויסגאַבע פון דעם „דביר".

דעם 22־טען אב (אויגוסט) 1846 האָט מ. א. גינצבורג פון ווילנע געשריבען צו זיין שילער און נאָהענטסטען פריינד, יעקב קאַצענעלסאָן אין באָברויסק: „די לעצטע צוויי פּאָסט־טעג האָב איך דיר אָבגעשיקט בריף, און איצט שרייב איך ווידער — ניט כדי מוסיף צו זיין עטוואָס צו מיינע פריהערדיגע בריף, נור ווייל איך האָב דיר מיטצוטיילען אַ וויכטיגע נייס. עס פרעהט מיך זעהר, וואָס איך קאָן דיר מודיע זיין אַזאַ מין נאַכריכט". און ווייטער גיט גינצבורג איהם איבער דעם אינהאַלט פון אַ שטרענג קאָנפידענציעלען בריף, וואָס איז אָנגעקומען קיין ווילנע. דעם בריף, מכח וועלכען עס רעדט זיך דאָ, געפינען מיר צווישען קאַצענעלסאָן׳ס פּאַפּירען — אַ קאָפּיע פון איהם האָט קאַצענעלסאָנ׳ען צוגעשיקט זיין שוועהר, דער בעוואוסטער ווילנער משכיל און כלל־טהוער, צבי הירש קאַצענעלענבויגען. דער בריף איז געשריבען פון לייפּציג קיין ווילנע, אונגעפעהר מיט אַ וואָך פריהער, פון דעם ווילנער בוכהענדלער און ביב־ליאָגראַף יצחק אייזיק בן־יעקב צו דעם בעוואוסטען העברעאישען פּאָעט א. ב. לעבענסאָן (אד"ם הכהן). מיר ברייננגען דאָ די וויכטיגסטע שטע־לען פון דעם בריף.

„נעכטען אין אָוועגד איז צו מיר געקומען דר. י. פירסט. נאָכדעם ווי מיר האָבען געענדיגט אונזער בעשעפטיגונג, האָט ער מיר דערצעהלט פלאָגענדעס: „פּאָריגע וואָך איז צו מיר געקומען אַן אורח — אַן אונ־בעקאַנטער אַלטער מאַן, בעשיידען געקליידט. אויף מיין פראַגע: מיט וואָס קאָן איך איהם דיענען, האָט ער מיר געענטפערט אין פראַנצויזיש, אַז ער קאָן ניט די דייטשע שפּראַך, און דערום בעט ער מיך צו ריידען מיט איהם פראַנצויזיש. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ בריף, פון וועלכען איך האָב מיך צו מיין גרויס ערשטוינונג דערוואוסט, אַז איך האָב דאָ צו טהאָן מיט אַ הויך־געשטעלטען פראַנצויזישען איד, וואָס איז שוין אַ רייה מיט יאָהרען פּרעזידענט פון דעם האַנדעלס־געריכט אין מאַרסייל און אַ לענגערע צייט פּאָרזיצענדער אין דער דאָרטיגער אידישער קאָנסיסטאָריע; זיין נאָמען און פאַמיליע איז — יצחק אַלטאַראַס. דער בריף ענטהאַלט אין זיך אַ בקשה פון דאָרטיגע בעדייטענדסטע פּערזאָנען, אַז אַלע, צו וועמען ער וועט זיך ווענדען, זאָלען איהם מיטווירקען אין זיין ענין. איך האָב איהם ערקלערט מיין פאָלקאָמע גרייטקייט צו זיין איהם בעי־הילפיג מיט אַלץ, וואָס נור מעגליך, און ער האָט מיר געזאָגט פאָלגענדעס:

„ווי איהר זעהט, בין איך אַ איד אַ זקן; קיין קינדער האָב איך ניט, און מיין פרוי איז מיט עטליכע יאָהר צוריק געשטאָרבען; גאָט האָט מיך געבענשט מיט אַ גרויס פערמעגען. אַז עס זיינען צו אונז דערגאַנגען די נאַכריכטען וועגען דער לאַגע פון אונזערע ברידער אין רוסלאַנד, האָב איך בעשלאָסען צו ווידמען מיין גאַנץ פערמעגען אויף אויסצוהעלפען זיי. איך האָב מיטגעטיילט מיין פּלאַן די וויכטיגסטע און ווירקזאַמסטע פערזאָנען אין אונזער שטאָדט, און זיי האָבען צוגעשטימט, אויך צוגעזאָגט גרויסע מאַטעריעלע הילף, אויב מיינע פערזענליכע מיטלען וועלען זיין אונגענוגענד. מיר האָבען בעקלערט די זאַך, און לויט אונזער געמיינזאַמען בעשלוס בין איך אַוועק קיין פּאַריז, כדי צו פיהרען וועגען דעם פערהאַנדלונגען מיט אונזערע דאָרטיגע ברידער און אויסווירקען אַן אוידיענץ ביי דעם קעניג. אין פּאַריז האָב איך געטראָפען מיטגעפיהל און גרייטקייט צו שטיצען די זאַך; אויך אין די אָפיציעלע קרייזען האָב איך געהאַט ערפאָלג. איצט פאָהר איך קיין פעטערבורג; אויב עס וועט זיך מיר דאָרטען ניט איינגעבען אויסווירקען וואָס פאַר די גאַנצע אידישע בעפעלקערונג, וועלען מיר זיך בענוגענען מיט קלענערס — מען זאָל ערלויבען 40 טויזענד אידישע הויזגעזינדען אויסוואַנדערן פון רוסלאַנד. מיר וועלען זיי בעזעצען אין אַלזשיר, זיי דאָרטען געבען ערד און איינאָרדנען. ביי דער אוידיענץ, וואָס איך האָב געהאַט ביי אונזער קעניג, האָט ער מיר געזאָגט, דאָס פאַר אַזאַ צאָהל הויזגעזינדען וועט זיך אין אַלזשיר געפינען פּאַסיגע ערד. און אויב דער רוסישער קייזער וועט דערויף ניט איינגעהן, בין איך גרייט צו פערקלענערן שטאַרק די ציפער, אין ערגסטען פאַל וועל איך בעטען די ערלויבניש פאַר טויזענד אָרימע הויזגעזינדען. איך בין גרייט אָריינצוטראָגען דער רוסישער „קאַזנאַ" 1000 פראַנק פאַר יעדע משפּחה. די טויזענד הויזגעזינדען וועל איך בעזעצען אויף דער ערד, וואָס איך וועל אַליין אויף מיין חשבון קויפען; זייער בעזאָרגונג אין פערלויף פון דריי יאָהר נעהם איך אויף זיך. איך וועל אין דעם פאַל ניט ברויכען קיין מאַטעריעלע מיטהילף פון אונזערע פראַנצויזישע ברידער; ווייל ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, בין איך זעהר רייך, און קיין פרוי און קינדער האָב איך ניט". דערנאָך האָט אַלטאַראַס — אַזוי האָט דערצעהלט ווייטער דר. פירסט — זיך ערקונדיגט וועגען מיין מיינונג מכח דעם פּלאַן און געבעטען געבען איהם די נויטיגע ידיעות. בעמערקענדיג בעת אונזער געשפּרעך, אַז איך רעד פראַנצויזיש ניט פאָלקאָם געלויפיג, האָט אַלטאַראַס מיר געזאָגט, אַז איך קאָן מיט איהם רעדען העברעאיש, מיט דער ספרד'ישער אויסשפּראַך. איך האָב עס געטהאָן. און איך מוז געשטעהן, איך האָב זיך איבערצייגט, דאָס ער רעדט העברעאיש אונפערגלייכליך פרייער, איידער איך — פראַנ־

צויזיש. צוגלייך האָב איך זיך דערוואוסט, דאָס אַחוץ זיין הויכער לאַגע און רייכקייט, שטאַמט ער פון זעהר אַן אַנגעזעהנער פאַמיליע — אויס־וואַנדערער פון ירושלים און שפאַניע. ביים געזעגענען זיך האָט ער מיר געזאָגט, דאָס ער פאָהרט איצט אַוועק אויף אַ פּאָר טעג קיין דרעזדען (וואהרשיינליך זעהן זיך מיט דעם הויפט־ראַבינער דר. פראַנקעל?) און וועט זיך פון דאָרטען אומקעהרען צוריק קיין לייפּציג. נאָך זיין אָנקומען צוריק אַהער, האָבען מיר זיך ווידער עטליכע מאָל געזעהן, און איצט איז ער פון דאַנען פעררייזט".

נאָכדעם ווי מ. א. גינצבורג האָט איבערגעגעבען י. קאַצענעלסאָנ׳ען דעם אינהאַלט פון בן־יעקב׳ס בריף, וואָס מיר האָבען אָקאָרשט געבראַכט, שרייבט ער ווייטער: „אַלזאָ, אַלטאַראַס האָט אין זינען אויפצוטהאָן עט־וואָס גרעסערס, איידער מאָנטעפיאָרע, וועלכער איז ניט לאַנג געוועזן אין רוסלאַנד. אָנפאַנגס האָבען מיר פון דעם בריף דאָ געמאַכט דעם גרעס־טען סוד; אָבער נעכטען איז אַהער אָנגעקומען די צייטונג פון ריגע, און דאָרטען ווערט וועגען דעם אָפען גערעדט (ווי דו וועסט זעהן פון דעם אויסצוג, וואָס איך שיק דיר דערביי), האָב איך בעשלאָסען מיטצוטיילען עס דיר שריפטליך, וואָרים, די זאַך איז זעהר וויכטיג. און ווער ווייסט, צי איז דאָס ניט דער אָנהויב פון אונזער דערלייזונג!"

דעם אויסצוג פון דער „ריגאַשער צייטונג" (פון 8־טען אויגוסט 1846) וואָס גינצבורג האָט בייגעלעגט, האָב איך אויך געפונען צווישען י. קאַ־צענעלסאָן׳ס פּאַפּירען, וועלכע איך פערמאָג אין מיין אַרכיוו. מיר לייע־נען דאָרטען די פאָלגענדע מיטטיילונג (אפנים, איבערגעדרוקט פון אַ בער־לינער צייטונג): „ג י ו ר נ ב ע ר ג , אין יולי. זינט עטליכע טעג געפינט זיך אין פיורט דער פּרעזידענט פון דעם האַנדעלס־געריכט אין מאַרסייל, ה׳ אַלטאַראַס. ער רייזט קיין רוסלאַנד, כדי צו מיהען זיך — אַזוי ווי סער מאָנטעפיאָרע, וואָס האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק גע־טהאָן דאָסזעלבע — אויסבעסערן די לאַגע פון די אידען אין רוסלאַנד און פּוילען. ווי מען זאָגט, איז ער בעפאָלמעכטיגט פון דער פראַנצויזי־שער רעגירונג פאָרצולעגען פאַר די דאָרטיגע אידען אַ צופלוכט אין אַלזשיר, וואו זיי וועלען פון איהר ביי זייער בעזעצונג בעקומען הילף. אויף צו דערגרייכען דעם צוועק, איז ה׳ אלטאראס בעזאָרגט מיט בע־דייטענדע געלד־מיטלען, אויך מיט וויכטיגע שריפטליכע רעקאָמענדאַ־ציעס, און ער וועט אין גיכען אָבפאָהרען קיין בערלין, וואו ער ריכט זיך אויף ווייטערדיגע פעראָרדנונגען".

גלייכצייטיג מיט דער קאָפּיע פון בן־יעקב׳ס בריף האָט י. קאצענעל־סאָן פון זיין שוועהר בעקומען אַ קאָפּיע פון אַן אַנדער בריף, וואָס ניסן ראָזענטאַל אין ווילנע האָט געקראָגען פון בערלין, פון זיין ברודער וואָלף

ראָזענטאַל. מיר ברייגנען איהם דאָ: „בערלין, דעם 14־טען אויגוסט 1846. מיט עטליכע טעג צוריק איז דאָ געווען, דורכרייזענדיג קיין פּע־טערבורג, אַ בעוואוסטע פּערזאָן — ה. אַלטאַראַס. ער האָט אין זינען צו סטאַרען זיך ביי דער רעגירונג פאַר די פּויליש־רוסישע אידען. גע־בוירען איז ער אין אַלזשיר; ער שטאַמט פון אַ רייכער און אָנגעזעהנער פאַמיליע, האָט זיך ערצויגען אין פּאַריז און דאָרטען געענדיגט אוניווער־זיטעט. איצט פערנעהמט ער אַ הויכע שטעל. דער צוועק פון זיין רייזע איז — אויסווירקען ביי דער רעגירונג פון ניקאָלאַי דעם 1־טען די ער־לויבניש פאַר אַ בעדייטענדער צאָהל אידען צו עמיגרירען קיין אַלזשיר. ער האָט רעקאָמענדאַציעס פון הויכע רעגירונגס־פּערזאָנען, צווישען זיי אויך פון דעם פראַנצויזישען מיניסטער גיזאָ. די בערלינער בלעטער האָבען וועגען דער זאַך געבראַכט אַ ידיעה און פיעל מכח דעם גערעדט; באַלד דערויף אָבער איז די מיטטיילונג אין די צייטונגען אָבגעלייקענט געוואָרען. איך ווייס פון אַ זיכערער קוועל, אַז די הכחשה איז געווען אָב־געדרוקט לויט דעם פערלאַנג פון ה' אַלטאַראַס גופא; ער האָט געזאָגט איינעם פון מיינע פריינד, דאָס ער האַלט פאַר זיין פליכט אָבצולייקענען די ידיעה, ווייל ער ווייסט נאָך ניט אויף געוויס, צי וועלען זיינע בעמיהונגען האָבען אַן ערפאָלג, און דעריבער וויל ער ניט דערוועקען קיין האָפנונגען, וועלכע עס איז אפשר ניט בעשערט צו ערפילען זיך. ה' אַלטאַראַס איז 60 יאָהר אַלט; ער איז זעהר טאָלעראַנט געגען אַנדערע, כאָטש אַליין היט ער אָב די רעליגיעזע פאָרשריפטען און מנהגים, אויף ווי ווייט דאָס איז מעגליך און נויטיג כדי אויפצוהאַלטען אונזער אחדות. זינט ער האָט פערלאָרען זיינע קינדער און פרוי, האָט ער בעשלאָסען צו ווידמען זיין לעבען אויף אויסצובעסערן די לאַגע פון זיינע ברידער אין פּוילען".

צו די ביאָגראַפישע ידיעות, וואָס עס ענטהאַלטען אין זיך די ציטירטע בריף, קאָן איך צוגעבען נאָך פאָלגענדעס. יצחק אַלטאַראַס איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1786—ניט אין אַלזשיר, ווי וו. ראָזענטאַל האָט געשרי־בען אין זיין בריף, נור אין אלעפּאָ (אָרם צובא) סיריע. ער האָט אָנגעהערט צו אַן אַלטער און זעהר אָנגעזענער משפחה, וואָס האָט פערמאָגט פיעל בעוואוסטע רבנים און אידישע געלעהרטע; זיין פאָטער איז אויך גע־ווען אַ רב אין ארץ־ישראל. אין יאָהר 1806 איז אַלטאַראַס פון ירושלים אַוועקגעפאָהרען קיין פראַנקרייך. ער האָט זיך דאָ פערנומען מיט שיף־בוי און עקספּאָרט, געפיהרט געשעפטען מיט לעוואַנט און ערוואָרבען אַ גרויס פערמעגען. אין מאַרסייל איז ער אַ לאַנגע צייט געווען פּרעזידענט פון דער אידישער קאָנסיסטאָריע, צוגלייך אויך פון דעם האַנדעלס־גע־ריכט, געווען פון די אָנגעזעהנסטע מענשען אין דער דאָרטיגער אידישער געמיינדע. ער האָט אין מאַרסייל געגרינדעט אַ שול פאַר אידישע קינ־

דער און בכלל זיך אויסגעצייכענט מיט זיין פילאַנטראָפּישער טעטיגקייט. ער האָט געהאַט דעם צייכען פון דעם בעוואוסטען „עהרען־לעגיאָן". צו זיין כאַראַקטעריסטיק קאָן דינען דער פאָלגענדער פאַקט. ער האָט אָב־געדרוקט (אין מעטץ, 1845) דאָס ווערק פון יצחק לופיס „כור מצרף האמונות ומראה האמת", וואָס ענטהאַלט אין זיך אַן אַפּאָלאָגיע פון דעם אידישען גלויבען. אין דער פאָררעדע ווערט אָנגעוויזען, אַז דער מאַנו־סקריפּט פון דעם ווערק, פערפאַסט אין 17־טען יאָהרהונדערט, איז אַ צייט מיט יאָהרען געלעגען אין דער ביבליאָטעק פון דער פאַמיליע אַלטאַראַס, און איצט, ווען עס האָט זיך שטאַרק פערגרעסערט די טהעטיגקייט פון די קריסטליכע מיסיאָנערען צווישען די אידען אין די דרום־לענדער און בעזונדערס אין ארץ־ישראל, האָט יצחק אַלטאַראַס („ראש מנהיג עדת ישראל בגליל מרסוליא") בעשלאָסען אָבצודרוקען אויף זיין חשבון דאָס ווערק; ער האָפט, אַז די בעקאַנטשאַפט מיט זיין וויכטיגען און ערנסטען אינהאַלט וועט די לעזער בעוואָפענען געגען די איבעררײדונגען פון די מיסיאָנערען און וועט קרעפטיגען אין זיי די איבערגעבענקייט צום אידישען גלויבען. דאָס בוך איז דורך אַלטאַראַס'ן געלדלאָז פערשפּרייט געוואָרען צווישען אידען אין די דרום־לענדער, ניט אָנגעקומען צו די בוכהענדלער און איז איצט געוואָרען אַ ביבליאָגראַפישע זעלטענהייט [3]. עס איז אינ־טערעסאַנט, דאָס — אַזוי ווי שפּעטער אויך באַראָן הירש — איז אַלטאַ־ראַס בעוואויגען געוואָרען צו זיין ברייטער פילאַנטראָפּישער טהעטיגקייט דורך דעם שווערען פאַמיליען־פערלוסט, וואָס זיי ביידע האָבען גלייך אי־בערגעלעבט. דער פּראָיעקט פון אַלטאַראַס'ן, צו בעזעצען אין אַלזשיר אַ גרויסע צאָהל אידען פון רוסלאַנד, דערמאָהנט אָן הירש'ס שפּעטער־דיגען פּלאַן וועגען בעשאַפען אַ ברייטע לאַנדווירטשאַפטליכע קאָלאָניזאַ־ציע אין אַרגענטינע דורך רוסישע אידען. וואָס די פראַנצויזישע רעגי־רונג האָט געשטיצט דעם פּראָיעקט פון אַלטאַראַס'ן און פערשפּראָכען איהר מיטהילף, — איז גאַנץ פערשטענדליך: פראַנקרייך האָט ערשט ניט לאַנג בעקומען אַלזשיר; דאָס לאַנד איז נאָך געווען ווייניג בעזעצט, עס האָט זיך גענויטיגט אין קאָלאָניסטען, און דער פּלאַן מכח אָרגאַניזי־רען אַ גרויסע איינוואַנדערונג איז פאַר דער פראַנצויזישער רעגירונג אַלזאָ געווען זעהר געוואונשען.

ענדע אויגוסט 1846 איז אַלטאַראַס אָנגעקומען קיין פּעטערבורג. בעת אַז מאָנטעפיאָרע, זייענדיג מיט עטליכע מאָנאַטען פריהער אין רוסלאַנד, פלעגט אין פּעטערבורג, ווילנע און וואַרשע קומען אין נאָהענטע בעריה־

[3]) עקזעמפּלאַרען פון דעם ספר געפינען זיך אין די ביבליאָטעקען פון דער וויסענשאַפטליכער אַקאַדעמיע אין לענינגראַד און פון „אידישען טעאָלאָגישען סעמינאַר" אין ניו יאָרק.

רונג מיט פאַרשטעהער פון די דאָרטיגע אידען, האָבען מיט זיי אויספיהר־ליכע געשפּרעכען און דורך זיי זאַמלען די נויטיגע ידיעות, — האָט זיך אַלטאַראַס דאָ געהאַלטען אָן אַנאַנדער גאַנג: ער האָט זיך בענוגענט מיט אָפיציעלע שריט, געפיהרט פערהאַנדלונגען נור מיט דער רעגירונג, אָבער שטרענג אויסגעמידען די אידישע געזעלשאַפטליכע טהוער און פאַר־שטעהער פון דער אידישער בעפעלקערונג בכלל. זיינע מאָטיוועז זיינען געווען פאָלקאָם פערשטענדליך: ניט זייענדיג זיכער אין דעם ערפאָלג פון זיינע שריט, ניט וויסענדיג אויף קלאָר די ענדגילטיגע בעציהונג פון דער רוסישער רעגירונג צו זיין פלאַן, האָט ער געהאַלטען פאַר נויטיג, מען זאָל וועגען דעם וואָס וועניגער וויסען און ריידען, ניט געוואָלט אַרויס־רופען ביי די רוסישע אידען קיין פריהצייטיגע האָפנונגען, וועלכע קאָנען זיך דערנאָך אַרויסשטעלען פאַר באָדענלאָז און ברייגגען צו ביטערע ענטטוישונג. ווי מיר האָבען שוין געזעהן, האָט ער, ווען עס זיינען אין די בערלינער צייטונגען ערשינען ידיעות וועגען זיינע פּלענער, גלייך אָב־גערופען די מיטטיילונגען. דר. פירסט אין זיין „אָריענט" און דר. פי־ליפסאָן אין זיין „אַלגעמיינער צייטונג" האָבען מיט קיין איינציגען וואָרט ניט דערמאָהנט וועגען איהם און זיין פּראָיעקט, כאָטש זיי זיינען געווען אינפאָרמירט.

די געזעלשאַפטליכע טהוער און משכילים אין גאַנץ ליטע, ווי אויך אין פוילען, האָבען זיך, נאַטירליך, גאָר לעבעדיג אינטערעסירט מיט אַלטאַ־ראַס'ן און זיינע בעמיהונגען, געלעגט אויף זיי גרויסע האָפנונגען, אָבער ניט האָבענדיג קיין צופערלעסיגע ידיעות, בלאָנדזשענדיג ווי אין דער פינסטער, האָבען זיי געמוזט בענוגענען זיך בלויז מיט השערות. דער ווילנער טהוער, ניסן ראָזענטאַל, האָט זיך אַפילו געפּרובט שטעלען אין פערבינדונג מיט אַלטאַראַס'ן און זיך צו איהם געווענדט מיט אָ בריף, אָבער עס איז דערפון גאָרנישט אַרויס. „די בעדריקונגען, וואָס זיינען דאָ אי־בערגעלעבט געוואָרען אין דער לעצטער צייט, — האָט איהם ראָזענטאַל געשריבען, — האָבען געבראַכט אונזערע אָרימע ברידער צו דער אי־בערצייגונג, דאָס זיי מוזען אַוועקוואַרפען דעם קליין־האַנדעל און זוכען זיך דערנעהרען דורך ערד־אַרבייט . . . הלואי זאָל זיך איך און אייערע הויך־געשטעלטע פריינד איינגעבען אויסצוזוכען די נויטיגע מיטלען פאַר די גרויסע מאַסען מענשען, וואָס שטרעבען צו ווערען ערד־אַרבייטער! אַחוץ אָרימע לייט זיינען פאַרהאַן פיעל מענשען, וואָס זיינען גרייט אויס־צוואוואַנדערן אויפ'ן אייגענעם חשבון, אַבי נור די פראַנצויזישע רעגירונג זאָל זיי געבען ערד. פאַרהאַן אויך פיעל אַזעלכע, וואָס וועלען אין אָט דער הינזיכט ביי דער רעגירונג פון פראַנקרייך בעטען נור איינס: פראַנ־צויזישע בירגערשאַפט. אויב איהר וועט מיך דערויף בעפאָלמעכטיגען,

וועל איך אייך צושטעלען גענויע רייסטערס פון די אַלע דריי קאַטעגאָ־ריעס, און איהר וועט קאָנען אָבשאַצען דעם ווערטה פון יענער גרויסער זאַך, וואָס דער אויבערשטער האָט אויף אייך אַרויפגעלעגט!"

ווי ווייט די ליטווישע משכילים האָבען זיך פעראינטערעסירט מיט אַלטאַראַס'ן, בעווייזען די פיעלע בריף זייערע, וואָס קעהרען זיך אָן צו איהם, צו זיין אויפהאַלט אין רוסלאַנד און צו זיין פּראָיעקט. ווי מיר האָבען שוין געזעהן פריהער, האָט זיך ביי מ. א. גינצבורג'ן אין זיין בריף צו קאַצענעלסאָנ'ען אַרויסגעריסען דער אויסרוף: „ווער ווייסט, צי איז דאָס ניט דער אָנהויב פון אונזער דערלייזונג!" „מיר, — שרייבט ש. י. פין זיינעם אַ פריינד, — זיינען דאָ אַלע צורודערט פון אַלטאַראַס'עס רייזע". ניט פערמאָגענדיג קיין קוועלען, וועלכע זאָלען זיי ריכטיג אינ־פאָרמירען, ווערען זיי געוואַלדיג אונגעדולדיג, אָדער זיי שרייבען איינ־אַנדער נאַכריכטען, וואָס איינע איז דער היפך פון דער אַנדערער. „אַל־טאַראַס, — בעקלאָגט זיך אין אַ בריף צ. ה. קאַצענעלענבויגען, — זיצט שוין אַ פּאָר וואָכען אין פּעטערבורג, אָבער ער בעהאַלט זיך און זיין אנגעלעגענהייט פון אידען, און מיר ווייסען ניט אויף קלאָר, וואָס עס וועט דערפון ווערען". — „וואָס אנבעלאַנגט אַלטאַראַס'ן, — שרייבט מ. א. גינצבורג צו י. קאַצענעלסאָנ'ען, — זיינען מיר זעהר צוטראָגען; קיינעם פון די אידען, וואָס געפינען זיך אין פּעטערבורג, איז ניט געלונגען צו זעהן זיך מיט איהם". ב. נאַטקין איז מודיע פון פּעטערבורג, אַז אַלטאַראַס האָט דאָרטען גאָרנישט גע'פועל'ט. ה. טשלענאָוו פון מינסק שרייבט, פערקעהרט: „אַלטאַראַס האָט, גאָט צו דאַנקען, דערגרייכט זיין ציעל אויפ'ן בעסטען אופן".

נאָך פיעל נייגעריגער זיינען די ליטווישע כלל־טהוער געוואָרען, ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז אַלטאַראַס איז שוין אָבגעפאָהרען פון פּע־טערבורג. „מיר ווייסען נור, — שרייבט מ. א. גינצבורג, — דאָס ער איז פון פּעטערבורג אָבגעפאָהרען מיט אַ שיף קיין שטעטין און פון דייטש־לאַנד וועט ער פעררייזען קיין וואַרשע . . . אינגאַנצען גענומען, איז נישט קלאָר, ביי וואָס מיר האַלטען". באַלד דערויף האָט ניסן ראָזענטאַל בע־קומען פון בערלין אַ צווייטען בריף פון זיין ברודער, וו. ראָזענטאַל, וואו יענער שרייבט, אַז ער האָט זיך דאָרטען געזעהן מיט אַלטאַראַס'ן, וועלכער איז געקומען צוריק פון פּעטערבורג, און ער האָט איהם געזאָגט, אַז די רוסישע רעגירונג וועט אויף זיין פּראָיעקט איינגעהן, אויב מען וועט איהר פּאַר יעדען אידישען אויסוואַנדערער בעצאָהלען 60 רובל (ווי מיר וועלען זעהן ווייטער איז וו. ראָזענטאַל'ס מיטטיילונג געוועזן ניט ריכטיג), און אַז איצט רעכענט ער צו פאָהרען קיין וואַרשע. פון וואַרשע אָבער איז קיין נאַכריכטען ניט געוועזן, אויסער נור, דאָס אַלטאַראַס איז שוין אַהין

געקומען. „פון דעם רב אין וואַרשע, — שרייבט צ. ה. קאַצענעלענבויגען צו זיין אידעם, — האָבען מיר געקראָגען אַ בריף, דאָס אַלטאַראַס איז געקומען אַהין צופאָהרען, אָבער ער רעדט ניט מיט קיינעם, ביז ער וועט זיך ניט זעהן מיט דעם פירשט פאַסקעוויטש (דער „נאַמעסטניק" אין פוילען)".

אין סעפּטעמבער 1846 איז ענדליך אין דר. פירסט'ס „אָריענט" ערשינען די פאָלגענדע מיטטיילונג פון וואַרשע: „ה' אַלטאַראַס פון מאַר־סייל געפינט זיך דאָ, און ווי עס וויזט אויס, בלייבען דאָ זיינע בעמיהונגען אויך אַזוי ערפאָלגלאָז, ווי בשעת ער איז געווען אין פעטערבורג. כאָטש איהר האָט אין לייפּציג פערזענליך מיט איהם געהאַט אונטערהאַנדלונגען, האָט איהר גאָר ניט פובליקירט וועגען זיין רייזע, אַרויסגעהענדיג פון דעם ריכטיגען געדאַנק, דאָס מיט אַזוינע פריהצייטיגע מיטטיילונגען קאָן מען דער נוצליכער זאַך גיכער שאַדען, ווי העלפען . . . איצט אָבער, וואו עס האָט זיך פאָלקאָם אַרויסגעשטעלט, דאָס ער האָט קיין זאַך ניט גע'פועל'ט, ערלויבט מיר געפעליגסט עטוואָס וועגען דעם מיטצוטיילען . . . אין פעטערבורג האָט ער ניט בעקומען קיין אוידיענץ ביים קייזער, וועלכער האָט איהם אָבגעשיקט צו די מיניסטאָרען, און יענע ווילען ניט געבען די אָרימע אידען קיין ערלויבניש אויף אויסוואַנדערן. דאָ געהט די זאַך ניט בעסער. ניט קוקענדיג אויף די בעסטע רעקאָמענדאַציעס, וואָס ער האָט צו דעם פירשט פאַסקעוויטש, קאָן יענער ביי אַזאַ קלאָר אויסגעשפּראָכענער געזינונג פון אויבען קיין זאַך ניט טהאָן" [4]). די מיטטיילונג פון דעם „אָריענט" איז ווייט ניט גענוי. אַלטאַראַס האָט ביי זיין אומקעהרען זיך פון רוסלאַנד מיט דר. פירסט'ן זיך ניט געזעהן; אין וואַרשע, ווי מיר וויסען פון די אויבען־געבראַכטע בריף, איז ער ניט געקומען אין פערזענליכע בעריהרונג מיט פאָרשטעהער פון דער דאָרטיגער בעפעל־קערונג, און דער וואַרשעווער קאָרעספּאָנדענט פון דעם „אָריענט" האָט אַלזאָ זיינע ידיעות געקאָנט שעפּען נור פון יענע קלאַנגען, וואָס האָבען צירקולירט אין שטאָדט. אַלענפאַלס, שטימט ניט זיין בעריכט, ווי אויך וו. ראַזענטאַל'ס מיטטיילונג, מיט יענע פערהאַנדלונגען, וואָס זיינען ווירק־ליך פאָרגעקומען צווישען אַלטאַראַס'ן און די פאָרשטעהער פון דער רו־סישער רעגירונג. גענויע אויסקונפטען וועגען דעם געפינען מיר אין די אָפיציעלע אַרכיוו־מאַטעריאַלען, וואָס האָבען אַ שייכות צו אַלטאַראַס'עס אויפהאַלט אין רוסלאַנד [5]). צו זיי וועלען מיר זיך איצט ווענדען.

[4]) "Orient" 1846, 46.

[5]) אַרכיוו פון גאָסוד. סאָוועט: דאָקומענטען פון דער קייזערליכער קאַנצע־לאַריע פאַר פּוילישע אַנגעלעגענהייטען, נומ. 43. — דאָקומענטען פון „אידישען קאָמיטעט", נומ. 5, 1־טער באַנד, זז. 126—136.

אָנגעקומען קיין פעטערבורג, האָט אַלטאַראַס דורכ'ן רוסישען מי־ניסטעריום פאַר אויסערליכע ענינים דערלאַנגט די אָפיציעלע רעקאָמענ־דאַציעס, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט. קיין אוידיענץ האָט ער ביים קייזער ניט געהאַט, אָבער ניקאָלאַי דעם ערשטען איז וועגען זיין ענין ראַפּאָרטירט געוואָרען. ער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז „עס וואָלט אפשר גע־ווען נוצליך צו ערלויבען אַ טייל פון דער אידישער בעפעלקערונג, וואָס איז ביי אונז אַזוי גרויס, צו עמיגרירען קיין אויסלאַנד", און ער האָט בע־אויפטראַגט דעם אינערן־מיניסטער פּעראָווסקי אויפצונעהמען אַלטאַראַס'ן. פּעראָווסקי האָט ערפילט דעם דאָזיגען אויפטראַג און ראַפּאָרטירט דעם קייזער, אַז ווי ער האָט זיך איבערצייגט פון זיינע פערהאַנדלונגען מיט אַלטאַראַס'ן, איז יענער „זעהר אַ סאָלידער מענש, מיט אַ גרויס פער־מעגען", און אַז פריהער ווי צו צוטרעטען צו דער זאַך, רעכענט אַלטאַראַס פאַר נויטיג צונויפקלייבען אויף די ערטער גענויע ידיעות וועגען די אידען, און ראשית־כל — אין פּוילען; דעריבער בעט ער, מען זאָל ווע־גען דעם מיטטיילען דעם דאָרטיגען „נאַמעסטניק", פירשט פּאַסקעוויטש'ן. ניקאָלאַי דער 1־טער האָט דערויף בעוויליגט, און דער אינערן־מיניסטער האָט אויף זיין בעפעהל אָנגעשריבען אַ בריף צו פּאַסקעוויטש'ן וועגען אַלטאַראַס'ן, זיין פּלאַן און וועגען דעם קייזערס בעציהונג צו דער זאַך. דער בריף איז אָבגעגעבען געוואָרען אַלטאַראַס'ן אין די הענד. נאָך אַ קורצען אויפהאַלט אין דייטשלאַנד, איז אַלטאַראַס אַוועקגעפאָהרען קיין וואַרשע און דורך דעם דאָרטיגען פראַנצויזישען קאָנסול צוגעשטעלט פּאַסקעוויטש'ן פּעראָווסקי'ס בריף. צוגלייך האָט דער פראַנצויזישער אַבאַסאַדאָר אין בערלין דורך דעם קאָנסול מיטגעטיילט פּאַסקעוויטש'ן, אַז די פראַנצויזישע רעגירונג נעהמט אַנטייל אין אַלטאַראַס'עס פּלאַן. פירשט פּאַסקעוויטש האָט איינגעלאַדען צו זיך אַלטאַראַס'ן און געפיהרט מיט איהם אונטערהאַנדלונגען. ער האָט איהם אַרויסגעזאָגט זיין פּרינצי־פּיעלע צושטימונג און דערנאָך אויסגעאַרבייט די הויפּט־פּונקטען, לויט וועלכע עס קאָן ערלויבט ווערען די אידישע אויסוואַנדערונג קיין אַלזשיר. זייער אינהאַלט איז געווען פאָלגענדער:

די קייזערליכע רוסישע רעגירונג האָט ניט קיין מניעות געגען דעם, אַז אידישע אָרימע הויזגעזינדען זאָלען אויסוואַנדערן פון פּוילען, כדי צו בעזעצען זיך אַלס קאָלאָניסטען אין אַלזשיר. זי איז גרייט אַרויסצוגעבען זיי אומזיסטע אויסוואַנדערונגס־פּאַפּירען. נאָכ'ן בעקומען אַזאַ פּאַספּאָרט, פאַרלירען די בעטרעפענדע אידען די רוסישע אונטערטאַנשאַפט און די רעכט, וואָס זיינען מיט דעם פערבונדען. די אויסוואַנדערונג ווערט ער־לויבט נור גאַנצע הויזגעזינדען. מאַנסלייט אָבער פון 18 ביז 25 יאָהר, וואָס זיינען ניט פריי פון מיליטער־פליכט, קאָנען ניט פאָלגען נאָך זייערע

הויזגעזינדען; אָן אויסנאַהם קאָן געמאַכט ווערען נור פאַר בעווייבטע זיהן, וואָס זיינען עלטער פון 23 יאָהר. די רעגירונג וועט ערלויבען צו גרינדען אַ קאָמיטעט אויף צו אָרגאַניזירען די אויסוואַנדערונג פון יענע הויזגעזינדען, וואָס וועלען פערלאַנגען צו עמיגרירען קיין אַלזשיר. דער קאָמיטעט וועט בעשטעהן פון איין בעאַמטען אָדער צוויי, וועלכע וועלען בעשטימט ווערען פון דער רעגירונג, און פון אָנגעזעהנע אידען; וואָס אנבעלאַנגט די אידישע מיטגליעדער, וועט אַלטאַראַס אָנווייזען די קאַנ־דידאַטען, אויף צו בעשטעטיגען זיי. דער קאָמיטעט קאָן געגרינדעט ווע־רען ערשט נאָכדעם, ווי אַלטאַראַס וועט צושטעלען אַן אויספיהרליכען פלאַן פון דער קאָלאָניזאַציע, וועלכע ער נעהמט פאָר, און וועט גענוי אָנווייזען די הילף, וואָס די קאָלאָניסטען וועלען בעקומען ביים אַרויספאָהר פון פוילען און בעת זייער רייזע ביז'ן אָנקומען אויף דעם אָרט, די צאָהל ערד, וואָס זיי וועט געגעבען ווערען אין אַלזשיר, ווי אויך די הילף, וועלכע זיי וועלען בעקומען אויף צו איינאָרדענען זיך. די פליכטען, וועלכע אַלטאַראַס וועט אַלזאָ אויף זיך נעהמען, וועלען נאָטירט ווערען אין אַ בע־זונדער אַקט, געריכטליך פערפאַסט, דאָס וועט פאָרמאַל בעשטעטיגען יענע רעכט, וועלכע די קאָלאָניסטען קאָנען פאַר זיך פאָדערן אין אַלזשיר. נאָכדעם ווי דער קאָמיטעט וועט אָנקלייבען 100 אידישע הויזגעזינדען אויף אויסוואַנדערן, וועט ער מוזען בעטען אַן ערלויבניש אויף פאָרט־זעצען זיין אַרבייט און צונויפשטעלען אַ וויטערדיגע גרופע אויסוואַנ־דערער; אָהן דעם וועט ער ניט טאָרען פאָרטזעצען זיין אַרבייט. די ערלויבניש וועט גילטען נור פאַר נייע 100 הויזגעזינדען, ווייל ביי דער רעגירונג בלייבט דאָס רעכט יעדעס מאָל צו בעטראַכטען, צו איז ניט די זאַך פערבונדען מיט וואָסערע עס איז אונבעקוועמליכקייטען. — פירשט פאַסקעוויטש האָט איבערגעגעבען אַלטאַראַס'ן די שריפטליכע פונקטען און דערביי איהם ערקלערט, דאָס זיי זיינען דערווייל נור אַ פראָיעקט, וואָס וועט אַלערהעכסט בעשטעטיגט ווערען. צוגלייך האָט ער דיזעלבע פונקטען אָבגעשיקט אויף דעם קייזער'ס בעוויליגונג. (דער טעקסט פון אָט דעם דאָקומענט, געשריבען אין פראַנצויזיש, ווערט געבראַכט דאָ אין בוך אַלס ביילאַגע).

פערגלייכט מען די אָקאָרשט געבראַכטע פונקטען מיט יענער ער־לויבניש, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט מיט 46 יאָהר שפּעטער — דעם 8־טען מאַי 1892, געגעבען באַראָן הירש'ס „קאָלאָניזאַציאָנס געזעלשאַפט" אויף צו אָרגאַניזירען די אידישע אויסוואַנדערונג קיין אַרגענטינע, אַזוי וואַרפט זיך ניט־ווילענדיג אין די אויגען דער גרויסער אונטערשיד צווי־שען דיביידע פאַלען. די רעגירונג פון אַלעקסאַנדער דעם 3־טען האָט זיך לחלוטין ניט אינטערעסירט מיט דעם, וואָס וועט זיין מיט איהרע אי־

דישע אויסוואַנדערער, ווי אַזוי וועלען זיי אין אַרגענטינע איינגעאָרדענט ווערען, וואָסערע פּליכטען געגען זיי עס נעהמט אויף זיך די „קאָלאָניזאַ־ציאָנס־געזעלשאַפט”; זי האָט די אויסוואַנדערער געגעבען אַלערליי הנחות, זיי אַלעמען בעפרייט פון מיליטער־פּליכט, ערלויבט אויסוואַנדערן אי איינציגוויין, אי גאַנצע הויזגעזינדען. מיט איין וואָרט: זי איז מסכים געוועזען אויף אַלץ, — אַבי נור פּטור ווערען פון איהרע אידען. זי האָט, שטיצענדיג זיך אויף די פּוסטע הבטחות פון באַראָן הירש'ס פּערטרעטער א. וואהאַיט, מיט גרויס פרייד אין איהר אָפיציעלען אָרגאַן „פּראַוויטעל־סטווענני וועסטניק” פונאַנדערגעקלונגען, אַז אין פערלויף פון 25 יאָהר וועלען דורך די „קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט” אַרויסגעפיהרט ווערען פון רוסלאַנד דריי מיט אַ פערטעל מיליאָן אידען, און שוין אין יאָהר 1892 — גאַנצע 25,000 (אין דער ווירקליכקייט אָבער האָבען, למשל, ביז דעם יאָהר 1898, ד. ה. אין פערלויף פון 6 יאָהר, מיט דער הילף פון דער אַנגערופענער געזעלשאַפט עמיגרירט פון רוס־לאַנד ניט מעהר ווי 8000 אידען!). די רעגירונג פון ניקאָלאַי דעם 1־טען האָט, פערשטעהט זיך, אויך געוואָלט פּטור ווערען פון איהרע אידען, פונ־דעסטוועגען אָבער האָט זי זיך צו דער פראַגע וועגען זייער אויסוואַנדערונג פערהאַלטען פיעל ערנסטער און מיט מעהר פאַרזיכט, אויפמערקזאַמקייט: זי האָט געהאַלטען פאַר נויטיג קלאָר פעסטצושטעלען די הילף, וואָס די אויסוואַנדערער וועלען בעקומען פון זייער אָבפאָהר אָן און ביים איינ־אָרדענען זיך אין אַלזשיר. זי האָט געוואָלט דורך אַ פאָרמאַלען שריפט־ליכען אַקט באַוואָרענען זייערע רעכט אין דער נייער היים, כדי זיי זאָלען דאָרטען קאָנען פאָדערן אַלץ, וואָס עס וועט זיי לכתחילה צוגעזאָגט ווערען, זי האָט געגעבען דאָס רעכט אַרויסצופיהרען נור גאַנצע הויזגעזינדען, ניט מעהר ווי צו הונדערט משפחות, אי דאָס יעדעס מאָל מיט אַ בעזונדער ערלויבעניש, ווייל זי האָט גערעכענט פאַר נויטיג אַכטונג צו געבען אויף דעם גאַנצען ענין און געוואָלט האָבען די מעגליכקייט צו קאָנטראָלירען, אויף ווי ווייט עס וועלען ווירקליך ערפילט ווערען יענע פליכטען, וואָס אַלטאַראַס נעהמט אויף זיך בנוגע צו איהרע אויסוואַנדערער. אויך אַל־טאַראַס האָט אין זיינע פערהאַנדלונגען מיט דער רוסישער רעגירונג זיך בענומען מיט אונפערגלייכליך מעהר ערנסט און איינזיכט; ער איז ניט אַרויסגעטראָטען, ווי שפּעטער וואהאַיט, מיט פאַנטאַסטישע ציפערן פון עמיגראַנטען, וואָס ער נעהמט אויף זיך מיט דער גיכקייט פון אַ בליץ־צוג צו בעזעצען אין אַלזשיר; אין דעם געשפּרעך מיט פּאַסקעוויטש'ן האָט ער אַפילו נאָך שטאַרק פערמינדערט יענע מינימאַלע צאָהל אויס־וואַנדערער, וואָס ער האָט פריהער אין לייפּציג אָנגעוויזען דר. פירסט'ן. נאָכדעם ווי דער פּוילישער „נאַמעסטניק” האָט אָבגעשיקט צום קייר

זער די פּונקטען, וואָס ער האָט אויסגעאַרבייט, איז אַלטאַראַס געבליבען אין וואַרשע וואַרטען אויף דעם ענדגילטיגען ענטפער פון פּעטערבורג. וואַרטען דאָ איז איהם אויסגעקומען אַ היבשע צייט — כמעט אַ גאַנצען מאָנאַט. דעם 17־19־טען אָקטאָבער 1846 האָט ניקאָלאַי אָהן שום ענדע־רונג בעשטעטיגט די אַלע פּונקטען. פירשט פּאַסקעוויטש איז באַלד וועגען דעם בענאַכריכטעט געוואָרען, און ער האָט עס מיטגעטיילט אַלטאַראַס'ן. יענער איז דערנאָך אָבגעפאָהרען קיין אויסלאַנד — און צוריק שוין מעהר ניט געקומען. אויך האָט ער קיין שום וויטערדיגע פער־האַנדלונגען מיט דער רוסישער רעגירונג ניט געפיהרט. וואָס איז געוועזען די אורזאַך דערפון, — וועגען דעם געפינען מיר ערגיץ ניט קיין שום ידיעות. עס איז מעגליך, אַז זיין פּראָיעקט האָט אין דער לעצטער מינוט ניט געפונען קיין געהעריג מיטגעפיהל אין די אויסלענדישע ווירקזאַמע אידישע קרייזען (פון מאָנטעפיאָרע'ס אַ בריף קאָן מען דרינגען, דאָס ער פערזענליך האָט ניט סימפּאַטיזירט מיט אַלטאַראַס'עס פּלאַן). ס'קאָן זיין, אַז אַלטאַראַס'ן האָט זיך ניט איינגעגעבען אויסצוגעפינען די נויטיגע פינאַנציעלע מיטלען. עס איז אויך מעגליך, אַז דאָ האָט געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָליע די איבערצייגונג, צו וועלכער עס האָט געבראַכט מאָנטעפיאָרע'ס אויפהאַלט מיט עטליכע חדשים פריהער אין רוסלאַנד: אַז מיט דער רוסישער רעגירונג איז נישט צו טהאָן. עס קאָן, ענדליך, אויך געמאָלט זיין, אַז די בעגרענצונג, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט געשטעלט (נור צו 100 הויזגעזינדען, אי דאָס מיט אַ בעזונדער ערלויב־ניש), האָט — מאַכענדיג די גאַנצע זאַך צו קליין־געלד — אָבגעשטויסען די פראַנצויזישע רעגירונג, און אפשר אַלטאַראַס'ן אַליין, פון דעם פּראָ־יעקט. וואָסערע אומשטענדען עס זאָלען ניט האָבען אַרויסגערופען אַזאַ מין אויסגאַנג, אַלענפאַלס איז פון דער זאַך גאָרנישט ניט געוואָרען. דער יום־טוב'דיגער פעריאָד פון האָפנונגען, וועלכע עס האָט צווישען די רו־סישע אידען אַרויסגערופען דער אָנפאָהר פון מאָנטעפיאָרע'ן און דערנאָך פון אַלטאַראַס'ן, האָט געדויערט נור אַ קורצע צייט, און עס האָבען זיך פאַר זיי ווידער אָנגעהויבען די לאַנגע פינסטערע וואָכען־טעג פון אָרימ־קייט און רעכטלאָזיגקייט . . .

וועגען אַלטאַראַס'עס וויטערדיגער טהעטיגקייט ווייסען מיר גאָר־נישט. ער איז געשטאָרבען 86 יאָהר אַלט, דעם 30־טען יאַנואַר 1872 [6].

●

---

[6]) "Bulletin mensuel" de l'Alliance Israelite Universelle, 1897, 3, p. 67.

# דר. הערצל׳ס רייזע קיין פעטערבורג

**די איינצעלהייטען** פון דר. טעאָדאָר הערצל׳ס רייזע קיין פעטערבורג, אין זומער 1903, און זיינע דעמאָלטיגע אונטערהאַנדלונגען מיט די פאַר־שטעהער פון דער רוסישער רעגירונג זיינען נאָך וועניג בעוואוסט. אי גלייך נאָך הערצל׳ס צוריקקומען פון רוסלאַנד, אי אין די שפּעטערדיגע יאָהרען זיינען וועגען דעם פּערעפּענטליכט געוואָרען בלויז ווינציגע, אָפּט־מאָל נישט פּאָלקאָם גענויע ידיעות. עס איז דעריבער אינטערעסאַנט צו צוגעבען וועגען דעם איניגע נייע מאַטעריאַלען, וועלכע עס ענטהאַלטען אין זיך אַ בינטעל דאָקומענטען, וואָס זיינען פערבליבען אין אַרכיוו פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט ביים רוסישען אינערן־מיניסטעריום [1].

אין פריהלינג 1903, פאַר דעם זעקסטען ציוניסטישען קאָנגרעס, האָט טעאָדאָר הערצל איבערגעלעבט אַ גאַנצע רייה גרויסע ענטטוישונגען. די אוידיענץ ביים סולטאַן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און די אונטערהאַנדלונ־גען מיט דער טערקישער רעגירונג האָבען איהם געבראַכט צו דער איבער־צייגונג, אַז עס איז ניטאָ קיין נאָהענטע אויסזיכט צו בעקומען אַ „טשאַר־טער” אויף פּאַלעסטינע, און אַז דאָס איינציגע, וואָס מען וואָלט דערווייל געקאָנט אויסווירקען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, איז — אַן ערלויבניש אויף צו באַזעצען אַ געוויסע צאָהל אידען אין פערשידענע געגענדען פון טערקיי, אָהן שום בעוואָרענטע רעכט אויף זעלבסטפערוואַלטונג. אָבער אַזאַ קליינע, צעוואָרפענע און צופעליגע קאָלאָניזאַציע אָהן אויטאָנאָמיע רעכט האָט ניט געשטימט סאַי מיט דעם באַזעלער פּראָגראַם פון דער ציוניסטישער בע־וועגונג, סאַי מיט דר. הערצל׳ס שטענדיגער שטרעבונג צו קאָלאָניזאַ־ציאָנס־פּלענער פון אַ ברייטען פערנעהם און שוואונג.

עס איז אויך גאָרנישט געוואָרען פון די פערהאַנדלונגען מיט דער עגיפּטישער רעגירונג וועגען אַ אידישער קאָלאָניזאַציע אויף דעם האַלב־אינזעל סיני. די פראַגע וועגען בעשאַפען אַן אָרט פאַר אַ ברייטע אידישע איינוואַנדערונג, מיט אַ געוויסער זעלבסטפערוואַלטונג, האָט הערצל געהאַל־טען פאַר העכסט וויכטיג, ווייל מען האָט זיך נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם געקאָנט ריכטען, אַז די אידישע עמיגראַציע פון רוסלאַנד וועט שטאַרק וואַקסען, און אין פערשידענע לענדער האָט מען שוין געפּלאַנעוועט שאַרפע געזעצליכע בעגרענצונגען געגען דער איינוואַנדערונג.

---

[1] אַרכיוו פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט (בעזונדערע אָבטיילונג), 2־טע עקספּ., פון יאָהר 1903—נומ. 987.

פאַר דעם זעקסטען ציוניסטישען קאָנגרעס האָט הערצל בעקומען פון דער ענגלישער רעגירונג דעם בעוואוסטען פאָרשלאַג וועגען דעם לאַנד אוגאַנדע, אין מזרח־אַפריקע. לויט דעם פּלאַן האָט דאָרט געזאָלט אויס־געטיילט ווערען אַ טעריטאָריע פאַר אַ אידישען זעלבסטשטענדיגען ישוב, מיט אַן אייגענער אָרטיגער פערוואַלטונג אונטער דער אויבער־הערשאַפט פון ענגלאַנד. דער פיהרער פון דער ציוניסטישער בעוועגונג האָט פאַר־אויסגעזעהן, אַז דער אוגאַנדע־פּלאַן וועט אויף דעם קאָנגרעס בעגעגענען אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד, בעזונדערס ביי די רוסישע ציוניסטען, און ער האָט זיך געגרייט צום קאַמף פאַר דעם פאָרשלאַג, אויף וועלכען ער האָט געלעגט פיעל געוויכט. גלייכצייטיג האָט ער ניט אַרויסגעלאָזט פון אויג דאָס הויפּט־ציעל פון ציוניסטישען פראָגראַם — די בעשאַפונג פון אַ אידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל, און ניט אויפגעהערט צו זוכען מיטלען, וואָס זאָלען ברייגגען נוצען אין אָט דער ריכטונג. ער האָט געוואוסט, ס'אַראַ שטאַרקע ווירקונג עס האָבען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל די גרויסע אייראָפּעאישע מלוכות, און ווי וויכטיג עס וואָלט געווען, אַז דער רוסישער קייזער זאָל אונטערשטיצען זיינע שטרעבונגען. אין מאַי 1903 האָט דר. הערצל פון וויען שריפטליך געבעטען דעם רוסישען אינערן־מיניסטער פּלעווע און דעם אָבער־פּראָקוראָר פון סינאָד פּאָבעדאָ־נאָסצעוו'ן וועגען אַן אודיענץ ביי דעם צאַר. גלייכצייטיג האָט אויך די בעריהמטע קעמפערין פאַר'ן אַלגעמיינעם פריעדען, בערטאַ זוטנער, זיך געווענדעט צו ניקאָלאַי דעם 2־טען מיט אַ בריף, וואו זי האָט הייס רעקאָ־מענדירט דר. הערצל'ען און זיינע איידעלע בעמיהונגען און געבעטען איהם אויפצונעהמען. קיין אודיענץ איז איהם אָבער ניט געגעבען געוואָרען.

דערווייל האָבען זיך אין רוסלאַנד אָנגעהויבען ערנסטע פערפאָלגונגען געגען דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. צווישען די אַרכיוו־דאָקומענטען פון'ם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט געפינען מיר אַ בריף צו הערצל'ען פון דעם בעוואוסטען רוסישען ציוניסט דר. י. טשלענאָוו, פון 13־טען יוני 1903 (דעם בריף האָט די זשאַנדאַרמעריע איבערגעכאַפּט און פון איהם אַראָפּ־גענומען אַ קאָפּיע). טשלענאָוו האָט דאָ מיטגעטיילט הערצל'ען, אַז דער ציוניזם אין רוסלאַנד שטעהט אין געפאַהר. „אונזער בעוועגונג אין רוסלאַנד שטעהט פאַר דער געפאַהר, אַז זי זאָל פערוועהרט ווערען, — האָט ער איהם געשריבען, — און וואָסערע פאָלגען די זאַך קאָן האָבען פאַר דער גאַנצער בעוועגונג, קאָן איך מיר איצט גאָר נישט פאָרשטעלען. מעגליך, אַז עס איז שוין צו־שפּעט. איך קאָן פון אייך ניט בעהאַלטען, אַז די לאַגע איז זעהר ערנסט. אויב דער פערבאָט וועט געשעהן נאָך פאַר דעם קאָנגרעס, וועלען מיר האָבען אַ קאָנגרעס אָהן רוסישע דעלע־גאַטען". . .

טשלענאָוו איז נישט אומזיסט געווען אונרוהיג. דעם 24־טען יוני 1903 האָט פּלעווע פונאַנדערגעשיקט צו אַלע גובערנאַטאָרען אַ געהיימען צירקולאַר, וואו ער האָט אָנגעוויזען, אַז „די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבען אין דער לעצטער צייט אַבגערוקט אויף אַ צווייטען פּלאַץ דעם גע־דאַנק וועגען מיטהעלפען דער עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע, און זיי האָבען זייער אַרבייט קאָנצענטרירט אויפ'ן ענטוויקלען און בעפעסטיגען די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ־ א י ד י ש ע אידייע און אָרגאַניזירען די אידען אין די ערטער, וואו זיי לעבען איצט". אונטערשטרייכענדיג, דאָס „אַזאַ מין ריכטונג שטימט ניט מיט די גרונד־פּרינציפּען פון דער רוסישער מלוכה־אידייע און קאָן ניט געדולדעט ווערען", האָט פּלעווע דורך זיין צירקולאַר פערוועהרט די עפענטליכע פּראָפּאַגאַנדע פון ציוניזם, די ציוניסטישע פער־זאַמלונגען, דאָס פערשפּרייטען די אַקציעס פון דער אידישער קאָלאָניאַל־באַנק, אויך דאָס זאַמלען געלד פאַר'ן אידישען נאַציאָנאַל־פאָנד. גלייכ־צייטיג האָט ער פאָרגעשריבען אַלע גובערנאַטאָרען שטרענג אַכטונג צו געבען, אַז די ציוניסטישע טהוער זאָלען זיך ניט פערנעהמען מיט איינ־אָרדנען שולען, פאָרלעזונגען, ביבליאָטעקען און אַנדערע אַזעלכע אַנשטאַל־טען, דורך וועלכע זיי שטרעבען „צו ענטוויקלען די נאַציאָנאַלע אידישע אָבגעזונדערטקייט".

זעלבסטפערשטענדליך, האָבען די מיטטיילונגען פון רוסלאַנד נאָך פערשטאַרקט הערצל'ס פערלאַנג צו פאָהרען קיין פּעטערבורג. דעם 8־טען יולי 1903 האָט ער זיך פון אַלט־אויסזע (וואו ער איז געווען אויף אָברוה), געווענדעט מיט אַ בריף צו זיינער אַ בעקאַנטער דאַמע אין פּעטערבורג, וועלכע האָט זיך זעהר אינטערעסירט מיט דער ציוניסטישער בעוועגונג און איז געווען בעפריינדעט מיט פּלעווע'ן. ער האָט ביי איהר געבעטען מיטצוהעלפען איהם, ער זאָל קריגען די מעגליכקייט צו זעהן זיך מיט דעם רוסישען מיניסטער. דער בריף איז איבערגעגעבען געוואָרען פּלע־ווע'ן, און יענער האָט איינגעוויליגט. דר. הערצל'ס בריף, אין דייטשער שפּראַך, געפינט זיך צווישען די פּאַפּירען, וואָס זיינען פערבליבען אינ'ם אַרכיוו פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט. פון דעם אָריגינעלען טעקסט און פון דער רוסישער איבערזעצונג, וואָס איז דאָ געמאַכט געוואָרען, איז ניט צו זעהן, צו וועמען דער בריף איז געווען אַדרעסירט. ווי עס ווייזט אויס, האָט מען אין פּאָליציי־דעפּאַרטמענט אַפילו ניט געוואוסט דעם נאָמען פון דער דאַמע, וואָס האָט דעם בריף בעקומען. פון די פערצייכענונגען אין הערצל'ס „טאָגביכער" דערוויסען מיר זיך, אַז די פּעטערבורגער פריינ־דין, צו וועלכער ער האָט געשריבען, איז געווען אַן עלטערע דאַמע, אַ פּוי־לישע אַריסטאָקראַטין, פרוי פּאולינע קאָרווין־פּיאָטראָווסקאָ. מיר ברייגנען דאָ, מיט איינינע פערקירצונגען, זיין בריף צו איהר:

„הויכפערעהרטע גנעדיגע פרוי! וועגען אונזער ציוניסטישער בע־וועגונג, אין וועלכער איהר נעהמט אַזאַ פריינדליכען אַנטייל, קאָן איך אייך, ליידער, ניט מיטטיילען דאָס בעסטע. צום בעדויערן, ווערען אונ־זערע שטרעבונגען ניט ריכטיג אָבגעשאַצט גראָד דאָרטען, וואו מען האָט זיי געזאָלט צום בעסטען בעגרייפען. ביי אַזעלכע אומשטענדען וועט אויס־קומען שווער אויפצוטהאָן עטוואָס גרעסערס.

„אין דער לעצטער צייט האָב איך געפּרואווט געפינען אַ ווירקזאַמע הילף, ווייל איך האָב געמיינט, אַז אין די רעגירענדע קרייזען וועט מען איצט שוין איינזעהן, ווי ריכטיג עס זיינען אונזערע אַרגומענטען, און אַז עס איז פאַרהאַן בלויז אָט די איינציגע פערענטפערונג פון דער אידען־פראַגע. איך האָב אָנגעשריבען צו די ה" פּלעווע און פאָבעדאָנאָסצעוו און זיי געבעטען צו פערשאַפען מיר אַן אודיענץ ביי דעם צאַר". הערצל ערקלערט, אַז ער איז דאָ אויסען געווען צוויי זאַכען. ערשטענס, וואָלט דער עצם פאַקט פון דער אודיענץ געגעבען אַ שטיקעל בערוהיגונג די אידישע געמיטער אין רוסלאַנד, וואָס זיינען אַזוי צורודערט געוואָרען דורך די קישינעווער געשעהנישען. און צווייטענס, האָט ער געהאָפט, אַז ער וועט דערביי האָבען די געלעגענהייט צו בעקענען פּלעווע'ן מיט דעם פּלאַן פון אַ געאָרדענטער עמיגראַציע און בעטען איהם וועגען זיין מיטווירקונג.
„ליידער אָבער, — שרייבט ער ווייטער, — האָב איך פון מיין געעהרטער פריינדין, דער באַראָנעסע סוטנער (צו וועלכער עס האָט וועגען דעם גע־שריבען דער רוסישער מיניסטער פון אויסערן, לאַמזדאָרף), בעקומען די מיטטיילונג, אַז דער צאַר וועט מיך ניט אויפנעהמען. אינצווישען האָבען זיך די געמיטער ממילא אַביסעל בערוהיגט. אָבער עס איז פערבליבען מיין אַנדער וואונש: אויספיהרליך דורכריידען זיך מיט ה' פּלעווע'ן וועגען אָנפיהרען אַן עמיגראַציע און פעראינטערעסירען איהם, דעם מעכ־טיגסטען מאַן אין רוסלאַנד, מיט דעם, וואָס עס וואָלט אין אַלע הינזיכטען פעררעכענט געוואָרען פאַר אַ פערגרינגערונג.

„דאָך קאָן איך מיך ניט ענטשליסען נאָך אַמאָל ווענדען זיך צו דעם מיניסטער, ווייל ער האָט מיר נאָך ניט געענטפערט אויף מיין בריף פון 23־טען מאַי. איך פערשטעה אַלענפאַלס, אַז ביי זיין שטעלונג קאָן ער מיר ניט גלייך אָנשרייבען. דאָך אָבער האָב איך מורא, עס זאָל ניט אויס־קומען אונבעשיידען פון מיין זייט, אויב איך וועל איהם ווידער שיקען אַ בריף. נו, האָב איך מיך דערמאָהנט, אַז איהר האָט פערבינדונגען מיט ה' פּלעווע. אויב דאָס איז פאַר אייך ניט שווער, וואָלט איך אייך גע־בעטען צו פרעגען איהם, צי ער וויל מיך זעהן. איך וועל קומען קיין פעטערבורג, ווען ער וועט פערלאַנגען. איך בעט אייך, גנעדיגע פרוי,

צו זיין זיכער אין מיין אויפריכטיגער דאַנקבאַרקייט און פערעהרונג. אייער שטענדיג איבערגעגעבענער  ט ע אָ ד אָ ר  ה ע ר צ ל".

שוין אין עטליכע טעג אַרום האָט הערצל געקראָגען פון פרוי קאָרווין־פּיאָטראָווסקאַ די מיטטיילונג, אַז פּלעווע וועט איהם גערן אויפנעהמען, און ער זאָל קומען קיין פּעטערבורג. דעם נור־וואָס דערמאָהנטען בריף, וואָס זי האָט ערהאַלטען פון הערצל'ען, האָט פּלעווע איבערגעגעבען דעם דירעקטאָר פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט לאָפּוכין, אויף צו מאַכען געוויסע פּעראָרדנונגען. זיי זיינען נויטיג געווען דערפאַר, ווייל לויט'ן געזעץ האָט הערצל, אַלס אויסלענדישער איד, ניט געהאַט קיין וואוינרעכט אין רוסלאַנד. דעם 14־טען יולי האָט לאָפּוכין שריפטליך אָבגעגעבען די פּעראָרדנונג: „איך בעט מאַכען אַן איבערזעצונג פון דעם בייגעלעגטען בריף. זיין פּערפאַסער, דער בעוואוסטער ציוניסט הערצל, וועט לויט דער ערלויבניש פון דעם ה' מיניסטער קומען צופאָהרען קיין פּעטערבורג. מען דאַרף בעוואָרענען, ער זאָל אויף דער גרעניץ און אין פּעטערבורג ניט האָבען קיין שטערונגען, אַלס איד". מיט עטליכע טעג שפּעטער האָט לאָפּוכין פאַרגעשריבען: „מען דאַרף מעלדען הערצל'ען וועגען דער ערלויבניש". דעם 18־טען יולי האָט דער פּאָליציי־דעפּאַרטמענט שריפטליך געבעטען דעם רוסישען קאָנסול אין וויען מיטצוטיילען „דעם אויסלענדישען אונטערטאַן, דר. טעאָדאָר הערצל, וועלכער געהערט צום אידישען גלויבען, אַז דער ה' אינערן־מיניסטער האָט געפונען פאַר מעגליך צו ערלויבען איהם קומען קיין פּעטערבורג". גלייכצייטיג האָט דער פּעטערבורגער גראַדאָנאַטשאַלניק בעקומען אַ פּעראָרדנונג, מען זאָל ניט מאַכען הערצל'ען קיין שטערונגען אויפצוהאַלטען זיך אין פּעטערבורג. אין פּאָליציי־דעפּאַרטמענט האָט מען פּינקטליך ניט געוואוסט, וואו הערצל וועט אַריבערפאָהרען די גרעניץ. דעריבער האָט מען אָבגעשיקט אַ פאַרשריפט צו די זשאַנדאַרמען־פּערוואַלטונגען ביי אַלע גרעניצען, זיי זאָלען איהם אונגעשטערט אַריינלאָזען אין רוסלאַנד.

דעם 23־טען יולי איז הערצל, אין דער בעגלייטונג פון דעם רוסישען ציוניסט, דר. נ. קאַצענעלסאָן פון ליבוי, אָבגעפאָהרען פון וויען קיין פּעטערבורג. צוליעב די שווערע אומשטענדען, אין וועלכע עס האָבען זיך געפונען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד, און כדי אויסצומיידען מעגליכע דעמאָנסטראַציעס, איז זיין רייזע געהאַלטען געוואָרען בסוד. און געוואוסט האָבען וועגען איהר נור ווייניגע פּערטרויטע מענשען. אין וואַרשע, וואו הערצל האָט פערבראַכט בלויז אַ פּאָר שטונדען פון איין צוג צום אַנדערען, האָבען אויף איהם געוואַרט אויפ'ן וואָקזאַל דער בעוואוסטער ציוניסישער טהוער י. יאַסינאָווסקי, דער רעדאַקטאָר פון „הצפירה" נחום סאָקאָלאָוו און איניגע אידישע שרייבער, וואָס האָבען זיך צופעליג דער־

וואוסט וועגען זיין דורכפאָהר. אין ווילנע, וואו דער צוג איז געשטאַנען נור צוועלף מינוט, האָבען הערצל'ען אויף'ן וואָקזאַל בעגעגענט די פאָר־שטעהער פון דער געמיינדע מיט אייניגע רבנים, און דאַמען האָבען איהם דערלאַנגט אַ בוקעט בלומען. דעם 25־טען יולי אין דער־פריה איז ער שוין געווען אין פעטערבורג.

זיין ערשטער וויזיט איז גלייך געווען צו פרוי קאָרווין־פיאָטראָווסקאַ. זי האָט שוין געהאַט אַ בריף פון פלעווע'ן, וואו ער האָט פערבעטען הערצל'ען צו זיך אין מיניסטעריום אויף מאָרגען אין דער־פריה. דאָס געשפּרעך צווישען פלעווע'ן און דעם פיהרער פון דער ציוניסטישער בע־וועגונג האָט געדויערט אַ שעה מיט אַ פערטעל. אין די אַרכיוו־דאָקומענ־טען פון אינערן־מיניסטעריום זיינען ניט פערבליבען קיין שריפטליכע שפּורען פון זייערע אונטערהאַנדלונגען. אָבער הערצל האָט אין זיינע „טאָגביכער" פערצייכענט דעם הויפּט־אינהאַלט פון געשפּרעך. „די אי־דען־פראַגע, האָט פלעווע געזאָגט, איז פאַר אונז ניט קיין לעבענס־פראַגע, אָבער אַלענפאַלס אַ גאַנץ וויכטיגער ענין, און מיר בעמיהען זיך צו פער־ענטפערן די זאַך אויף אַ רעכטען אופן. די אַנדערע רעגירונגען און דער עפענטליכער מיינונג אין אויסלאַנד איז גרינג צו מאַכען אונז פאָרוואור־פען פאַר די בעציהונג צו אונזערע אידען. אָבער ווען עס זאָל זיך האַנדלען וועגען אַריינגעהמען צו זיך אַ צוויי־דריי מיליאָן אָרימע אידען, וואָלטען זיי געדעדט אַנדערש . . . די רוסישע מלוכה מוז ווינשען, אַז איהר בע־פעלקערונג זאָל זיין אַן איינהייטליכע. נאַטירליך, מיר פערשטעהען, אַז מיר זיינען ניט אימשטאַנד אָבצושאַפען אַלע פערשידענהייטען פון גלויבענס און שפּראַכען. אָבער וואָס מיר פאָדערן פון אַלע פעלקער אין אונזער מדינה, און אויך פון אידען, איז — אַ פאַטריאָטישע בעציהונג צו דער רו־סישער מלוכה. מיר ווילען זיי אַסימילירען. אָבער די אַסימילירונג פון דער אידישער בעפעלקערונג געהט אָן זעהר לאַנגזאַם . . . איך בין ניט קיין אידען־פיינד. איך קען אידען זעהר גוט, כ'האָב צווישען זיי פערבראַכט מיינע יוגענד־יאָהרען אין וואַרשע, איך האָב זיך אַלס קינד שטענדיג געשפּיעלט מיט אידישע קינדער, און מיינע יוגענד־פריינד זיינען געווען אידען. איך וואָלט, אַלזאָ, גערן געגלויסט עטוואָס טהאָן פאַר אידען". . . .

„איך וועל ניט לייקענען, האָט פלעווע פאָרטגעזעצט, די לאַגע פון די רוסישע אידען איז ניט קיין גליקליכע. ווען איך זאָל זיין אַ איד, וואָלט איך וואַהרשיינליך אויך געווען אַ פיינד פון דער רעגירונג. דע־ריבער וואָלט די גרינדונג פון אַ אידען־שטאַט, וואָס זאָל אַריינגעהמען עטליכע מיליאָן אידען, פאַר אונז געווען העכסט געוואונשען. דאָס בע־דייט ניט, אַז מיר ווילען פערלירען אַלע אונזערע אידען. די אינטעליגענ־

טע און פערמעגליכע כחות, די וואָס קאָנען זיך אַסימילירען, וואָלטען מיר גערן איבערגעלאָזט ביי זיך. אָבער פון די אונבעמיטעלטע, שוואַך גע־בילדעטע וואָלטען מיר גערן פטור ווערען.

„אייער ציוניסטישע בעוועגונג איז אונז געוועזן סימפּאַטיש, ווילאַנג זי איז געוועזן געציעלט אויף עמיגראַציע. איהר ברויכט ניט צו בעגרינ־דען פאַר מיר אייער בעוועגונג, — איך בין איהרער אַן אָנהענגער. אָבער זינט דעם ציוניסטישען צוזאַמענפאָהר אין מינסק (וואָס איז פאָרגעקומען אין זומער 1902) בעמערקען מיר אַ גרויסע ענדערונג. עס האַנדעלט זיך וועניגער מכח פּאַלעסטינישען ציוניזם, ווי וועגען אידישער קולטור, אָרגאַ־ניזאַציע, נאַציאָנאַליטעט. דאָס פּאַסט אונז נישט. אָבער די ציוניסטישע שטרעבונגען, אין אייגענטליכען זין, די שטרעבונגען צו בעשאַפען אין פּאַ־לעסטינע אַ פּאָליטישען צענטער פאַר אידישער איינוואַנדערונג, זיינען מיר גרייט צו שטיצען".

ווייטער איז אין דעם געשפרעך בעהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע: אין וואָס וואָלט זיך אָט די שטיצע געקאָנט אויסדריקען? הערצל האָט אַרויסגעזאָגט דעם וואונש, אַז די רוסישע רעגירונג זאָל: ערשטענס, מיטווירקען ביים טערקישען סולטאַן וועגען אַ „טשאַרטער" אויף פּאַ־לעסטינע; צווייטענס, פינאַנציעל שטיצען די עמיגראַציע, אַנווענדענדיג דערויף געלד־מיטלען פון אידישע אָבצאָהלונגען, און דריטענס, פערגרינ־גערן די אָרגאַניזאַציע פון ציוניסטישע פעראיינען, אויף דעם גרונד פון באַזעלער פּראָגראַם. דערביי האָט דר. הערצל אונטערשטראָכען, אַז די רעגירונג מוז גלייכצייטיג זעהן אויסבעסערן די אידישע לאַגע אין רוסלאַנד גופא, צום ביישפּיעל, פערברייטערן דעם אידישען וואוין־ראַיאָן (די „טשערטאַ") און ערלויבען אידען צו קויפען קליינע חלקים ערד, כדי זיי זאָלען זיך קאָנען בעשעפטיגען מיט לאַנדווירטשאַפט. פלעווע האָט פּרינ־ציפּיעל אויף אָט די אַלע פּונקטען צוגעשטימט. הערצל האָט אַרויסגע־זאָגט דעם פערלאַנג, אַז די רעזולטאַטען פון זייער געשפּרעך זאָלען שריפט־ליך פאָרמולירט ווערען. פלעווע האָט עס איהם פערשפּראָכען צו טהאָן.

אויפ'ן אַנדערען טאָג איז דר. הערצל געוועזן ביים פינאַנץ־מיניסטער, וויטטע'ן, צו וועמען פלעווע האָט איהם געגעבען אַ רעקאָמענדאַציע. עס פערשטעהט זיך, אַז וויטטע האָט, פּונקט ווי פלעווע, פערזיכערט דעם אויס־לענדישען גאַסט, אַז ער איז אַ „אידען־פריינד". וואָס פאַר אַ מין „פריינד־שאַפט" דאָס איז געוועזן, קאָן מען אורטיילען פון דעם, וואָס ער אַליין האָט דאָ דערצעהלט: „איך פלעג שטענדיג זאָגען דעם פערשטאָרבענעם קייזער אַלעקסאַנדער דעם 3־טען: „מאַיעסטעט, אויב עס איז מעגליך צו דער־טרינקען די זעקס אָדער זיעבען מיליאָן אידען אין שוואַרצען ים, בין איך דערויף פּאָלקאָם איינשטימיג. אויב אָבער דאָס איז נישט מעגליך, מוז מען

זיי לאָזען לעבען״. און דאָס איז אויך געבליבען מיין אָנזיכט. איך בין געגען ווייטערדיגע בעדריקונגען״.

וויטטע האָט אָנגעוויזען, אַז די פּאָראורטיילען געגען אידען זיינען זעהר שטאַרק פערשפּרייט. פּאָראורטיילען זיינען פאַרהאַן „אָרענטליכע״, צום ביישפּיעל, דעם קייזער׳ס אידען־פיינדליכע אָנזיכטען, וואָס האָבען דערהויפּט אַ רעליגיעזען כאַראַקטער. עס זיינען אָבער אויך דאָ אַנטיסע־מיטישע פּאָראורטיילען צוליעב קאָנקורענץ אָדער מאָדע, און זיי האָבען זעהר אַ גרויסע פערשפּרייטונג. „מען מוז אָנערקענען, — האָט דער „אי־דען־פריינד״ בעמערקט,—אַז די רוסישע אידען אַליין גיבען גענוג גרונד צו דערוועקען פיינדשאַפט געגען זיי. זיי פערמאָגען אין זיך אַ בעזונדער מין פרעכהייט. די מייסטע אידען זיינען אָבער אָרים, און וויל זיי זיינען אָרים, זיינען זיי שמוציג, און זיי מאַכען אַן אָבשטויסענדען איינדרוק. אויך פערנעהמען זיי זיך מיט אַלערליי מיאוס׳ע געשעפטען. די פריינד פון די אידען איז, אַלזאָ, שווער זיי צו פערטיידיגען״. „ס׳איז אַ שווערע זאַך, האָט ער ווייטער געזאָגט, אַרויסצוטרעטען פאַר אידען, וויל דאָס הייסט גלייך, אַז מען איז כלומרשט אונטערגעקויפט. איך אָבער אַכט ניט דערויף״.

ווען דאָס געשפּרעך איז אַריבער צום ציוניזם און צו זיין ענד־ציעל, האָט וויטטע אַרויסגערוקט די בעוואוסטע טענה וועגען די קריסטליכע הייליגע מקומות. „אין וואָס פאַר אַ וויכטקייט פון די הייליגע ערטער שטעלט איהר אייך פאַר צו בעזעצען אידען? האָט ער געזאָגט: מיר דוכט, עס וואָלט אַרויסגערופען אַ בעאומרוהיגונג, ווען אידען זאָלען זיך געפינען נאָהענט צו די הייליגע ערטער!״ — „און ווי איז איצט, ווען טערקישע סאָלדאַטען בעוואַכען דעם הייליגען קבר?״ האָט בעמערקט הערצל. — „דאָס איז ניט אַזוי אונערטרעגליך, ווי ווען עס זאָלען זיין אידען, האָט וויטטע דערויף געענטפערט: זאָלען אַהין אָנקומען אַ פּאָר הונדערט טויזענד אידען, זאָלען דאָרט ווערען אידישע האָטעלען, אידישע געשעפטען, אַזוי וואָלט דאָס אפשר בעליידיגען די קריסטליכע גע־פיהלען״. . . . דאָך האָט וויטטע, לויט הערצל׳ס בקשה, צוגעזאָגט אָב־צושאַפען זיין פערבאָט געגען די אַקציעס פון דער קאָלאָניאַל־באַנק. דער־ביי האָט ער געשטעלט די בעדינגונג, אַז די באַנק זאָל עפענען איהרע אַן אָבטיילונג אין רוסלאַנד.

הערצל האָט אויך בעזוכט האַרטוויג׳ן, דעם דירעקטאָר פון דעם דע־פּאַרטמענט פאַר אַזיאַטישע אנגעלעגענהייטען ביים רוסישען אויסערן־מי־ניסטעריום. ער האָט מיט איהם געהאַט אַ געשפּרעך וועגען דער ציוניסטי־שער בעוועגונג און מכח דער דיפּלאָמאַטישער הילף, וואָס איהרע שטרע־בונגען וואָלטען געקאָנט בעקומען פון דער רוסישער רעגירונג. האַרטוויג

האָט פערשפּראָכען צו ערקונדיגען זיך ביי דעם רוסישען אַמבאַסאַדאָר אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל זינאָוויעוו'ן וועגען די שריט, וועלכע זיינען מעגליך אין אָט דער ריכטונג. ער האָט אויך אַרויסגעזאָגט דעם פערלאַנג צו האָ־בען אַן אויספיהרליכען שריפטליכען בעריכט וועגען דעם ציוניזם און זיינע ציעלען, מיט וועלכע ער זאָל בעקענען דעם אויסערן־מיניסטער. הערצל האָט צוגעזאָגט צו צושטעלען איהם אין גיכען פון אויסלאַנד אַזאַ בעריכט.

פלעווע האָט זיין פערשפּרעכען ערפילט. דעם 30־טען יולי האָט ער צוגעשיקט דר. הערצ'לען אין האָטעל דעם פאָלגענדען בריף:

„איהר האָט אַרויסגעזאָגט אייער וואונש צו האָבען קענטליכע שפּורען פון דער אונטערהאַנדלונג, וואָס איז צווישען אונז פאָרגעקומען. איך ערפיל גערן אייער פערלאַנג, אום צו בעזייטיגען אַלץ, וואָס קאָן אַרויסרופען איבערטריבענע האָפנונגען אָדער, פערקעהרט, בעאונרוהיגענדע צווייפלען.

„איך האָב געהאַט די געלעגענהייט צו בעקענען אייך מיט דעם, ווי אַזוי די רוסישע רעגירונג קוקט איצט אויף דעם ציוניזם. דער קוק איהרער קאָן זעהר לייכט ברייגגען דערצו, אַז די רעגירונג זאָל מוזען אנשטאָט איר פּאָליטיק פון דולדען דעם ציוניזם, אָנווענדען אַזעלכע מיטלען, וואָס האָבען זייער גרונד אין נאַציאָנאַלען זעלבסט־שוץ.

„ווילאַנג דער ציוניזם האָט געהאַט דאָס ציעל צו בעשאַפען פאַר אידען אַן אונאָבהענגיגע מדינה אין פּאַלעסטינע, ווילאַנג דער ציוניזם האָט פערשפּראָכען צו אָרגאַניזירען די אויסוואַנדערונג פון אַ געוויסער צאָהל אידישע אונטערטאַנען פון רוסלאַנד, האָט די רוסישע רעגירונג גע־קאָנט בעציהען זיך צו איהם גינסטיג.

„אָבער פון דער מינוט אָן, ווי דער ציוניזם האַלט ביים פערלאָזען אָט דאָס הויפּט־ציעל זיינס, אום אנשטאָט דעם צו פערנעהמען זיך פּשוט מיט פּראָפּאַגאַנדירען די אידישע נאַציאָנאַלע פעראייניגונג אין רוסלאַנד גופא, — קאָן די רעגירונג, נאַטירליך, אין קיין פאַל ניט דולדען אָט דעם נייעם גאַנג פון ציוניזם. ער וואָלט נור געקאָנט ברייגגען צו דעם, עס זאָלען בעשאַפען ווערען אין לאַנד גרופּעס מענשען, וואָס וואָלטען געווען פּאָלקאָם פרעמד און אַפילו פערהאַסט די פּאַטריאָטישע געפיהלען, אין וועלכע עס בעשטעהט די קראַפט פון יעדער מלוכה.

„דעריבער וואָלט דער ציוניזם געקאָנט ווידער בעקומען אונזער צוטרוי נור דאַן, ווען ער זאָל זיך צוריק אומקעהרען צו זיין פריהערדיגען אַרבייטס־פּראָגראַם. אין אָט דעם פאַל וואָלט דער ציוניזם געקאָנט רע־כענען אויף אַ מאָראַלישע און מאַטעריעלע שטיצע פון דעם טאָג אָן, ווי איינינגע פון זיינע פּראַקטישע מיטלען וואָלטען העלפען פערמינדערן די אידישע בעפעלקערונג אין רוסלאַנד.

„אָט די שטיצע וואָלט געקאָנט בעשטעהן אין פּראָטעקציע פאַר די

ציוניסטישע פערטרעטער ביי דער טערקישער רעגירונג, פערגרינגערן די אַרבייט פון אויסוואַנדערונגס־געזעלשאַפטען און אַפילו געבען זיי צו־שטייער אויף זייערע אויסגאַבען, — זעלבסטפערשטענדליך, ניט פון די אַלגעמיינע מיטלען פון דער מלוכה, נור פון בעזונדערע אידישע אָבצאָהלונגען.

„איך האַלט פאַר נויטיג נאָך צו צוגעבען, אַז די רוסישע רעגירונג, וואָס מוז צופּאַסען איהר בעהאַנדלונג פון דער אידען־פראַגע צו די אַלגעמיינע אינטערעסען פון דער מלוכה, איז צוגלייך קיינמאָל ניט אָבגעטראָטען פון די גרונד־פּרינציפּען פון מאָראַל און מענשליכקייט. ערשט גאָר ניט לאַנג האָט זי פערברייטערט דאָס וואוינרעכט אין דעם ראַיאָן, וואָס איז בעשטימט פאַר אידען; און קיין זאַך שטערט ניט צו האָפען, אַז די ענטוויקלונג פון אָט די מיטלען וועט העלפען פערבעסערן די לעבענס־בעדינגונגען פון די רוסישע אידען, בעזונדערס ווען זייער צאָהל וועט פערמינדערט ווערען דורך עמיגראַציע. מיט פערזיכערונג פון מיינע בעסטע געפיהלען, וו. פּ ל ע ו ו ע. פּעטערבורג, דעם 30־טען יולי (12־טען אויגוסט) 1903".

מיט אַ טאָג שפּעטער האָט פּלעווע ווידער אויפגענומען דר. הערצל'ען. אויך דעמאָלט האָט זייער געשפּרעך געדויערט מעהר ווי אַ שעה צייט. פּלעווע האָט ערקלערט, פאַרוואָס ער האָט איהם געלאָזט אייניגע טעג וואַרטען אויף זיין בריף. „איך האָב נישט געקאָנט, — האָט ער געזאָגט, — אָבגעבען אַ שריפטליכע ערקלערונג וועגען אַזאַ וויכטיגער אנגעלעגענהייט פריהער, איידער איך האָב די זאַך צוגעשטעלט זיין מאַיעסטעט, דעם קייזער. ער איז דער האַר פון לאַנד, פון דער רעגירונג, ער איז דער זעלבסטהערשענדער מאָנאַרך. עס איז אויך געווען נויטיג, אַז די ערקלערונג, וואָס איך האָב אייך געוואָלט געבען, זאָל ניט זיין אַן ערקלערונג ניט פון אַ פּאָריבערגעהענדען מענשען, פון איינעם, וואָס איז אפשר מאָרגען שוין אויס מיניסטער, נור די ערקלערונג פון דער רעגירונג. איך קאָן אייך, אַלזאָ פערטרויליך זאָגען, אַז איך האָב מיין בריף — אַלס אויספיהר פון מיין בעריכט — צוגעשטעלט דעם קייזער און פון איהם בעקומען די צושטימונג אויף איבערצוגעבען איהם אייך".

אין דעם ווייטערדיגען געשפּרעך האָט הערצל ווידער אָנגעוויזען אויף די נויטווענדיגקייט, עס זאָל פערגרינגערט ווערען די לאַגע פון די אידען אין רוסלאַנד גופא. וואָס אַנבעלאַנגט די ציוניסישע שטרעבונגען, האָט ער בעטאָנט די גרויסע בעדייטונג, וועלכע עס קאָן האָבען די מיטווירקונג פון דער רוסישער רעגירונג אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. בעזונדערס האָט ער אונטערשטראָכען, ווי וויכטיג עס וואָלט געווען דעם צאַר'ס פּערזענליכע מיטהילף ביים סולטאַן. ער האָט אויך צוגעשטעלט דעם מיניסטער אַ פּראָיעקט פון אַ סטאַטוט, וואָס זאָל רעגולירען די רעכטליכע

לאַגע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד. די פערהאַנד־לונגען האָבען הערצל'ען איבערצייגט, אַז פלעווע האָט געהאַלטען ביים פאַלשטענדיג פערוועהרען די ציוניסטישע בעוועגונג, און אַז דער מאָ־מענט איז איצט פאַר איהר אין רוסלאַנד אַ קריטישער און ענטשיידענדער, אַן וועלכען עס וועגדט זיך איהר ווייטערדיגע שיקזאַל. פאַר'ן אַוועק־פאָהרען פון פעטערבורג, האָט ער פערצייכענט ביי זיך אין „טאָגבוך": „די לאַגע איז קלאָר: אָדער הילף, אַדמיניסטראַטיווע און מאַטעריעלע, אויך מיטווירקונג ביים סולטאַן, — אָדער אַ פערבאָט פון דער בעוועגונג".

די פעטערבורגער ציוניסטען האָבען דעם 30־טען יולי געמאַכט אַן אָוועגד לכבוד דר. הערצל. דער צוועק פון זיין קומען קיין רוסלאַנד איז געהאַלטען געוואָרען בסוד, אָבער אַלע האָבען פערשטאַנען די וויכטיגקייט פון דעם מאָמענט, און די שטימונג איז געוועזען זעהר אַן ערנסטע. אין דער רעדע, וואָס דר. הערצל האָט ביי דעם אָוועגד געהאַלטען, האָט זיך קלאָר געשפּירט דער אָבקלאַנג פון יענער שטימונג, וועלכע עס האָבען ביי איהם געמוזט אַרויסרופען די געשפּרעכען מיט פלעווע'ן און דער בריף, וואָס ער האָט פון איהם בעקומען.

„איך בין אין רוסלאַנד אַ פרעמדער, — האָט ער געזאָגט, — אָבער איך בין טיעף פערבונדען מיט די רוסישע ציוניסטען אין דער ברידער־ליכער אַרבייט פאַר דער צוקונפט פון אונזער פאָלק. דעריבער וועל איך מיר ערלויבען צו ריידען מיט אייך ניט אַזוי, ווי אַ גאַסט רעדט. איך מוז דאָ זאָגען עטוואָס, וואָס ווערט אפשר ניט אַלעמען געפעלען, אָבער אין אַזעלכע מאָמענטען, ווי דער היינטיגער, דאַרף מען קלאָר און אָפען אַרויס־זאָגען וואָס מען טראַכט און מיינט. איך רעכען פאַר דאָס וויכטיגסטע, אַז מיר זאָלען זיך פעסט האַלטען אָן דעם ציוניסטישען פּראָגראַם, וואָס איז צוערשט צונויפגעשטעלט געוואָרען אין באַזעל. מיר מוזען הויך האַלטען דאָס באַזעלער פּראָגראַם, מיט אַלע אונזערע כחות זעהן עס דורכ־צופיהרען, און נישט זוכען עטוואָס נייעס, בעזונדערס, אַזוי צו זאָגען, זייטיגע ענינים. ווען איך זאָג, אַז מיר דאַרפען זיך אָבזאָגען פון אַלע זייטיגע אַרבייטען, מיין איך ניט, פערשטעהט זיך, מיר זאָלען זיך פון זיי אָבזאָגען אויף ש ט ע נ ד י ג, נור אויף א י צ ט . . . איך בין נ'שט קיין „בורזשוי", ווי אונזערע געגנער סטאַרען זיך מיך פאָרצושטעלען. נור אונזער אַרבייט איז זעהר אַ שווערע, און זי פאָדערט פון אונז, מיר זאָלען קאָנצענטרירען, זאַמלען אַלע אונזערע כחות אין איין פונקט, אין איין ציעל. אונזער ריין־ציוניסטישער פּראָגראַם פאָדערט פון אונז אונזער גאַנצע ענערגיע, פאָדערט ג אַ נ צ ע מענשען. צושטיקעלטע, צובראָ־כענע נפשות, האַלבע מענשען, מענשען וואָס שטעהען מיט איין פוס ביי אונז און מיט'ן אַנדערען ערגיץ ווייט אַנדערש, — אַזעלכע קאָנען אונזער

בעוועגונג נישט נוצען. איהר דאַרפט מיר גלויבען, עס איז פאַר אונז שלעכט, ווען מיר וועלען צונויפמישען זייטיגע פּרינציפּען מיט די פּרינ־ציפּען פון אונזער בעוועגונג".

דיזעלבע געדאַנקען האָט הערצל אין אַ פיעל קלאָרערער פאָרם אַרויסגעזאָגט אין אַ געשפּרעך, וואָס ער האָט געהאַט מיט די פאָרשטעהער פון די פעטערבורגער אידישע צייטשריפטען.

אין די ראַדיקאַלע אידישע קרייזען איז מען געווען אונצופרידען מיט הערצל'ס קומען קיין רוסלאַנד, נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם, און מיט זיינע אונטערהאַנדלונגען מיט פלעווע'ן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָ־בען זיך אין פיעל אידישע שטעדט פערשפּרייט קלאַנגען, אַז אויף דעם פיהרער פון דער ציוניסטישער בעוועגונג איז געשעהן אין פעטערבורג אַן אָנפאַל, און אַז ער איז אומגעבראַכט געוואָרען. אייניגע האָבען אין דעם כלומרשטען מאָרד בעשולדיגט דר. הערצל'ס פּאָליטישע געגנער־אידען; אַנדערע האָבען געהאַלטען, אַז אָבגעטהאָן די זאַך האָבען די רוסישע שוואַרץ־מאה'ניקעס, אָדער גאָר אַגענטען פון דער זשאַנדאַרמעריע. פון אַלע עקען רוסלאַנד זיינען צו די רעדאַקציעס פון די פעטערבורגער אי־דישע צייטונגען געפלויגען אונצעהליגע דעפּעשען מיט אָנפראַגען וועגען הערצל'ס געזונט, זיין צושטאַנד, מכח דעם אונגליק, וואָס איז כלומרשט מיט איהם געשעהן, א. ד. גל.

ווי ווילד און גרונדלאָז עס זיינען געווען די אַלע קלאַנגען, האָבען זיי דאָך געמאַכט נערוועז און אַפילו בעאונרוהיגט אייניגע פון הערצל'ס מיטאַרבייטער, בעזונדערס דעם בעוואוסטען ציוניסט דר. ג. ברוק, פון וויטעבסק, וועלכער האָט זיך דאַן אויפגעהאַלטען אין פעטערבורג.

„דעם לעצטען טאָג אין פעטערבורג, — שרייבט הערצל, — האָט מיר עטוואָס פערביטערט דר. ברוק; ער האָט מיט אויפרעגונג מיך אָבגערעדט פון צו פאָהרען קיין ווילנע, וויל מען קאָן דאָרטען מיר אָב־טהאָן וואָס שלעכטס . . . איך האָב ערקלערט, אַז איך וועל מיך ניט מאַ־כען אַזוי קאָמיש — ניט צו פאָהרען איצט קיין ווילנע, נאָכדעם ווי איך האָב עס שוין אָנגעזאָגט. און כדי פּטור צו ווערען פון דר. ברוק'ן, האָב איך איהם, כלומרשט „צוליב פאָרזיכט", אָבגעשיקט פאָראויס קיין ווילנע, צו ערקונדיגען זיך וועגען די אומשטענדען".

דעם 2-טען אויגוסט איז הערצל אַוועקגעפאָהרען פון פעטערבורג צו־ריק קיין אויסלאַנד. אונטערוועגס האָט ער זיך אויף אַ האַלבען טאָג אָבגעשטעלט אין ווילנע. די דאָרטיגע אַדמיניסטראַציע האָט ניט ער־לויבט קיין עפענטליכען באַנקעט לכבוד דעם ציוניסטישען פיהרער. גע־היימע אַגענטען האָבען אין ווילנע נאָכגעשפּירט דר. הערצל'ס יעדען שריט; די פּאָליציי האָט געטריבען די אידען, וואָס האָבען אויף די גאַסען מאַסענ־

ווייז געוואָרט אויף זיין דורכפאָהר [2]). הערצל האָט בלויז געקאָנט בע־זוכען די ווילנער „צדקה גדולה”, וואו עס האָבען איהם בעגעגענט די פאָרשטעהער פון דער קהילה און די רבנים, אויך פערטרעטער פון די ציוניסטישע פעראיינען און געזעלשאַפטליכע אַנשטאַלטען. דעם אָווענד האָט ער פערבראַכט אין אינטימען קרייז פון די ווילנער ציוניסטען און כלל־טהוער. די האַרציגע פערעהרונג, וואָס הערצל האָט דאָ געשפּירט, די אונגעוועהנליכע בעגייסטערונג, מיט וועלכער מאַסען מענשען האָבען איהם, ניט געאַכט אויף די גראָבע שטערונגען פון דער פּאָליציי, בעגריסט אויף די גאַסען, — האָבען אויף איהם געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק. „דעם טאָג אין ווילנע וועל איך קיינמאָל ניט פערגעסען. דאָס איז ניט קיין באַנקעט־פראַזע” — האָט ער פערצייכענט אין זיין „טאָגבוך”.

קיין פּראַקטישע פאָלגען האָבען הערצל'ס אונטערהאַנדלונגען מיט פּלעווע'ן ניט געהאַט. איבערביידען האָט שוין געשוועבט דער טויט. דעם 3־טען יולי 1904 איז הערצל פריהצייטיג געשטאָרבען פון אַ האַרץ־אַטאַקע. און וועניגער ווי מיט אַ מאָנאַט שפּעטער, איז פּלעווע אומגעקו־מען פון דער באָמבע, וואָס עס האָט אויף איהם געוואָרפען דער רעוואָ־לוציאָנער סאַזאָנאָוו.



[2]) אינטערעסאַנטע פּרטים וועגען די געהיימע זשאַנדאַרמסקע ראַפּאָרטען מכח דר. הערצל'ס אויפהאַלט אין ווילנע זיינען געבראַכט אין פּ. קאָן'ס אַרטיקעל, אין Bnai Brith Mitteilungen fur “Oesterreich” 1928, Heft 6. זעת אויך „מימים ראשונים” (רעד. א. דרויאַנאָוו), כרך א', חוב. ג', 63—72.

## ניקאָלאַי דער ערשטער — אַ „אידישיסט"

די מיסיאָנערישע טענדענץ בנוגע צו אידען, וואָס האָט שטענדיג גע־הערשט אין צאַרישען רוסלאַנד, האָט זיך, ווי בעוואוסט, בעזונדערס פער־שטאַרקט אין ניקאָלאַי דעם ערשטענס צייטען. אין זיינע יאָהרען ווערט דער מיסיאָנערישער געדאַנק דער הויפּט־מאָטיוו פון דער גאַנצער רע־גירונגס־פּאָליטיק בנוגע צו דער אידישער בעפעלקערונג, דער גרונד־פּרינ־ציפּ פון דער גאַנצער געזעצגעבונג וועגען אידען און פון דער פערוואַלטונג איבער אידישע אַנגעלעגענהייטען. מיט אָט דער ריכטונג איז געדיכט בעפאַרבט דער גאַנצער פּעריאָד פון זיין הערשאַפט; אָבער איהר הויפּט־תקופה, איהר ברען־פּונקט זיינען געוועזען די פערציגער און אָנהויב פופציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט: דעמאָלט זיינען עס פאָרגענומען גע־וואָרען אַ גאַנצע סדרה האַרבסטע מיטלען, כדי צו טויפען וואָס מעהר אידישע קאַנטאָניסטען און סאָלדאַטען, און בכלל שטויסען אידען צום פּראַוואָסלאַוונעם גלויבען. און דערביי האָט אין דער מיסיאָנערישער רע־גירונגס־אַרבייט זעהר אַ בעדייטענדע ראָלע געשפּיעלט טאַקע ניקאָלאַי'ס פּערזענליכע איניציאַטיווע — ער איז דאָ געוועזען דער אויפטהוער פון די וויכטיגסטע פעראָרדנונגען, ער האָט זיך אייפעריג אינטערעסירט מיט זייער פערווירקליכונג און פלעגט שטרענג אַכטונג געבען, זיי זאָלען גענוי און ערנסט דורכגעפיהרט ווערען.

צו אָט דער צייט געהער אָן אַ משונה'דיגער פּראָיעקט, וואָס איז ענטשטאַנען אין ניקאָלאַי'ס קאָפּ. פון דעם פּלאַן איז פערבליבען אַ שפּור אין אַ פּעקעל אַלטע אָפיציעלע דאָקומענטען [1]). עס לוינט זיך צו בעקענען מיט איהם, ווייל ער בעווייזט, אַז דער מיסיאָנערישער געדאַנק האָט זיך ביי ניקאָלאַי דעם ערשטען פערוואַנדעלט כמעט אין אַ פּסיכאָפּאַטישען שגעון.

פון דעם 5־טען יוני 1845 האָט דער סינאָדאַלער אָבער־פּראָקוראָר, גראַף פּראָטאַסאָוו שריפטליך איבערגעגעבען דעם סינאָד די פאָלגענדע פער־אָרדנונג: „זיין מאַיעסטעט דער קייזער האָט אַלערהעכסט בעפוילען איינ־צופיהרען אַ פּראַוואָסלאַוונעם גאָטעסדיענסט אין אידישער שפּראַך

[1]) אַרכיוו פון סינאָד, 1845—נומ. 853.

אין בערדיטשעוו, אין איינער פון די דאָרטיגע צערקוועס, און עפענען ביי איהר אַ שול". ביים מיטטיילען דעם קייזערליכען בעפעהל, האָט גראַף פּראָטאַסאָוו פאָרגעלעגט דעם סינאָד אָנצונעהמען די נויטיגע מיטלען אויף צו ערפילען ניקאָלאַי'ס ווילען.

האַלטענדיג אין איין טראַכטען, ווי אַזוי צו ברייגגען וואָס מעהר אי־דען צום קריסטליכען גלויבען, איז ניקאָלאַי געפאַלען אויף דער המצאה, אַז אויב מען זאָל אין אַ שטאָדט מיט אַזאַ גרויסער אידישער בעפעלקערונג, ווי בערדיטשעוו, איינאָרדנען אַ פּראַוואָסלאַוונעם גאָטעסדיענסט אויף אי־דיש, וואָלט דאָס געווען אַ זיכער מיטעל אָבצוטויפען אַ מאַסע דאָרטיגע אידען. אין סינאָד, וואו מען איז געווען פּראַקטיש בעהאַוונט אין דער מיסיאָנערישער אַרבייט, האָט מען, נאַטירליך, גלייך פערשטאַנען די ווילד־קייט פון אַזאַ מין געדאַנק. עס איז קלאָר געווען, אַז דער משונה'דיגער פּלאַן מוז „בעגראָבען" ווערען. אַזוי ווי ער האָט אָבער געשטאַמט פון דעם קייזער אַליין, איז מען געווען געצוואונגען צו פיהרען די זאַך אויף אַזאַ אופן, עס זאָל דוכטען, אַז עס ווערט אַלץ געטהאָן, כדי דורכצופיהרען ניקאָלאַי'ס פערלאַנג. דאָס בעסטע מיטעל איז אין אַזאַ פאַל געווען — פערציהען דעם ענין דורך פערשידענע שריפטליכע אונטערהאַנדלונגען. היות ווי בערדיטשעוו קעהר זיך אָן צום קיעווער ראַיאָן, האָט דער סינאָד אַלזאָ ראשית־כל בעשלאָסען צו מאַכען אָן אָנפראַגע ביים קיעווער מיטראָ־פּאָליט: ביי וואָסער פון די בערדיטשעווער צערקוועס וואָלט, לויט זיין מיינונג, געווען בעקוועמער און נוצליכער איינצואָרדנען אַ גאָטעסדיענסט אויף אידיש, און אויף וואָס פאַר אַ שטייגער?

דעם 28־טען אויגוסט 1845 האָט דער קיעווער מיטראָפּאָליט פילאַ־רעט אָבגעשיקט צום סינאָד אָן אויספיהרליכען ראַפּאָרט. ער האָט ער־קלערט, אַז כדי צו ערפילען דעם קייזער'ס ווילען, מוז מען אַפריהער אָנ־נעהמען אַ גאַנצע רייה מיטלען. ערשטענס, מוז מען איבערזעצען אויף אידיש די פּראַוואָסלאַוונע תפילה־ביכער. „מיט דער העברעאישער שפּראַך זיינען בעקאַנט נור געלעהרטע אידען, — האָט דער מיטראָפּאָליט געשרי־בען, — פאַר דעם פּראָסטען עולם איז זי ווענינ פערשטענדליך. די פּשוטע אידישע שפּראַך האָט אָבער ניט קיין קלאָר פעסטגעשטעלטען כאַ־ראַקטער, זי איז אַ געמישטע און אונטערשיידט זיך לויט די פערשידענע געגענדען. דער איבערזעצער וועט דעריבער האָבען פאַר זיך אַ שווערע אַרבייט ביים איבערגעבען די תפילה־ביכער אין אַזאַ שפּראַך, וואָס זאָל צו־גלייך זיין אי פערשטענדליך דער פאָלקס־מאַסע, אי צוגעפּאַסט צו דער הייליגער וויכטיגקייט פון די תפילה־ביכער". צווייטענס, מוז מען צו־גרייטען אַזעלכע גלחים, וואָס זאָלען קאָנען פּראַווען דעם גאָטעסדיענסט אויף אידיש. אין די גייסטליכע אַקאַדעמיעס און סעמינאַריעס לערענט מען די צוקונפטיגע פּראַוואָסלאַוונע גלחים העברעאיש. אָבער די אידישע שפּראַך

איז זיי פּאָלקאָם פרעמד, און אַפּילו די אויסשפּראַך פון העברעאישע ווער־טער איז ביי זיי גאָר אַן אַנדערע, ווי ביי די רוסישע אידען. מען וועט דע־ריבער מוזען אויסבילדען ספּעציעלע גלחים פון געטויפטע אידען, וואָס זאָלען זיין געניגענד בעקאַנט מיט דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבען און קאָ־נען פיהרען דעם גאָטעסדיענסט אויף אידיש. אָבער אַזעלכע משומדים האָט ער, דער מיטראָפּאָליט, דערוויל נישט אין אויסזיכט. דריטענס, מוז מען אַפריהער צוגרייטען אַ גענוגענדע צאָהל אידען, וואָס זאָלען ערקלע־רען, דאָס זיי ווילען זיך טויפען, — זיי וועט מען קאָנען צולאָזען צום גאָטעסדיענסט. אָהן אַזעלכע אידען אָבער וועט דער פּראָיעקטירטער גאָ־טעסדיענסט ניט האָבען קיין שום פּובליקום; וואָרום לויט די פּראַוואָ־סלאַוונע רעליגיעזע בעשטימונגען טאָרען ניט זיין ביים גאָטעסדיענסט אַזעלכע פּערזאָנען, וואָס האָבען נאָך ניט ערקלערט זייער פערלאַנג צו טויפען זיך. אין בערדיטשעוו, ראַפּאָרטירט ווייטער דער מיטראָפּאָליט, זיינען פאַרהאַן צוויי פּראַוואָסלאַוונע געמויערטע צערקוועס, מיט אַ גרויסער צאָהל דאַוונער, און אַ דריטע — אַ הילצערנע, ספּעציעל פּאַר מיליטער־לייט. איינפיהרען אַ גאָטעסדיענסט אויף אידיש אין איינער פון דאָזיגע קירכען וואָלט אָבער געווען אונבעקוועם — דאָס וואָלט אַרויסגערופען אַן אונצופריעדענקייט ביי די רוסען, בפרט אַז אין בערדיטשעוו געפינען זיך ניט ווייניג „סטאַראָווערצעס".

נעהמענדיג אין בעטראַכט אָט די אַלע אומשטענדען, האָט דער מיטראָ־פּאָליט געדרונגען, אַז כדי צו ערפילען דעם קייזערליכען בעפעהל, וואָלט מען געברויכט אַפריהער גרינדען אין בערדיטשעוו אַ ספּעציעלע רעליגיעזע שול („דוכאָוונאָיע אוטשילישטשע") פּאַר קינדער פון גלחים און פּאַר אי־דישע קינדער — סאַי געטויפטע, סאַי ניט־געטויפטע; די לעצטע וואָלט מען דאָ צוגעגרייט צום שמד'ן זיך. אַחוץ די געוועהנליכע רעליגיעזע און אַלגעמיינע לימודים, וואָלט מען אין דער פּראָיעקטירטער שול מוזען לערנען די אידישע שפּראַך, אויך רעליגיעזע ליעדער אויף אידיש, כדי צו צוגרייטען פון די קינדער אַזוינע גלחים, וואָס זאָלען קאָנען אָבריכטען אויף אידיש דעם פּראַוואָסלאַוונעם גאָטעסדיענסט. כדי צוציהען צו דער שול קינדער פון אידישע עלטערן, וועט מען זיי דאָ מוזען אויסהאַלטען אויף אַלעס גרייטען. אויף בעקוועם איינצואָרדנען די שול, האָט דער מיטראָ־פּאָליט פּאָרגעלעגט אָבצונעהמען ביים בערדיטשעווער קאַטוילישען קלוי־סטער דריי הייזער; אין איינעם פון זיי וועט מען קאָנען עפענען אַ שול־קירך מיט אַ גאָטעסדיענסט אויף אידיש און מיט אַ בעזונדער אָבטיילונג, וואו אידען זאָלען קאָנען פון דער־ווייטענס הערען די פּראַוואָסלאַוונע תפילות אין אידישער איבערזעצונג.

ווי מיר זעהן, האָט דער מיטראָפּאָליט פּילאַרעט, אויסערליך בע־

האַנדלענדיג ערנסט דעם פּלאַן, אין תוך אַריין איהם געמאַכט צו־נישט. בעקומען זיין רעפּאָרט, האָט אָבער דער סינאָד ניט געאיילט, און ערשט דעם 19־טען דעצעמבער בעשלאָסען: אַריבערשיקען פילאַרעט'ס בעריכט צום קיעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר און פרעגען זיין מיינונג וועגען דער זאַך. האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר ביביקאָוו געענטפערט, אַז ער איז מסכים מיט דעם מיטראָפּאָליט'ס ראַפּאָרט, נור ער איז צוליעב פּאָליטישע מאָטיווען דורכאויס געגען דעם, אַז מ'זאָל ביי דעם קאַטוילישען קלויסטער אָבנעהמען די הייזער, אויף וועלכע פילאַרעט האָט אָנגעוויזען.

פון דעם אייליגען בעפעהל וועגען דעם גאָטעסדיענסט אויף אידיש איז דערווייל פאַראיבער מעהר ווי אַ האַלב יאָהר, און מען האָט געקאָנט רעכענען, אַז ניקאָלאַי'ס „אידישיזם" איז שוין אָבגעקיהלט געוואָרען. אין סוף יאַנואַר 1846 האָט דער סינאָדאַלער אָבער־פּראָקוראָר פּראָטאַסאָוו זיך ענטשלאָסען צושטעלען דעם קייזער די בעריכטען פון דעם מיטראָפּאָ־ליט און גענעראַל־גובערנאַטאָר. דעם 30־טען יאַנואַר האָט ניקאָלאַי בע־פוילען: „בענוגענען זיך דערווייל נור מיט איבערזעצען די תפילה־ביכער אויף אידיש און אָבלעגען די איבעריגע פעראָרדנונגען ביז אַ בעזונדער בעפעהל". פאַקטיש האָט עס בעטייט: ער האָט אָבגעשאַפט זיין פריהער־דיגען בעפעהל. וואָרום קיין ווייטערדיגער „בעזונדער בעפעהל" איז ניט אָבגעגעבען געוואָרען, און אַפילו צום איבערזעצען די פּראַוואָסלאַוונע תפילה־ביכער אויף אידיש איז מען ניט צוגעטראָטען, — מען האָט בכלל וועגען דעם ווילדען פּראָיעקט מעהר ניט גערעדט.



# משה מענדעלסאָן און די רוסישע ביוראָקראַטיע

מיט איינִיגע יאָהר צוריק האָט די געבילדעטע וועלט געפייערט דעם 200-סטען געבורטסטאָג פונ'ם בעריהמטען אידישען דענקער און אויפ-קלערער, משה מענדעלסאָן (געשטאָרבען אין יאָהר 1786, אין בערלין). זיין דייטשע איבערזעצונג פון חומש, מיט די „ביאור"-ערקלערונגען, ווי אויך זיינע ווערק וועגען די פּרינציפּען פונ'ם אידענטום האָבען ניט בלויז די דייטשע אידען דערנעהענטערט צו דער דייטשער קולטור און צו אַלגע-מיין-מענשליכער בילדונג, נאָר זיי האָבען אויך געהאַט אַ טיעפע ווירקונג אויף די אידען אין פּוילען, רוסלאַנד און אין אַנדערע אייראָפּעאישע לענ-דער. מענדעלסאָן'ס בעדייטונג אַלס אויפקלערער פון די אידען אין גאַנץ אייראָפּע איז געווען אַזוי גרויס, דאָס פיעל היסטאָריקער רופען די צייט פון ענדע 18-טען און אָנהויב 19-טען יאָהרהונדערט — דער „מענדעלסאָ-נישער פּעריאָד" אין דער אידישער געשיכטע. אויך אין דער אַלגעמיינער דייטשער ליטעראַטור האָט מענדעלסאָן'ס טהעטיגקייט אָבגעשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע. פאַר זיינע פילאָזאָפישע ווערק, וואָס האָבען אַמאָל געמאַכט פיעל אויפזעהן, פלעגט מען איהם, נאָכ'ן נאָמען פון דעם בעריהמטען גריכישען פילאָזאָף, רופען: „דער בערלינער סאָקראַט". אין זיין צייט האָט מענדעלסאָן אָנגעהערט צו די סאַמע בעוואוסטע און פּאָפּולערסטע פּער-זאָנען. געקרוינטע הערשער האָבען געזוכט זיין בעקאַנטשאַפט, און יעדער געבילדעטער אויסלענדער האָט, קומענדיג קיין בערלין, געהאַלטען פאַר זיין פליכט אָבצושטאַטען אַ וויזיט דעם אידישען פילאָזאָף און אויפקלערער און פּערזענליך אויסדריקען דעם „בערלינער סאָקראַט" זיין טיעפע פערעהרונג. אַזוי בעריהמט און געשעצט איז אומעטום געווען משה מענדעלסאָן'ס נאָמען.

אויך די רוסישע ביוראָקראַטיע איז געקומען אין בעריהרונג מיט דעם נאָמען „מענדעלסאָן", אָבער, ווי געוועהנליך, — אויף איהר שטייגער. אַ טיעפע אונוויסענקייט האָט אין רוסלאַנד געהערשט אין די ביוראָקראַטי-שע קרייזען, אַפילו צווישען יענע, וואָס פלעגען פערוואַלטען איבער ביל-דונגס-אַנגעלעגענהייטען. דער נאָמען פונ'ם בעריהמטען אידישען אויפ-קלערער און פילאָזאָף איז זיי געווען בעקאַנט, — און דאָס האָט געבראַכט צו טשיקאַווע קוריאָזען. אונז זיינען בעוואוסט אַזלעכע צוויי קאָמישע עפּיזאָדען, וואו עס האָט זיך אַרויסגעוויזען די פינסטערקייט פון די רוסי-

שע בעאַמטע: אין איין פאַל האָט מען מענדעלסאָנ׳ען אָנגענומען פאַר אַ — גנב, און אין דעם אַנדערען געוואָלט איהם מאַכען — פאַר אַ מיסיאָנער.

מיט העכער ווי הונדערט יאָהר צוריק איז אין אומאַן (קיעווער גוב.) ענטשטאַנען אַ פלאַן וועגען עפענען דאָ אַ לייטישע שול פאַר אידישע קינ־דער. ווי בעוואוסט, איז אומאַן געווען איינע פון די ערשטע שטעדט אין רוסלאַנד, וואו עס זיינען, אונטער דער ווירקונג פון דער מענדעלסאָנישער ריכטונג, אויפגעקומען אידישע אויפקלערער —משכילים (מען פלעגט זיי רופען "בערלינער", ווייל זייערע שטרעבונגען און זייער בילדונג האָבען געשטאַמט פון דער בערלינער אויפקלערונגס־בעוועגונג). אין אומאַן האָט אין אָנהויב 19־טען יאָהרהונדערט געלעבט דער בעוואוסטער חיים־חייקעל הורוויץ, דער איבערזעצער פון קאַמפּע׳ס ווערק וועגען קאָלומבוס׳ן. חיים־חייקעל׳ס זוהן איז שפּעטער געוואָרען פּראָפעסאָר פון אָריענטאַלישע שפּראַ־כען אין קעמברידזשער אוניווערזיטעט. אין אומאַן האָט אויך געווירקט דער בעוואוסטער אַבראַמסאָן, איינער פון די ערשטע דאָקטוירים אין רוס־לאַנד [1]). אין די 20־ער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט איז אין אומאַן שוין געווען אַ קרייזעל אידישע אינטעליגענטען־משכילים. זעהענ־דיג די חסרונות פון דער ערציהונג, וואָס אידישע קינדער בעקומען אין די חדרים, וואו מען לערענט זיי ניט די לאַנד־שפּראַך און מען גיט זיי ניט קיין פּראַקטישע קענטענישען, וואָס זאָלען זיי ברייגען נוצען אין לעבען, האָבען די אומאַנער משכילים בעשלאָסען צו גרינדען אין שטאָדט אַ נייִ־מאָדישע שול פאַר אידישע אינגלעך. לויט דעם פּלאַן, וואָס זיי האָבען אויסגעאַרבייט, האָבען די שילער געזאָלט דאָ לערנען, אַחוץ די רעליגיעזע לימודים, אויך רוסיש, דייטש, רעכענען, געאָגראַפיע, א. ד. גל. קריגען אַ געהעריגען לעהרער איז אין יענע צייטען געווען ניט קיין גרינגע זאַך. האָט מען זיך דורכגעשריבען מיט די משכילים אין גאַליציע און לויט זייער רעקאָמענדאַציע אַראָבגעבראַכט פון דאָרטען קיין אומאַן אַ געבילדעטען און געניטען אידישען פעדאַגאָג. זיין פאַמיליע איז געווען האָרן; ער האָט געזאָלט איינאָרדנען אין אומאַן אַ שול פאַר אידישע אינגלעך אויפ׳ן איירא־פּעאישען שטייגער.

נאָכדעם ווי דער פּראָיעקט וועגען דער שול איז ענדגילטיג אויסגע־אַרבייט געוואָרען, האָבען די אומאַנער משכילים איהם, ווי אויך דאָס פּראָגראַם פון די לימודים צוגעשטעלט אויף בעשטעטיגונג צו דער „נאָ־טשאָלסטוואָ". צוגלייך האָבען זיי געבעטען צו בעשטעטיגען האָרנ׳ען אַלס הויפּט־לעהרער און פערוואַלטער פון דער שול, אָנווייזענדיג דערביי אין

[1]) אויספיהרליכע ידיעות וועגען די אַמאָליגע אומאַנער „משכילים" זעה אויבען, אין דעם אַרטיקעל „פון אַ פאַמיליען־כראָניק".

זייער שריפטליכער בקשה, אַז די לימודים וועט ער, האָרן הייסט עס, „פיהרען לויט מענדעלסאָן'ס מעטאָדע". דערמיט האָבען זיי געוואָלט גע־בען צו פערשטעהן, אַז דאָס לערנען אין דער פראָיעקטירטער שול וועט פאָרקומען ניט נאָך דער סיסטעם פון די אַלט־פרענקישע מלמדים, נור אויפ'ן אייראָפּעאישען שטייגער, ווי אין די נייע אידישע שולען, וואָס פלע־גען זיך עפענען אונטער דער ווירקונג פון משה מענדעלסאָן'ס אויפקלע־רונגס־אידייען.

דאַרף זיך גראָד מאַכען, אַז מיט אַ צייט פריהער האָט מען אין אומאַן אַרעסטירט איינעם אַ גנב, וואָס זיין פאַמיליע איז געוועזן — מענדעלסאָן. ווען עס איז דערלאַנגט געוואָרען וועגען ערלויבען עפענען די שול, איז ער געזעסען אין אומאַנער טורמע. דורכלייענענדיג אין דער בקשה, אַז דער לעהרער האָרן וועט פיהרען דעם לימוד „לויט מענדעלסאָן'ס מעטאָדע", האָט די קלוגע און געבילדעטע „נאַטשאַלסטווע" געדרונגען, אַז לערנען אין דער שול וועט מען, הייסט עס, לויט דער סיסטעם פון דעם אַרעסטאַנט, דעם גנב מענדעלסאָן, מען וועט זעהן מאַכען פון די קינדער רעכטע קעשעניקעס, גנבים; און דערויף האָט מען נאָך, אפּנים, אויסגעשריבען פון גאַליציע אַ ספּעציאַליסט, אַ פאַך־מאַן אויף צו האָדעווען גנבים, וועלכער האָט אגב, אַלס אויסלענדישער איד, גאָר קיין וואוינרעכט ניט אין רוסלאַנד!... מען האָט ראשית־כל האָרנ'ען אַרעסטירט, און עס האָט די אומאַנער משכילים אָבגעקאָסט פיעל מיה, ביז ס'איז זיי געלונגען צו ערקלערען דער „נאַטשאַל־סטווע", אַז ריידענדיג וועגען „מענדעלסאָן'ס מעטאָדע" האָבען זיי געמיינט ניט דעם אומאַנער גנב מענדעלסאָן, נור דעם בערלינער פילאָזאָף און אויפ־קלערער מענדעלסאָן...

ס'איז פאָריבער עטליכע צעהנדליג יאָהר, נור ווי עס ווייזט אויס, זיינען פאַר דער צייט די רוסישע ביוראָקראַטען ניט פיעל קליגער געוואָרען, — אַפילו אַזוינע, וואָס זיינען אויף דעם היעראַרכישען לייטער געשטאַנען אונפערגלייכליך העכער פון די אומאַנער בילדונגס־בעאַמטע.

אין יאָהר 1850 איז אין דעם „קאָמיטעט פאַר אידישע אַנגעלעגענהיי־טען" (וואָס איז בעשטאַנען פון אייניגע מיניסטאָרען אונטער גראַף קיסע־לעוו'ס פאָרזיץ) בעטראַכט געוואָרען די פראַגע מכח פערשפרייטען צווישען אידען ווערק „וועגען דער ריכטיגקייט פון דעם קריסטליכען גלויבען און דער נישטיגקייט פון דער תלמודישער לעהרע". דער קאָמיטעט האָט איינ־געפונען, אַז „דאָס פאַרשפרייטען אַזעלכע ווערק, וואָס זאָלען זיין פערפאַסט אינ'ם גייסט פון קריסטענטום, וואָלט געוויס געקאָנט ברייגגען נוצען, דאָס וואָלט וועניגסטענס אָבגעשוואַכט דעם פאַנאַטיזם, וואָס טיילט אָב די אידען פון קריסטען". „אַזעלכע ווערק מוזען אָבער זיין בעגרינדעט אויף דער הייליגער שריפט און שטימען מיט די דאָגמאַטען פון דער קריסטליכער

רעליגיע", און דעריבער האָט דער קאָמיטעט בעשלאָסען, אַז דאָס אַרויס־געבען אַזעלכע ווערק פאַר אידען דאַרף זיך אָנקעהרען צום סינאָד. דער בעשלוס פונ'ם קאָמיטעט איז דעם 1־טען מאַי 1850 בעשטעטיגט געוואָרען דורך דעם קייזער ניקאָלאַי.

האָבען די מיניסטאָרען און הויך־געשטעלטע בעאַמטע אָנגעהויבען זו־כען אַזוינע ווערק, וואָס זאָלען זיין געשריבען „אינ'ם גייסט פון קריסטענ־טום" און פאַסען פאַר'ן מיסיאָנערישען ציעל. און אַז מען זוכט געפינט מען [2]).

אין סוף מאַי 1850 האָט דער רוסישער באָטשאַפטער אין אָלדענבורג (דייטשלאַנד) סטרואווע צוגעשיקט קיין פעטערבורג, דעם מיניסטער פאַר פוילישע אָנגעלעגענהייטען טורקול'ן דאָס ווערק פון „מאָזעס מענדעלסאָן, מיט ערקלערונגען פון חומש". ער האָט זעהר געלויבט דאָס ווערק, אָנוויי־זענדיג, אַז מענדעלסאָן שטרעבט אויסצוראָטען „די שעדליכע רעליגיעזע אַבערגלויבענס, וואָס גילטען צווישען אידען". שטיצענדיג זיך אויף סטרו־ווע'ס רעקאָמענדאַציע, איז דער מיניסטער טורקול געפאַלען אויף דעם גע־דאַנק, אַז מענדעלסאָן'ס דייטשע חומש־איבערזעצונג מיט'ן ביאור איז אַ פאַסיג מיסיאָנעריש ווערק! האָט ער וועגען דעם צוגעשטעלט דעם קיי־זער ניקאָלאַי, און יענער האָט איהם בעפוילען אַריבערצושיקען דאָס בוך צום „קאָמיטעט פאַר אידישע אָנגעלעגענהייטען". דאָ האָט מען זיך אָנגע־כאַפּט פאַר דעם „מיסיאָנערישען" בוך. גראַף קיסעלעוו האָט זיך דורכגע־שריבען מיט דעם אינערן־מיניסטער פעראָווסקי, און יענער — מיט דעם סינאָדאַלען אָבער־פּראָקוראָר פּראָטאָסאָוו'ן. מענדעלסאָן'ס ווערק איז צו־געשטעלט געוואָרען אין סינאָד. דאָ האָט מען בעשלאָסען איבערצוגעבען דאָס בוך דעם פּראָפעסאָר פון דער פעטערבורגער גייסטליכער אַקאַדעמיע וו. לעווינסאָן, ער זאָל אַרויסזאָגען זיין מיינונג. לעווינסאָן איז געווען אַ משומד (ער האָט אין דער אַקאַדעמיע געפיהרט דעם לימוד פון העברע־איש). ער איז געווען גענוג בעקאַנט מיט דער אידישער ליטעראַטור, האָט גוט געוואוסט, ווער אַזוינס מענדעלסאָן איז, און קלאָר פערשטאַנען, ווי ווילד עס איז דער געדאַנק אויסצונוצען זיין חומש־איבערזעצונג צוליעב מיסיאָ־נערישע ציעלען. ער האָט עס איידעל געגעבען צו פערשטעהן אין זיין שריפטליכען בעריכט, וואָס ער האָט צוגעשטעלט לויט דעם אויפטראָג פון סינאָד. „וואָס קריסטליכס קאָן זיין, — האָט ער דאָ ערקלערט, — אין אַ בוך פון אַ אידען, זאָל זיין אַפילו אַ געלעהרטען, אויפגעקלערטען, וואויל־געזאָנענעם, נור וועלכער בלייבט טריי דעם אידענטום און בעמיהט זיך אויפצוהאַלטען דעם אידישען גלויבען צווישען זיינע מיטברידער? און אַזאַ

[2]) ארכיוו פון „אידישען קאָמיטעט", נומ. 23; ארכיוו פון סינאָדאַלען אָבער־פּראָקוראָר, נומ. 44363.

נעמליך איז מענדעלסאָן'ס ווערק. עס ענטהאַלט ניט אין זיך קיין שום זאַך, וואָס זאָל קאָנען אין וואָסער ס'איז הינזיכט מיטווירקען דעם קריסטענטום".

דער סינאָד האָט, נאַטירליך, אָנגענומען לעווינסאָן'ס מיינונג, און פון דעם נאַרישען פלאַן וועגען אויסנוצען מענדעלסאָן'ס ווערק פאַר מיסיאָנערישע פּראָפּאַגאַנדע צווישען רוסישע אידען איז, פערשטעהט זיך, גאָרנישט געוואָרען.



# ווי צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט פערוועהרט דאָס וואָרט „פּראָגרעס"

ערשט נאָך דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד זיינען פאַר היסטאָריקער צוגענגליך געוואָרען די פערשידענע מאַטעריאַלען און דאָקומענטען פון די מלוכה־אַרכיוועז, וואָס מען פלעגט פריהער שטרענג אָבהיטען פון „זייטיגע" מענשען. אַדאַנק דעם איז די רוסישע היסטאָרישע וויסענשאַפט פאַר די לעצטע יאָהרען בעריייכערט געוואָרען דורך אַ גאַנצע מאַסע נייע וויכטיגע מאַטעריאַלען. וואָס טיפער מען דרינגט אַריין אין די פערבאָרגענע ווינקלען פון דער פערגאַנגענהייט, וואָס מעהר נייע אונבעוואוסטע פאַקטען עס ענטפּלעקען זיך פון די אַרכיוו־בעהעלטענישען, אַלץ קלאָרער טרעטען אַרויס די פערשידענע זייטען אין אַמאָליגען רוסישען לעבען און פערשידענע היסטאָרישע פערזענליכקייטען.

צווישען אַלערליי סקאַרבאָווע מעשיות, האָבען די נייע היסטאָרישע אויספאָרשונגען צושטערט אויך די לעגענדע וועגען דעם קייזער אַלעקסאַנדער דעם צווייטענס בעזונדערער וויכהאָרציגקייט און וועגען זיין גרויסען ליבעראַליזם. אין די ברייטעסטע קרייזען האָט זיך פון לאַנג אָן טיעף איינגעוואָרצעלט די פאָרשטעלונג וועגען איהם, אַז גאָר ניט ווי זיין פאָטער, דער פינסטערער און גרויזאַמער ניקאָלאַי דער ערשטער, איז ער געווען אַ „מלך של חסד", האָט זיך אויסגעצייכענט מיט מילדקייט, גוטהערציגקייט, מענשען־ליעבע. אַזאַ מיינונג וועגען אַלעקסאַנדער דעם צווייטען שטימט אָבער ניט מיט דער ווירקליכקייט און מיט דעם, וואָס עס דערצעהלען וועגען איהם די מענשען, וואָס פלעגען קומען מיט איהם אין נאָהענטע בעריהרונג.

צום ביישפּיעל, דער בעוואוסטער מיניסטער וואַלועוו שרייבט אין זיינע עראינערונגען, וואָס האָבען געקאָנט פערעפענטליכט ווערען ערשט נאָך דער רעוואָלוציע, אַז אַלעקסאַנדער פלעגט שטענדיג אַרויסווייזען געגען מענשען „אַן אונגעוועהנליכע טרוקענקייט, וואָס האָט געגרעניצט מיט גרויזאַמקייט". אַפילו אין פערזענליכען אומגאַנג איז ער געווען האַרב. ווי בעוואוסט, פלעגט ער אַלעמען זאָגען: „דו". געגען רעוואָלוציאָנערע טהוער האָט ער שטענדיג אַרויסגעוויזען די גרעסטע גרויזאַמקייט, ער פלעגט אָפט אַליין בעשטימען די האַרבסטע בעשטראָפונגען. אָן דעם בעוואוסטען שריפטשטעלער און רעוואָלוציאָנער טשערנישעווסקי האָט זיך

אַלעקסאַנדער נוקם געווען מיט ניט קיין קלענערער אונמענשליכקייט, ווי זיין פאָטער אָן די אָנטיילנעהמער פון דעם דעצעמבער־אויפשטאַנד אין יאָהר 1825.

ער איז געבליבען אונצופרידען מיט דעם פוילישען „נאַמעסטניק״ גאָרטשאַקאָוו דערפאַר, וואָס יענער האָט צו מילד פונאַנדערגעטריבען אין וואַרשע אַ פוילישע גאַסען־דעמאָנסטראַציע, און ער האָט איהם פאָרגעשרי־בען, אַז אויב עס וועט ווידער פאָרקומען אַ דעמאָנסטראַציע, זאָל ער באָמ־באַרדירען וואַרשע מיט האַרמאַטען. נאָך דעם בעוואוסטען פּראָצעס פון 193 פּערזאָן, וואָס מען האָט גע׳משפט פאַר פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע, האָט אַלעקסאַנדער פאַר אייניגע פון די בעשולדיגטע געהעכערט די בעשטראָ־פונג, וועלכע דאָס געריכט האָט זיי בעשטימט. אַזעלכע זאַכען פלעגען פאָר־קומען גאַנץ אָפט.

בעזונדערס האָט זיך אַרויסגעוויזען זיין גרויזאַמקייט אין דעם פאַל מיט דעם יונגען, 29־יאָהריגען אָפיציר מ. ביידעמאַן: פאַר אַ פּראָקלאַמאַ־ציע, וואָס ער האָט אָפּילו ניט בעוויזען צו פערשפּרייטען, האָט אַלעקסאַנדער איהם אין יאָהר 1861 בעגראָבען לעבעדיגערהייד אין דער פּעטראָ־פּאַוו־לאָווסקער פעסטונג, וואו דער אונגליקליכער האָט פערבראַכט אין שטיינער־נעם קבר איינער־אַליין, ניט זעהענדיג קיין מענש אין די אויגען, גאַנצע צוואַנציג יאָהר. אומזיסט זיינען געווען די בקשות פון זיין ברודער און שוועסטער, מען זאָל זיי ערלויבען כאָטש איינמאָל צו בעזוכען איהם. אומ־זיסט האָט דער אונגליקליכער געבעטען רחמים אין אַ בריף, מיט וועלכען ער האָט זיך געווענדט צום קייזער. יאָהרען זיינען געגאַנגען, און ביידעמאַן האָט זיך אַלץ געמוטשעט אין דער פינסטערער פעסטונג. זיין לאַגע איז אָפילו אויף אַ האָהר ניט פערגרינגערט געוואָרען. מען קאָן ניט זאָגען, אַז אַלעקסאַנדער זאָל האָבען צופעליג אָן איהם פערגעסען. יעדען מאָנאַט פלעגט דער קאָמענדאַנט פון דער פּעטראָ־פּאַוולאָווסקער פעסטונג איהם צו־שטעלען אַ שריפטליכען בעריכט וועגען ביידעמאַנ׳ען, און אויף יעדען בע־ריכט געפינט זיך אַ נאָטיץ, אַז דער קייזער האָט איהם געלייענט. און אָפילו נאָכדעם, ווי דער אונגליקליכער האָט ענדליך ניט אויסגעהאַלטען די פּייניגונג און איז אַראָב פון זינען, האָט אַלעקסאַנדער ניט אויפגעהערט צו מאַטערן איהם אין דער פעסטונג. ערשט נאָך אַלעקסאַנדער׳ס טויט איז דער גייסטיג־קראַנקער ביידעמאַן אין יולי 1881 אַריבערגעפיהרט גע־וואָרען אין קאַזאַן אין דול־הויז, וואו ער איז מיט עטליכע יאָהר שפּעטער געשטאָרבען.

און ווי מיט אַלעקסאַנדער דעם צווייטענס „גוטהאַרציגקייט״, אַזוי איז עס אויך מיט זיין גרויסען ליבעראַליזם. אין דער אמת׳ן איז ער געווען ניט פיעל ליבעראַלער פון זיין פאָטער. אויב אין די ערשטע יאָהרען פון

זיין הערשאַפט זיינען דאָך פאַרגעקומען רעפאָרמען, איז עס געשעהן דער־פאַר, ווייל די שרעקליכע מפלה אין דעם סעוואַסטאָפאָלער קריעג האָט קלאָר בעוויזען, אַז אָהן געוויסע ענדערונגען קאָן מען זיך אויף קיין פאַל ניט בעגעהן. ווי יעדע זאַך, וואָס מען איז נור געצוואונגען צו טהאָן, אַזוי זיינען אויך אַלעקסאַנדער׳ס רעפאָרמען געגעבען געוואָרען אָהן חשק, מיט דער שטרעבונג וואָס מעהר צו פערקלענערן זייער פערנעהם און אָבשוואַכען זייער ווירקונג. אפילו אויף די בעפרייאונג פון די פויערים האָט אַלעק־סאַנדער געקוקט, ווי אויף אַ מין נויטיגע צרה: מען מוז דערויף איינגעהן, כדי אויסצומיידען עטוואָס נאָך ערגערס. דעם געדאַנק האָט ער אין מערץ 1856 אָפען אויסגעדריקט אין זיין בעוואוסטער מאָסקווער רעדע צו די פריצים, אַז עס איז גלייכער אָבצושאַפען די פאַנשטשינע פון אויבען, איי־דער מען זאָל נעהמען אָבשאַפען פון אונטען.

עס איז העכסט כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטען: איינגעהענדיג ניט־ווילענדיג אויף אַ רעפאָרם, פלעגט ער איבערגעבען איהר פראַקטישע דורכפיהרונג גראָד יענעם פון די מיניסטאָרען, וואָס איז געווען בעוואוסט אַלס איהר שאַרפער געגנער. אַזוי איז געווען כמעט מיט אַלע זיינע רעפאָרמען — אין ווירקליכען לעבען זיינען זיי דורך פיינדליכע הענד איבערגעאַנדערשט געוואָרען אָפטמאָל נישט צום דערקענען. מיט איין האַנד רעפאָרמירען, און מיט דער אַנדערער מאַכען די רעפאָרם צו־נישט, דאָס איז געווען די נאַטירליכע טאַקטיק פון דעם הערשער, וועלכער איז געגען זיין פערלאַנג געווען געצוואונגען צו נעהמען אויף זיך די ראָלע פון אַ רעפאָרמאַטאָר.

אַלעקסאַנדער דעם צווייטענס מהות האָט זיך בעזונדערס דייטליך אַרויסגעוויזען אין זיין בעציהונג צו דער אידען־פראַגע. שוין אין די ערשטע, ליבעראַלע יאָהרען פון זיין הערשאַפט האָט ער זיך ענטשידען אַרויסגעזאָגט געגען געבען אידען גלייכע רעכט מיט אַלע אַנדערע בירגער. אין יאָהר 1856 האָט אַ אידישער סוחר פון ריגע, ברייניך, דערלאַנגט אויף דעם קייזער׳ס נאָמען אַ בקשה וועגען ערלויבען אידען וואוינען אין גאַנץ רוסלאַנד. די בקשה איז געבליבען אָהן ערפאָלג, און אַלעקסאַנדער האָט בעפוילען, „מען זאָל זיך פעסט האַלטען אָן דעם כלל, אַז פאַר די אידישע מאַסען דאַרפען די איצטיגע בעגרענצונגען פערבלייבען גילטיג אין זייער גאַנצער קראַפט".

מיט צוויי יאָהר שפּעטער, אין יאָהר 1858, האָט דער אָדעסער גע־נעראַל־גובערנאַטאָר גראַף סטראָגאַנאָוו צוגעשטעלט אַ פּראָיעקט וועגען אָבשאַפען אַלע אויסנאַהמס־געזעצען געגען אידען. „די אידישע גלייכבע־רעכטיגונג מיט אַלע אַנדערע בירגער, — האָט געשריבען סטראָגאַנאָוו, — וואָלט ניט בלויז געשטימט מיט די געזעצען פון דער גערעכטיגקייט, נור

זי וואָלט אויך געבראַכט נוצען אונזער פאָלקס-ווירטשאַפט. מיט דעם וועג איז מערב-אייראָפּע געגאַנגען צו דעם הויכען ציעל: פערברידערען די אידען מיט די קריסטען. די לעצטע דעבאַטען אין ענגלישען פּאַרלאַמענט איבערצייגען, דוכט מיר, ענדגילטיג, אַז די אידען מוזען אויסגעגליכען ווערען אין אַלע רעכט מיט די אַנדערע בירגער".

צו סטראָגאַנאָוו'ס פאָרשלאַג האָט צוגעשטימט דער אינערן-מיניסטער לאַנסקאָי, אָנוויזענדיג, אַז נור דורך גלייכבערעכטיגונג קאָנען די רוסישע אידען אויסגעלייזט ווערען פון דער טרויעריגער לאַגע, אין וועלכער זיי געפינען זיך. אָבער דער קייזער האָט אויף זייער פּראָיעקט ניט איינגעווילינט. אין יאָהר 1862 האָט דערזעלבער סטראָגאַנאָוו פאָרגעלעגט, מען זאָל וועניגסטענס פאָלשטענדיג אָבשאַפען די אידישע „טשערטאַ" און געבען אַלע אידען וואוינרעכט אין גאַנץ רוסלאַנד. האָט אַלעקסאַנדער אויף סטראָגאַנאָוו'ס פּראָיעקט געשטעלט די רעזאָלוציע: „איך שטים דורכאויס ניט צו".

פון גלייכבערעכטיגונג פאַר אַלע אידען האָט ער ניט געוואָלט וויסען. אַזוי ווי זיין פאָטער, האָט ער אויך גערעכענט, אַז דער אַלגעמיינער כלל פאַר אידען דאַרף זיין רעכטלאָזיגקייט, און פון דעם קאָנען זיין נור געוויסע אויסנאַהמען פאַר איינצעלנע, פּריווילעגירטע קלאַסען אידען. אַן דעם קורס האָט ער זיך געהאַלטען פעסט, און איין צייט איז אַפילו די רוסישע צייטונגען און זשורנאַלען פערוועהרט געווען צו בעריהרען די פראַגע וועגען גלייכבערעכטיגונג פאַר אידען. אַזעלכע אַרטיקלען האָט מען געקאָנט דרוקען נור מיט אַ בעזונדער ערלויבניש פון דער העכסטער צענזור-פערוואַלטונג, — אָבער אַזאַ ערלויבניש פלעגט ניט געגעבען ווערען.

נאָר אַפילו מיט טיילווייזע פערגרינגערונגען פאַר אידען איז אַלעקסאַנדער דער צווייטער געווען זעהר קאַרג: ער האָט געזאָרגט, עס זאָלען גענוי אָבגעהיט ווערען די פאָרשריפטען וועגען דער אידישער „טשערטאַ". דאָס איז צו זעהן פון די רעזאָלוציעס, וועלכע ער פלעגט שטעלען אויף די פּראָיעקטען, וואָס זיינען איהם דערלאַנגט געוואָרען. אין יאָהר 1855, בעת דעם סעוואַסטאָפּאָלער קריעג, האָט דער מיניסטאָרען-קאָמיטעט צוגעשטעלט דעם קייזער אַ פּראָיעקט, מען זאָל ערלויבען אידען צו האַנדלען אַלס מאַרק-טענדלער ביי מיליטער-אָבטיילונגען, וואו זיי זאָלען ניט שטעהן, נישט נור אין דער אידישער „טשערטאַ". אַלעקסאַנדער האָט וועגען דעם אָנגעצייכענט אַזאַ רעזאָלוציע: „איבערלאָזען (אידישע מאַרק-טענדלער) אויף דער איצטיגער קריעגס-צייט דאָרטען, וואו אַזעלכע זיינען שוין פאַרהאַן, אָבער קיין נייע ניט דערלאָזען". ביים ערלויבען (דעם 2-טען נאָוועמבער 1855) די מיליטערישע שולען און אָבטיילונגען, וועלכע געפינען זיך אין די רוסישע שטעדט, צו האַלטען ביי זיך אידישע שניידער, האָט אַלעקסאַנדער

געשטעלט די בעדינגונג: ניט מעהר ווי איין אידישען שניידער אויף יעדע אנשטאַלט, און דערביי זאָל מען שטרענג אַכטונג געבען, ער זאָל זיך מיט קיין שום אַנדער בעשעפטיגונג ניט פערנעהמען.

אין יאָהר 1858 האָט דער מיניסטאָרען־קאָמיטעט פאָרגעלעגט, מען זאָל אַלע אויסגעדיענטע אידישע סאָלדאַטען געבען וואוינרעכט אין גאַנץ רוסלאַנד. דער קייזער האָט אויף דעם פּראָיעקט געשטעלט זיין רעזאָלוציע: „איך בין אין קיין פאַל דערויף ניט מסכים". אין יאָהר 1860 האָט ער ערלויבט די ווינציגע אידישע סאָלדאַטען, וואָס האָבען געדיענט אין דער גוואַרדיע, צו פערבלייבען אויף ווייטער אין פּעטערבורג. ווען דער מי־ניסטאָרען־קאָמיטעט האָט אָבער מיט אַ צייט דערנאָך ווידער אויפגעהויבען די אַלגעמיינע פראַגע וועגען אויסגעדיענטע אידישע זעלנער, האָט זיך דער קייזער שאַרף געגען דעם אַרויסגעזאָגט אין זיין רעזאָלוציע: „דערויף בין איך ענטשידען נישט מסכים, אַחוץ דעם אויסנאַהם, וואָס איך האָב שוין דערלאָזט פאַר יענע, וואָס האָבען געדיענט אין דער גוואַרדיע".

איך וואָלט געקאָנט ברייננען נאָך פיעל אַזעלכע רעזאָלוציעס פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, נור שוין די דערמאָהנטע בעווייזען גענוג קלאָר, ווי פרעמד עס איז איהם געווען דער געדאַנק וועגען אַנערקענען אידען פאַר מענשען גלייך מיט אַלעמען. ער איז אין דעם ניט ווייט אַוועק פון יענעם קוק, אַז וועלכען עס האָט זיך פעסט געהאַלטען זיין פאָטער,— ניקאָלאַי דער ערשטער: אַז אידען דאַרפען ערשט „פערדיענען" מענשען־רעכט דורך נוצליכע טהעטיגקייט, בילדונג, דורך גוטע אויפפיהרונג. די געשיכטע האָט פון אידען געמאַכט דעם ריכטיגסטען פּרובירשטיין פאַר קיסרים און רעגירונגען. זייער בעציהונג צו דער אידישער גלייכבערעכטי־גונג ווייזט געגעוי זייער אמת'ן פּאָליטישען פנים; זי בעווייזט קלאָרער ווי אַלץ, צי זיי שטעהען ווירקליך אויפ'ן ליבעראַלען פאָרשריטליכען שטאַנד־פּונקט, אָדער ניט.

עס איז, אַלזאָ, קיין וואונדער ניט, וואָס גראָד די פראַגע וועגען אי־דישע רעכט האָט אַלעקסאַנדער דעם צווייטען געגעבען די געלעגענהייט בעשיינפערליך אויסצודריקען זיין רעאַקציאָנערע שטימונג און אַרויסצו־ווייזען אויפ'ן סאַמע שאַרפסטען אופן, מיט וואָס פאַר אַ טיעפען האַס ער האָט זיך פערהאַלטען צו דעם בעגריף „פּאָרטשריט" און אַפילו צו דעם סאַמע וואָרט „פּראָגרעס".

עס איז פאַרהאַן אַ העכסט אינטערעסאַנטער, נאָך ניט פערעפענטליכ־טער דאָקומענט, אויף וועלכען איך האָב זיך אַנגעשטויסען אין דעם אַרכיוו פון דעם „אידישען קאָמיטעט". אַזוי האָט זיך גערופען איינע פון די העכ־סטע רוסישע רעגירונגס־אנשטאַלטען, וואָס איז געשאַפען געוואָרען דורך ניקאָלאַי דעם ערשטען אין יאָהר 1840 און האָט עקזיסטירט נאָך אין

אַלעקסאַנדער דעם צווייטענס צייט, ביז'ן יאָהר 1863. דער קאָמיטעט איז בעשטאַנען פון אייניגע מיניסטאָרען (פון אינערן, בילדונג, פינאַנסען, לאַנד־ווירטשאַפט א. אַז. וו.), און ער האָט בעטראַכט אַלע פּרינציפּיעלע פראַגען פון דער געזעצגעבונג און פון דער העכערער פערוואַלטונג, וואָס האָבען זיך אָנגעקעהרט צו אידישע אַנגעלעגענהייטען. אַלע בעשטימונגען פון דעם „אידישען קאָמיטעט" פלעגען צוגעשטעלט ווערען אויף דעם קייזער'ס בע־שטעטיגונג.

דער קאָמיטעט האָט געשפּילט אַ בעדייטענדע ראָלע אין דער געשיכטע פון די רוסישע געזעצען וועגען אידען, בעזונדערס אין ניקאָלאַי'ס יאָהרען. דאָ זיינען עס אויסגעאַרבייט געוואָרען די גרונד־כללים פון זיינע האַרבע גזירות געגען אידען. אין אַלעקסאַנדער'ס צייט זיינען אייניגע פון די מיניסטאָרען, וואָס האָבען זיך בעטייליגט אין דעם קאָמיטעט, אין דער פראַגע וועגען אידען געשטאַנען אויף אַ ליבעראַלען שטאַנדפּונקט. אָבער רעכענענדיג זיך מיט דעם קייזער'ס אַנזיכטען, האָט דער קאָמיטעט, אין גאַנצען גענומען, זיך קיינמאָל ניט אַרויסגעזאָגט פאַר אידישע גלייכבערעכ־טיגונג, — ווייטער פון פאַרלעגען טיילווייזע פערגרינגערונגען איז ער ניט געגאַנגען.

אין יאָהר 1858 האָט דער ליבעראַלער פינאַנץ־מיניסטער בראָק אַריינ־געטראָגען אין „אידישען קאָמיטעט" אַ פּראָיעקט וועגען אָבשאַפען אייניגע בעגרענצונגען פון אידישע האַנדעלס־רעכט — בעזייטיגען עטליכע געזעץ־בעשטימונגען, וואָס האָבען פערוועהרט אידען צו פערנעהמען זיך מיט געוויסע פּרנסות און געשעפטען. דער פינאַנץ־מיניסטער האָט געהאַלטען, אַז די אַלגעמיינע מלוכה־אינטערעסען, די אינטערעסען פון רוסישען האַנדעל און פאַבריקאַציע פאָדערן, עס זאָלען אָבגעשאַפט ווערען אַזעלכע שעדליכע בעגרענצונגען, און ער האָט הויפּטזעכליך מיט דעם ערקלערט זיין פאָר־שלאַג. דער קאָמיטעט האָט אויף זיין זיצונג פון 18־טען מאַי 1858 בע־טראַכט די זאַך און, ווי געוועהנליך, צוגעשטעלט אויף דעם קייזער'ס בע־שטעטיגונג דעם פּראָטאָקאָל פון דער זיצונג, וואו עס איז געבראַכט גע־וואָרען וואָרט ביי וואָרט בראָק'ס פּראָיעקט [1]). מיר גיבען דאָ אַ פאָטאָ־גראַפישע קאָפּיע פון יענעם טייל פּראָטאָקאָל, וואָס האָט אויף זיך אָבגע־שטעלט אַלעקסאַנדער דעם צווייטענס בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט.

אין זיין פּראָיעקט האָט דער פינאַנץ־מיניסטער פאָרגעלעגט:

„אָבשאַפען די פערשידענע בעגרענצונגען, וואָס דריקען די פאַבריקאַ־ציע און דעם האַנדעל און שטערען די ענטוויקלונג פון דער אַלגעמיינער

---

[1]) אַרכיוו פון גאָסוד. סאָוועט. דאָקומענטען פון „אידישען קאָמיטעט", נומ. 2.

פאָלקס־טהעטיגקייט, העלפען־מיט דעם מאָנאָפּאָל, וועלכער בעשאַפט שוויריגקייטען אי פאַר די פּראָדוצירער, אי פאַר די פערברויכער, און שטעהט בכלל אין ווידערשפּרוך מיט דעם פּראָגרעס פון בירגערליכקייט און פון געזעלשאַפטליכען וואוילשטאַנד, נעמליך די פאָלגענדע פערבאָטען", און אַז. וו.

г., Отменить разныя ограни-
ченія, которыя, стѣсняя про-
мышленность и торговлю, пре-
пятствуютъ развитію обще-
народной дѣятельности, бла-
гопріятствуютъ монополіи,
отягчающей производителей и
потребителей и вообще состоя-
щей въ противорѣчіи съ прогрес-
сомъ гражданственности и об-
щественнаго благосостоянія, а
именно слѣдующія воспрещенія

это за прогресс!!!
прошу слова этого не употреблять
в официальных бумагах.

אלעקסאנדער דעם צוויטענ'ס איגענהאַנדיגע בעמערקונג, וואָס פערווערט צו בענוצען דאָס וואָרט „פּראָגרעס".

ווי עס איז צו זעהן פון דער פאָטאָגראַפישער קאָפּיע, האָט אַלעקסאַנדער דער צווייטער די ווערטער „פּראָגרעס און בירגערליכקייט" אונטערשטראָכען און ביי דער זייט אייגענהענטיג אָנגעשריבען:

„וואָס עפּיס פאַר אַ פּראָגרעס!!! איך בעט אָט דאָס וואָרט ניט צו געברויכען אין אָפיציעלע פּאַפּירען".

דאָס וואָרט „פּראָגרעס" האָט דעם קייזער אַריינגעבראַכט אין אַזאַ כעס און אויפרעגונג, דאָס ער האָט זיך אין זיין אויפשריפט ניט בעגנוגענט מיט איין אויסרוף־צייכען, נור געשטעלט גאַנצע דריי. ער האָט מעהר נישט געוואָלט הערען דאָס שרעקליכע וואָרט און „געבעטען" עס ניט צו געברויכען. און געווען איז דאָס ניט אין דער צווייטער, אָפּען רעאַקציאָנערער העלפט פון אַלעקסאַנדער'ס הערשאַפט, נור אין יאָהר 1858, אין

סאָמע ברען פון זיין „ליבעראַליזם", ווען מען האָט צוגעגרייט די בע־פרייאונג פון די פּויערים און אַנדערע רעפאָרמען.

דעם צאַר'ס „בקשה" האָט געגאָלטען, ווי אַ געזעץ. בעקומען צוריק דעם פּראָטאָקאָל, האָט דער פאָרזיצער פונ'ם „אידישען קאָמיטעט", גראַף בלודאָוו, דעם 23־טען מאַי 1858 דורך בעזונדערע בריף מיטגעטיילט אַלע מיניסטאָרען־מיטגלידער פון דעם קאָמיטעט וועגען דער אויפשריפט, וואָס „זיין מאַיעסטעט דער קייזער האָט אַלערהעכסט בעוויליגט אייגענהענדיג אָנצייכענען". און דאָס פערוועהרטע וואָרט איז תיכף פערשוואונדען פון זייערע ווייטערדיגע ראַפּאָרטען און פּראָיעקטען. פאַר דעם „פּראָגרעס" איז קיין אָרט ניט געווען ניט בלויז אין ווירקליכען לעבען, נור אַפילו אין דער אָפיציעלער שפּראַך.

# י. קרעמיע און די רוסישע אידען

**וואס מעהר** אָרגאַניזירט אידען ווערען אין פערשידענע לענדער, אַלץ שטאַרקער דריקט זיך אויס דאָס געפיהל פון ברידערליכקייט, וואָס פער־אייניגט זיי צווישען זיך אין דער צייט פון אַן אונגליק. די געשיכטע פון 19־טען יאָהרהונדערט איז פול מיט אַזעלכע ביישפּיעלען. עס איז גענוג צו דערמאָהנען דעם בעריהמטען פּראָצעס אין דאַמאַסק (דמשק), אין סיריע, וואָס האָט אַמאָל אָנגעהערט צו עגיפּטען. מען האָט דאָרטען אין יאָהר 1840 בעשולדיגט אידען, אַז זיי האָבען כלומרשט דער'הרג'עט אַ קאַטוילישען גלח, כדי צו געברויכען זיין בלוט; אַ סך אידען זיינען אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין טורמע, וואו מען האָט זיי גרויזאַם געפּיי־ניגט, זיי זאָלען זיך מודה זיין אין דעם פערברעכען, וואָס זיי זיינען ניט באַגאַנגען. ווען די ידיעות וועגען דעם דמשק'ער בלוט־בלבול זיינען דערגאַנגען קיין אייראָפּע און אַמעריקע, האָבען זיי צווישען אידען אַרויס־גערופען אַן אונגעוועהנליכע אויפרעגונג. אומעטום זיינען פאָרגעקומען פּראָטעסט־מיטינגען, אויף וועלכע עס זיינען, אַחוץ אידישע פאָרשטעהער, אַרויסגעטראָטען אויך בעדייטענדע קריסטליכע פּאָליטיקער, געלעהרטע און שריפטשטעלער. בעזונדערס אימפּאָזאַנט איז געווען דער מיטינג, וואָס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין ניו יאָרק. אין לאָנדאָן איז צונויפ־גערופען געוואָרען אַ בעראַטונג פון די וויכטיגסטע אידישע טהוער (נאַ־טאַניעל ראָטשילד, משה מאָנטעפיאָרע, גאָלדסמיט און אַנדערע). עס זיינען פאָרגענומען געוואָרען שריט כמעט ביי אַלע אייראָפּעאישע רעגי־רונגען. אין ענגלישען פּאַרלאַמענט זיינען פאַר די דמשקער אונ־שולדיגע קרבנות אַרויסגעטראָטען ראָבערט פּיל און אָ'קאָנעל. און די דיפּלאָמאַטישע שריט, וועלכע עס איז געלונגען אויסצואווירקען, ווי אויך די בעמיהונגען פון משה מאָנטעפיאָרע, וואָס איז צוליעב דעם ספּעציעל אַוועקגעפאָהרען קיין עגיפּטען, האָבען געהאַט אַ גלענצענדען ערפאָלג: די אַרעסטירטע דמשקער אידען זיינען בעפרייט געוואָרען, און דער סולטאַן האָט אַרויסגעגעבען אַ פערבאָט צו פערפיהרען געגען אידען בע־שולדיגונגען וועגען געברויכען קריסטליך בלוט.

אַ שטורם אין דער אידישער וועלט האָט, מיט 18 יאָהר שפּעטער, אין 1858, אַרויסגערופען דער בעוואוסטער צופאַל אין באָלאָניע (אין דעם פּויפּסט'ס מלוכה), וואו מען האָט ביי אידישע עלטערן מיט געוואַלד צוגע־נומען און אָבגעטויפט זייער 6־יאָהריגען זוהן, עדגאַר מאָרטאַראַ. עס איז

ענטשטאַנען אַ גראַנדיעזע פּראָטעסט־בעוועגונג. דער פּויפּסט פּיוס דער 9־טער האָט בעקומען פון אַלע עקען וועלט פאָדערונגען און בקשות וועגען אומקעהרען דאָס קינד צו זיינע אידישע עלטערן. אָבער דאָס מאָל האָבען אַלע בעמיהונגען צו קיין זאַך ניט געבראַכט. דער פּויפּסט האָט זיך איינגעשפּאַרט און ניט געוואָלט הערען וועגען צוריק אָבגעבען דאָס אָבגעטויפטע קינד; עס האָבען אַפּילו ניט געהאָלפען די בריף צו איהם פון דעם פראַנצויזישען קייזער נאַפּאָלעאָן דעם דריטען און פון דעם עסטרייכישען קייזער פראַנץ־יאָזעף. מאָרטאַראַ איז דורך די גלחים ער־צויגען געוואָרען אין קאַטוילישען גלויבען, און פון איהם איז אַפּילו אויסגעוואַקסען אַן אייפעריגער מיסיאָנער. אָבער דער גרויסער טומעל, וואָס איז אויפגעהויבען געוואָרען צוליעב דעם שענדליכען צופאַל מיט דעם אידישען קינד, האָט ניט ווייניג געהאָלפען צו דערנידעריגען אין די אויגען פון דער געבילדעטער מענשהייט די ווירדע פון דער פּויפּסט־ליכער וועלטליכער מאַכט און מיטגעווירקט צו איהר מפּלה.

דער צופאַל מיט מאָרטאַראַ האָט פערשטאַרקט דעם געדאַנק וועגען דער נויטווענדיגקייט צו צענטראַליזירען דעם שוץ פון אידען אין יענע לענדער, וואו זיי ווערען פערפאָלגט, און האָט אין יאָהר 1860 געבראַכט צו דער גרינדונג פון דעם „אידישען אַלוועלטליכען פערבאַנד" („אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל"), אין פּאַריז. פאַר איהר לאָזונג האָט די „אַליאַנס" געשטעלט דעם פּרינציפּ: „כל ישראל חברים" (אַלע אידען זיינען איינ׳ג), פאַר איהר אויפגאַבע — העלפען און שיצען אידען אומע־טום, וואו זיי ליידען און שטעהען אויס רדיפות. די אויפטהוער פון דעם פערבאַנד האָבען, אין זומער 1860, פערעפענטליכט אַן „אויפרוף צו אי־דען אין דער גאַנצער וועלט", וואו זיי האָבען צווישען אַנדערע זאַכען געשריבען: „אידען! אויב איהר, זייענדיג צושפּרייט איבער אַלע לענ־דער און צווישען פערשידענע פעלקער, פערבלייבט דאָך מיט׳ן האַרצען צוגעבונדען צום אַלטען גלויבען פון אייערע פאָטערס; אויב איהר בע־האַלט ניט אייער גלויבען און שעמט זיך ניט פאַר דעם בעליידיגענדען צונעמעניש, וואָס בעדריקט בלויז קליינליכע נשמות; אויב איהר האַסט יענע פאָראורטיילען, פון וועלכע מיר ליידען נאָך אַלץ, יענע ליגענס און רכילות, וועלכע מען ווידערהאָלט וועגען אונז, יענע אונרעכט און פער־פאָלגונגען, וועלכע ווערען געגען אונז בעגאַנגען; אויב איהר גלויבט, אַז די פרייהייט פון געוויסען, אָט דער גייסטיגער לעבענס־נערוו, ווערט בעסער ווי ערגיץ־וואו פאַר אַלעמען גלייך בעשיצט נור אין יענע לענדער, וואו אידען בענוצען זיך מיט איהר אין פולער מאָס; אויב איהר האַלט, אַז דער גלויבען פון די פאָטערס איז פאַר יעדען הייליג, אַז יעדערענ׳ס הויז און פערזענליכע איבערצייגונגען זיינען אונבעריהרבאַר, און אַז עס

טאָרען זיך מעהר ניט ווידערהאָלען אַזעלכע זאַכען, וועלכע מיר האָבען ערשט ניט לאַנג געזעהן; אויב איהר גלויבט, אַז אייניגונג איז פאַר אייך — גוטס, און אַז אַנגעהערענדיג צו פערשידענע פעלקער, קאָנט איהר דאָך האָבען אַלגעמיינע געפיהלען, פערלאַנגען און האָפנונגען; אויב איהר האַלט, אַז אייערע פיעל־צאָהליגע ברידער, וואָס שמאַכטען נאָך אונטער דעם יאָך פון צוואַנציג יאָהרהונדערטער עלענד, בעליידיגונגען און פערפאָלגונגען, קאָנען ווידער געפינען זייער מענשען־רעכט און בירגער־רעכט; אויב איהר האַלט, אַז געפאַלענע מוז מען הויבען, פאַלש־בע־שולדיגטע מוז מען פערטיידיגען, פערפאָלגטע מוז מען העלפען; אויב איהר רעכענט, אַז די איינצעלנע פערזענליכע בעמיהונגען און צוזאַמ־פענע שטרעבונגען קאָנען דורך אייניגונג פערוואַנדעלט ווערען אין אַ גרויסע קראַפט, וואָס זאָל זיך אומעטום לאָזען שפירען; אויב איהר האַלט, אַז עס וועט זיין אַן עהרע פאַר אונזער גלויבען, אַ ביישפיעל פאַר פעל־קער, אַ פאָרטשריט פאַר דער מענשהייט, אַ טריאומף פאַר דעם אמת און אַלגעמיינעם גייסט צו זעהן, ווי עס פעראייניגען זיך אַלע לעבעדיגע כחות פון דעם אידענטום, וואָס איז קליין אין צאָהל, אָבער שטאַרק דורך דער ליעבע און שטרעבונג צו גוטס; אויב איהר גלויבט אין אַלעם דעם, אידען פון דער גאַנצער וועלט, — דאַן רופט זיך אָב אויף אונזער רוף, שטעהט צו אונז צו, שטיצט אונז מיט אייער מיטווירקונג! די זאַך איז גרויס און אפשר געבענשט!"

דער מוטהיגער און בעגייסטערטער אויפרוף האָט געפונען אַ שטאַר־קען אָבקלאַנג צווישען אידען כמעט אין דער גאַנצער וועלט, און די „אַליאַנס" איז אין גיכען אויסגעוואַקסען אין אַ מעכטיגע, אַלוועלטליכע אָרגאַניזאַציע, מיט אַ גרויסען פּאָליטישען אָנזעהן און אַ ברייטער, פער־צווייגטער טהעטיגקייט. פאַר די פינף און זיבעציג יאָהר פון איהר עקזיסטענץ האָט זי זעהר פיעל אויפגעטהאָן אויף דעם געביט פון בעשיצען אידען פון פערפאָלגונגען און בעוואָרענען זייערע רעכט אין פערשידענע לענדער (שוין ניט ריידענדיג וועגען דער גרויסער בילדונגס־אַרבייט, וואָס דער פערבאַנד פיהרט אָן אין מאראָקאָ, טוניס, אַלזשיר און פיעל אַנדערע מזרח־לענדער, וואו ער האָט איינגעאָרדענט הונדערטע שולען פאַר אידישע קינדער). דורך אונטערהאַנדלונגען מיט פערשידענע רעגירונגען, דורך ווירקען אויף דער געזעלשאַפטליכער מיינונג און אויף פּאָליטישע קאָנגרע־סען, האָט די „אַליאַנס" שטאַרק מיטגעהאָלפען, אַז אידען זאָלען אַנערקענט ווערען פאַר גלייכבערעכטיגטע בירגער אין דער שווייץ, אין טערקיי און סערביע. אויך האָט זי פיעל געווירקט אָבצוואָוועדען פון אידען אין פער־שידענע לענדער בלוט־בלבולים, רדיפות, גזירות און אויסהעלפען זיי ביי אַלערליי אונגליקען, וואָס פלעגען זיך אויף זיי אויסגיסען.

דער גלאַנץ־פעריאָד פון דער „אַליאַנס" איז געווען די צייט, ווען איהר פּרעזידענט איז געווען דער אונפּערגעסליכער אידישער פּאַטריאָט, דער בעריהמטער פראַנצויזישער אַדוואָקאַט און פּאָליטישער טהוער יצחק־אַדאָלף קרעמיע [1]). געבוירען געוואָרען איז ער אין יאָהר 1796, געשטאָרבען אין 1880. נאָך דער רעוואָלוציע פון יאָהר 1848 אין פראַנקרייך איז קרעמיע געווען אַ מיטגליעד פון דער צייטווייליגער רעגירונג און צוויי מאָל פערנומען די שטעל פון יוסטיץ־מיניסטער. פון יאָהר 1863 אָן ביז זיין טויט איז קרעמיע געווען דער פיהרער פון דער „אַליאַנס", און דאָס זיינען געווען די בליהענדסטע יאָהרען פון איהר טהעטיגקייט. אַלס פּרעזידענט פון דער „אַליאַנס" האָט קרעמיע גלענצענד און אין פולער מאָס אַרויסגעוויזען זיין בעגייסטערטע ליעבע צום אידענטום, זיין אונגעוועהנליכע ענערגיע ביים בעשיצען דעם אידישען כבוד, די אידישע אינטערעסען און זיין טיעפע איבערגעבענקייט צו די אידעאַלען פון פרייהייט און גערעכטיגקייט. אונענדליך פיעל אַרבייט און מיה האָט ער געלעגט אויף אויסצואווירקען גלייכבערעכטיגונג פאַר די אידען אין רומעניע; אָבער ער האָט זיך אָנגעשטויסען אויף דער פינסטערסטער אָבגעשטאַנענקייט און ווילדער פאַנאַטישקייט פון דער דאָרטיגער מאַכט, און פון אַלע זיינע שריט אין רומעניע איז גאָרנישט געוואָרען. אויב דער בערלינער קאָנגרעס האָט אין יאָהר 1878 אָנגענומען אַ בעשלוס, אַז אין די ניי־געגרינדעטע מלוכות, וואָס זיינען בעפרייט געוואָרען פון דער טערקישער הערשאַפט, טאָרען ניט עקזיסטירען קיין שום בעגרענעצונגען צוליעב רעליגיעזע טעמים, — האָבען דערין ניט ווייניג מיטגעווירקט די בעמיהונגען פון דער „אַליאַנס". אַדאַנק איהר בקשה, האָבען אויך פראַנקרייך און איטאַליע פאָרגענומען ענערגישע שריט צו בעשיצען דאָס לעבען און פערמעגען פון די אידען אין מאַראָקאָ. פיעל מאָל איז אויך די „אַליאַנס" געקומען צו־הילף די אידען אין פערסיע, בעת די פערפאָלגונגען, וואָס זיי פלעגען דאָרט אָפט אויסשטעהן.

פיעל זאָרג האָט דער „אַליאַנס", נאַטירליך, פערשאַפט די טרויעריגע לאַגע פון אידען אין צאַרישען רוסלאַנד. די טהעטיגקייט פון דעם פערבאַנד איז דאָ געווען פערוועהרט, און רוסישע אידען האָבען ניט געטאָרט זיך אין איהם בעטייליגען אַלס מיטגליעדער. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט דער „אַליאַנס" פאָרצונעהמען שריט, כדי צו העלפען די אידען אין רוסלאַנד. אַדאַנק דער גרויסער אַכטונג, מיט וועלכער מען האָט זיך אין די אייראָפּעאישע פּאָליטישע קרייזען פערהאַלטען צו דעם פערבאַנד און צו זיין בעריהמטען פּרעזידענט, פלעגען די בעמיהונגען פון דער

[1]) די נייעסטע, אויסגעצייכענטע און גרונדליכע ביאָגראַפיע פון קרעמיע איז: S. Posener. Adolph Crémilux. Paris, 1933—1934 (2 vol.).

„אַליאַנס" אין געוויסע פאַלען האָבען ערפאָלג אַפילו אין צאַרישען רוס־לאַנד. אַזוי, צום ביישפּיעל, איז דאָ אין יאָהר 1863, לויט דער בקשה פון „אַליאַנס", געלינדערט געוואָרען די לאַגע פון אייניגע אידישע סאָל־דאַטען, וואָס זיינען אויסגעשטאַנען גרויסע פּייניגונגען דערפאַר, ווייל זיי האָבען זיך אָבגעזאָגט פון קריסטליכען גלויבען, וועלכען מען האָט זיי מיט געוואַלד געצוואונגען אָנצונעהמען, ווען זיי זיינען נאָך אַלס קינדער גענומען געוואָרען אויף מיליטער־דיענסט. ווען עס איז אין יאָהר 1869 אויסגעבראָכען אין ליטע און אין ווייס־רוסלאַנד אַ שרעקליכער הונגער, האָט די „אַליאַנס" תיכף ברייט אָרגאַניזירט הילף פאַר די בעדערפטיגע אידען; זיי האָבען בעקומען שטיצע אויפ'ן אָרט גופא; אויסער דעם האָבען אַ טויזענד מאַן, מיט דער הילף פון דעם פערבאַנד, אויסגעוואַנ־דערט קיין אַמעריקע, און עטליכע הונדערט יתומים זיינען, איינגע־אָרדענט געוואָרען אין פערשידענע צדקה־אַנשטאַלטען. זינט עס האָט זיך, פון יאָהר 1881 אָן, אָנגעהויבען אין רוסלאַנד די סדרה פּאָגראָמען אויף אידען, פלעגט די „אַליאַנס" שטענדיג קומען צו־הילף די קרבנות פון די רויבערייען און הריגות. בעזונדערס פיעל האָט זי אין אָט דער הינזיכט אויפגעטהאָן נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם אין יאָהר 1903 און נאָך די מאַסען־פּאָגראָמען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין רוסלאַנד אין יאָהר 1905 און בעת דעם בירגער־קריעג אין אוקראַינע.

קרעמיע, אַלס פּרעזידענט פון דער „אַליאַנס איזראַעליט אוניווער־סעל", פלעגט אויסנוצען יעדע געלעגענהייט, כדי צו סטאַרען זיך ביי דער רוסישער מאַכט וועגען אויסבעסערן די אַלגעמיינע רעכטליכע לאַגע פון די אידען, אָדער ראַטעווען איינצעלנע קרבנות פון דעם אידען־האַס. אין יאָהר 1869, למשל, האָט ער אונטערהאַנדעלט מיט דער רוסישער רעגירונג וועגען פּאָליציייאישע פערפאָלגונגען געגען אידען, וואָס האָבען זיך פערשטאַרקט אין פּעטערבורג. אין יאָהר 1874 האָט ער זיך געווענדט צום קייזער אַלעקסאַנדער דעם צווייטען מיט אַ בריף, וואו ער האָט דעם רוסישען מאָנאַרך געבעטען וועגען געבען די אידען בירגער־רעכט, אָנ־ווייזענדיג דערביי, אַז דאָס וואָלט געווען בלויז די נאַטירליכע לאָגישע פערענדיגונג פון יענעם מאַניפעסט, דורך וועלכען עס איז אין רוסלאַנד אָבגעשאַפט געוואָרען די שקלאַפעריי פון די פויערים. עס פערשטעהט זיך, אַז קרעמיע'ס בקשה האָט דאָס מאָל ביים רוסישען צאַר קיין אָב־קלאַנג ניט געטראָפען. ווניגער בעקאַנט זיינען צוויי אַנדערע פאַלען, וואו קרעמיע האָט זיך אָנגענומען פאַר רוסישע אידען, און וואו ער האָט געהאַט ערפאָלג. דאָ האָט זיך געהאַנדעלט ניט וועגען דער אַלגעמיינער אידישער לאַגע, נאָר מכח איינצעלנע אונגליקליכע מענשען, וואָס האָבען געליטען צוליעב זייער אידישקייט, און אַדאַנק קרעמיע'ס בעמיהונגען

זיינען זיי טאַקע געראַטעוועט געוואָרען. וועגען דיביידע עפּיזאָדען דער־וויסען מיר זיך פון אייניגע רוסישע אַרכיוו־דאָקומענטען.

דער ערשטער צופאַל האָט זיך אָנגעקעהרט צו מינסק און געהאַט אַ שייכות צו דעם פּוילישען אויפשטאַנד פון יאָהר 1863 [2]). פאַר אידען אין ליטע און ווייס־רוסלאַנד איז דאָס געווען אַ פּעריאָד פון האַרבע נסיונות (וועלכע דער בעוואוסטער רוסיש־אידישער שריפטשטעלער ל. לעוואַנדע האָט מייסטערהאַפט געשילדערט אין זיין ראָמאַן „די ברויזענדע צייט" — „גאָריאַטשעיע ווּרעמיאַ"). דער היסטאָרישער שיקזאַל האָט געשטעלט די ליטווישע און רוסישע אידען אין מיטען צווישען די צוויי קעמפּפענדע קרעפטען — די פּאָליאַקען און די רוסישע מאַכט. אי־דען זיינען געווען ווי צווישען האַמער און קאָוואַדלע. פאַר די שטריי־טענדע צדדים האָבען זיי ניט געקאָנט יוצא זיין, און וואָסער פּאָזיציע זיי האָבען ניט פערנומען, איז זיי בעשערט געווען פּיין. האָבען אידען אַרויסגעוויזען מיטגעפיהל צו די פּאָליאַקען, זיינען זיי אויסגעשטאַנען רדיפות פון דער רוסישער מאַכט. זיינען זיי פערבליבען טריי צו דער רעגירונג, דאַן האָבען זיי געהאַט צרות פון די פּאָליאַקען. פלעגען זיי זיך האַלטען נייטראַל, שטעהן פון דער ווייטענס און ניט אַריינמישען זיך אין דעם קאַמף, האָט דאָס אויך ניט געהאָלפען — דאַן זיינען געגען זיי געווען אויפגעבראַכט אי די רוסישע מאַכטהאָבער, אי די פּאָליאַקען, און פערפאָלגונגען האָבען זיך אויף זיי געשאָטען פון ביידע צדדים. עס איז בשאַפען געוואָרען אַן אַטמאָספערע פון נקמה און האַס, וואָס האָט זיך געהאַלטען אַ צייט לאַנג, נאָכדעם ווי דער פּוילישער אויפשטאַנד איז שוין דערשטיקט געוואָרען. און די ביטערע נאָכוועהענישען פון דעם שטורם־יאָהר 1863 האָבען דער אידישער בעפעלקערונג אָבגעקאָסט גענוג ליידען און פּיין.

אין מאַי 1865 האָבען אין מינסק אויסגעבראָכען שרעקליכע שרפות, וואָס האָבען געדויערט אייניגע טעג. עס האָבען אָבגעברענט עטליכע הונדערט הייזער, דערהויפּט אינ'ם אידישען שטאָדט־טייל, און אין פייער זיינען אומגעקומען אויך אייניגע מענשען. עס איז געוואָרען אַ מורא'־דיגע פּאַניקע; די מייסטע איינוואוינער זיינען אין שרעק אַנטלאָפען פון שטאָדט און האָבען זיך מיט זייער האָב און גוטס אויפגעהאַלטען אויף די אַרומיגע פעלדער. אַז די שרפות זיינען ניט געווען קיין צופעליגע, דאָס איז געווען קלאָר. אידען האָבען ניט געצווייפעלט, אַז דאָ, ווי אין אייניגע אַנדערע שטעדט, האָט די זאַך געשטאַמט פון פּוילישע הענד, וואָס

[2]) אַרכיוו פון דער „דריטער אָבטיילונג", 4-טע עקספּעדיציע, פון יאָהר 1866—נום. 167 („וועגען די שרפות אין מינסקער גוב. און די אידען, וואָס ווערען בעשולדיגט אין אונטערצינדונגען").

זיינען אויסען געווען אָבצורעכענען זיך מיט דער אידישער בעפעלקערונג. און ווי עס ווייזט אויס, איז אָט דער פערדאַכט טאַקע געווען ריכטיג. לויט דער פעראָרדנונג פון דער העכערער אַדמיניסטראַציע, איז אין מינסק בעשטימט געוואָרען אַ בעזונדער קאָמיסיע אונטער דעם פאָרזיץ פונ'ם זשאַנדאַרמסקען פּאָלקאָווניק שטיין, אויף אויסצופאָרשען די אורזאַכען פון די שרפות און ענטדעקען די פערברעכער. פון פּוילישע קרייזען האָט מען תיכף גענומען אייפעריג פערשפּרייטען קלאַנגען, אַז אונטערגעצונדען די שטאָדט האָבען עס אידען, און די גאַנצע אַרבייט פון דער קאָמיסיע האָט גלייך געקראָגען אַן אויסערסט אידען-פיינדליכע ריכטונג. עס זיינען אַרעסטירט געוואָרען ביז 150 מאַן, כמעט אויסשליסליך אידען. מענשען, וועמען אַלע האָבען געקענט פאַר אָרענטליכע לייט, האָט מען אַריינגע־וואָרפען אין טורמע, און קיינער האָט נישט געקאָנט זיין זיכער, עס זאָל אויף איהם ניט פאַלען דער בלבול, אַז ער איז אַן אונטערצינדער.

אַ גרופּע מינסקער אידען האָבען אין אויגוסט 1865 דערלאַנגט צו דער „3-טער אָבטיילונג" (די הויפּט-פערוואַלטונג פון דער פּאָליטישער פּאָ־ליציי) א פּראָטעסט און זיך בעקלאָגט, אַז די קאָמיסיע פיהרט די אויס־פאָרשונג וועגען די שרפות אין מינסק ניט ריכטיג, און אַז זי האָט אַרע־סטירט פיעל אונשולדיגע מענשען. דאָס האָט אפנים געהאָט אַ ווירקונג. כמעט אַלע אידען האָט מען אַרויסגעלאָזט פון טורמע. אַזוי אָבער ווי דער קאָמיסיע איז ניט אָנגעשטאַנען זיך מודה צו זיין, אַז זי' איז פון אָנהויב אַן אַוועק אויף אַ פאַלשען וועג און האָט דעריבער קיין זאַך ניט ענטדעקט, האָט זי געגען זיבען אידען פערפיהרט אַ בעשולדיגונג, אַז זיי זיינען עס געווען די אונטערצינדער. ווייל עס איז ניט געווען קיין שום בעוויז גע־גען זיי, האָט זיך די זאַך פערצויגען אויף אַ רעכטע צייט. ענדליך זיינען זיי איבערגעגעבען געוואָרען צום קריעגס-געריכט (אַ צייט לאַנג נאָך דעם פּוילישען אופשטאַנד האָבען אין ליטע און ווייס-רוסלאַנד אַלע מעהר אָדער וועניגער וויכטיגע פּאָליטישע פּראָצעסען אָנגעהערט צום מיליטערישען געריכט). אין אָנהויב 1866 איז איינער פון די אידען, יצחק בּאָראָד, פעראורטיילט געוואָרען צום טויט. צו די איבעריגע זעקס אידען איז דאָס געריכט נאָך ניט דערגאַנגען, אָבער אויך זיי האָט געדראָהט דערזעלבער אורטייל. די מינסקער קהילה איז פערציטערט געוואָרען, אַלע האָבען געוואוסט, אַז די זיבען אידען זיינען פאָלקאָם אונשולדיג, זיי זיינען בלויז קרבנות פון אַ בייזוויליגען בלבול.

מען האָט גענומען זוכען הילף, אום צו ראַטעווען די אונגליקליכע, איבער וועלכע ס'האָט שוין געשוועבט דער טויט. וועגען דעם בלבול איז מיטגעטיילט געוואָרען קיין אויסלאַנד, און דאָ האָט די נאַכריכט אַרויס־גערופען אַ גערודער. אין מערץ 1866 האָט דער קייזער אַלעקסאַנדער דער

צווייטער בעקומען וועגען דעם מינסקער ענין אַ שריפטליכע בקשה פון פראַנקפורט-מאַין, מיט די אונטערשריפטען פון דעם דאָרטיגען בעװאוסטען ראַבינער ש. ר. הירש, ווילהעלם-קאַרל ראָטשילד (דער הויפט פון דער פראַנקפורטער ראָטשילד-הויז), נ. מ. אָפּענהיים און נאָך אייניגע אָנגעזעהנע פראַנקפורטער אידישע טהוער. „אונזערע ברידער אין מינסק, האָבען זיי דאָ געשריבען, ווערען בעשולדיגט אין אונטערצינדונגען, זיבען אָרענטליכע מענשען זיינען אַרעסטירט געוואָרען. איינער פון זיי איז שוין פעראורטיילט געוואָרען צום טויט, און דער חלף הענגט שוין איבער איהם. אייער קייזערליכע מאַיעסטעט! איירפּע ווייסט, אַז דער רוסישער צאַר שטרעבט צו גערעכטיגקייט. אָבער די ריכטער זיינען מעהר ניט ווי מענשען, זיי קאָנען האָבען אַ טעות. און מיר זיינען איבערצייגט, אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ פעהלער. די שרפה אין מינסק איז ניט קיין איינציגער פאַל; אין איירפּע ווייסט מען די שולדיגע און די סיבות, וואָס האָבען בעשאַפען שרפות אין פיעל רוסישע שטעדט. אייער קייזערליכע מאַיעסטעט! מיר קאָנען אונזערע ברידער; מיר ווייסען, ווי וויט זיי זיינען פון אַזעלכע פערברעכענס. די אמת'ע פערברעכער האָבען זייער שולד אַרויפגעוואָרפען אויף אונשולדיגע מענשען. אייער וואָרט קאָן ראַטעווען יענע, וואָס זיינען ריין פון יעטווידער שולד! גיט אַ בעפעהל נאָך אַמאָל שטרענג דורכצוקוקען די זאַך, און דער אויבערשטער, וואָס צעהלט יעדען מענשליכען זיפץ, וועט פיהרען צו גערעכטיגקייט. אייער קייזערליכע מאַיעסטעט! די טרעהרען און קרעכצען פון די אונשולדיגע האָבען אונז געבראַכט צו פאַלען פאַר אייך און בעטען רחמים: פערנעהמט אונזער בקשה! דער טויט-אורטייל האַלט ביים ערפילט ווערען!"

די פראַנקפורטער בקשה איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דער „דריטער אָבטיילונג", און פון דאָרטען האָט מען זי אָבגעשיקט צום ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָר (מינסק איז געשטאַנען אונטער זיין פערוואַלטונג). די בקשה האָט קיין ווירקונג ניט געהאַט, דערפאַר אָבער האָט אַ שטאַרקען איינדרוק געמאַכט אַן אַנדער בקשה, מיט וועלכער עס האָט זיך אין סוף מערץ 1866 געווענדט צו אַלעקסאַנדער דעם צווייטען קרעמיע, אַלס פרעזידענט פון דער „אַליאַנס". „אין וואָסער אָרט אויף דער וועלט אידען זאָלען ניט ליידען, האָט קרעמיע געשריבען אין זיין בריף צום רוסישען קייזער, דערגרייכען זייערע יללות צו דער „אַליאַנס". איצט זיינען צו אונז דערגאַנגען וועה-געשרייען פון דער שטאָדט מינסק. אַ שרעקליכער בלבול האָט זיך אויפגעהויבען געגען דער דאָרטיגער אידישער בעפעלקערונג. די מיליטערישע מאַכט בעשולדיגט אידען אין די שרפות, וואָס האָבען חרב געמאַכט די געגענד. זיבען אידען האָט מען אַריינגעזעצט און געהאַלטען דריי פערטעל יאָהר אין טורמע, וואו זעקס פון זיי וואַרטען

נאָך אויפ'ן אורטייל, און דעם זיבעטען האָט דאָס קריעגס־געריכט שוין פער'משפט צום טויט. די מינסקער אידישע געמיינדע איז אין איין פער־צווייפלונג. זיי אַלע זיינען גרייט צו שווערען אויף אַ ספר־תורה, אַז די זיבען מענשען זיינען פאַלקאָם אונשולדיג. זיי אַלע בעטען ביי אייך רחמים און שוץ. אין נאָמען פון דער אונגליקליכער געמיינדע אין מינסק ווענדט זיך די „אַליאַנס" צו אייער קייזערליכער מאַיעסטעט מיט דער בקשה: שפּרייט אויס צו די אונגליקליכע מענשען די האַנד פון שוץ, דער שווערד, וואָס דראָהט איינעם פון זיי, זאָל ניט אַרויסגענומען ווערען פון שייד, און די טויערן פון דער טורמע זאָלען זיך אויף אייער בעפעהל פונאַנדערעפענען. איבערגעבענדיג צו אייך די בקשות פון אונזערע ברי־דער, האָפען מיר, אַז זיי וועלען דערהערט ווערען!"

מכח קרעמיע'ס בקשה האָט דער רוסישער באָטשאַפטער אין פּאַריז, באַראָן בודבערג, געשריבען קיין פּעטערבורג צום אינערן־מיניסטער וואַ־ליועוו'ן: „דער פערבאַנד („אַליאַנס"), וועלכער איז דאָ ניט לאַנג גע־גרינדעט געוואָרען, קריגט וואָס אַ טאָג אַלץ אַ גרעסערע בעדייטונג; ער פערמאָגט שוין אָבטיילונגען אין אַלע וועלט־טיילען און האָט, אַדאַנק זיין אויטאָריטעט, אַן אויסעראָרדענטליכען איינפלוס אויף אידען אין אַלע לענדער. נעהמענדיג אין בעטראַכט ה' קרעמיע'ס בקשה, האַלט איך דעריבער פאַר מיין פליכט צו ווענדען אייער אויפמערקזאַמקייט אויף די שריט, וואָס ער האָט פאַרגענומען". אויך דער הויפּט־פערוואַלטער פון דער „דריטער אָבטיילונג", פירשט דאָלגאָרוקאָוו, האָט אונטערשטראָכען, אַז „די פּאַריזער „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל" פערדיענט אַ בעזונדער אויפמערקזאַמקייט". ביי אַזאַ בעציהונג צו דער „אַליאַנס" און צו איהר בעריהמטען פּרעזידענט, האָט זייער בקשה געהאַט אַן ענדגילטיגע ווירקונג און געראַטעוועט די אונשולדיגע קרבנות פון דעם מינסקער בלבול. יצחק באַראַד, וועלכער איז שוין געוועזן פער'משפט צום טויט, איז אָבגעקומען מיט דעם, וואָס מען האָט איהם אַרויסגעשיקט פון מינסק, און די איבעריגע זעקס אידען זיינען בעפרייט געוואָרען פון אַרעסט, אָהן יעטווידער בע־שטראָפונג. וועגען דעם האָט די רוסישע רעגירונג מיטגעטיילט קרעמיע'ן דורך דעם פּאַריזער באָטשאַפטער, באַראָן בודבערג.

קרעמיע'ס צווייטער שריט, וועגען וועלכען עס דערצעהלען אונז די רוסישע אַרכיוו־מאַטעריאַלען, איז געשטאַנען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם בעוואוסטען סאַראַטאָווער בלוט־בלבול.

אין סוף יאָהר 1852 און אין אָנהויב 1853 זיינען אין סאַראַטאָוו פערשוואונדען געוואָרען צוויי רוסישע אינגלעך, און זייערע טויטע צע־וואונדעטע קערפּערס האָט מען געפונען ערשט אין פריהלינג נעבען טייך. די גלחים האָבען תיכף אָנגעהויבען צו העצען און פערשפּרייטען קלאַנגען,

אַז דער'הרג'עט די רוסישע קינדער האָבען אידען, — כדי צו גע־ברויכען זייער בלוט צוליעב רעליגיעזע ציעלען. פון פעטערבורג איז קאָמאַנדירט געוואָרען קיין סאַראַטאָוו אַ בעאַמטער פון אינערן־מיניסטע־ריום, דורנאָווא, אַ פערביסענער אַנטיסעמיט. ער האָט זיך געשטעלט פאַר זיין אויפגאַבע דורכאויס צו בעשטעטיגען דעם בלוט-בלבול געגען אידען, און האָט זיך ביי דער אויספאָרשונג ניט אָבגעשטעלט פאַר האַרבסטע פעלשונגען. געגען דעם אַלטען סוחר יעקב יושקעוויטשער און אַ פערציג סאַראַטאָווער אידישע סאָלדאַטען איז פערפיהרט געוואָרען די בעשולדי־גונג, אַז זיי האָבען פאַר פסח דער'הרג'עט די קריסטליכע קינדער. ווי ביי פיעלע אַנדערע בלוט-בלבולים, האָט מען אויך אין סאַראַטאָוו אַרויס־געקראָגען פאַלשע עדות — קריסטען, שיכורים און אויסגעלאַסענע פרויען, וואָס האָבען אויף זיך אַליין אויסגעטראַכט, אַז זיי האָבען זיך כלומרשט בעטייליגט מיט אידען אין טויטען די קינדער און אין אויס־צאַפּען פון זיי דאָס בלוט. געגען די אידען אין טורמע זיינען אָנגעווענדט געוואָרען די האַרבסטע סטראַשונקעס און פסיכישע פייניגונגען, אָבער זיי האָבען זיך געהאַלטען העלדיש און בשום אופן ניט געוואָלט זיך מודה זיין אין דעם פערברעכען, וואָס מ'האָט אויף זיי אויסגעטראַכט.

לויט'ן בעפעהל פון דעם קייזער ניקאָלאַי דעם ערשטען, איז אין יאָהר 1854 בעשטימט געוואָרען אין סאַראַטאָוו אַ בעזונדערע געריכטליכע קאָמיסיע, אונטער דעם פאָרזיץ פון אַ ספעציעלען בעאַמטען פון פעטער־בורג, א. גירס, וועלכער איז גראַד געווען פריי פון פיינדשאַפט געגען אידען. נאָך צוויי יאָהר אונטערזוכונגען, האָט די קאָמיסיע ערקלערט אַלע אידען פאַר אונשולדיג. אין דער אַלגעמיינער פערזאַמלונג פון סענאַט האָבען זיך אָבער די שטימען צוטיילט, און דערום איז די זאַך אַריבער אין גאָסודאַרסטוועני סאָוועט. דאָ האָט דער בלינדער פאַראורטייל געגען אידען גובר געווען. אין יאָהר 1860 האָט דער גאָסודאַרסטוועני סאָוועט פער'משפט דרייען — יושקעוויטשער'ן, שליפערמאַנ'ען און יורלאָוו'ן — אויף קאַטאָרגע, און דער קייזער אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט דעם אורטייל בעשטעטיגט. שליפערמאַן האָט זיך גענומען דאָס לעבען, און יורלאָוו איז אומגעקומען אויפ'ן וועג קיין סיביר. וואָס אַנבעלאַנגט יושקע־וויטשער'ן, איז ער געווען אַזוי שוואַך, דאָס מ'האָט איהם ניט געקאָנט אָבשיקען קיין סיביר, און ער איז איבערגעלאָזט געוואָרען אין סאַראַטאָווער טורמע. יאָהרען זיינען געגאַנגען, דער אונגליקליכער אַלטער, קראַנקער יושקעוויטשער איז בלינד געוואָרען, אָבער ער האָט זיך נאָך אַלץ געמאַ־טערט אין דער טורמע. זיינע קינדער האָבען אומעטום געבעטען רחמים, אַז מ'זאָל דעם פאָטער ענדליך בעפרייען, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. ביי זיין זוהן, אייזיק יושקעוויטשער'ן, האָט מען אַפילו גענומען אַן אונטער־

שריפט, ער זאָל מעהר ניט דערלאַנגען קיין בקשות וועגען בעגנאַדיגען דעם פאָטער.

אין הערבסט 1867 איז יעקב יושקעוויטשער'ס זוהן געווען אין פּעטערבורג און האָט זיך דאָ צופעליג געטראָפען מיט דעם בעוואוסטען כלל־טהוער דוד פיינבערג'ן, וועלכער פלעגט קאָרעספּאָנדירען מיט קרעמיע וועגען די אידישע אַנגעלעגענהייטען אין רוסלאַנד (מיט אַ צייט שפּעטער איז ער געוואָרען גענעראַל־סעקרעטאַר אין דעם פּעטערבורגער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער „אידישער קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט" און האָט פיעל געאַרבייט אויפ'ן געביט פון דער אידישער עמיגראַציע קיין אַרגענטינע). יושקעוויטשער האָט איהם מיט פערצווייפלונג בעשריבען די ליידען פון זיין 70־יעהריגען בלינדען פאָטער און דערצעהלט, אַז איצט האָט מען איהם פערפליכטעט ניט צו בעטען פערגרינגערן זיין פאָטער'ס ביטערע לאַגע. זיין טרויעריגע ערצעהלונג האָט פיינבערג'ן טיעף גערירט, און ער האָט גלייך אָנגעשריבען וועגען דעם צו קרעמיע קיין פּאַריז. אויף יענעם האָט די לאַגע פון דעם אונגליקליכען זקן, דעם קרבן פון שענדליכען בלבול, געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק, און שוין אין עטליכע טעג אַרום איז פון איהם אָנגעקומען דער פאָלגענדער בריעף צו יושקעוויטשער'ן:

„מיין טייערער גלויבענס־ברודער! איך האָב היינט איבערגעגעבען אייער היגען באָטשאַפטער, באַראָן בודבערג'ן, אַ שריפטליכע בקשה אויפ'ן נאָמען פון דעם קייזער. הלואי זאָל גאָט איהם אַריינגעבען דעם בעשלוס אומצוקעהרען אייך אייער אונגליקליכען פאָטער, ער זאָל קאָנען ענדיגען זיינע יאָהרען אין דעם קרייז פון זיין משפחה. איך דריק אייך אויס מיין גרויס און אָפענהערציג מיטגעפיהל. אַדאָלף קרעמיע" [3]).

קרעמיע'ס ווענדונג צו אַלעקסאַנדער דעם צווייטען האָט געהאַט ערפאָלג. צוליעב פערשידענע פאָרמאַליטעטען האָט זיך די זאַך עטוואָס פערצויגען, אָבער דעם 12טען יוני 1868 האָט דער רוסישער באָטשאַפטער מיטגעטיילט קרעמיע'ן, אַז לויט אַ קייזערליכען בעפעהל איז יעקב יושקעוויטשער בעגנאַדיגט געוואָרען. אַדאַנק קרעמיע'ס בקשה איז דער אונגליקליכער אַרויס פון דער טורמע, נאָכדעם ווי ער איז אין איהר אָבגעזעסען 15 יאָהר. די לעצטע יאָהרען האָט ער פערבראַכט צווישען זיינע קינדער אין כאַרקאָוו. ניט געאַכט אויף די גרויסע צרות און פּיין, וואָס יעקב יושקעוויטשער איז אויסגעשטאַנען, זיינען איהם באַשערט געווען לאַנגע יאָהרען. ער איז געשטאָרבען אין 1880 אין כאַרקאָוו, 82 יאָהר אַלט.



[3]) Д. Ф. Фейнбергъ. Кремье и освобожденіе Я. Юшкевичера. "Пережитое", т. IV, 218—219 (Спб., 1913).

# אָכראַניק ראַטשקאָווסקי — אַ רעדאַקטאָר פון אַ רוסיש־אידישער צייטונג

**דער פּראָצעס** אין בערן (שווייץ) וועגען די „זקני ציון פּראָטאָקאָלען" האָט דורך אַ רייה עדות און עקספּערטען ענדגילטיג און קלאָר פעסטגעשטעלט, אַז די טרויעריג־בעריהמטע „פּראָטאָקאָלען" זיינען אַ גראָבע, שענדליכע פעלשונג און אַז זיי זיינען פאָלסיפיצירט געוואָרען דורך אַגענטען פון דער אַמאָליגער צאַרישער „אָכראַנקע". אַזעלכע זאַכקונדיגע און צופערלעסיגע אויטאָריטעטען, ווי די רוסישע היסטאָריקער בורצעוו און סוואַטיקאָוו, האָבען בעשטעטיגט, אַז די הויפּט־ראָלע ביי אָט דער שמוציגער און מיאוסער פעלשונג האָט געשפּיעלט דער בעוואוסטער ראַטשקאָווסקי. דאָס איז געווען איינער פון די פעהיגסטע און שענדליכסטע טהוער פון דער רוסישער פּאָליטישער געהיים־פּאָליציי. פון יאָהר 1885 ביז 1902 איז ראַטשקאָווסקי געווען אין פּאַריז דער פערוואַלטער פון דער אויסלענדישער רוסישער געהיימער אַגענטור, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע אַכטונג צו געבען אויף די רוסישע פּאָליטישע עמיגראַנטען, דערגעהן זייערע סודות און שטערען זייער אַרבייט. ראַטשקאָווסקי האָט עס דורך זיינע אַגענטען געמאַכט אין יאָהר 1888 אַ נאַכט־אָנפאַל אויף די דרוקעריי פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און זי פאָלשטענדיג פערניכטעט. אין יאָהר 1902 איז ער אַרויסגערופען געוואָרען צוריק קיין פּעטערבורג און ער האָט געקראָגען די שטעל פון וויצע־דירעקטאָר אין דעם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט. דאָ האָט ער בעקומען די מעגליכקייט נאָך ברייטער צו ענטוויקלען זיין טהעטיגקייט. ראַטשקאָווסקי פערפאַסט און דרוקט אין נאָמען פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען פאַלשע פּראָקלאַמאַציעס און בריף, וואָס ווערען שטאַרק פערשפּרייט דורך זיינע אַגענטען איבער'ן גאַנצען לאַנד און האָבען דעם צוועק — צו דיסקרעדיטירען, פּאַרמיאוס'ן די שטרייטער געגען צאַריזם אין די אויגען פון די ברייטע מאַסען. אין ראַטשקאָווסקי'ס צייט ווערען דורך דעם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט אייפעריג פּאַרשפּרייט אויך פּאָגראָם־רופען געגען אידען. ער האָט פעסט איינגעפונדעוועט אין דער טהעטיגקייט פון דער „אָכראַנקע" די שעדליכסטע מיטלען און געגג; ער פלעגט זיינע פערשטעלטע אַגענטען אַריינפיהרען אַלס מיטגליעדער אין פערשידענע געהיימע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, כדי אויף זיי

אַכטונג צו געבען פון אינעווייניג. איהם האָט זיך איינגעגעבען צו גע־ווינען פאַר זיינעם אַ פערשטעלטען אַגענט אַזעף'ן, — איינעם פון די וויכטיגסטע טהוער און אָנפיהרער אין דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. עס איז אַלזאָ קיין וואונדער ניט, וואָס אַזאַ מייסטער פון פעל־שונג און פּראָוואָקאַציע, ווי ראַטשקאָווסקי, האָט פאַבריצירט די „זקני ציון פּראָטאָקאָלען", ווען די צאַרישע רעגירונג האָט זיך אין זיי גע־נויטיגט, כדי צו פערטונקלען די מוחות פון דער רוסישער בעפעלקערונג, העצען דעם עולם געגען אידען און איינשמועס'ן איהם, אַז די אַלע צרות און אומגליקען, וואָס רוסלאַנד שטעהט אויס, נעהמען זיך דערהויפּט פון אידען, וועלכע ווערען אָנגעפיהרט דורך די בעפעהלען פון די „זקני ציון".

אין ראַטשקאָווסקי'ס ביאָגראַפיע איז פאַרהאַן איין עפּיזאָד, וואָס איז כמעט קיינעם ניט בעוואוסט: אָט דער שפּעטער בעריהמט־געוואָרענער פּראָוואָקאַטאָר, שפּיאָן און פעלשער איז אין זיין יוגענד אַ שטיקעל צייט געווען — דער פאַקטישער רעדאַקטאָר פון אַ רוסיש־אידישער צייטונג. פאַרגעקומען איז דאָס ביי פאָלגענדע אומשטענדען:

אין סוף פון די 70־ער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט איז אין דער אידישער וועלט אין רוסלאַנד ענטשטאַנען אַ געוויסע געזעלשאַפט־ליכע אויפלעבונג. עס האָט זיך נור־וואָס געענדיגט דער רוסיש־טער־קישער קריעג. מען האָט נאָך ניט פערגעסען, אַז נאָך דער סעוואַסטאָ־פּאָלער מלחמה האָבען זיך אין רוסלאַנד אָנגעהויבען רעפאָרמען און צו־גלייך אויך פערגרינגערונגען פאַר אידען, — און מען האָט זיך געריכט, אַז אויך דאָס מאָל וועט זיך דאָסזעלבע ווידערהאָלען. אַנדערע זיינען געווען גענויגט צו קוקען אויף דער „רבנישער קאָמיסיע", וואָס די רו־סישע רעגירונג האָט אין יאָהר 1879 בעשלאָסען צונויפצורופען, ווי אויף אַ „סינעדריאָן" (סנהדרין), וועלכען עס האָט אין יאָהר 1806 פערזאַמעלט דער קייזער נאַפּאָלעאָן, ווען ער האָט בעשלאָסען צו מאַכען די אידען אין פראַנקרייך פאַר פולבערעכטיגטע בירגער. פון דער אַנדער זייט, האָט מען געשמועסט וועגען נייע, שאַרפע בעגרענצונגען געגען אידען, וואָס ווערען בעטראַכט אין די רעגירונגס־קרייזען. די אַנטיסעמיטישע פּרעסע, מיט סואוואָרין'ס „נאָוואָיע ווערעמיאַ" אין דער שפּיץ, האָט פערשטאַרקט איהר אַגיטאַציע געגען אידען.

דאָס אַלץ האָט געמוזט אַרויסרופען צווישען אידען אַ געוויסע גע־זעלשאַפטליכע בעוועגונג, בעזונדערס אין פּעטערבורג, וואו עס זיינען געווען קאָנצענטרירט די בעדייטענדסטע פאָרשטעהער אי פון דער אי־דישער אינטעליגענץ, אי פון די אידישע פינאַנציעלע קרייזען. די אי־דייע פון זעלבסט־הילף בעקומט פיעל אָנהענגער צווישען אידען, און צו־גלייך לאָזט זיך מערקען צום ערשטען מאָל אַן אונצופרידענקייט מיט דער

פּאָליטיק פון די פּעטערבורגער אידישע „גדולים”. עס קומען פאָר אַפּטע בעראַטונגען פון דער אידישער אינטעליגענץ, וואו עס ווערען בע־האַנדעלט די פראַגען וועגען אָרגאַניזירען עקאָנאָמישע הילף פאַר די אי־דישע פאָלקס־מאַסען, אויפקלערען פאַר דער רוסישער עפענטליכער מיי־נונג די נויטווענדיגקייט פון גלייכבערעכטיגונג פאַר אידען, פיהרען אַ סיסטעמאַטישען קאַמף געגען די אַנטיסעמיטישע העצערייען, א. ד. גל. אַזוי אַרום איז מען גאַנץ נאַטירליך געקומען צו דעם געדאַנק, אַז עס איז דורכאויס נויטיג צו בעשאַפען אַ צייטונג, וואָס זאָל זיין געווידמעט צו די אינטערעסען פון די רוסישע אידען. אין רוסלאַנד האָבען דאַן עקזיסטירט בלויז צוויי העברעאישע וואָכענבלעטער — סלאָנימסקי׳ס „הצפירה” אין וואַרשע און צעדערבוים׳ס „המליץ” אין פּעטערבורג. די ערשטע האָט געהאַט וועניג צו טהאָן מיט דעם ווירקליכען לעבען און פלעגט יוצא זיין כמעט אויסשליסליך מיט אַרטיקלען וועגען נאַטור־וויסענשאַפט און מאַ־טעמאַטיק. דער „המליץ” איז געוועזן פיעל לעבעדיגער, אָבער דעם לע־זער מיט אַ מעהר אָדער וועניגער ענטוויקעלטען גוסט האָט געמוזט עקלען פון צעדערבוים׳ס שטענדיגע מעשיות וועגען די געשפּרעכען, וואָס ער פיהרט מיט גרויסע שררות מכח דער שווערער אידישער לאַגע. אַחוץ אַלעם דעם, זיינען דאָך דיביידע צייטונגען אַרויס אויף העברעאיש, און דעריבער אַליין האָבען זיי דאָך ניט געקאָנט ווירקען אויף די רוסישע גע־זעלשאַפטליכע מיינונג.

האָט אַ גרופּע אָנגעזעהענע פּעטערבורגער אידישע שריפטשטעלער און כלל־טהוער אין יאָהר 1879 בעשלאָסען אַרויסצוגעבען אַ רוסיש־אי־דישע וואָכענבלאַט (צוגלייך האָבען זיי פּראָיעקטירט צו גרינדען דאָ אויך אַ אידישע וועכענטליכע צייטונג, וועלכע עס האָט געזאָלט רעדאַקטירען ש. י. אַבראַמאָוויטש — מענדעלע מוכר ספרים. מען האָט איהם אַפילו צוליעב דעם אַרויסגערופען פון אָדעס קיין פּעטערבורג, כדי דורכצו־שמועסען זיך וועגען די אַלע איינצעלהייטען). אויף אַרויסגעבען אַ צייי־טונג האָט מען אָבער אין רוסלאַנד בעדאַרפט האָבען אַ ספּעציעלע ער־לויבניש פון דעם אינערן־מיניסטער, און דאָס איז געוועזן זעהר אַ שווערע זאַך. די רוסישע רעגירונג האָט ניט געוואָלט קיין נייע בלעטער, בע־זונדערס אידישע. זעהר וויכטיג איז געוועזן אָנצואווייזען אַ פּאַסיגע פּער־זאָן אַלס רעדאַקטאָר. האָט מען אין דער בקשה, וואָס איז דערלאַנגט געוואָרען וועגען דעם אין מיניסטעריום, געבעטען צו בעשטעטיגען אַלס רעדאַקטאָר דעם געאַכטען פּעטערבורגער אַדוואָקאַט י. בינשטאָק, אַלס אַ מענשען, וואָס האָט פערנומען אַ געוויסע געזעלשאַפטליכע שטעלונג און פּערדיענט צוטרוי. דער מיניסטער האָט אָבער אָבגעזאָגט. האָט מען זיך ווייטער געפּרובט און אָנגערופען אַלס רעדאַקטאָרען דעם בעוואוסטען

געלעהרטען דר. א. האַרקאַווי, וועלכער האָט געדיענט אין דער פּעטער־בורגער מלוכה־ביבליאָטעק, און דעם דאָצענט פון פּעטערבורגער אוני־ווערזיטעט א. קויפמאַן — אַ בעאַמטען פון דער צענטראַלער סטאַטיסטי־שער פערוואַלטונג. זיי ביידע האָבען פערנומען רעגירונגס־אַמטען. אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפען. מען האָט ווידער בעקומען אַן אָבזאָג.

אין מיטען אָט די בעמיהונגען האָט מען זיך פּלוצלינג דערוואוסט, אַז די צוויי אייגענטימער פון אַ פּעטערבורגער דרוקעריי — ל. בערמאַן און ה. ראַבינאָוויטש, וועלכע האָבען קיין שום שייכות צו זשורנאַליסטיק ניט געהאַט, איז געלונגען אויסווירקען אַן ערלויבניש אויף אַרויסצוגעבען אין פּעטערבורג אַ רוסיש־אידישע וואָכענטליכע צייטונג מיט'ן נאָמען „רוסקי יעווריי". עס איז געווען, נאַטירליך, אַ גרויסער פערדרוס, וואָס אַזאַ וויכטיגע און פעראַנטוואָרטליכע זאַך איז אַריינגעפאַלען אין ווייניג־פּאַסיגע הענד. די גרופּע שריפטשטעלער, וועגען וועלכע מיר ריידען דאָ, האָט זיך אָבער ניט געוואָלט אָבזאָגען פון דעם געדאַנק, אויף וועל־כען זי האָט געלעגט פיעל געוויכט. דער רעדאַקטאָר פון „המליץ", א. צעדערבוים, האָט געהאַט אַן אַלטע ערלויבניש, וואָס איז נאָך געווען גיל־טיג, אויף אַ רוסיש וואָכענבלאַט, „וועסטניק רוסקיך יעווריעיוו", וואָס ער האָט שוין מיט פיעל יאָהרען צוריק אויפגעהערט אַרויסצוגעבען. האָבען עסקים מיט צעדערבוים'ען און פיגורירען אונטער זיין פירמע איז ניט געווען פון די אַנגענעהמסטע זאַכען. אָבער מען האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, און מען האָט געמוזט מיט איהם דורכקומען. עס איז איהם געשטעלט געוואָרען נור איין בעדינגונג: ער זאָל ענדערן דעם נאָמען פון דער צייטונג, און צעדערבוים האָט פאַר איהר אויסגעווירקט אַ נייעם נאָמען: „ראַזסוועט".

ביידע נייע רוסיש־אידישע וואָכענבלעטער האָבען אָנגעהויבען אַרויס־צוגעהן אין הערבסט 1879. אָפיציעל האָט געהייסען, אַז דער רעדאַקטאָר פון „ראַזסוועט" איז צעדערבוים, אָבער פּאַקטיש האָט די צייטנונג גע־פיהרט אַ רעדאַקציאָנעלער קאָמיטעט, אין וועלכען עס זיינען אַריין די אָנגעזעהענסטע אידיש־רוסישע שריפטשטעלער: מ. קולישער, י. ראָזענ־פעלד, ה. באָגראָוו, נ. ווילענקין (מינסקי), ל. סלאָנימסקי, ש. ווענגעראָוו, מ. וואַרשאַווסקי און נאָך אַנדערע. עס זיינען צום „ראַזסוועט" צוגע־צויגען געוואָרען נאָך פיעל וויכטיגע מיטאַרבייטער פון דער פּראָווינץ. צווישען זיי דער בעוואוסטער אָדעסער שריפטשטעלער און טהוער מ. מרגליות. אַרום דעם „ראַזסוועט" האָבען זיך גרופּירט די בעסטע ליטע־ראַרישע כחות, וואָס דאָס רוסישע אידענטום האָט דאַן פערמאָגט.

גאָר אַנדערש איז עס געווען מיט דעם „רוסקי יעווריי". קיינער פון די פּעטערבורגער בעדייטענדע אידישע שריפטשטעלער איז צו איהם

נישט צוגעשטאַנען. בשעת אַז דער „ראַזסוועט“ האָט צווישען זיינע רע־דאַקטאָרען געהאַט אַזעלכע געניטע זשורנאַליסטען, ווי מ. קולישער אָדער י. ראָזענפעלד, וועלכע האָבען יאָהרען־לאַנג געאַרבייט אין דער רוסישער פּרעסע, — האָט דער „רוסקי יעווריי“ אייגענטליך קיין שום רעדאַקציע נישט פאַרמאָגט. ל. בערמאַן אין געווען אַ לעהרער, אָבער בכלל ניט קיין שרייבער. ה. ראַבינאָוויטש האָט פערפאַסט עטליכע העברעאישע ווערק וועגען פיזיק, אָבער ער האָט זיך מיט זשורנאַליסטיק קיינמאָל ניט פער־נומען; און אַחוץ דעם, איז איהם די רוסישע שפּראַך געווען פרעמד; ער האָט געקאָנט שרייבען נור העברעאיש און אַ ביסעל דייטש. אמת, זיי איז געלונגען צו צוציהען צו זייער צייטונג דעם בעוואוסטען ווילנער שריפטשטעלער ל. לעוואַנדע. ער האָט זיי פיעל מיטגעהאָלפען מיט ער־צעהלונגען, אַרטיקלען און עצות, אָבער ער האָט דאָך ניט געקאָנט פון ווילנע רעדאַקטירען דעם „רוסקי יעווריי“. בערמאַן און ראַבינאָוויטש האָבען דורכאויס געברויכט אַ מענשען, וועלכער זאָל לייענען די מאַנו־סקריפּטען, וואָס קומען אָן, אויסבעסערן די שפּראַך פון די שרייבער, איבערזעצען אויף רוסיש די דייטשע אַרטיקלען, וועלכע ראַבינאָוויטש פלעגט ווען־עס־איז אָנשרייבען, אויסקלייבען נייס פון די רוסישע צייי־טונגען, צונויפשטעלען יעדע וואָך דעם נומער, מיט איין וואָרט: רעדאַק־טירען זייער וואָכענבלאַט. האָבען זיי דערויף איינגעלאַדען ר אַ ט ש־ק אָ ו ו ס ק י׳ן. ער איז דאַן געווען נאָך אַ קליינער בעאַמטער אין דער פּעטערבורגער געהיים־פּאָליציי. ער איז געווען אַ מענש מיט ליטע־ראַרישען טאַלאַנט און מיט אַ פלינקער פעדער. דאָס איז צו זעהן פון זיינע געהיימע אָפיציעלע בעריכטען, וואָס בורצעוו האָט שפּעטער אַרויס־געפונען און פּובליקירט אין זיין בעוואוסטען היסטאָרישען זשורנאַל „בילאָיע“. ראַטשקאָווסקי, וואָס האָט זיך געניטיגט אין אַ זייטיגען פערדיענסט, האָט גערן אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון די אַרויסגעבער און פּאַקטיש רעדאַקטירט דעם „רוסקי יעווריי“. ווי עס ווייזט אויס, האָט ער עס אַריינגעבראַכט אין דער רעדאַקציע פּ. פּאַלטעל׳ן — אַ משומד, וואָס האָט געדיענט אין דער געהיים־פּאָליציי. יענער פלעגט אין דער צייטונג צונויפשטעלען די אויסלענדישע אידישע כראָניק.

זיין אַרבייט אין „רוסקי יעווריי“ האָט ראַטשקאָווסקי געפיהרט אין פערלויף פון אַ יאָהר צייט, ביז סוף 1880, ווען דר. י. ל. קאַנטאָר, וועלכער איז דאַן געקומען קיין פּעטערבורג, האָט אָנגעהויבען צו רעדאַקטירען די צייטונג. ערשט אונטער זיין לייטונג האָט דער „רוסקי יעווריי“ גע־קראָגען אַ ליטעראַריש פּנים און רעכטע מיטאַרבייטער.

צי האָט די פּעטערבורגער געהיים־פּאָליציי געוואוסט וועגען ראַטש־קאָווסקי׳ס בעציהונגען צום „רוסקי יעווריי“, אָדער ניט — איז איצט

אונמעגליך אויפצוקלערען. גיכער האָט זי יאָ געוואוסט, ווייל עס איז שווער זיך פאָרצושטעלען, ער זאָל דאָס האָבען בעהאַלטען פון זיינע „נאַטשאַלסטווע”. אָבער דאָס, וואָס אַן אַגענט פון דער געהיים־פּאָליציי האָט אַ יאָהר לאַנג פאַקטיש רעדאַקטירט אַ רוסיש־אידישע צייטונג, איז גענוג כאַראַקטעריסטיש. אויך אַזוינס האָט געקאָנט געשעהן נור ביי יענע משונה'דיגע אומשטענדען, אין וועלכע די פּרעסע האָט זיך געפונען אין רוסלאַנד.



# אויגוסט ראָלינג און די רוסישע רעגירונג

**אין אנהויב** יאָהר 1931 איז אין וויען געשטאָרבען דער בעוואוסטער אַנטיסעמיטישער גלח אויגוסט ראָלינג. ער איז געשטאָרבען אין עלטער פון 92 יאָהר, אָבער ער איז שוין לאַנג געווען פערגעסען, כאָטש זיין נאָמען וועט שטענדיג בלייבען אין דער אידישער געשיכטע צווישען די ווילדעסטע שונאים פון אידישען פאָלק.

ראָלינג האָט אַמאָל אָנגעשריבען עטליכע ביכער, וואו ער האָט מיט פערשידענע פעלשונגען פון אידישע ספרים „בעוויזען", אַז אידען נוצען בלוט פון קריסטען פאַר מצות אויף פסח. ער איז געווען דער הויפּט-אויפהעצער אין די עלילת-דם פּראָצעסען פון טיסאַ-עסלער (אונגאַרן) און פון לעאָפּאָלד הילזנער פון פּאָלנע (טשעכאָ-סלאָוואַקיע). זיין אַנטי-סעמיטישע אַגיטאַציע האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער קריסט-ליכער בעפעלקערונג פון דער געוועזענער עסטרייך-אונגאַרן, און ער האָט פערשאַפט די אידען גרויסע צרות.

דער סוף איז געווען, אַז ראָלינג האָ געהאַט אַ מיאוס'ע מפּלה, הויפּט-זעכליך אַדאַנק דער מוטהיגער אַרויסטרעטונג פון וויענער ראַבינער און זשורנאַליסט י. ש. בלאָך, וועלכער האָט אין געריכט בעוויזען, אַז ראָ-לינג איז אַ געמיינער פעלשער. פאַר די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאָהר האָט מען שוין וועגען ראָלינג'ן ניט געהערט. אַ סך האָבען געמיינט, אַז ער איז שוין לאַנג אויף יענער וועלט. די „רוסיש-אידישע ענציקלאָפּע-דיע" האָט זיך אַפילו אונטערגעאיילט און אָנגעוויזען, אַז ראָלינג איז גע-שטאָרבען אין יאָהר 1912 [1]). ערשט דאַן, ווען די צייטונגען האָבען געבראַכט די מעלדונג וועגען זיין טויט, האָט מען זיך ווידער דערמאָהנט אָן דעם בלוטיגען פיינד פון אידען.

אָבער קיינער פון די, וואָס האָבען געשריבען וועגען ראָלינג'ן, האָט ניט געוואוסט דעם פאַקט, וואָס איך וויל דאָ דערצעהלען. נעמליך, אַז ער האָט זיך אַמאָל געווענדט צו דעם רוסישען קייזער אַלעקסאַנדער דעם דריטען וועגען געלד-שטיצע פאַר זיינע אַנטיסעמיטישע ווערק. וועגען דעם דערוויסען מיר זיך פון איניגע פּאַפּירען, וועלכע געפינען זיך אין דעם אַרכיוו פון רוסישען אינערן-מיניסטעריום [2]). איך האָב געהאַט די

[1]) Евр. Энциклопедія, т. 13, стр. 595.

[2]) אַרכיוו פונ'ם דעפּאַרטמענט פאַר ניט-פּראַוואָסלאַוונע רעליגיעזע אַנגעלע-גענהייטען, נומ. 104, 2-טער טייל.

מעגליכקייט צו בעקענען זיך מיט די דאָקומענטען, און איך וועל דאָ איבערגעבען זייער אינהאַלט.

געווען איז עס אין סוף יאָהר 1883. אויגוסט ראָלינג האָט זיך גע־ווענדט צום רוסישען קייזער ניט דירעקט, נור דורך דעם פּרינץ אַלעק־סאַנדער פון העסען־דאַרמשטאַדט (דייטשלאַנד), וועלכער איז געווען אַלעק־סאַנדער דעם דריטענס אַ פעטער. דעם 27־טען נאָוועמבער 1883 האָט דער פּרינץ צוגעשיקט דעם רוסישען אינערן־מיניסטער, גראַף ד. טאָל־סטאָי, אַ בריף, וואו ער טיילט איהם מיט, אַז דער „געלעהרטער פּראָפעסאָר און דאָקטאָר פון טעאָלאָגיע" ראָלינג האָט איהם געבעטען איבערגעבען דעם רוסישען קייזער זיין שריפטליכע בקשה. „אַנשטאַט איבערצושיקען זיין בייגעלעגטע בקשה דירעקט צו מיין ערלויכטעסטען פלימעניק, — שרייבט ער ווייטער, — האַלט איך פאַר גלייכער פאַרצולעגען די זאַך פאַר אייער עקסעלענץ... און איך בעט מיטצוטיילען מיר דעם בעשלוס פון דער קייזערליכער רעגירונג".

אין דער בקשה אויפ'ן נאָמען פון אַלעקסאַנדער דעם דריטען, וואָס דער העסען־דאַרמשטאַדטער פּרינץ האָט געשיקט צום גראַף טאָלסטאָי, ווייזט ראָלינג אָן, אַז „עס האַנדעלט זיך וועגען אַ ריכטיגער איבערזע־צונג פון די אידישע געזעץ־ביכער. עס זיינען פאַרהאַן איבערזעצונגען פון אַנדערע הייליגע שריפטען, פון דעם מאַכמעדאַנישען „קאָראַן", פון די אינדישע „וועדאַס", אָבער נישט פון די תלמוד'ישע בעשטימונגען. די תלמוד'ישע געזעצען האָבען אַ גרויסע וויכטיגקייט פאַר אַלע פעלקער, צווישען וועלכע עס לעבען אידען, און דעריבער האָב איך מיך ענטשלאָ־סען צו געבען אַ וויסענשאַפטליכע איבערזעצונג פון דער אידישער געזעצ־געבונג, וואָס האָט אין דעם „שולחן־ערוך" מיט די פּירושים אַ מאַטעריאַל פון אַכט בענדער. צוגלייך בין איך גרייט צו צוגעבען אויך אַן איבער־זעצונג פון דעם בעריהמטען בוך „זוהר", וואָס איז ביי די אידען הייליגער, ווי דער תלמוד". אום דורכצופיהרען די דאָזיגע אַרבייט, וואָס איז „וויסענשאַפטליך, געזעלשאַפטליך און פּאָליטיש אַזוי וויכטיג", דאַרף ער, ראָלינג הייסט עס, די נויטיגע געלד־מיטלען. ער בעט אַלזאָ דעם רו־סישען קייזער צו בעשטימען איהם אויף פינף יאָהר צו פיער טויזענד רובעל יעהרליך, אויף צו איבערזעצען דעם „שולחן־ערוך" און דעם „זוהר". ער וועט יעדעס יאָהר ליפערן צוויי בענדער, וועלכע מען וועט קאָנען דרו־קען אין דער פּעטערבורגער מלוכה־דרוקעריי.

גראַף טאָלסטאָי האָט וועגען ראָלינג'ס בקשה געוויס ראַפּאָרטירט אַלעקסאַנדער דעם דריטען און האָט דערביי צוגעשיקט זיין מיינונג. עס איז אונגלויבליך, אַז דער אינערן־מיניסטער זאָל האָבען אַליין אָנגענומען אַ בעשלוס וועגען אַזאַ זאַך, מיט וועלכער עס האָט זיך אינטערעסירט אַן

אויסלענדישער פּרינץ. דערצו נאָך דעם קייזער׳ס אַ פעטער. מען קאָן רעכענען, אַז גראַף טאָלסטאָי׳ס מיינונג וועגען ראַלינג׳ס פאָרשלאַג איז געווען אונגינסטיג.

טאָלסטאָי איז אַמאָל אַ היבשע צייט געווען דירעקטאָר פון דעם דע־פּאַרטמענט, וואָס האָט פערוואַלטעט איבער אַלע ניט־פּראַוואָסלאַווע רע־ליגיעזע אַנגעלעגענהייטען, צווישען זיי אויך די אידישע. איהם איז אויסגעקומען מעהר אָדער וועניגער צו בעקענען זיך מיט די אידישע רעליגיעזע ענינים, און ער האָט געוואוסט, וואָס פאַר אַ ווערטה עס האָבען די אַנטיסעמיטישע ליגענס וועגען דעם אידישען גלויבען מיט זיינע כלומרשטע "סודות". ווי כמעט יעדער רוסישער טשינאָווניק, איז אויך טאָלסטאָי געווען אַ אידען־פיינד. אָבער זיין אַנטיסעמיטיזם איז געווען פון דעמזעלבען שניט, ווי ביי דעם אַמאָליגען רוסישען רעאַקציאָנערען שטאַטסמאַן פּאָבעדאָנאָסצעוו. זייער אידען־האַס האָט זיך גענומען ניט פון רעליגיעזע, נור פון עקאָנאָמישע מאָטיוון: אידען דאַרף מען בע־קעמפען נישט דערפאַר, ווייל זיי האָבען טאַקע אין דער אמת׳ן אַ שעד־ליכען גלויבען, נור ווייל זייער עקאָנאָמישע קאָנקורענץ איז שעדליך פאַר׳ן רוסישען פאָלק. דאָס איז געווען טאָלסטאָי׳ס שטאַנדפּונקט.

מען קאָן, אַלזאָ, רעכענען, אַז אין זיין בעריכט צום קייזער האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט געגען ראַלינג׳ס בקשה. ראַלינג׳ס פּערזענליכקייט האָט קוים געקאָנט דערוועקען ביי איהם צוטרוי. די זאַך איז געווען נאָך פאַר דעם סקאַנדאַל־פּראָצעס מיט דר. י. ש. בלאָך. ראַלינג האָט נאָך פערנומען אַ פּראָפעסאָר־שטעלע אין פּראַג און וויען. אָבער די אַרויסטרעטונגען געגען איהם פון עהרליכע קריסטליכע געלעהרטע, ווי פּראָפעסאָר דע־ליטש און אַנדערע ספּעציאַליסטען האָבען שוין גענוג אונטערגעגראָבען ראַלינג׳ס רעפּוטאַציע, אַלס „געלעהרטער".

אמת, עס איז געווען איין פאַקט, מיט וועלכען טאָלסטאָי האָט זיך גע־מוזט רעכענען. ער האָט געוואוסט, אַז ווען אַלעקסאַנדער דער דריטער איז נאָך געווען טראָהנפאָלגער, האָט ער בעלוינט מיט געלד־שטיצע דעם בע־וואוסטען רוסישען אַנטיסעמיט ליוטאָסטאַנסקי פאַר זיין שמוציגען ווערק וועגען דעם, אַז אידען געברויכען קרסיטליך בלוט. אָבער דאָס, וואָס האָט „געפּאַסט" פאַר אַ טראָהנפאָלגער, איז געווען קוים פּאַסיג פאַר אַ קייזער. שטיצען ראַלינג׳ן, ביי דעם גרויסען טומעל, וואָס האָט דעמאָלט אַרומגע־רינגעלט זיין נאָמען און טהעטיגקייט, וואָלט געמיינט: צו קלאָר און אָפען אַרויסווייזען די אַנטיסעמיטישע שטימונג פון דעם נייעם רוסישען מאָנאַרך.

דעם 7־טען דעצעמבער 1883 האָט גראַף טאָלסטאָי אין זיין בריף צום העסען־דאַרמשטאַדטער פּרינץ אַלעקסאַנדער געשריבען: „איך ער־

לויב מיר צו ווענדען די אויפמערקזאַמקייט פון אייער האָהייט אויף דעם אומשטאַנד, אַז די אידישע רעליגיעזע בעשטימונגען זיינען שוין בע־וואוסט. אַדאַנק די גענויע אויסצוגען פון זיי, וואָס געפינען זיך אין פערשידענע פראַנצויזישע און דייטשע ווערק. דעריבער האָט אונזער רע־גירונג ניט קיין גרונד אָנצונעהמען דר. ראָלינג'ס פאָרשלאַג, וואָס איז פער־בונדען מיט בעדייטענדע געלד־אויסגאַבען, וועלכע וואָלטען זיך נאָך שפּע־טער פערגרעסערט דורך דרוק־קאָסטען". די הויכע פּראָטעקציע האָט אַלזאָ דעם פערביסענעם אַנטיסעמיט ניט געהאָלפען. ראָלינג האָט קיין געלד־שטיצע פון אַלעקסאַנדער דעם דריטען ניט געקראָגען. ווען ער וואָלט זי אָבער יאָ בעקומען, וויפיעל נייע פעלשונגען און בלבולים וואָלט ער נאָך געקאָנט פערשפּרייטען צווישען די אונוויסענדע קריסטליכע מאַסען!



# די פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע אין סואוואָרין׳ס טעאַטער

**די אָפּטימיסטישע** האָפענונגען, וואָס מען האָט נאָך אַלעקסאַנדער דעם דריטענ׳ס טויט אין געוויסע רוסישע געזעלשאַפטליכע קרייזען — ווי געוועהנליך ביי ענדערונגען אויפ׳ן טראָהן — געהאַט געלעגט אויף דעם נייעם יונגען קייזער, האָבען זיך זעהר גיך אויסגעוועפּט. ביקאָ־לאַי דער צווייטער האָט ערקלערט יעדע קאָנסטיטוציאָנעלע שטרעבונג פאַר „זינלאָזע טרוימערייען". די רעגירונגס־רעאַקציע איז געוואַקסען און האָט זיך פערשטאַרקט. האַנד ביי האַנד מיט איהר איז געגאַנגען די האַרבע אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק, און אַלץ שטייגענדיג, האָט זי מיט עטליכע יאָהר שפּעטער, אין פריהלינג־צייט 1903, געבראַכט צו יענער ראָלע, וואָס דער אינערן־מיניסטער פלעווע האָט אָפּגעשפּיעלט אין די בלוטיגע קישינעווער געשעהענישען. די קריכערישע רעאַקציאָנערע פּרע־סע, מיט א. סואוואָרינ׳ס „נאָוואָיע וורעמיאַ" בראש, האָט געהאַלטען אין איין העצען געגען אידען, ניט אָבשטעלענדיג זיך פאַר ערגסטע, ווילדעסטע שקרים און בלבולים.

אין יאָהר 1899 איז אין דעם זשורנאַל „איסטאָריטשעסקי וועסטניק", וואָס עס האָט אַרויסגעגעבען דערזעלבער סואוואָרין, געווען אָבגעדרוקט אַ דראַמע אין פיער אַקטען, פון וו. קרילאָוו און ש. ליטווין, אונטער׳ן נאָמען „אידישע קינדער" („סיני איזראַיליאַ"). די דראַמע איז געווען אַ כסדר׳דיגער שמוציגסטער פּאַסקוויל געגען דאָס גאַנצע רוסישע אידענ־טום. אַלע אידישע פיגורען, אָהן איין איינציגען אויסנאַהם, וועלכע ווערען דאָ פאָרגעבראַכט, פערמאָגען אין זיך די ערגסטע מאָראַלישע חסרונות, וואָס די סאַמע פייעריגע פאַנטאַזיע קאָן זיך נור פאָרשטעלען; איהר גע־פינט ניט אין זיי אָפּילו קיין מינדעסטען שטריך פון עטוואָס מענשליכס; זיי זיינען אַלע, פון דעם ערשטען ביז׳ן לעצטען, בלוטיגע חיות, וואָס זיינען פול מיט גרעניצלאָזען האַס געגען קריסטען; בנוגע צו קריסטען האַלטען זיי פאַר ערלויבט יעדע ערגסטע זאַך — ביז מאָרד, און די פאָרשטעהער פון דעם אידישען גלויבען, וואָס ווערען דאָ אויפגעפיהרט, בערעכטיגען און בעהייליגען אין פאָראויס די שענדליכסטע פערברעכענס געגען קריסטען. פון די צוויי פערפאַסער פון דער דראַמע, האָט וו. קרילאָוו — אַ בעגאַבטער און אַמאָל גאַנץ פּאָפּולערער רוסישער דראַמאַטורג — דאָ געשפּיעלט בלויז די ראָלע פון אַ „חתונה־גענעראַל", וועלכער דאַרף בעשיינען די שמחה.

דער אמת'ער און איינציגער בעשאַפער פון דער פּיעסע איז געווען אַ לי־טעראַרישער אויסוואורף, אַ משומד, ש. עפראָן, וועלכער פלעגט זיך אונ־טער זיין עכטען נאָמען בעטייליגען אין דעם רוסיש־אידישען זשורנאַל „וואָסכאָד" — און גלייכצייטיג, אונטער דעם פען־נאָמען „ש. ליטווין", דרוקען אין אַנטיסעמיטישע אויסגאַבען ערצעהלונגען, וואָס זיינען געווען פול מיט האַרבסטע בעשולדיגונגען און ליגענס געגען אידען.

ווייל די שמוציגע פּיעסע איז ערשינען אין אַזאַ ווינציג אַנגעזעהענעם, צווייט־קלאַסיגען זשורנאַל, ווי דער סואוואָרינ'ישער „איסטאָריטשעסקי וועסטניק", וואָלט זי ניט געצויגען צו זיך קיין גרויס אינטערעס און פאַר־איבער ווייניג בעמערקט. נאָר אַ קורצע צייט דערנאָך האָט זיך אַרויס־געשטעלט, אַז סואוואָרין האָט ליטווין'ס דראַמע, אונטער דעם געענדערטען נאָמען „קאָנטראַבאַנדיסטען" בעשלאָסען אויפצופיהרען אין זיין „ליטע־ראַריש־קינסטלערישען טעאַטער" (ביים פּעטערבורגער עולם איז עס מעהר געווען בעקאַנט אונטער'ן נאָמען: „דאָס קליינע טעאַטער"); עס איז אויך געוואָרען בעוואוסט, אַז די אַקטריסע ל. יאַוואָרסקאַיאַ (פירשטין באַ־ריאַטינסקאַיאַ), וועלכע האָט אַנגעהערט צו דער טרופּע פון יענעם טעאַטער, האָט זיך אָבגעזאָגט צו שפּיעלען אין דער פּיעסע. סואוואָרין'ס פּלאַן אויסצונוצען פאַר אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע, אַחוץ זיינע פערשידענע אויסגאַבען, אויך די סצענע האָט אַרויסגערופען גרויס אונצופרידענקייט אין די פּעטערבורגער פּראָגרעסיווע קרייזען. אין דער אונאָבהענגיגער, ליבעראַלער פּרעסע איז אָנגעוויזען געוואָרען, אַז שטעלען אַזאַ מין פּיעסע וואָלט בעטייט: וועקען ביי די צושויער די ערגסטע, געפעהרליכסטע געפיהלען. אויף סואוואָרינ'ען אָבער האָט דאָס קיין ווירקונג ניט געהאַט —ער האָט זיך פון זיין בעשלוס ניט אָבגעזאָגט. דער געזעלשאַפטליכער צאָרן געגען זיין האַנדלונג האָט געהאַלטען אין איין וואַקסען, און ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג פון די „קאָנטראַבאַנדיסטען", וועלכע איז געווען בעשטימט אויפ'ן 23־טען נאָוועמבער (5־טען דעצעמבער) 1900, איז די זאַך דערגאַנגען ביז אַזאַ פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע, וואָס האָט איהר גלייכען ניט אין דער געשיכטע פון דעם רוסישען טעאַטער.

פאַר די פּעטערבורגער מאַכטהאָבער איז די דעמאָנסטראַציע ניט גע־קומען גאָר אונגעריכט. זיי האָבען זיך אינטערעסירט מיט די „קאָנטראַ־באַנדיסטען", און אין צוזאַמענהאַנג מיט דער בעאָבאַכטונג איבער די הויך־שולען איז וועגען דעם אינ'ם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט פערפיהרט געוואָרען אַ גאַנצע, זעהר גרויסע „דיעלע"[1]. מיט איין טאָג פאַר דער פאָרשטע־

[1] אַרכיוו פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט, 4־טע אָבטיילונג: „מיטטיילונגען וועגען די הויכשולען" ב. 3—1898, וועגען פּעטערבורגער אוניווערזיטעט.

לונג, ד. ה. דעם 22־טען נאָוועמבער האָט דער פּערוואַלטער פון דער
פּעטערבורגער „אַכראַנקע“, פּאָלקאָווניק פּיראַמידאָוו, בעריכטעט דעם
פּאָליציי־דעפּאַרטמענט, דאָס ער האָט בעקומען „אַגענטור־ידיעות“, אַז
סטודענטען פון פערשידענע פּעטערבורגער הויך־שולען גרייטען זיך מאַכען
דעם 23־טען נאָוועמבער אונאָרדנונגען אינ'ם „קליינעם טעאַטער“ ביי דער
אויפפיהרונג פון דער דראַמע „קאָנטראַבאַנדיסטען“, כדי ניט צו דערלאָ־
זען די פאָרשטעלונג, און אַז ער, פּיראַמידאָוו הייסט עס, האָט וועגען דעם
מיטגעטיילט דעם פּעטערבורגער גראַדאָנאַטשאַלניק, גענעראַל קלייגעלס,
וואָס וועט „אָננעהמען די נויטיגע מיטלען אויף צו בעשיצען די אָרדנונג“.
אין פּיראַמידאָוו'ס פאָלגענדען רעפּאָרט, פון 23־טען נאָוועמבער, געפינען
מיר אַן אויספיהרליכע בעשרייבונג פון דער דעמאָנסטראַציע. „די אונ־
אָרדנונגען אין טעאַטער — מעלדעט ער דאָ — זיינען פאָרגעקומען. עס
איז ניטאָ קיין שום מעגליכקייט זיי צו בעשרייבען אַזוי, אַז דער לעזער
זאָל זיך קענען בעשאַפען אַ פאָלקאָמען בעגריף וועגען דעם, וואָס ס'האָט
זיך דאָרטען אָבגעטהאָן; מען האָט בעדאַרפט פּערזענליך זיין דערביי,
כדי צו פערשטעהן און אָבשאַצען דאָס טרויעריגע געשעהניש. איך בין
געקומען צופאָהרען אין טעאַטער פּונקט אַכט דעם זייגער. כמעט אַ העלפט
גאַס פאַר דעם טעאַטער און דער גאַנצער אַריינגאַנג זיינען געווען פול גע־
פּאַקט מיט סטודענטען, קורסיסטקעס; די פּאָליציי האָט מיט גרויס שווי־
ריגקייט איינגעהאַלטען אָט די גרויסע מאַסע מענשען, אַריינלאָזענדיג בלויז
יענע, וואָס האָבען געהאַט בילעטען; אָבער זי איז געווען געצוואונגען
אַריינצולאָזען אויך אַזעלכע, וואָס האָבען געזאָגט, אַז זיי האָבען ערטער אין
די לאָזשעס, כאָטש דאָס טעאַטער איז שוין געווען פול געפּאַקט . . . אין
דעם סאַמע טעאַטער איז דאָס פּובליקום ניט געזעסען, נאָר געשטאַנען,
פערנעהמענדיג אַפילו אַלע דורכגאַנגען. די צוויי אויבערשטע גאַלערייעס
זיינען געווען איבערפולט מיט סטודענטען, צו צעהן־פופצעהן מאַן אין
יעדער לאָזשע. דער פאָרהאַנג איז געווען אַראָבגעלאָזט, נאָר איבער'ן
גאַנצען טעאַטער־זאַל האָבען געהילכט געוואַלדיגע געשרייען און פּייפעריי
אָהן אַן אויפהער. פון צייט צו צייט פלעגט ווערען שטיל, אָבער ווי נור
דער פאָרהאַנג פלעגט זיך אויפהויבען, איז ווידער געוואָרען קולות און
פּייפעריי; די אַרטיסטען האָבען פאָרטגעזעצט דאָס שפּיעל, אָבער עס
איז ניט געווען קיין שום מעגליכקייט צו הערען כאָטש אַן איינציג וואָרט.
צו דער סצענע זיינען געפלויגען עפּעל, אוגערקעס, קאַלאָשען, בינאָקעלס
און אַנדערע חפצים. צו דער ראַמפּע איז פאַר די אַרטיסטען געווען גע־
פעהרליך צו דערנעהענטערן זיך; עפּיס אַ שטומע, אונפערשטענדליכע
פאָרשטעלונג, בלויז מיט מימיק, מיט בעוועגונג פון די הענד, איז גע־
גאַנגען ערגיץ ווייט — טיעף אויף דער ביהנע, פערהילכט דורך אונאויפ־

הערליכען ליארים און פייפעריי . . . אזוי האט עס זיך געצויגען אין פער־
לויף פון די אלע פיער אקטען". „קיין שום עהנליכעס איז נאך אין פע־
טערבורג ניט געזעהן געווארען, — שרייבט אין זיין מעלדונג דער געהיים־
אגענט פון פאליציי־דעפארטמענט „כארקאווצעוו", — מען האט זיך ניט
בענוגענט מיט שליידערן אהן א ברעג אוגערקעס, קארטאפעל, אייער;
מען האט פערווארפען די ארטיסטען מיט קאלאשען, בינאקעלס. צווישען
דעם ליארים, געוואלדיגען געשריי, פילדעריי און פייפעריי פלעגען זיך
פון צייט צו צייט הערען קולות: „בראווא, יאווארסקאיא!"...

די, וואס זיינען דאן געווען אין טעאטער, קאנען בעשטעטיגען, אז די פאליצייאישע מעלדונגען, וועלכע מיר האבען אקארשט ציטירט, גיבען א גאנץ ריכטיגע בעשרייבונג פון יענער טשיקאווער פארשטעלונג. דאס איז געווען א ספעקטאקעל, וואו דאס פובליקום און די אקטיארען האבען צווישען זיך געביטען די ראלען: די גאנצע האנדלונג איז פארגעקומען העכסט ענערגיש און הילכיג אין דעם זאל, פון דער ביהנע אבער איז ניט געווען צו הערען קיין איין ווארט; מען האט נור געזעהן פון דער וויטענס עפיס מימישע, אונפערשטענדליכע בעוועגונגען און צייכענס פון די ארטיסטען. ס'איז ניט אינגאנצען ריכטיג, אז די פראטעסטירענדע דעמאנסטראנטען זיינען געווען אויסשליסליך פון דער שטודירענדער יוגענד; אחוץ סטודענטען און קורסיסטקעס זיינען אין דעם טעאטער געווען פיעל פארשטעהער פון די ליטעראריש און געזעלשאפטליכע קרייזען, און אויך זיי האבען גענוג קלאר אויסגעדריקט זייער אויפרעגונג. שארף ארויס־געטראטען געגען דער סאמע אויפפיהרונג פון די „קאנטראבאנדיסטען" זיינען אפילו איינצעלנע פארשטעהער פון דער אזוי־גערופענער „בעסערער געזעלשאפט". דאס נאטירט סואווארין אליין אין זיין טאגבוך: „פירשט גאליצין האט דערצעהלט, אז צווישען די סקאנדאליסטען זיינען טיילווייז געווען מענשען, וואס האבען גערעדט פראנצויזיש און געהאט זילבערנע פארטסיגארען. גראד פון אט דער גרופע האט ער געהערט ביים ארויס־געהן פון טעאטער: „וואס, מען האט די ארטיסטען געשלאגען?" — „ניין" — „מען האט זיי בעדארפט שלאגען!" [2]) — איין זאך נור איז אין די אפיציעלע מעלדונגען, וועלכע מיר האבען געבראכט, פאלשטענדיג פערשוויגען געווארען: זיי דערמאהנען אפילו מיט קיין איין ווארט ניט, ווי אזוי עס האט זיך בענומען די פאליציי, וועלכע מען האט אנגעגרייט אין אזא גרויסער צאל, פונקט ווי עס וואלט זיך געהאנדעלט וועגען אן אויפשטאנד. די פאליציאנטען האבען זיך געהאלטען אויפ'ן שענדליכסטען אופן: זיי פלעגען ארויסכאפען איינצעלנע דעמאנסטראנטען, מיט געוואלט

[2]) Дневникъ А. С. Суворина, Петроградъ, 1923, 248.

און קלעפּ זיי אַרויספיהרען פון זאַל; פּרויען האָט מען געשלעפּט פאַר די צעפּ. אַפילו אַלעקסאַנדראַ באָגדאַנאָוויטש, די פרוי פון דעם בעוואוסטען גענעראַל באָגדאַנאָוויטש, וועלכער האָט מיט זיינע אונצעהליגע „פּאַטריאָטישע" בראָשורען ערוואָרבען ביי דער רעגירונג פיעל חן און געלד, — אַפילו זי שרייבט אין איהר טאָגבוך, אַז „די פּאָליציי האָט זיך געהאַלטען פּרעך" [3]).

אויפ׳ן אַנדערען טאָג זיינען אין אַלע פּעטערבורגער צייטונגען ערשינען בעריכטען און אַרטיקלען וועגען דער דעמאָנסטראַציע אין סואוואָרין׳ס טעאַטער. אַחוץ דעם גאַסען־בלעטעל „פּעטערבורגסקי ליסטאָק", איז די גאַנצע פּרעסע צוגעשטאַנען צו דעם פּראָטעסט געגען דער אויפפיהרונג פון די „קאָנטראַבאַנדיסטען". די הויפּט־פּערוואַלטונג איבער די דרוקאנגעלעגענהייטען האָט תיכף געטהאָן איהרס; שוין דעם 25־טען נאָוועמבער האָט זי דורך אַ בעזונדער צירקולאַר פּערוועהרט צו דערמאָהנען אין די צייטונגען און זשורנאַלען וועגען דער פּיעסע און וועגען דער דעמאָנסטראַציע, וואָס איז פּאָרגעקומען אין דעם „קליינעם טעאַטער". עס איז אינטערעסאַנט, אַז אין זיין טעלעגראַמע פון 29־טען נאָוועמבער צום אינערן־מיניסטער ד. סיפּיאַגין, וועלכער האָט זיך דאַן אויפגעהאַלטען אין יאַלטע, האָט דער אויפטהוער פון דעם פּערבאָט, זיין געהילף פּ. דורנאָוואָ אַזוי ערקלערט די פּעראָרדנונג, וואָס ער האָט געמאַכט: „נעהמענדיג אין בעטראַכט די אויפרעגונג, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען דורך דעם טעאַטער־סקאַנדאַל ,איז איינע פון די אורזאַכען, וועלכע האָבען מיך בעוואויגען אָבצושטעלען די צייטונגס־דעבאַטע, געווען דאָס, וואָס איך האָב מורא געהאַט, אַז די צייטונגען וועלען אויפהויבען די אידען־פראַגע". די ווייטערדיגע אויפפיהרונג פון די „קאָנטראַבאַנדיסטען" איז דערווייל אָבגעשטעלט געוואָרען ביז סיפּיאַגין׳ס צוריקקומען קיין פּעטערבורג.

פון 24־טען ביז דעם 29־טען נאָוועמבער זיינען אין פּעטערבורגער אוניווערזיטעט געווען גרויסע סטודענטען־פערזאַמלונגען, אין וועלכע עס האָבען זיך בעטייליגט העכער ווי צוויי טויזענט מאַן. אַ רייה רעדנער האָבען דאָ קלאָר בעלויכטען די אַלגעמיין־פּאָליטישע בעדייטונג פון דעם גאַנצען סקאַנדאַל. „דאָ האַנדעלט עס זיך ניט וועגען ליעב אָדער פיינט האָבען אידען, — האָט אָנגעוויזען איינער פון די סטודענטען, באָריס ראַיקאָוו, — מען דאַרף די פראַגע בעטראַכטען פון אַ ברייטערען שטאַנדפונקט. מען דאַרף פערשטעהן, אַז דאָ געהט די זאַך וועגען שענדליך איזדיעקעווען זיך איבער דעם מענשען׳ס פּערזענליכקייט און עהרע". מען

[3]) А. В. Богдановичъ. “Три послѣднихъ самодержца”, Петроградъ, 1924, 253.

האָט דערביי אָנגענומען אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע געגען דער בענעהמונג פון דער פּאָליציי בעת דער דעמאָנסטראַציע אין׳ם טעאַטער, און עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו דערלאַנגען, אין נאָמען פון די סטודענטען, פאַר־דערונגען: אין שריפטשטעלער־פעראיין—וועגען אויסשליסען סואוואָרינ׳ען פון דער צאָהל מיטגליעדער, און אין די „רוסישע טעאַטראַלע געזעלשאַפט״—וועגען צוציהען צום עהרען־געריכט די פערוואַלטער פון סואוואָרין׳ן טעאַטער און די אַרטיסטען, וועלכע האָבען זיך בעטייליגט אין ליטווין׳ס פּיעסע. (עס איז דאָ אגב אינטערעסאַנט צו בעמערקען, אַז די הויפּט־ראָלע האָט אין די „קאָנטראַבאַנדיסטען״ געשפּיעלט טינסקי—אַ געטויפטער איד). וועגען אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אויף די סטודענטישע פערזאַמלונגען, האָט די „אָכראַנקע״ אויספיהרליך בעריכטעט דעם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט, און דעם אָבוועזענדען אינערן־מיניסטער האָבען טעלעגראַפיש און דורך בריף געגעבען אינפאָרמירט זיינעביידע געהילפען — דורנאָוואָ און פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי.

אַ פּאָר צעהנדליג סטודענטען, וועלכע זיינען געווען די אָרגאַניזאַטאָרס און הויפּט־אָנפיהרער פון די פערזאַמלונגען, האָט מען אויסגעשלאָסען פון אוניווערזיטעט. די אַנדערע 72 דעמאָנסטראַנטען, וואָס די פּאָליציי האָט פערשריבען, זיינען לויט דעם בעשלוס פון די מיניסטעריומס פון יוסטיץ און אינערליכע אָנגעלעגענהייטען איבערגעגעבען געוואָרען צום געריכט. אָבער פון דעם דאָזיגען פּראָצעס האָט די רעגירונג, ווי מען האָט עס געקאָנט קלאָר פאָראויסזעהן, געהאַט בלויז בזיון. דער פּראָצעס וועגען די 72 דעמאָנסטראַנטען, וואָס האָט זיך געצויגען פיער טעג (14—18 דע־צעמבער), איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פּראָצעס וועגען דער האַנדלונג פון דער פּאָליציי בעת דער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע. אַ גאַנצע רייה עדות פון דער ליטעראַרישער וועלט (סטאַניוקאָוויטש, קאַלמיקאָוואַ, דאָ־ראָשעוויטש א. אַז. וו.) האָבען געשילדערט די גראָבקייט און די געוואַלט־טהאַטען, וואָס די פּאָליציי האָט אַרויסגעוויזען ביים „אונטערדריקען די אונאָרדנונגען״ אין טעאַטער. דער בעוואוסטער אַדוואָקאַט קאַראַבטשעווסקי און די אַנדערע פאַרטיידיגער האָבען ברייט אויפגעקלערט די געזעלשאַפט־ליך־פּאָליטישע וויכטיגקייט פון דעם פּראָצעס און די בעדייטונג פון דער דעמאָנסטראַציע, אַלס פּראָטעסט געגען דער סיסטעם פון נאַציאָנאַלער העצריי און שנאה. געענדיגט האָט זיך די זאַך מיט דעם, וואָס 26 פון די אָנגעקלאָגטע האָט דער ריכטער ערקלערט פאַר אונשולדיג, און די איבעריגע 46 בעשטראָפט בלויז מיט עטליכע טעג אַרעסט.

די פאָרשטעהער פון דער מאַכט האָבען פערשטעהט זיך, גענומען די „קאָנטראַבאַנדיסטען״ אונטער זייער שוץ. „דער דירעקטאָר פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט זוואָליאַנסקי האָלט דורכאויס, אַז די פּיעסע דאַרף ווייטער

אויפגעפיהרט ווערען, — פערצייכענט דעם 25־טען נאָוועמבער א. באָג־דאַנאָוויטש אין איהר טאָגבוך, — ער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז אויב מען זאָל די פּיעסע אַראָבנעהמען, וועלען די רעוואָלוציאָנערען רעכענען, דאָס זיי האָבען געזיעגט!״ ⁴). אינ׳ם אינערן־מיניסטעריום איז אָבער געבליבען, מען זאָל אָבוואַרטען, ביז עס וועט צוריקקומען דער מיניסטער.

סוף דעצעמבער האָט זיך ד. סיפּיאַגין אומגעקעהרט פון יאַלטע קיין פּעטערבורג. סואוואָרין נאָטירט דעם 23־טען דעצעמבער אין זיין טאָג־בוך: „נעכטען בין איך געווען ביים אינערן־מיניסטער סיפּיאַגין... גע־רעדט האָבען מיר וועגען די „קאָנטראַבאַנדיסטען״. — „איך בעט אייך אויפצופיהרען די פּיעסע. אויב מיר האָבען געשטעלט דעם „רעוויזאָר״, טאָ זאָלען די אידען אַ קוק טהאָן אויף די „קאָנטראַבאַנדיסטען״! ⁵) — דעם פיהרער פון דער אינערליכער פּאָליטיק איז אַפילו ניט איינגעפאַלען, ווי טיעף בעליידיגענד עס איז פאַר דער רוסישער ליטעראַטור אַזאַ מין פערגלייך צווישען גאָגאָל׳ס אונשטערבליכער קאָמעדיע און דער שונד־פּיעסע פון אַ ליטעראַרישען אויסוואורף. דעם מיניסטער׳ס ווילען האָט סואוואָרין, נאַטירליך, ערפילט, אָבער אויף זיין שטייגער; דעם 1־טען יאַנואַר האָט ער אין זיין טעאַטער געהייסען אנשטאָט דער פּיעסע, וואָס איז געווען בעשטימט אויף יענעם אָוונט, אויפצופיהרען די „קאָנטראַ־באַנדיסטען״; ער האָט וועגען דעם ניט מיטגעטיילט אַפילו דער פּאָ־ליציי און בעפוילען, מען זאָל זיין פעראָרדנונג שטרענג האַלטען בסוד ביז׳ן סאַמע אָנהויב פון דעם ספּעקטאַקעל. די סואוואָרינ׳שע פּאָרזיכטס־מיטלען זיינען, זעלבסטפערשטענדליך, געווען גאָר איבעריג. דאָסמאָל איז די פאָרשטעלונג פּאַראיבער אָהן שטערונג. די דעמאָנסטראַציע פון 23־טען נאָוועמבער איז געווען גענוג אימפּאָזאַנט, איינדרוקספול, און ווידערהאָלען זי איז קיין מינדעסטע נויטווענדיגקייט ניט געווען.

אָבער דער אינערן־מיניסטער סיפּיאַגין איז געבליבען אונצופרידען מיט סואוואָרין׳ס שפּיצעל. אויף דעם ראַפּאָרט פון דעם פּעטערבורגער גראַדאָנאַטשאַלניק קלייגעלס, וועלכער האָט זיך געפיהלט בעליידיגט דורכדעם, וואָס סואוואָרין האָט אָהן זיין וויסען געשטעלט אָן אַנדער פּיעסע, געפינט זיך סיפּיאַגין׳ס אויפשריפט: „איך האָב פּערזענליך ערקלערט סואוואָרינ׳ען די פּאַלקאָמע אונפּאַסיגקייט און טאַקטלאָזיגקייט פון זיין האַנדלונג״. וועגען דעם מיניסטער׳ס אונצופריעדענהייט דער־וויסען מיר זיך אויך פון סואוואָרין׳ס טאָגבוך: „איך האָב נאָך ניט

⁴) А. В. Богдановичъ. “Три послѣднихъ самодержца”, 251, 353—356 Петроградъ, 1924.

⁵) Дневникъ А. С. Суворина, Петроградъ, 1923, 263, 265.

פערצייכענט, — שרייבט ער דאָ דעם 28־טען יאַנואַר, — אַז דעם 1־טען יאַנואַר האָב איך געשטעלט די „קאָנטראַבאַנדיסטען”, אויך אַז איך בין געווען ביי סיפּיאַגינ'ען, וועלכער האָט זיך מיט מיר בענומען גאַנץ אונ־פריינדליך... ער איז געווען אונצופריעדען, וואָס איך האָב קיינעם ניט מיטגעטיילט, אַז איך שטעל די „קאָנטראַבאַנדיסטען”, אַפילו ניט גע־מעלדעט עס דער פּאָליציי, וועלכע האָט זיך געקליבען „ראַטעווען דאָס פאָטערלאַנד פון דער רעוואָלוציע”. ערשט עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז עס איז ניט געווען פון וואָס צו ראַטעווען” [6]).

אי סואוואָרין, אי די אַרטיסטען פון זיין טרופּע, אי די „אָכראַנקע” האָבען געהאַלטען, אַז שולדיג אין דער גאַנצער זאַך זיינען: ל. יאַוואָר־סקאַיאַ, די רעדאַקציע פון דער פּעטערבורגער צייטונג „סעווערני קו־ריער” (וועלכע עס האָט אַרויסגעגעבען איהר מאַן, פירשט וו. באַראַ־טינסקי) און, זעלבסטפערשטענדליך, די אידען — זיי האָבען עס צוגע־גרייט און אָרגאַניזירט די דעמאָנסטראַציע אין טעאַטער. פאַר דעם „סעווערני קוריער” האָט זיך די זאַך געענדיגט זעהר טרויעריג: לויט דער פעראָרדנונג פון 24־טען דעצעמבער 1900 איז די צייטונג פערבאָטען געוואָרען אויף שטענדיג. יאַוואָרסקאַיאַ איז דערוויטערט געוואָרען פון סואוואָרין'ס טרופּע, און פּלעווע (וועלכער האָט נאָך סיפּיאַגין'ס טויט פערנומען זיין שטעל) האָט איהר פערוועהרט צו בעטייליגען זיך אין וואָ־סערע ניט איז פּילאַנטראָפּישע פאָרשטעלונגען.

מען מוז אָבער בעמערקען, אַז אַפילו אינ'ם אינערן־מיניסטעריום האָ־בען אַנדערע ריכטיגער פערשטאַנען דעם ווירקליכען כאַראַקטער פון דער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע און די אומשטענדען, דורך וועלכע זי איז אַרויסגערופען געוואָרען. „אויב מען וועט איך זאָגען, — שרייבט דעם 24־טען נאָוועמבער דער אויבען־דערמאָהנטער געהיים־אַגענט „כאַרקאָוו־צעוו” אין זיין ראַפּאָרט צום דירעקטאָר פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט זוואָ־ליאַנסקי, — אַז די נעכטיגע דעמאָנסטראַציע האָט געהאַט אַ אידישען כאַראַקטער, — גלויבט אין דעם ניט; אידען זיינען דאָרטען געווען די מינדערהייט, און אויב עס זיינען אַזעלכע געווען, זיינען עס אידישע סטודענטען, וואָס געהערען אָן צו די פּעטערבורגער ראַדיקאַלע און רע־וואָלוציאָנערע קרייזלעך”. „די דעמאָנסטראַציע — אונטערשטרייכט ער ווידער אין זיין ראַפּאָרט פון 19־טען דעצעמבער, — איז ניט געווען קיין פּראָטעסט פון אַ הייפעל מענשען, וואָס זייערע נאַציאָנאַלע געפיהלען זיינען געוואָרען בעליידיגט; ניין, דאָס איז געווען אַן אָרגאַניזירטער אַרויסטריט געגען דער מאַכט”. דיזעלבע מיינונג האָט געהאַט אויך דער

[6]) Дневникъ А. С. Суворина, Петроградъ, 1923. 255.

געהילף פון אינערן־מיניסטער פ. דורנאָוואָ. „איך האַלט, אַז די אידען האָבען ניט געשפּיעלט די הויפּט־ראָלע אין דעם סקאַנדאַל", — האָט ער דעם 29־טען נאָוועמבער געשריבען אין זיין בריף צו סיפּיאַגינ'ען קיין יאַלטע. דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 23־טען נאָוועמבער, איז ניט געוועזן קיין אידישע דעמאָנסטראַציע, און אויך ניט קיין דעמאָנסטראַציע פאַר אידען. דאָס איז געוועזן אַ נאַטירליכער פּראָטעסט פון די רוסישע פּראָגרעסיווע און ראַדיקאַלע קרייזען געגען דער פּאָליטיק פון פונאַנ־דערבלאָזען דעם נאַציאָנאַלען האַס, וואָס האָט געדיענט דער רעגיערונג און איהר פּרעסע אַלס איינס פון די הויפּט־מיטלען אין דעם שטרייט גע־געןn דער וואַקסענדער פרייהייטס־בעוועגונג [7].



[7] פּראָטעסטען און אונרוהען ביים אויפפיהרען די „קאָנטראַבאַנדיסטען" זיינען פאָרגעקומען אויך אין קורסק, קישינעוו,, קוטאַאיס און אין אַנדערע שטעדט. זעה דאָס וואָכענבלאַט „וואָסכאָד" 1902, נומ. 20.

# די צאַרישע „אָכראַנקע" וועגען די אידישע שטימונגען אין אַמעריקע

**דעם 8-טען מערץ** 1914 (נומער 391) שרייבט קראַסילניקאָוו צום דירעקטאָר פון פּאָליציי-דעפּאַרטמענט:

„לויט די מיטטיילונגען פון די אַגענטען, ווערט אַלץ גרעסער די אַגיטאַציע געגען דער רוסישער רעגירונג, וואָס ווערט געפיהרט אין אַמע־ריקע דורך די רוסישע סאָציאַליסטען אינאיינעם מיט די אַמעריקאַנער; און עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז אין דער נאָהענטער צוקונפט וועט זיך די דאָזיגע אַגיטאַציע אָברופען אויף די בעציהונגען פון אַמעריקע צו דער רוסישער רעגירונג".

ווייטער שטעלט ער זיך אָב אויף דער פראַגע: ווען און דורך וועמען איז פערפיהרט געוואָרען אין אַמעריקע די פיינדליכע אַגיטאַציע געגען דער רוסישער רעגירונג? און ער גיט אַ היסטאָרישען איבערבליק וועגען דער זאַך.

„אין יאָהר 1890, — ערקלערט קראַסילניקאָוו, — איז אין ניו-יאָרק פאָרגעקומען אַ קליינע בעראַטונג פון פיער סאָציאַליסטען — צוויי רוסי־שע און צוויי אַמעריקאַנער, וואו עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו גרינ־דען אין אַמעריקע אַ געזעלשאַפט „פריינד פון דער רוסישער פרייהייט", וואָס איהר ציעל זאָל זיין — מיטווירקען דורך אַלע מיטלען דער רוסי־שער בעפרייאונג. בעטייליגט זיך אין דער בעראַטונג האָבען: 1) אַב. קאַהאַן, אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט; 2) דר. קאַפּלאַן, אַ סאָציאַליסט-רעוואָ־לוציאָנער (דוכט זיך, אַ געוועזענער „נאַראָדאָוואָלעץ") און צוויי אַמערי־קאַנער סאָציאַליסטען: 3) סקאָט סעקסטאָן און 4) טשאַרלז פּיקטאָן. נאָך דער דאָזיגער בעראַטונג איז פערעפענטליכט געוואָרען אַן אויפרוף, אין ענגלישער שפּראַך, צו אַלע סאָציאַליסטען און ראַדיקאַלען אין די פעראייניגטע שטאַטען, זיי זאָלען צושטעהן צו דער געזעלשאַפט „פריינד פון דער רוסישער פרייהייט". דער אויפרוף האָט זיך געענדיגט מיט די ווערטער: „מיר קאָנען ניט און מיר טאָרען אויך ניט פערבלייבען גלייכ־גילטיג צו די גרויזאַמקייטען, וואָס ווערען בעגאַנגען אין רוסלאַנד. מיר מוזען ווי-עס-איז מיטהעלפען, ווי קליין אונזער הילף זאָל ניט זיין. פאַר אונז איז עס אַ פראַגע פון פליכט און געוויסען; פאַר איינציגע פון אונז איז עס דירעקט אַ פראַגע, אָן וועלכער עס ווענדט זיך אונזער גייסטיגע רוה". נאָכדעם ווי עס איז אַרויסגעלאָזט געוואָרען דער אויפרוף, זיינען

פון אַ סך מענשען אָנגעקומען מעלדונגען, דאָס זיי טרעטען אַריין אין דער „געזעלשאַפט", אָבער די מייסטע מיטגליעדער האָבען אָנגעהערט צו פערשידענע אַרבייטער־גרופּעס פון רוסלאַנד. אונגעפעהר דעמאָלט זיינען אויך ערשינען אין אַמעריקע דזש. קענאַן'ס אַרטיקלען וועגען סיביר („קיין סיביר און צוריק"). זיי האָבען דער געזעלשאַפט געגעבען אַ מאַסע מיטגליעדער, אַמעריקאַנער. אויף אַזאַ אופן איז אין אַמעריקע אָרגאַניזירט געוואָרען די אַגיטאַציע געגען דער רוסישער רעגירונג.

„פון אָנהויב אָן, — שרייבט קראַסילניקאָוו, — האָט די „געזעלשאַפט" אָנגעמערקט, אַז זי בענוגענט זיך ניט מיט פּראָטעסט־מיטינגען געגען דער בעהאַנדלונג פון די פּאָליטישע אַרעסטאַנטען און פערשיקטע, וועלכע עס האָט בעשריבען קענאַן, אָדער געגען דער „רוסישער ווילקיר", ווי עס דריקען זיך אויס אונזערע רוסישע סאָציאַליסטען. די געזעלשאַפט קוקט אויף איהר אויפגאַבע ברייטער, און אַנערקענענדיג, אַז דאָס בייז וואָרצעלט זיך אין דער סאַמע אַליינהערשאַפט, שטעלט זי פאַר זיך דאָס ציעל צו שטיצען יענע, וואָס שטרייטען אין רוסלאַנד געגען דעם אַבסאָלוטיזם. ס'איז, נאַטירליך, גרינג צו פערשטעהן, פון וואַנען עס האָט זיך ביי די אַמעריקאַנער גענומען אַזאַ ראַדיקאַלע בעציהונג צו דער רוסישער רעגירונג. אַחוץ קענאַן'ס ווערק, האָבען אויך אונזערע אויסוואַנדערער, אַפּנים ניט וועניג איינגעשמועסט די אַמעריקאַנער וועגען דער „רוסישער ווילקיר". איצט האָט די „געזעלשאַפט" אין אַ סך שטעדט אין אַמעריקע איהרע אָבטיילונגען, וואָס ענטוויקלען זיך אַלץ מעהר און מעהר. פּראַקטיש דריקט זיך אויס איהר מיטווירקונג פאַר דער רוסישער פרייהייטס־בעוועגונג אין דעם, וואָס זי ציהט אַריבער אויף איהר זייט, דורך אַגיטאַציע אין דער פּרעסע, די אַמעריקאַנער געזעלשאַפטליכע מיינונג. כמעט טעגליך ערשיינען אין פערשידענע צייטונגען אַרטיקלען, וואָס אַגיטירען געגען דער רוסישער רעגירונג. די רוסישע סאָציאַליסטען קאָנען דורך דער דאָזיגער אַגיטאַציע בעשאַפען אַזאַ קראַפט, מיט וועלכער די רוסישע רעגירונג וועט זיך מוזען רעכענען.

„מען דאַרף ניט פערגעסען, אַז פאַר די לעצטע 15־20 יאָהר זיינען פאָרגעקומען אַ סך ענדערונגען סאַי אין רוסלאַנד, סאַי אין אַנדערע לענדער. אונטער דער ווירקונג פון אַ רייהע פּאָליטישע און קולטורעלע אומשטענדען איז ענטשטאַנען, קאָן מען זאָגען, אַ נייע מאַכט: די פּרעסע, דערהויפּט די טעגליכע, וואָס האָט בעקומען אַ קאָלאָסאַלע ענטוויקלונג און איז געוואָרען אַ געוואַלדיגע קראַפט אין דער היינטיגער וועלט. געוויסע אומשטענדען און ווירקונגען האָבען אין אַמעריקע איבערגעגעבען אָט די גרויסע קראַפט צו די רוסישע סאָציאַליסטען אין די הענד. די רוסישע סאָציאַליסטען פלעגען שטענדיג און אומעטום טענה'ן, אַז די

פראַגע וועגען דער רוסישער רעוואָלוציע האָט אַ געוואַלדיגע אינטערנאַ־ציאָנאַלע וויכטיגקייט, זי בעריהרט די אינטערעסען ניט נור פונ'ם רו־סישען פאָלק אַליין. דאָס אייגענע ריידען זיי אויך צו די אַמעריקאַנער. די סימפּאַטיעס פון די אַמעריקאַנער צו דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג וואַקסען, און אַ סך אַמעריקאַנער פעראייניגען זיך מיט רוס־לאַנד'ס שונאים. די שטענדיגע רייד מכח דער „היסטאָרישער פיינד־שאַפט" פון דעם רוסישען צאַר געגען זיין פאָלק האָבען איבערגעלאָזט אַ שפּור ביי די אַמעריקאַנער און געהאַט אַ ווירקונג אויף זייערע בע־גריפען".—

אין אַ ווייטערדיגער מיטטיילונג פון 29־טען מאַי 1914 (נומ. 953) אינפאָרמירט קראַסילניקאָוו וועגען די ניו־יאָרקער וואָכענבלעטער אין דער רוסישער שפּראַך: דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישען „נאָווי מיר", רעדאַק־טירט דורך דר. ראָם, און דעם אַנאַרכיסטישען „גאָלאָס טרודאַ", רעדאַק־טירט דורך וויקטאָר (דוואָרעצקי). ער רופט נאָך אָן אייניגע רוסישע אויסגאַבען, וואָס ערשיינען אין ניו־יאָרק, און ער אונטערשטרייכט, דאָס זיי אַלע האָבען כמעט קיין שום ערפאָלג ניט און זייער מאַטעריעלע לאַגע איז זעהר אַ שווערע. „דערפאַר אָבער, — אונטערשטרייכט ער, — האָבען אַ געוואַלדיגען ערפאָלג די סאָציאַליסטישע צייטונגען אין דער אידישער שפּראַך. זיי ווערען טאַקע בעסער אַרויסגעגעבען, ווי די רוסישע. זיי ערשיינען טעגליך, פערמאָגען ספּעציעלע קאָרעספּאָנדענטען כמעט אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער און זיינען גוט אינפאָרמירט. די גרעסטע צייטונג איז דער „פאָרווערטס"; איהר רעדאַקטאָר איז אב. קאַהאַן, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט־„מענשעוויק". איהר קאָרעספּאָנדענט פון פעטער־בורג גיט יעדע וואָך אויספיהרליכע אַרטיקלען וועגען דער לאַגע אין רוסלאַנד, אָפטמאָל אויך מכח דער אידישער פראַגע".

די פאַריזער אַגענטור האָט אויך געליפערט דעם פּאָליציי־דעפּאַרט־מענט ידיעות וועגען דער בעציהונג פון די ניו־יאָרקער עמיגראַנטישע קרייזען צו די וואַהלען אין גאָסודאַרסטווענע דומע. אַזוי, צום ביי־שפּיעל, האָט זי דעם 26־טען דעצעמבער 1911 מיטגעטיילט, אַז דעם 25־טען אָקטאָבער איז אין ניו־יאָרק געווען אַן אָוועגד, וואָס די איינקונפט פון איהם איז בעשטימט אויף צו שטיצען די אַגיטאַציע פון דער רוס־לענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי בעת די וואַהלען אין גאָסוד. דומע. דעם 27־טען אַפּריל 1912 מעלדעט די אַגענטור ווידער, אַז מיט דעמזעלבען צוועק איז פאָרגעקומען אין ניו־יאָרק דעם 24־טען מערץ אַ רוסישער מיטינג: „אַלס רעדנער זיינען אַרויסגעטראָטען לאַנדאָן און וולאַדעק — ביידע אויף אידיש; עללערט און דר. אינגערמאַן — אויף רוסיש. זיי אַלע האָבען אין זייערע רעדעס געמאַכט צו־נישט אַלע רוסען

און אַל דאָס רוסישע, און זיי האָבען פערשפּראָכען אַ באַלדיגע אידישע (!) „פרייע מלוכה" אין רוסלאַנד. דערנאָך איז צווישען פּובליקום צונויפ־געקליבען געוואָרען אַ געלד־סומע אויף אַגיטאַציע פאַר סאָציאַל־דעמאָ־קראַטען און בונדיסטען בעת די וואַהלען צו דער גאָסודאַרסטווענע דומע".

עס איז אינטערעסאַנט: אויף קראַסילניקאָוו'ס מיטטיילונג האָט עמיצער (אפּנים דער דירעקטאָר אָדער וויצע־דירעקטאָר פונ'ם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט, צו וועמען זי איז געווען אַדרעסירט) ביי דער זייט גע־מאַכט די פאָלגענדע אָנמערקונג: „זיי זאָלען ניט בעקומען אָנשטאָט דער פרייער מלוכה — אַ פּאָגראָם!" קיין גאָר פּוסטער סטראַשונאָק איז עס, אַלענפאַלס, ניט געווען. עס איז גענוג צו דערמאָהנען וועגען דער געהיי־מער דרוקעריי ביים פּאָליציי־דעפּאַרטמענט (וואָס גראַף וויטטע האָט צו־פעליג ענטדעקט), וואו עס פלעגען זיך דרוקען פּראָקלאַמאַציעס מיט הע־צערייען צו פּאָגראָמען געגען אידען.

בעזונדערס אייפעריג און אָפט פלעגט די אויסלענדישע צענטראַל־אַגענטור צושטעלען מיטטיילונגען וועגען די ניו־יאָרקער שטימונגען און געשעהנישען, נאָכדעם ווי עס האָט זיך אָנגעהויבען די וועלט־מלחמה. דעם 29־טען סעפּטעמבער 1914 מעלדעט קראַסילניקאָוו פון באָרדאָ (ער האָט זיך אַהין אַריבערגעקליבען פון פּאַריז צוגלייך מיט דער פראַנצוי־זישער רעגירונג), אַז לויט די ידיעות, וואָס די אַגענטור האָט בעקומען, האָט דער בעוואוסטער אויפרוף פונ'ם אויבערשטען הויפּט־קאָמאַנדיר גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, וואו עס ווערט געזאָגט, אַז פּוילען וועט קריגען אויטאָנאָמיע, ווי אויך די פערגרינגערונג פון דער אידישער רעכטליכער לאַגע (?), געהאַט אין ניו־יאָרק אַ ווירקונג אויף אייניגע פון די אידישע און פּוילישע סאָציאַליסטען, און זיי האָבען אָבגעשטעלט זייער פּראָפּאַגאַנדע געגען דער רוסישער רעגירונג. „די איבעריגע אָבער, — שרייבט ער ווייטער, — בעהויפּטען, אַז דער רוסישער רעגירונג טאָר מען ניט גלויבען, און זיי פיהרען, פּונקט ווי פריהער, זייער פיינדליכע אַגיטאַ־ציע. צו זיי געהערט אָן דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", אב. קאַהאַן, וועלכער פערמאָגט אַ גרויסע פּאָפּולאַריטעט צווישען דער אַרבייטער־מאַסע אין ניו־יאָרק, ווערט ביי איהר גערעכענט פאַר אַן אויטאָריטעט און איז, מען קאָן עס זאָגען, איהר בעגייסטערער. כמעט טעגליך טהוט קאַהאַן אין זיינע אַרטיקלען שילטען רוסלאַנד און רוסלאַנד'ס רעגירער".

און קראַסילניקאָוו איז גלייך מוסיף עטליכע ווערטער, וואָס זיינען העכסט־כאַראַקטעריסטיש פאַר אַן אַגענט פון דער „אָכראַנקע", וועלכער קאָן זיך אַפילו ניט פאָרשטעלען קיין שום אַנדערע מאָטיוען, אַחוץ מאַ־טעריעלע: „עס איז פּאָלקאָם מעגליך, אַז ער, אַב. קאַהאַן הייסט עס,

האָט פאַר זיין אַגיטאַציע בעקומען אַ גרויסע סומע פון די אָפיציעלע פער־טרעטער אין ניו־יאָרק און וואַשינגטאָן"!...

דעם 25־טען פעברואַר 1915 בעריכטעט קראַסילניקאָוו, אַז „דעם 24־טען יאַנואַר איז אין ניו־יאָרק, אין'ם „פאָרווערטס"־האָל, פאָרגעקומען אַ מיטינג צוליעב דעם 10־טען יאָהרצייט פון 9־טען יאַנואַר (ווען עס זיינען דערשאָסען געוואָרען אין פעטערבורג אַ סך אַרבייטער, וואָס זיינען געגאַנגען מיט אַ פעטיציע צום קייזערליכען פּאַלאַץ), אָדער ווי סאָציאַ־ליסטען רופען עס, „דער בלוטיגער זונטאג". מיט רעדעס זיינען אַרויס־געטראָטען: הורוויטש — אויף אידיש; ליכאַטשאָוו און עללערט (וועל־כער רעדאַקטירט איצט דאָס סאָציאַל־דעמאָקראַטישע בלאַט „נאָווי מיר") — אויף רוסיש". ווייטער גיט ער איבער דעם אינהאַלט פון זייערע רע־דעס און בעשרייבט די אויסערליכע סימנים פון ליכאַטשאָוו'ן און על־לערט'ן.

אין דעמזעלבען ראַפּאָרט מעלדעט קראַסילניקאָוו, אַז דעם 26־טען יאַנואַר איז אין ניו־יאָרק געווען אַ מיטינג פון אַרבייטסלאָזע, און ער איז מוסיף: „עס פערשטעהט זיך, אַז צווישען די רעדנער איז געווען אב. קאַהאַן".

מיט אַ טאָג שפּעטער בענאַכריכטיגט די פּאַריזער צענטראַל־אַגענ־טור, אַז „דעם 5־טען יאַנואַר איז אין די אַמעריקאַנער צייטונגען ערשינען די מיטטיילונג, אַז דאָס באַנקהויז מאָרגאַן און קאָמפּ. גיט דער רוסישער רע־גירונג אַ הלואה פון 12 מיליאָן דאָלאר. די ידיעה האָט אין אַמעריקע צווישען די רוסישע רעוואָלוציאָנערע קרייזען אַרויסגערופען אַ שטאַרקע אויפרעגונג געגען די אַמעריקאַנער באַנקירען. דער „פאָרווערטס" איז ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט אַרויסגעטראָטען מיט אַן אַרטיקעל, אַז מען טאָר אויף קיין פאַל ניט שטיצען די רוסישע „בלוטיגע רעגירונג", וואָס פיהרט אַ מלחמה געגען דעם אייגענעם פאָלק".

דער אינהאַלט פון דעם אַרטיקעל ווערט אין זיין ראַפּאָרט געבראַכט אויספיהרליך.

די אַגענטור־מעלדונגען האָבען זיך אויך פיעל פערנומען מיט יענע טהוער, וואָס פלעגען בעת דעם קריעג קומען קיין אַמעריקע. אַזוי, צום ביישפּיעל, מעלדעט דעם 15־טען מערץ 1915 קראַסילניקאָוו: „אָנהויב פעברואַר איז קיין ניו־יאָרק געקומען צופאָהרען פון רוסלאַנד דאַווידאָ־וויטש (לוואָוויטש), כדי צו אָרגאַניזירען עפּיס אַ בעזונדער ביוראָ פאַר רוסישע אידען, וועלכע עמיגרירען קיין אַמעריקע. דאַווידאָוויטש איז געווען אין דער רעדאַקציע פון „פאָרווערטס" און האָט דאָרטען דערצעהלט, אַז אַלץ, וואָס די דייטשע צייטונגען שרייבען וועגען די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד און וועגען די גרויזאַמקייטען פון די רוסישע זעלנער, איז פאַל־

קאָם ריכטיג. דער „פאָרווערטס" האָט עס ביי זיך אָבגעדרוקט ווי אַ בעריכט פון „אַ ניט־לאַנג אָנגעקומענעם פון פעטערבורג", און דאָס בילד איז אַרויס נאָך ערגער, ווי אין די בעריכטען פון די דייטשע בלעטער. דאַווידאָוויטש רעכענט אין גיכען זיך אומצוקעהרען צוריק קיין רוסלאַנד".

גלייכצייטיג האָט קראַסילניקאָוו מיטגעטיילט, אַז דעם 8־טען פעברואַר איז קיין ניו־יאָרק אָנגעקומען דער בעוואוסטער בונדיסט א. ליטוואַק: „ער האָט געבראַכט די נאַכריכט, אַז רוסלאַנד שטעהט פאַר אַ רעוואָלוציע. ער איז איבערצייגט, אַז נאָך דעם קריעג וועט אין רוסלאַנד אויסברעכען אַ רעוואָלוציע — ניט קיין פּאָליטישע, נור אַ סאָציאַלע. זיין אַרבייט אין אַמעריקע וועט זיין — אָרגאַניזירען מיטווירקונג פאַר די רעוואָלוציאָנערען אין רוסלאַנד". אין דער וויטערדיגער מיטטיילונג, פון 19־טען מערץ 1915, ווערט געגעבען אַ גענויער בעריכט וועגען דעם מיטינג, וואָס איז אין ניו־יאָרק איינגעאָרדענט געוואָרען צוליעב א. ליטוואַק'ס קומען. עס ווערען אָנגערופען די נעמען פון די רעדנער (סאָלוצקי, ווינטשעווסקי, הורוויטש, גאָלדפאַרב א. אַ.), און ליטוואַק'ס רעדע ווערט איבערגעגעבען אויספיהרליך. קראַסילניקאָוו טיילט אויך מיט, אַז ליטוואַק קלייבט זיך צו מאַכען אַ רייזע איבער אַמעריקע, כדי צו אָרגאַניזירען גרופּעס פון „בונד". ענדליך, ווערען געגעבען אָנגעוויזען א. ליטוואַק'ס אויסערליכע סימנים.

●

